# 7טער נאָוועמבער

צווייטער טייל פון דער באַוועגלאַכער כרעסטאָמאַטיע פאַרן פערטן לערניאָר פון די עלעמענטאַרע שולן.

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער-קאָמיסיע



פ א ר ל א ג :

אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרדן

הויפּט פאַרקויף: 32 יוניאָן סקווער

ניו יאָרק, דעצעמבער, 1930

דער צווייטער טייל פון דער באַוועגלאַכער כרעסטאָ־מאַטיע אַנטהאַלט מאַטעריאַלן און אַרבעטן פאַר די פּראָיעקטן „רוסישע רעוואָלוציע“ און „לענין“ פאַרן פערטן לערניאָר אין העסקעם מיט דער פּראָגראַם פון די אידישע קינדער־שולן באַם א. אַ. אָ.

די כרעסטאָמאַטיע איז גוטגעהייסן געוואָרן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון די אידישע קינדער־שולז באַם א. אַ. אָ. און פון דער קולטור־קאָמיסיע באַם א. אַ. א.



---

געדרוקט אין נאָבאַם דרוקעריי, 129 לאַפאַיעט גאַס, ניו יאָרק.



# 1905

סאָרע באַרקאַן

## דער שטומאַק

קינדער, איך וועל אייך דאַ איצטער דערציילן,
וואָס עס האָט געטראָפן מיט יאָרן צוריק,
מ'איז נאָך אין רוסלאַנד דאָן שקלאַפן געווען
און איך אויך אַ שקלאַף אַזאַ אין אַ פאַבריק: —

מיר האָבן געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט.
קלאָלעס, געשרייען פון באָס נאָר געהערט; —
ער האָט אונז געצאָלט אַ רובל אַ וואָך,
און מיר האָבן געמיינט: אַזוי איז באַשערט...

מיר האָבן געהערט, אַז אין גרעסערע שטעט
קעמפט מען פאַר פרייהייט, ניט נאָר פאַר ברויט.
מיר האָבן געהערט, אַז פאַר אָט־דעם קאַמף
ווערט מען באַשטראָפט מיט טורמע, מיט טויט.

נאָר בײַ אונז אין פאַבריק איז אומעטיק, שטיל,
מיר שקלאַפן פאַרבענקטע — נאָך זון און נאָך פרייד.
דער באָס נאָר ער שרייט און טרייבט אונז ווי פערד,
מיר קוקן ניט אָן קיין יאָנטעוודיק קלייד.

ביז איין אינדערפרי — דער באָס קומט אַריין,
(ס'איז געווען אין ניינצן הונדערט און דריי).
ער פירט אויך מיט זיך אַ באָכער אַריין, —
קוקן מיר אַלע שטיל און געטריי.

דער באָכער איז הויך און מאָגער און בלאַס.
האָט טונקעלע אויגן, געקרייזלטע האָר.
ער קוקט אויך אויף אונז — שטיל, ווי אַ טאָס,
דערנאָך נעמט דער באָס און שטעלט אים אונז פאָר:

„אַט דאָס איז אַ באַכער, וואָס'ט אַרבעטן דאָ.
דער באַכער איז שטום און טויב ווי די וואַנט.
איך מוז אים דאָ האָבן צו דרייען די ראָד,
כ'האָב לאַנג שוין געזוכט אַזאַ ביליקע האַנט".

שטעלט זיך דער באַכער גלייך דרייען די ראָד.
(אַן אַרבעט, וואָס פּאַסט זיך נאָר פאַר אַ פערד),
ער דרייט פון דער פרי ביז שפּעט אינדערנאַכט —
טראַכטן מיר: — אים איז אויך, נעבאַך, באַשערט...

אַרבעט דער שטומער אַ כוידעש און צוויי.
ס'צאָלט אים דער באַס מיטן אָפּפאַל פון טיש.
און ער אַלץ — ער שווייגט, געבויגן זיין קאָפּ,
מיד, אַז ער שלעפּט זיך שוין קוים אויף די פיס.

מ'שלעפּט אים באַס פּאָלע: שטומאַק און שטומאַק!
מ'שיקט אים נאָך בייגל אין רעגן און שניי,
און ער לויפט אַרום וואו מען שיקט אים —
קריגט וואו אַ קענדל און קאַכט פאַר אונז טיי.

קומט וואָרעמעס-צייט, אַז מ'זיצט און מ'רעדט
פון די ביטערע ליידן, וואָס אונז איז באַשערט,
נעמט דער שטומאַק דעם טרוקענעם בעזים אין האַנט,
ער גייט צו צום טיש און קערט דאָרט און קערט...

נאָר איינמאָל פאַרנאַכט, ס'איז פרילינג געווען,
ס'אָוועק נאָר אַ טאָג אַן פרייד און אַן זין,
איך טו אָן מיין מאַנטל און וויל גיין אַהיים,
געפין איך אַ בריוועלע ליגט באַם מאַשין.

„הער נאָר, דו מיידל פון אַרבעט און נויט!
ווילסט וויסן דעם וועג צו פרייד און צו גליק?
זאָג פון דעם בריוועלע קיינעם ניט אויס,
און גיי ניט אַהיים, נאָר גיי וואו איך שיק.

פאַרנעם זיך אויף רעכטס אַ וויאָרסט און אַ האַלב,
דערזעסטו דעם קלויסטער, די שטאָטישע באָד,

מוזסטו גיין ווייטער א וויארסט און א האלב,
ביז דו דערזעסט דעם פריצישן סאד.

זאלסט בא קיינעם ניט פרעגן קיין ווארט,
א מיידל אין ווייסן וועט זיצן אין גראז:
זי'ט שמייכלען צו דיר — איז שמייכל צו איר,
און לייג־צו דיין מיטלסטן פינגער צום נאז".

איך לייען און לייען, אין הארצן מיר קלאפט:
ווער האט דאס בריוול געלייגט באם מאשין —
„א מיידל אין גראז, א פינגער צום נאז" —
נעמט עס מיך טאקע ציען אהין...

דער אוונט איז קיל, דער אוונט איז שטיל,
אט איז דער קלויסטער, די שטאטישע באד,
איך גיי און איך גיי — פון בריוול געפירט,
ביז קוים שוין דערלעבט דעם שטאטישן סאד.

עס זיצט טאקע א מיידל אין ווייסן געקליידט,
זי שמייכלט צו מיר, איך שמייכל צו איר.
מיר לייגן־צו ביידע די פינגער צום נאז,
דערנאך מאכט זי: „שוועסטערקע, קום וואו איך פיר".

ס'איז פרילינג אין סאד, באבלומט איז דער וועג,
א פייגעלע זינגט און באגלייט אונז די טריט.
די מיידל — זי קוקט אהין און אהער,
ס'זעט אויס, ווי זי וואלט זיך פאר עפעם געהיט.

בליאונגען פאלן אף אונזערע קעפ,
און אט איז מען שוין אין יאגערע־טאל.
איך קוק זיך ארום — וואס האב איך דערזען —
פון פאבריק אלע מיידלאך, א הונדערט אין צאל.

צווישן די ביימער א ווינטעלע ווייט.
איך קוק און איך טראכט: — ווי קומען דא אלע אהער?
וועט עפשער פון ערגעץ באלד קומען א פרינץ
און אויסקלייבן זיך דא די שענסטע פון אלע?

פלוצלונג רופט־אוים דאָס מיידל איז ווייסן:
„טייערע שוועסטער, איר זאָלט זיין געגרייט.
ס׳וועט אימיצער ריידן דאָ באַלד פאַר אונז“...
זיינען מיר טאַקע געוואָרן דערפרייט.

ווערט עס אין טאָל שטילער ווי שטיל,
מ׳הערט ניט קיין וואָרט, מ׳הערט ניט קיין הוסט.
פלוצלונג באַווייזט זיך דער טויבער שטומאַק
ער איז וואו געזעסן הינטער אַ קוסט.

— „דער שטומער וועט ריידן ?“ — אין האַרץ טוט אַ קלאַפּ...
אַף צוויי קורצע ביימער איז געלעגן אַ ברעט.
שפּרינגט ער אַרויף און פאַרנייגט זיך פאַר אונז,—
דער טויבער שטומאַק שטעלט זיך און רעדט:

„טייערע שוועסטער, ניט זייט איבערראַשט,
איך וועל אייך איצט ווייזן צו פרייהייט דעם וועג“.
ער רעדט אַזוי שיין אין באַזילבערטער נאַכט,
ער ווייזט אונז דעם וועג צו פריידיקע טעג.

מיר זיינען אַף מאָרגן אַרויס אין אַ סטרייק,
שטום איז געבליבן די גאַנצע פאַבריק.
און דער טייערער כאַוער איז ווידער אַוועק
ווערן אַ שטומער אין אַן אַנדער פאַבריק.

מאַקסים גאָרקי

# דער 9טער יאַנואַר

.1

דער האָמוין איז געוועזן ,ווי אַ האַרבסטיקע, פינצטערע כוואַליע, וואָס דער ערשטער אָנפלי פון שטורעם האָט זי נאָר־וואָס אופגע־וועקט, זי איז פּאַמעלאַך געשוואומען פאָרויס.
מע האָט גערעדט ניט הויך, ערנסט.
— שוין מערער ניט מעגלאַך צו ליידן, אָט פאַרוואָס מע גייט...
— אומזיסט וועט זיך אַן אוילעם ניט לאָזן גיין.

— און „ער“ ווערט דען ניט פֿאַרשטיין?

דערהויפּט האָט מען גערעדט פֿון „אים“,מ'האָט איינער דעם צווייטן איינגערעדט, אַז „ער“ איז אַ גוטער, אַ האַרציקער און ווערט פֿאַרשטיין, אַלץ פֿאַרשטיין.

נאָר ס'האָט זיך געפֿילט, אַז מ'האָט קיינמאָל וועגן אים ערנסט ניט געטראַכט, און מ'האָט אַפֿילע ניט גוט פֿאַרשטאַנען צו וואָס מען דאַרף אים, און וואָס קען ער טאָן.

איבערגיסנדיק זיך פֿון איין גאַס אין דער צווייטער, איז די מאַסע פֿון מענטשן געוואַקסן.

— מיר זיינען אויך מענטשן...

„ער ווערט, מיסטאַמע, פֿאַרשטיין, — מיר בעטן...

— כאַוויירים, קיין פֿרייַהייט בעט מען ניט!...

— מע זאָל אונז נאָר צולאָזן...

— כאַפּ ניט, ברודער!

— טרייבט אים אַוועק, דעם טייוול!.

— פֿאָטער גאָפּאָן ווייסט בעסער, ווי אַזוי!

.2

אַ הויכער מענטש אין אַ שוואַרצן מאַנטל מיט אַ געלער לאַטע אפֿן פּלייצע איז אַרויף אַף אַ טומבע, האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל און האָט אָנגעהויבן רעדן הויך, באַגייסטערט, מיט פֿייער אין די אויגן און מיט אַ ציטער אין קאָל, גערעדט וועגן „אים“. דער האַמוין האָט זיך איינגעהערט — דער מענטש האָט אָפּגעשפּיגלט אין זיינע רייד דאָס, וואָס דעם האַמוין האָט זיך געגלוסט.

אַלץ גרעסערער איז געוואָרן דער האַמוין, אין גאַס איז געוואָרן וואַרעמער, און קוילעס האָבן אָנגעהויבן קלינגען מיט אַ שטאַרקער קראַפֿט.

— מיר דאַרפֿן ניט קיין רויטע פֿלאַגן! — האָט געשריען דער מענטש מיטן פּליך. ער האָט געמאַכט מיט דעם היטל, איז געגאַנגען פֿאַרן האַמוין, און זיין נאַקעטער שאַרבן האָט טונקל געגלאַנצט, זיך געווויגט פֿאַר די אויגן פֿון מענטשן און צוגעצויגן צו זיך זייער אויפֿמערקזאַמקייט.

— מיר גייען צום טאַטן!...

— אַזוי!

— מיר גלויבן אים!...

— ער'ט ניט דערלאָזן אונז שלעכטס טאָן!...

— רויטער קאָליר — דאָס איז דער קאָליר פון אונזער בלוט, כאַווײרים — האָט געקלונגען איבערן האַמוין אָן איינזאַמער קלינגענדיקער קאָל — ניטאָ קיין קראַפט, וואָס זאָל באַפרייען דאָס פאָלק, אויסער דער קראַפט פונם פאָלק אַליין.

.3

אַז דער האַמוין האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון די גאַסן אַפן ברעג טייך, צום טראַיצער בריק, און האָט דערזען פאַר זיך אַ לאַנגע געבראָכענע ליניע סאָלדאַטן — האָט דערדאָזיקער גרינער גרויער צוים ניט געקאָנט פאַרהאַלטן דעם אוילעם.

אין די פיגורן פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך דייטלאַך אויסגעטיילט אַפן בלוי-העלן פאָן פונם טייך, איז קיין געפערלאַכס אַזוינס ניט געווען. זיי האָבן אונטערגעטאַנצט, קעדיי צו דערוואַרעמען די פאַרפרוינע פיס, געמאַכט מיט די הענט און געשטופּט זיך פאָרויס. אַף יענער זייט טייך, האָבן די מענטשן געזען אַ טונקל הויז, — דאָרט האָט אַף זיי געוואַרט „ער“ — דער באַלעבאָס פון הויז.

נאָר פאָרט האָט זיך אַף אַסאַך פּענימער באַוויזן אַ שאָטן פון צווייפל, און די מענטשן, וואָס פאַרן האַמוין, האָבן אַביסל פאַרהאַלטן זייערע טריט.

אַנדערע האָבן זיך אומגעקוקט אַף צוריק, אַנדערע זיינען אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט, און אַלע האָבן זיך געסטאַרעט אַרויסווייזן איינער פאַרן צווייטן, אַז וועגן די סאָלדאַטן — דאָס ווייסן זיי, אַז דאָס איז פאַר זיי קיין כידעש ניט.

עמיצנס אַ שטים האָט מיטפּילנדיק געזאָגט:

— ס'איז קאַלט די סאָלדאַטן!...

— און שטיין דאַרף מען!...

— סאָלדאַטן — ס'זאָל זיין אָרדענונג!

— — רואיק, כעוורע!... אַכטונג!

— גיי, גיי!...

— הורא, סאָלדאַטן! — האָט עמיצער אַ געשריי געטאָן.

אַן אָפיצער, אין געלן באַשליק אַף די אַקסלען, האָט אַרויסגעריסן זיין סאַבליע פון שיידל און האָט הויך עפּעס אָנגעהויבן רעדן צום האַמוין, פאָכענדיק אינדערהויך מיטן אויסגעבויגענעם פאַסיקל שטאָל.

די סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אומבאַוועגלאַך אַקסל צו אַקסל.

— וואָס טוען זיי דאָס? — האָט אַ פרעג געטאָן אַ פרוי. ס'האָט איר קיינער ניט געענטפערט. און אַלעמען איז מיטאַמאָל עפּעס שווער געוואָרן.

— צוריק! — האָט זיך דערטראָגן דער געשריי פון אָפיצער.

עטלאַכע מענטשן האָבן זיך אומגעקוקט — הינטער זיי איז געשטאַנען אַ געדיכטע מאַסע קערפּערס, אין וועלכע ס'האָט זיך גע־גאָסן, ווי אַ שטורעם, אַ טונקעלער טייך פון מענטשן. אונטער זייער דראַנג האָט דער האַמוין זיך צענומען און אָנגעפילט דעם פּלאַץ, וואָס פאַרן בריק. עטלאַכע מענטשן זיינען אַרויס פאָרויס, און פאָכענדיק פאַרן בריק. עטלאַכע מענטשן זיינען אַרויס פאָרויס, און פאָכנדיק מיט ווייסע טיכלאַך, זיך געלאָזן צום אָפיצער אַנטקעגן. זיי זיינען געגאַנגען און געשריען:

— מיר גייען צו אונזער מאָנאַרך...

— אינגאַנצן רואיק!...

— צוריק! כ'וועל באַפוילן צו שיסן!..

אַז דעם אָפיצערס ווערטער זיינען אָנגעקומען צום האַמוין, האָט זיך אויפגעהויבן אַ הילכיקער ווידערקאָל פון פאַרוואונדערונג. אַז מען וועט ניט צולאָזן צו אים, וועגן דעם האָבן אַנדערע נאָך פריער גערעדט, נאָר אַז מע זאָל נעמען שיסן אין פאָלק, וואָס גייט צו אים רואיק — דאָס האָט זיך קיינעם ניט געגלויבט.

אַ דאַרער הויכער מאַן מיט אַ הונגעריקן פּאָנעם און שוואַרצע אויגן האָט פלוצלונג אויסגעשריען:

— שיסן? דאָס וועסטו זיך ניט דערוועגן!...

און זיך ווענדענדיק צום האַמוין, האָט ער הויך און בייז פאַר־געזעצט:

— וואָס? כ'האָב געזאָגט — אַז זיי וועלן ניט לאָזן...

— ווער, די סאָלדאַטן?

— ניט די סאָלדאַטן, נאָר—דאָרט...

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ערגעץ אינדערווייטן:

— העכער, — די וואָס... אַהאַ? כ'האָב דאָך געזאָגט.

— דאָס קען מען נאָך ניט ווִיסן...

— מ'וועט זיך דערוויסן נאָך וואָס מיר גייען — וועט מען לאָזן!

און פּלוצלונג האָט זיך אינדערלופטן עפּעס ניט גלייכמעסיק און טרוקן צעשאָטן, אַ ציטער געטאָן, אַ קלאַפּ געטאָן אינם האַמוין מיט צענדליקער אומגעזעענע בייטשן.

אַף איין רעגע זיינען אַלע שטימען ווי פאַרפרוירען געוואָרן.

די מאַסע האָט פאַמעלאַך פאַרגעזעצט זיך רוקן פאָרויס.

— מיט פוסטע — האָט עפּעס איינער אַזוי ווי אַ פרעג געטאָן, צי אַ זאָג געטאָן.

נאָר דאָ און דאָרט ערגעץ האָבן זיך געלאָזט הערן קרעכצן, בײַ די פיס פונם האַמוין האָבן זיך אַוועקגעלייגט עטלאַכע קערפּערס, איין פרוי, וואָס האָט הויך געאיקעט, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט די הענט פאַרן ברוסט און מיט גיכע טריט איז זי אַוועק פאָרויס אַף די באַגנעטן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט איר אַנטקעגן. נאָך איר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך מענטשן און נאָך, אַרומגערינגלט זי, פאַרלאָפן פאַר איר.

און ווידעראַמאָל אַ קנאַל פון אַ זאַלפּ, נאָך אַ העכער און נאָך מער ניט גלייכמעסיק.

מענטשן זיינען געפאַלן צו צוויי, צו דריי, זיך צוגעזעצט צו דער ערד, געכאַפּט זיך פאַר די בייכער, געלאָפן ערגעץ הינקענדיק, גע־פויזעט איבערן שניי, און אומעטום אַפן שניי האָבן זיך אָנגעצונדן העלע רויטע פלעקן, זיי זיינען זיך צעקראָכן, געדרייכערט זיך און צו־געצויגן צו זיך די אויגן.... דער האַמוין האָט זיך אַ נעם געטאָן אַף צוריק, אַף אַ רעגע זיך אָפּגעשטעלט, פאַרגליווערט געוואָרן, און פּלוצ־לונג האָט זיך דערהערט אַ ווילדער, מוירעדיקער וואָיען פון הונדער־

טער שטימען — געשרייען פון שאַרפן ווייטיק, נעקאָמע, שרעק, פּראָ־טעסט, פיינלאַכע פאַרלאָרנקייט און געשרייען נאָך הילף.

אָנבויגנדיק די קעפּ, האָבן מענטשן גרופּעסווייז זיך אַ לאָז געטאָן צונויפנעמען די געהאַרגעטע און פאַרוואונדעטע.

די פאַרוואונדעטע האָבן הויך געשריען געוואָרנט מיט די קולאַ־קעס, אַלע פּענימער זיינען פּלוצלונג געוואָרן אַנדערע, און אין אַלע אויגן האָט געגלאַנצט עפּעס אַ מעשוגאַס.

קיין פּאַניק איז ניט געווען, נאָר ס'איז געווען שרעק — אַ קאַלטער, ברענעדיקער, ווי דורכגעפראָרענער אייזן.

אַסאַך האָבן געשריען צו די סאָלדאַטן מיט ווערטער פון פאַר־דראָס, זידלערייַ און טיינעס און געשראָקן מיט עמיצנס שרעקלאַכן צאָרן.

די סאָלדאַטן זיינען געשטאַנען אומבאַוועגלאַך, אַראָפּגעלאָזט די ביקסן צו די פיס. די פּענימער זייערע זיינען אויך געווען אומבאַוועגלאַך, די הויט אַף די באַקן שטייף אָנגעצויגן און די באַקביינער שאַרף אַרויס־געשטאַרצט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז באַ אַלע סאָלדאַטן זיינען ווייסע אויגן און צונויפגעפראָרענע ליפּן.

— נו, כאַווײרים, איר זעט, ווי „ער" באַגעגנט אייך?

— שטיי . . . ס'איז אַ טאָעס . . . דאָס קאָן דאָך ניט זיין, באַטראַכט זיך נאָר! סיידן ביסט קיין מענטש ניט.

—זייט איר קיין מענטשן ניט, איר זייט שאָף, אַ טשערעדע, און אָט האָט מען אייך . . .

— לאָז דורך . . . גיי אָפּ . . .

— לאָז דורך אַ פאַרוואונדעטן!

צוויי אַרבעטער און אַ פרוי האָבן געפירט דעם הויכן מאָגערן מענטשן; ער איז אינגאַנצן געווען אין שנייַ. פון די אַרבל פון זיין מאַנטל איז אַראָפּגערונען בלוט, זיין פּאַנעם איז בלוי געוואָרן, נאָכמער פאַרשפּאַרט געוואָרן, און די טונקעלע ליפּן האָבן שוואַך זיך באַוועגט, געשעפּטשעט:

—כ'האָב געזאָגט . . . זיי וועלן ניט לאָזן . . .

.4

די וואַנט פון סאָלדאַטן האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און האָט זיך צעעפנט. טאַנצנדיק און כראָפּענדיק זיינען צווישן זיי דורכגעפאָרן פערד, ס'האָט זיך דערהערט אַ געשריי פונם אָפיצער, איבער די קעפּ פון אַ רייטער האָבן אַ שווינדל געטאָן, צעשניידנדיק די לופט, שווערדן, און זיך אַ הויב געטאָן אַלע צו איין זייט. דער האַמוין איז געשטאַנען און זיך געשאָקלט, האָט זיך אויפגערעגט און געוואַרט, ניט גלויבנדיק.

ס'איז געוואָרן שטילער.

מאַרש! — האָט זיך געלאָזט הערן אַ ווילדער געשריי.

ווי אַ וויכער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין מענטשישע פּענימער, און האָט זיך אַזוי ווי איבערגעדרייט אונטער זייערע פיס. אַלע האָבן זיך געלאָזט לויפן, שטופנדיק און אומוואַרפנדיק איינער דעם צווייטן, אַוועקוואַרפנדיק די פאַרוואונדעטע, שפרינגענדיק איבער די הארוגים. דאָס שווערע טופען פון פערד האָט אָנגעיאָגט, סאָלדטן האָבן געוואָיעט, זייערע פערד זיינען געשפּרונגען איבער די פאַרוואונדעטע, גע־פאַלענע, טויטע, געפינקלט מיט די סאַבליעס. צייטנווייז האָט זיך גע־הערט דער פייף פון שטאָל און אַ קלאַפּ איבער ביין. דאָס געשריי פון די געשלאָגענע האָט זיך צונויפגעגאָרן אין אַ הילכיקן צעצויגענעם קרעכץ.

סאָלדאַטן האָבן פאַרוואָרפן די סאַבליעס און אַראָפּגעלאָזן אַף מענטשישע קעפּ, און נאָכן קאָפּ פלעגן זייערע קערפּערס זיך צובויגן אין אַ זייט. זייערע פּענימער זיינען געווען רויטע, אָן אויגן, און ווי גע־שוואָלענע. ס'האָבן געהירזשעט די פערד, שרעקלאַך געשטשירעט די ציין און געוואָרפן מיט די קעפּ.

דאָס פאָלק האָט מען פאַריאָגט אין די גאַסן. און ווי נאָר דאָס טופען פון די פערד איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער ווייט, האָבן מענטשן זיך אָפּגעשטעלט, שווער געאָטעמט און אַ קוק געטאָן איינער אַפן אַנדערן מיט אַרויסגעקראָכענע אויגן.

פּלוצלונג האָבן פון אַלע זייטן זיך אַ שאָט געטאָן אויסגעשרייען פון פאַרוואונדערונג, שרעק און צאָרן.

— וואָס־זשע הייסט דאָס, ברידערלאַך, האַ?

— אַ האַריגע גייט!

— פאַרוואָס?

— אָט האָסטו אַ רעגירונג!

— מע שניידט. האַ? מיט פערד טאָפּטשעט מען...

אַ יונגע שטים האָט ענערגיש אַ רוף געטאָן:

— נאָך די פאַרוואונדעטע! עי, קומט צונויפנעמען די פאַרוואונדעטע!

אַלע האָבן אַ צאַפּל געטאָן, גיך אַ לאָז געטאָן זיך צום אַרויסגאַנג אָפּן טייך, און זיי אַנטקעגן אין גאַס אַריין האָבן אַריינגעפּויזעט איבערן שניי און אַריינגעגאַנגען, פאַלנדיק פון די פיס, צעקאַליעטשעטע מענטשן אין בלוט און אין שניי. מע האָט זיי גענומען אויף די הענט, געטראָגן, אָפּגעשטעלט פורלאַך, אַראָפּגעטריבן די פּאַסאַזשירן און ערגעץ אַוועקגעפירט.

אַרום איז געוואָרן שטיל. אַ שטימע אַ טיפע, אַ באַסיקע האָט מיט ווייטיק אויסגעשריען:

— ראָצכים פאַרשאָלטענע!... וואָס האָבן זיי דאָס אָפּגעטאָן?!

# די ווירקונג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע

(פון כאַוועד לענינס אַ רעדע)

די רוסישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ באַוועגונג אין גאַנץ אַזיע. די רעוואָלוציעס אין טערקיי, אין פּערסיע און אין כינע דערווייזן, אַז דער מעכטיקער אויפשטאַנט פון 1905 יאָר האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך טיפע שפּורן און אַז ס'איז ניט אויסצואוואָרצלען זיין ווירקונג, וועלכע ווייזט זיך אַרויס אין דער אַלץ אויפשטייגנדיקער באַוועגונג פון הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען מענטשן.

אויף אַן אומדירעקטן אויפן האָט די רוסישע רעוואָלוציע געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף די לענדער פון אייראָפּע... זי וועט דינען ווי אַ פּראָלאָג, ווי דער אַריינפיר צו דער צוקונפטיקער אייראָפּייאישער רעוואָלוציע. אָן ספק, אַז די דאָזיקע קומענדיקע רעוואָלוציע וועט קאָנען

זיין בלויז אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. דידאָזיקע קינפטיקע רעוואָלוציע וועט אונז נאָך אין אַ גרעסערער מאָס באַווייזן פון איין זייט, אַז בלויז דורך בירגער־קריג וועט די מענטשהייט זיך באַפרייען פון אונטער דעם קאַפּיטאַלס יאָך. פון דער אַנדערער זייט וועט זי אונז לערנען, אַז בלויז די קלאַסנבאַוואוסטזיניקע פּראָלעטאַריער קאָנען אַרויסטרעטן און וועלן אַרויסטרעטן פירער פונם גרעסטן טייל עקספּלואַטירטע.

איציק פעפער

# 9טער יאַנואַר

אַף רויכיקע ערדן
פון הילכיקע שלאַכטן און רוישיקע נעכט,
היינט גייט מען שוין מער ניט אָן פאָנעו, אָן שווערדן,
ווי קנעכט.

היינט גייט שוין ניט קיינער
צו טויערן הויכע מיט שטילן געבעט, —
אַף פעלדער פון וועלפישע טויבע געווייינען
צערוישן זיך שטעט.

היינט גייט שוין ניט קיינער
מיט גלויביקע אויגן צום הימל געווענדט,
און מויערן וואַקסן פון שטאָל און פון שטיינער
פון אונזערע הענט...

אין רוסישן לאַנד זיינען רוישיק די וועגן,
און ברייטער איז רוסישער טאָל,
מיר האָבן די פיינט אַף די פעלדער באַגעגנט
און האָבן פאַר אַלעם באַצאָלט.

# צו אַלע אַרבעטער

(אויפרוף פון פעטערבורגער אַרבעטער־קאָמיטעט נאָך דער געשעעניש
פון 9טן יאַנואַר)

איר זייט געגאַנגען צום קייסער זיך דערשלאָגן רעכט פאַר זיך,— און ער האָט אייך באַגעגנט מיט אַ שיסעריי פון ביקסן און פון האַר־מאַטן, מיט קלעפּ פון פּיקעס און אָנגעשאַרפטע שווערדן פון זיינע ווילדע לייבוועכטער.

איר האָט באַ אים געבעטן ברויט און אַרבעט, און ער האָט אייך מעכאַבעד געווען מיט צעגליטע קוילן... צי האָבן מיר אייך דען ניט געזאָגט, אַז באַם בלוטצאַפּער — צאַר — וועט איר זיך גאָרניט ניט דערשלאָגן, אַז ער איז ניט קיין פריינט, נאָר אַ פיינט פונם פאָלק, און אַז ער האָט ניט אין זינען די נוצן פון פאָלק...

געהאַרגעטע... פאַרוואונדעטע... מ׳קאָן זיי אָנציילן אין די הונ־דערטער, טויזנטער...

דידאָזיקע טויטע קערפּערס, וועלכע איר פירט איבער די גאַסן, רופן צו נעקאָמע... שטעלט־זשע זיך איצטער אונטער אונזערע רויטע פאָנען... גייט איבער די גאַסן און שטעלט אומעטום אָפּ די אַרבעט, קעדיי אַלע בירגער ווי איין מענטש זאָלן זיך מיט געווער אין האַנט אויפהויבן קעגן צאַר, קעגן דער רעגירונג. צעטיילט צווישן די סאָלדאַטן אונזערע אויפרופן און פאָדערט פון זיי, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן צו שיסן אַפן פאָלק...

אַראָפּ דער קייסער! אַראָפּ די זעלבסטהערשאַפט!

פעטערבורגער קאָמיטעט.

ה. ד. נאָמבערג

# אין סיביר

ס'לויפן, ס'יאָגן שווארצע וואָלקנס,
ס'פייפט און ס'ברומט דער ווינט;
פון סיביר שיקט דיין טאַטע
דיר אַ גרוס, מיין קינד!

נאָר דער ווינט, ער ברענגט אונז גרוסן
פון דעם קאַלטן לאַנד, —
דאָרטן שטייט ער, אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנט.

און ער גראָבט אַלץ טיפער, טיפער,
וואַרפט די ערד אַרויס.
ניט געזאָרגט דאָך, פאַרן ליגן
גראָבט ער קוואָרים אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פאַלט ער אַפן פעלד.
זאָרג ניט, קינד מיינס, דיך געבאָרן
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד וועסטו אויסוואַקסן,
שלאָף-זשע, שלאָף אַצינד;
זאַמל קויכעס פאַר דער צוקונפט,
זאַמל, איינציק קינד...

# 1917

איציק פעפער

## אַף דער וואַך

איך בין ניט דער ערשטער און בין ניט דער לעצטער,
ס׳ווייסן שוין מילן מיין טראָט און מיין ליד ,
באַ טירן צעקלאַפּטע, באַ פענצטער צעזעצטע,
שטיי איך און היט.
דאָ דאַרף איך שטיין,
וואו מ׳האָט מיך געשטעלט.
דאָ דאַרף איך היטן
מיין שטאָט און מיין פעלד.

אין דערפער אין טונקעלע, אַף פעלדער פאַרשנייטע,
אַ מאַכנע געגאַנגען, אַ מאַכנע פאַרבליט.
באַ מילן פאַרלאָזטע, באַ וועגן פאַרדרייטע,
שטיי איך און היט.
כ׳בין ניט אַליין דאָ
אין שנייאיקער וועלט.
דאָ האָט מיך נעכטן
מיין פירער געשטעלט.

דאָ איז מיין לאַנד, און מיין לאַנד איז מיר טייער,
אַף זוניקע כורוועס מיט יאַטישע טריט,
מעג האָגלען מיט שטיינער, מעג וויכרען מיט פייער —
שטיי איך און היט.
שטאָט איז צעשראָקן,
און פעלד איז פאַרשנייט,
דאָ בין איך שטענדיק,
און דאָ בין איך גרייט!

לידיאַ סייפולינאַ

# אָפּגעשאַפּט דעם צאַר

פּאַוועל איז אַריין אין שטוב ווי אַ פאַרשיךערטער. אָפּן פּאָנעם אַ פאַרלאָרן שמייכעלע, און די אויגן אַזוי ווי באַטרונקענע. ווירקע האָט זיך פאַרוואונדערט. שוין באַלד אַ וידעש, אַז זי לעבט מיט אים איניינעם, און זי האָט אים נאָך קיינמאָל קיין שיקערן ניט געזען. און מענטשן האָבן איר דערציילט: ער טרינקט ניט.

— וואָס איז מיט דיר, פּאַוועל, האָסט באַ עמיצן אויסגעטרונקען, צי וואָס?

— דער עלטסטער האָט פון שטאָט אַזוינע ידיעס געבראַכט, אַז אַלע פּויערים, וואָס האָבן נאָר דערהערט, גייען אַרום ווי שיקערע. מע האָט אָפּגעשאַפּט דעם צאַר.

— אָפּ—גע—שאַפּט? וואַרט נאָר, ווי־זשע איז דאָס?

— אינגאַנצן אָפּגעשאַפּט, מיר לעבן אינגאַנצן אָן אַ צאַר.

ווירקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק.

— ביסט גאָר, פּאַוועל, קלוימערשט קיין באַלן ניט צו טרייבן שפּאַס...

— דאָ איז קיין שום שפּאַס ניטאָ. דער עלטסטער האָט פון שטאָט געבראַכט צו פירן אַ פּאַקעט. מע האָט נאָך דער לערערקע אַוועקגע־שיקט, באַלד וועט מען אַף דער פאַרזאַמלונג דערפון לייענען. קיינשום קייסער ניטאָ — איינער האָט זיך אָפּגעוואָרפן, און דער אַנדערער האָט זיך אָפּגעזאָגט, און דו טוסט נאָר אַ קוק — האָט מען זיי שוין אַלע געגעבן דעם וועג.

— און הער נאָר, ווירקע, די פּויערים האָבן זיך דאָך גאָרניט דערשראָקן.

— איך האָב זיך בענעמאָנעס געוואונדערט, האָבן זיך קיין קאָפּ ניט דערשראָקן, זיי האָבן זיך נאָר פאַרוואונדערט: ווי אַזוי איז מען עס טאַקע בייגעקומען דעם צאַר.

— און דער פּאָליציי־עלטסטער? ער וועט זיך באַ אונז אָפּ־שטעלן, האַ?

— און די עלטסטע, אָט־די אונזערע, וועלן פאַרבלייבן די פריער־דיקע?

— אָט, גיי שוין, גיי! דער עלטסטער איז אַנטלאָפן, און דעם פּאָליציאַנט האָט מען פאַרשפּאַרט אין קעלער אַריין.

— דו האָקסט ליגונים... נו, אָט אַ וואונדער, פּאַוועל, ווי אַזוי־זשע איז עס, האַ? וואו איז דאָ ערגעץ מײַן טיכל, האַ? ווען וועט מען עס אָנהויבן לייענען אַפן מיטינג?

אין שול האָט זיך צובויפגעקליבן אַזאַ אוילעם, ווי נאָך קיינמאָל נישט. מע איז געשטאַנען אַף די פענצטער אין פאָרהויז און אינדרויסן אַרום דער שול.

די לערערקע האָט מיט אַ צערודערט־ציטערדיקן קאָל געלייענט:

...האָבן מיר געפונען פאַר רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון דער קרוין פון דער רוסישער מעלוכע...

צום אוילעם האָבן זיך אומקלאָר דערטראָגן נאָר שטיקלאַך ווער־טער. די פויערים האָבן זיך אַ רודער געטאָן.

איינער האָט אויסגעשריען:

— מע הערט ניט... מיר קענען ניט צעקייען. גיב אָפּ אַ מאַנצביל!

און צווישן אוילעם האָט מען אונטערגעכאַפּט:

— זאָל אַ וועלכער־ניט־איז מאַנצביל לייענען.

— היידאַ, ווער פון אונז קאָן איוורע?

— די סאָלדאַטן, די סאָלדאַטן שיקט פאָרויס. וואו זיינען די סאָלדאַטן? זיי וועלן שוין דורכקריכן.

— אָ־אָ, זיי זיינען שוין סיי־ווי פאָרויס, וואו דען זאָלן זיי איצט שטיין, אויב ניט פאָרויס?

— זאָל פּאַשקע סוסלאָוו. ער איז באַ אונז אַ שטאַרק געלערנטער.

— פּאַוועל, פּאַוועל! און וואו איז ער ערגעץ, סוסלאָוו?

— היידאַ. לייען אונז! אָט ערשט וועלן מיר עפּעס הערן, אַ גאָרגל באַ אים אַ ברייטער.

פּאַוועל האָט, אויפהויבנדיק די פּלייצעס, מיט אַ שטריינג פּאָנעם גענומען לייענען הויך און דייטלאַך די מאַניפעסטן און צייטונגען, וואָס זיינען פאַרשפּעטיקטערהייט אָנגעקומען קיין אַגיראָווקע. לאַנג

האָט ער געלייענט. די גאַנצע צייט האָט אין קלאַס געהערשט אַן אָנגעשטריינגטע שטילקייט. ווי אַ פעסטע, שווייגנדיקע וואַנט זייַנען די פויערים און פויערטעס געשטאַנען העכער אַ שאָ צייט. זיי זייַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אויסערגעוויינלאַך שטיל, רואיק, שמועסנדיק צווישן זיך שטילערהייט.

שווערע ווערטער:
בענעמאָנעס — אַף מיין וואָרט.
מאַנצביל — מאַן.
קאַן איווהע — קאַן לייענען.
היידאַ! — נו, לעבעדיקער!

דזשאָן ריד

# טעג, וואָס האָבן אויפגערודערט די וועלט

1.

אין יענע טעג זייַנען די קאָמיטעט-צימערן פון די פעטראָגראַדער פאַבריקן געווען פאַרשאָטן מיט געווער.

קוריערן פלעגן קומען און אַוועקגיין. די רויטע גוואַרדיע האָט געמושטירט. אין אַלע קאַזאַרמעס האָבן זיך טאָג און נאַכט געפירט אָנגעשטריינגטע דיסקוסיעס. אין אָנהויב נאַכט פלעגט דער אוילעם אין די גאַסן ווערן געדיכטער. ווי אַ פולשטימיקע כוואַליע האָט ער זיך באַוועגט הין-און-צוריק אַפן נעווסקי פּראָספּעקט און זיך געריסן פאַר — אַ צייטונג.

אין סמאָלנע אינסטיטוט איז באַם אַרייַנגאַנג און באַ די טויערן געשטאַנען אַ וואַך, האָט געפאָדערט באַ יעדערן אַ צייגניש. טאָג און נאַכט האָט זיך אין די קאָמיטעט-צימערן אָן אויפהער געטומלט. הונדערטער סאָלדאַטן און אַרבעטער זייַנען געשלאָפן אַפן דיל. דער גרויסער זאַל איז געווען ווי אַ פעסל געפּאַקט מיט מענטשן, וואָס זייַנען זיך צונויפגעקומען בייַצוזיין אַף די טומלדיקע זיצונגען פון פעטראָגראַדער ראַט.

דעם 25טן אָקטאָבער האָט זיך אַף אַ פאַרמאַכטער זיצונג פון

אויספירקאָם באַהאַנדלט די פראַגע וועגן שאַפן אַ ספּעציעלן קריגס־קאָמיטעט. דעם 30טן אָקטאָבער האָט מען אַף די מיטינגען פון אַלע פּעטראָגראַדער פּאָלקן אַרויסגעטראָגן אַזאַ רעזאָלוציע:

„דער פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן אַנערקענט ניט מער די צייט־ווייליקע רעגירונג. אונזער רעגירונג איז — דער פּעטראָגראַדער ראַט. מיר וועלן זיך אונטערוואַרפן נאָר די באַפעלן, וואָס וועלן אַרויסגעגעבן ווערן פון רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט“.

איבער אַלע דרוקערייען איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז מע זאָל קיין שום פּראָקלאַמאַציעס און קיין אויפרופן ניט דרוקן אָן אַ דערלויבעניש פון דעווקאָם.

באַוואָפנטע קאָמיסאַרן זיינען אַוועק אין אַרסענאַל. פאַרכאַפּט אַסאַך געווער, אַמוניציע.

דעם דריטן נאָוועמבער איז פאָרגעקומען אַ פאַרמאַכטע זיצונג פון די באָלשעוויסטישע פירער. לענין האָט געזאָגט:

„דעם 6טן נאָוועמבער אַרויסטרעטן איז צו־פרי. צו אַן אויפשטאַנד מוז מען האָבן אַן אַלרוסלענדישן פונדאַמענט, און דעם 6טן וועלן נאָך ניט אַלע דעלעגאַטן האָבן געקומען אַפן צוזאַמענפאָר. און פון דער אַנדערער זייט, ווען דעם 8טן נאָוועמבער שוין זיין צו־שפּעט אַרויסצוטרעטן: צו דער צייט וועט זיך דער צוזאַמענפאָר האָבן אָרגאַניזירט, און אַ גרויסע אָרגאַניזירטע פאַרזאַמלונג וועט זיין שווער אָנצונעמען שנעלע און אַנטשלאָסענע מאָסמיטלען. בלייבט, אַז מיר דאַרפן זיך נעמען פאַר דער אַרבעט דעם 7טן נאָוועמבער — אין דעם טאָג, ווען דער צוזאַמענפאָר וועט זיך עפענען, אַזוי, אַז מיר זאָלן אים קאָנען זאָגן: אָט איז די מאַכט! וואָס ט'איר טאָן מיט איר?“

און אַפן אויבערשטן שטאָק איז אין אַ צימער געזעסן דער רעוואָלוציאָנער־אַנטאָנאָוו־אַווסייענקאָ, אַ מאַטעמאַטיק און אַ שאַכמאַטיסט, און האָט דייטלך באַאַרבעט דעם פּלאַן, ווי צו פאַרכאַפּן די הויפּט־שטאָט.

אין סמאָלנער אינסטיטוט אין צימער 8 האָט דער רעווקאָם אָן אויפהער געפירט זיינע זיצונגען. אַלע טעלעפאָנען זיינען געווען איבער־געריסן. דער פאַרקער מיט די פאַבריקן האָט זיך אונטערגעהאַלטן דורך מיליטער־טעלעפאָנען. אַ גרופּע וואָלונטירן האָט געוואַרט

לעבן טיר. איינער פון זיי האָט געזאָגט: „אַ דריק די קנאָפּקע — און אַלע זיינען גרייט אַרויסצוטרעטן“. אונטן אין צימער איז געזעסן סאַראַטאָוו און האָט אונטערגעשריבן אָרדערן אַף געווער פון רעגי־רונגס־אַרסענאַל, צו 150 אַף יעדער פאַבריק. 40 דעלעגאַטן האָבן גע־וואַרט אין ריי.

אין זאַל האָב איך זיך אָנגעשטויסן אַף באָלשעוויסטישע פירער. איינער פון זיי האָט מיר באַוויזן אַ רעוואָלווער: „ס׳האָט זיך אָנגע־הויבן! דער פיינט ווייסט — ער דאַרף מיט אונז פאַרענדיקן, אָדער — אַ סאָף צו אים“.

.2

דעם 6טן נאָוועמבער אינדערפרי האָבן די צייטונגען מוידיע געווען, אַז די רעגירונג האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל אַרעסטירן די אָנ־פירער פון מיליטער־ראַט און די מיטגלידער פון רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט.

לעבן גענעראַל־שטאַב זיינען געשטאַנען אַסאַך בראָנעוויקעס און אויטאָמאָבילן געפּאַקט מיט אָפיצערן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין צופּאָרן און אָפּפאָרן.

אַפּו ראַג מאַרסקאַיאַ און נעווסקי האָט אַן אָפּטייל סאָלדאַטן, מיט אַרויפגעזעצטע שפּיזן אָפּגעשטעלט אַלע פּריוואַטע אָטאָמאָבילן, אַרויסגעזעצט די פאַרשוינען און אָפּגעשיקט די אָטאָמאָבילן אין ווינ־טער־פּאַלאַץ. אַ גרויסער אוילעם איז געשטאַנען און געקוקט אַף דער אָפּעראַציע. קיינער האָט ניט געוואוסט, צי זיינען די סאָלדאַטן אָנהיינ־גער פון דער רעגירונג, צי פון דעם רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט.

אַ 5—6 מאַטראָסן מיט ביקסן זיינען צוגעגאַנגען אויפגערעגטע צו די סאָלדאַטן און אַריינגעטראָטן מיט צוויי פון זיי אין אונטער־האַנדלונגען. אַף די היטלען פון די מאַטראָסן זיינען געשטאַנען נעמען פון די הויפּט־באָלשעוויסטישע קרייסערן פון באַלטישן פלאָט. איינער פון זיי האָט אַ זאָג געטאָן:

— „קראָנשטאָט גייט (קראָנשטאַט האָט דעמאָלט געהאַט 25,000 מאַטראָסן, איבערגעגעבענע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן ניט מוירע פאַרן טויט).

אין סמאָלנע האָט דער פּעטראָגראַדער ראַט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אָן אַן איבעררייס. אייניקע פון די דעפּוטאַטן פלעגן אַנט־שלאָפן ווערן אַפן דיל.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען דער מענשעוויק דאָן האָט געהאַלטן אַ רעדע:

— „די מאַסן זיינען קראַנק. דער אינטערעס צו דער רעוואָלוציע איז אָפּגעשוואַכט. אויב די באָלשעוויקעס וועלן אויפהויבן אַן אויפ־שטאַנד — איז אַ סאָף צו דער רעוואָלוציע“.

אויסגעשרייען: „אַ ליגן! אַ ליגן!

4 אַזייגער פאַרטאָג האָב איך אין זאַל באַגעגנט זארינען מיט אַ ביקס אַפן אַקסל: „מיר זיינען שוין אַרויסגעטראָטן“ — האָט ער גע־זאָגט רואיק — מיר האָבן שוין פאַרכאַפּט דעם יוסטיץ־געהילף־מיניס־טער און דעם מיניסטער פאַר רעליגיעזע איניאָנים. זיי זיינען שוין אין קעלער. איין פּאָלק איז אַוועק פאַרנעמען די טעלעפאָן־סטאַנציע, דער צווייטער — דעם טעלעגראַף און דער דריטער — די מעלוכע־באַנק — די רויטע גוואַרדיע איז אַרויסגעטראָטן.

אַף די טרעפּ האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען די רויטע גוואַר־דיע — אַ קופּע יאַטן אין אַרבעטער־קליידער מיט ביקסן אין די הענט.

פון דערוויטנס האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון שיסן. די יונ־קערס האָבן פאַנאַנדערגענומען די בריקן פון דער נעוואַ, קעדיי די אַרבעטער פונם וויבאָרגער ראַיאָן זאָלן זיך ניט קאָנען צונויפגיין מיט די סאָלדאַטן. די קראָנשטאַטער מאַטראָסן האָבן זיי צוריק צונויפ־געשטעלט.

## 3.

מיטוואָך, 7טן נאָוועמבער, 12 אַזייגער באַטאָג האָט אַ דונער געטאָן אַ האַרמאַט פון פּעטראָפּאַוולער פעסטונג. לעבן מעלוכע־באַנק זיינען געשטאַנען טלאַכע סאָלדאַטן מיט אָנגעשרויפטע שפּיזן.

— פון וועלכן לאַגער זייט איר? — פון דער רעגירונג? — האָב איך זיי אַ פרעג געטאָן.

— ניטאָ מער קיין רעגירונג — האָט איינער פון זיי געענטפערט מיט אַ שמייכל — אוים!

באַנאַכט. איבער נעווסקי האָט שפּאַצירט, דוכט זיך, די גאַנצע שטאָט. אין יעדן ווינקל האָבן האַמוינים זיך געזאַמלט.

הין און צוריק איבער דער גאַס האָבן זיך געפּאַנצערטע אָטאָ־מאָבילן באַוועגט.

אַף דער גאַס האָט זיך באַוויזן אַ מענטש מיט אַ פּאַק צייטונגען, און צו אים האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַ מענטשלאַכע כוואַליע און געריסן דאָס בלעטל איינער באַם אַנדערן. דאָס איז געווען אַ נומער פון „אַרבעטער און סאָלדאַט", וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם ניצאָכן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, די באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע באָלשעוויקעס, און האָט גערופן די אַרמיי צו שטיצן די רעוואָלוציע.

אָטאָמאָבילן און מאָטאָציקלעטן האָבן זיך געיאָגט הין און צוריק, אַ ריזיקער גרויער פּאַנצער־אָטאָמאָביל מיט צוויי רויטע פאָנען אַפן טורעמל האָט אַרויסגעפּויזעט, אָן אויפהער יאָמערנדיק מיט זיין פייפער.

ס'איז געווען קאַלט, און די רויטגוואַרדייער באַ די טויערן האָבן אָנגעצונדן אַ שייטער. באַ די צווייטע טויערן האָט מען אויך אַ פייער צעלייגט.

ווען מיר זיינען אַרום אין דער קאַלטער נאַכט אַריין, האָט דער גאַנצער פּאַסאַד פון סמאָלני פאַרגעשטעלט מיט זיך איין ריזיקן גאַראַזש פון צופאַרנדיקע און אָפּפאָרנדיקע אָטאָמאָבילן. דורך זייער גערויש האָט מען פונדעסטוועגן געקאָנט הערן באַזונדערע לאַנגזאַמע קלעפּ פון האַרמאַטן.

אַ גרויסער מאַסע־אָטאָ איז געשטאַנען דאָ־דערביי, אינגאַנצן ציטערנדיק פון דער אַרבעט פון זיין מאָטאָר. מענטשן האָבן געוואָרפן עפּעס בינטלאַך, און אַנדערע אַפן אָטאָמאָביל האָבן זיי אויפגעכאַפּט, האַלטנדיק אונטער דער זייט ביקסן.

— וואוהין? — האָב איך אויסגעשריען.

— אין שטאָט — האָט אַן אַרבעטער געענטפערט.

מיר האָבן באַוויזן ציינעניש.

— קומט מיט אונז — האָט מען דעמאָלט איינגעלאַדן — נאָר מע דאַרף זיך ריכטן אַף אַ שיסעריי.

מיר זיינען אַרויפגעקראָכן אַפן אָטאָמאָביל.

דער שווערער אָטאַ האָט אַ ציטער געטאָן אַף פאָרויס. מיר זיינען אַלע אַ מאָל געטאָן אַף יענע, וואָס האָבן ערשט אַרויפגעקלעטערט.

איינער פון די, וואָס אַפן אָטאַ, האָט אַראָפגעריסן דעם איינפּאַק פון איינעם אַ בינטל און גענומען וואַרפן הויפנס ציישונגען אינדער־לופטן. מיר האָבן אים נאָכגעטאָן, און אַזוי האָבן מיר זיך געיאָגט אי־בער די פינצטערע גאַסן, און אַ לאַנגער עק פון ווייסע פאַפּירלאַך איז אונז נאָכגעפלויגן.

פאַרשפּעטיקטע דורכגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט זיי אויפהויבן.

אַטרולן פון אַרום די שייטערס אַף די ראָגן זיינען געלאָפן מיט אויס־געשטרעקטע הענט זיי אונטערכאַפּן.

עטלאַכע מאָל זיינען באַוואָפנטע מענטשן אונז דעם וועג פאַרלאָפן מיט קוילעס: „שטיי!" — און די ביקסן אויפגעהויבן. אונזער שאָפער האָט זיי עפּעס אַזעלכס אויסגעשריען, און מיר זיינען ווייטער גע־פלויגן.

איך האָב אויפגעהויבן אַן עקזעמפּלאַר פון דידאָזיקע פאַפּירלאַך און באַם צאַפּלענדיקן שיין פון די גאַס־לאַמטערנעס איבערגעלייענט:
„צו די בירגער פון רוסלאַנד!

די צייטווייליקע רעגירונג איז אַראָפּ, די מעלוכע־מאַכט איז אַרי־בער אין די הענט פונם אָרגאַן פון פּעטראָגראַדער ראַט פון אַרבע־טערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן — צום רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט, וואָס שטייט אין שפּיץ פון פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט און גאַרניזאָן".

די זאַך, וואָס פאַר איר האָט דאָס פאָלק געקעמפט — אַז באַלד זאָל פאָרגעלייגט ווערן אַ דעמאָקראַטישער שאָלעם, דאָס פּריצישע אייגנטום אַף ערד זאָל אויפהערן, איבער דער פּראָדוקציע זאָל איינ־געשטעלט ווערן אַן אַרבעטער־קאָנטראָל, און אַ ראַטן־רעגירונג זאָל געשאַפן ווערן — אָט די זאַך איז באַוואָרנט.

לעבן זאָל די רעוואָלוציע פון אַרבעטער, סאָלדאַטן און פּויערים!

רעוואָלוציאָנערער קריגס־קאָמיטעט פון פּעטראָגראַ־
דער ראָט פון סאָלדאַטישע און אַרבעטערשע דעפּוטאַטן".

.4

## דער ניצאָכן.

ס'איז געוואָרן טאָג. די פּיקעטן פון קערענסקים קאָזאַקן האָבן פאַרבונדן אַ שיסעריי מיט די ראַטן-גרופּעס. איבער די וויסטע פעלדער, אין דער קאַלטער רואיקער לופט האָט זיך צעדונערט דער דונער פון שלאַכט. דעם דונער האָבן דערהערט די אַרומבלאָנדזשענדיקע סאָל־דאַטן, מאַטראָסן, אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום קליינע ברענענדיקע שייטערס און געוואַרט. הייסט עס, ס'האָט זיך אָנגע־הויבן. און די אַלע וואַרטנדיקע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום שלאַכט־פעלד. די מאַכנעס אַרבעטער אַף די שליאַכן האָבן פאַרגיכערט זייערע טריט.

אַזוי זיינען אַף אַלע פונקטן, וואָס זיינען אַטאַקירט געוואָרן פון די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן, אַליין פון זיך געגאַנגען האַמוינים פאַרבי־טערטע מענטשן. קאָמיסאַרן האָבן זיי באַגעגנט און טייקעף געשטעלט אַף פּאָזיציעס אָדער צו אַ געוויסער אַרבעט. דאָס איז געווען זייער שלאַכט, פאַר זייער וועלט. זיי אַליין האָבן זיך קאָמאַנדירן אויסגע־קליבן. אין אַ רעגע איז דער צעשאָטענער, ניט־אָרגאַניזירטער ווילן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין איינהייטלאַכן ווילן.

די מאַטראָסן האָבן זיך געשלאָגן ביז צום לעצטן פּאַטראָן און נאָכדעם זיינען זיי געגאַנגען אין אַטאַקע קימאַט מיט הוילע הענט. אַרבעטער, ניט געלערנטע צום שלאַכט, האָבן זיך געוואָרפן אַף די אָנפאַלנדיקע קאָזאַקן און פון די פערד זיי געשלעפּט. גרופּעס אָן אַ נאָמען, וואָס האָבן אין דער פינצטער אַרום שלאַכטפעלד געבלאָנ־דזשעט, זיינען פּלוצלונג אַליין אַף דער שיין אַרויס און דעם סוינע פאַר־פלייצט. די אַרמיי פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט ערשט נעכטן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ צעצויגענעם פראָנט פון אָפּגעריסענע בלאָנדזש־לינגער, האָט זיך מיטאַמאָל אַ רוק געטאָן פאָרויס און זיך אַריינגע־קייקלט אין צאַרסקאָיע, נאָך איידער דער סוינע האָט באַוויזן צעשטערן די אָנדראָטיקע סטאַנציע. איצטער האָבן די קאָמיסאַרן דורך איר צעשיקט צו דער גאַנצער וועלט אַ הימן פון ניצאָכן.

.5

## „מיין פעטראָגראַד!"

איך בין געפאָרן צוריק אין פעטראָגראַד, זיצנדיק פון פאָרנט אַף אַ מאַסע־אַטאָמאָביל, וואָס איז געווען איבערגעלאָדן מיט רויטגוואַר־דייער, אַן אַרבעטער האָט אים געפירט. באַ אונז איז ניט געווען קיין קעראָסין, און מיר זיינען געפאָרן אָן פייערן. דער וועג איז געווען פאַרפּאַקט מיט פּראָלעטאַרישע מאַכנעס, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, און מיט נייע רעזערוון, וואָס זיינען געגאַנגען זיי פאַרבייטן אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. גרויסע אַטאָמאָבילן, אַזעלכע ווי אונ־זערער, קאַלאָנעס אַרטילעריע, וועגענער פלעגן פלוצלונג אַרויסשווימען אין דער נאַכט אָן פייער, פונקט ווי מיר. מיר זיינען מעשוגענערווייז געפלויגן פאָרויס, האַסטיק קערעווענדיק רעכטס און לינקס, קעדיי אויסמיידן אַ צוזאַמענשטויס, פאַרטשעפּענדיק פאַר די רעדער, באַלייט מיט זידלערייען פון די פוסגייער.

איבערן האָריזאָנט האָבן זיך געשפּרייט די פייערן פון דער הויפּט־שטאָט, וואָס איז אָן אַן ערעך שענער באַנאַכט, ווי באַטאָג. זי האָט אויסגעזען ווי אַ באַרג מיט טייערע שטיינער, צעשאָטענע איבער אַ וויסטן טאָל.

דער אַלטער מאַן, דער אַרבעטער, וואָס האָט געפירט די מאַשין, האָט אַנידערגעלייגט אַפן ראָד איין האַנט און מיט דער צווייטער האָט ער געוויזן צו דער פונווייטנס שיינענדיקער הויפּשטאָט.

— מיינער! — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ ברענענדיקן פּאָנעם

— אינגאַנצן מיינער איצט! מיין פעטראָגראַד!

שווערע ווערטער:

קוריער — שאַליאַר, „מעסענדזשער".

קאַזארמע — זעלנער־באַראַקן, „אַרמאַרי".

אויספּירקאָם — אויספּיר־קאָמיטעט, עקזעקוטיווע.

רעווקאָם — רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט.

ניצאַכן — זיג.

פּאַטראָן — קויל פון אַ ביקס אָדער רעוואָלווער.

לייענט איבער דאָס גאַנצע בוך „צען טעג, וואָס האָבן אופגערודערט די וועלט" פון דזשאָן ריד.

איציק פעפער

# האַנט צו האַנט

האַנט צו האַנט און פּלייצע צו פּלייצע,
פוס צו פוס און שינעל צו שינעל,—
אונזער ערד איז אַ פרישע און ווייצענע,
אונזער הימל איז רויכיק און העל.

באַהאַלטן די קעפּ אין די אַקסלען,
באַ אַלעמען דרעמלען די פיס.
אַף פעלדער מיט מענטשן באַוואַקסענע
ליג איך און שיס.

מ'וועט ברײנגען ברויט, וועט מען עסן,
ניט ברײנגען — עסן מיר ניט,
מיר האָבן שוין שלאָפן פאַרגעסן,
מיר האָבן פאַרגעסן זײַן מיד.

אונזער ערד איז אַ פרישע און ווייצענע,
אונזער הימל איז רויכיק און העל,—
האַנט צו האַנט און פּלייצע צו פּלייצע,
פוס צו פוס און שינעל צו שינעל.

# די טריפּאָליער טראַגעדיע

1919טער יאָר. דער פראָנט פונם בירגער־קריג האָט זיך אָנגע־הויבן אָפּן ראַנד פון קיעוו. באַזונדערס האָט זיך דער גרויסער צעפּלאַ־קערט באַ דער גרענעץ פון טריפּאָליע. די פייערדיקע צונגען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אַף טריפּאָליעס שטרויענע דעכער, האָבן באַשלאָסן דעם גורל פון שלאַכט. זעליאָני איז שנעל אָפּגעטראָטן.

אַף די ברייטע טריפּאָליער גאַסן האָבן זיך די רויטאַרמייער צע־לייגט אַף אָפּרו. מע האָט אָנגעצונדן שייטערס, מע איז געווען שרעק־לאַך מיד פון דער שאָענלאַנגער שלאַכט. האָט מען אָנגעהויבן איינ־צודרימלען.

זעליאָני האָט מער ניט באַדאַרפט. זיינע באַנדיטן האָבן זיך גע־פונען טאַקע אָט־דאָ אין טריפּאָליע, באַהאַלטן אַף די בוידעמס און קעלערס. טריפּאָליער פּויערים זיינען געווען שטאַרק אָנגעשטעקט מיט זעליאָנים לאָזונג: „נידער מיט דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור“.

אין אַ ווײַלע, ווען די רויטאַרמייאישע קייט איז געווען צעריסן, האָבן די באַנדיטן מיט ווילדע געשרייען, ווי אַ כוואַליע, זיך אַ לאָז געטאָן פון אַלע זייטן אַף די רויטאַרמייער. יענע האָבן זיך אין שרעק אַ וואָרף געטאָן ווער וואוהין.

בלויז איינצלנע האָבן זיך ניט פאַרלאָרן — די קאָמיוגיסטן. זיי האָבן זיך געפּרואווט אַנטקעגנשטעלן דער באַנדיטישער כוואַליע, און איינער נאָכן אַנדערן אומגעקומען. די באַנדיטן האָבן זיי מאַמעש אַף שטיקער צעשניטן און אין די ברינעמער געוואָרפן.

אַ טייל איז אָבער דאָך לעבן געבליבן. האָבן זיי זיך געוואָרפן צום דנעפּער — דאָ האָט נאָך געקאָנט זיין אַ רעטונג. פונם ברעג טייך האָבן זיך געטראָגן קוילעס: „אייגענע אייגענע, דער וועג אזי פריי.“.

אָבער אָנשטאָט „אייגענע“ האָבן זיי באַגעגנט מיילער פון זעליאַ־נעס קוילנוואָרפער.

* * *

אינדערפרי נאָך דער ווילדער נאַכט אין פינצטערן קעלער האָט מען אַלע געפאַנגענע אַרויסגעפירט אַפן פלאַץ.

— זשידעס, קאָמוניסטן — פינף טריט פאָרויס!

פעסט און פאַרביסן זיינען געבליבן שטיין 50 קאָמיוניסטן טריי זייער רעוואָלוציאָנערער פאָן. מישא ראטמאַנסקי האָט זיך דערשאָסן מיט דער לעצטער קויל, נאָכדעם, ווי אַלע איבעריקע האָט ער אַרויסגעלאָזט קעגן די באַנדיטן. בורשטיין האָט מיט אַ שטילן שמייכל אויפגענומען די טויט-שטראָף.

באַנאַכט האָט מען ערגעץ-וואו אַוועקגעפירט די 30 איבעריקע. געפירט האָט מען פון דאָרף צו דאָרף, און אַלץ קלענער איז געוואָרן זייער צאָל.

דאָס לעצטע הייפל — אַכט מאַן — האָט מען געבונדענערהייט אַריינגעטריבן אין דנעפּער.

בלויז איינער — פאַסטאָווסקי — האָט זיך געראַטעוועט: ער איז געווען אַ גלענצנדיקער שווימער.

פראגעס:

1. ווי אזוי זיינען די „זעליאנאָווצעס“ באפאלן די רויטארמייער?
2. ווי אזוי האבן באגעגנט דעם אנפאל די קאמיוניסטן?
3. וואָס האבן געטאן די באנדיטן מיט די געפאנגענע?

איציק פעפער

# אַלי-בען

א.

אין אַן אַלטן אַאול באַ אַי-פּעטרי,
ניט ווייט פונם צאַרטן גורזוף,
האָט נאָך קינדווייז אַלי-בען געקלעטערט
און געפּאַשעט פרעמדע שאָף.
איז אַלי-בען געוואָקסן אין שטויבן,
אין זון, אין בערג און אין קויט;

געגרייט פאַר פרעמדע טרויבן,
געזייט פאַר פרעמדע — ברויט.
און פאַרנאַכט, ווען די זון פלעגט זיך זעצן,
ס'פלעגט נאָך דרימלען דער לעצטער פלאַם,
האָט גענומען אַלי־בען זיינע נעצן
און געגאַנגען צום שוואַרצן יאַם.

ב.

האָבן אין אַאול פאַרשפרייט זיך קלאַנגען,
גרייטן זיך טאָטערן ווידער צום פיין.
אינגיכן וועט קומען וראַנגל,
פאַרנעמען שאָף און ווייץ.
רוישן כוואַליעס, הוידען זיך וועגן,
יעדער טאָג איז גרויזאַם און וויסט,
אַלי־בען ווייסט אין קרים אַלע ברעגן,
אַלי־בען האָט געניטע פיס.
רופט צונויף אַלי־בען אַ זיצונג
אין אַאול לעם צאַרטן גורזוף
— קיינמאָל ניט געבן די פּריצים
די בערג און די שאָף.
— קיינמאָל ניט געבן! ניט געבן!
זאָל לעבן דער פאַסטוך אַלי־בען!
אַזוי איז פאַרשריבן.
און אַזוי איז געווען.

ג.

אין סאַמעטענע שאָטנס דרימלען קיפּאַריסן,
און דער יאַם איז טונקל, הוידעט זיך און וואַרט,
ווייסן אַלע טאָטערן, מ'וועט שוין שיסן,
וועלן בערג זיך טרייסלען שוין אַ גאַנצע נאַכט.
אַף דעם באַרג אַי־פּעטרי רוען מידע וואָלקנס,
פונם באַרג אַי־פּעטרי פאַלן שווערע טריט.

ווען אַלי־בען גייט מיט זיינע שטריינגע פּאַלקן,
מעגן טאַטערן שלאָפן רואיק ביז גאַנץ פרי.

ד.

גייען וואָלקנס אַף די בערג ווי שטענדיק,
שטילע וואָלקנס, ווי זאַטע שאָף;
האָבן דען בערג אַן ענדע!
האָבן דען וואָלקנס אַ סאָף!
קומען מענטשן, ווייטע, פון צאָפן,
קאַלטע און הייסע, ווי פראָסט.
איז וורא̇נגל פון קרים אַנטלאָפן,
בערג און יאַם פאַרלאָזט.

ה.

ניט דער יאַם האָט גערוישט און געשטורעמט,
ס'האָבן טאַטערן אַן אויפרוף געלייענט:
ניטאָ שוין קיין רייכע און אָרימע,
ניטאָ שוין קיין גרויס און קיין קליין.
אַלע וויינגערטנער, סעדער און רינדער,
אַלע הייזער, און בערג און שאָף —
געהערן אַף שטענדיק די קינדער
פון טאַטערשן קליינעם גורזוף.
און אַלץ, וואָס איז נעכטן פאַרבליבן,
האָבן זונען פון דאָרעם פאַרברענט; —
דעם אויפרוף האָט אונטערגעשריבן
סעקפּאַרקאָם אַלי־בען.

שווערע ווערטער:

אאול — א דארף אין קרים.
אי־פּעטרי — א נאמען פון א בארג.
ווראנגעל — א בארימטער קאנטררעוואלוציאנערער גענעראל אין צייט פון בירגער־קריג.
קיפּאריסן — קיפּאריס־ביימער, —Cypress
סעקפּארקאם — סעקרעטאר פון פּארטיי־קאמיטעט.

# אויפבוי

## יאַנטעוו

ס'איז יאַנטעוו היינט,
און איך וועל לאָזן זיך אין אויסגעפּראוווטע רייען,
עס קושן טריט אַקטאַבערדיקע ערד.
אונז איז געגעבן דאָ
דאָס גרויסע גליק פון בויען,
וואָס ניט יעדער דאָר איז ווערט...
און לויערן פון אומעטום
אַף אונז געפאַרן —
מיר זיינען שוין געפּרואווט.
זאָל שאַלן היינט און גרענעצן צעשפּאַרן
אונזער הייסער יאַנטעוודיקער רוף!...

## פ. ס. ס. ר.

די באַזונדערע ראַטן־רעפּובליקן זיינען פאַראייניקט אין איין „פאַר־באַנד פון סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפּובליקן“ (פ. ס. ר. ר.).

די קאָנסטיטוציע פונם פאַרבאַנד איז באַשטעטיקט געוואָרן דעם 6טן יולי 1923 .. דעריבער איז דער 6 יולי באַ אונז אַ יאַנטעוו.

אין די יאָרן פון בירגער־קריג האָבן אַלע ראַטן־רעפּובליקן, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט אַף דער טעריטאָריע פון דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע, אַנגעשטרענגט זייערע פאַראייניקטע קויכעס קעדיי בייצוקומען די קאָנטער־רעוואָלוציע.

נאָכן ניצאָכן איבער די פיינט האָבן די ראַטן־רעפּובליקן געשאַפן דעם פאַרבאַנד. דער ראַטן־פאַרבאַנד איז אַ פריייוויליקער. יעדעם פאָלק, וואָס גייט אַריין אין אונזער פאַרבאַנד, האָט פולע רעכט אַף זעלבסט־באַשטימונג: ווייל דאָס פאָלק, קאָן עס אפילו אַרויסטרעטן פון פאַר־

באַנד און בילדן אַ זעלבסטשטענדיקע מעלוכע. ניט אַף צוואַנג איז גע־בויט אונזער פעלקער־פאַרבאַנד. מיר גיבן יעדן פאָלק די מעגלאַכקייט פון פרייער אַנטוויקלונג.

אינם באַשטאַנד פון פ. ס. ר. ר. גייען אַריין פאָלגנדיקע זעקס רעפובליקן: 1. רוסישע סאָציאַליסטישע פעדעראַטיווע ראַטן־רעפוב־ליק (ר. ס. פ. ר. ר.), 2. אוקראַינישע סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפובליק (או. ס. ר. ר.), 3. ווייסרוסישע סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפובליק (וו.ס. ר. ר.), 4. טראַנסקאַווקאַזער פעדעראַטיווע סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפובליק (ט. ס. פ. ר. ר.), 5. אוזבעקישע סאָציאַליסטישע ראַטן־דע־פובליק און 6. טורקמענישע סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפובליק.

דער העכסטער מאַכט־אָרגאַן פון פ. ס. ר. ר. אין דער אַלפאַרבאַנ־דישער ראַטן־צוזאַמענפאָר.

אינם מעשעך צייט צווישן די צוזאַמענפאָרן געהערט די העכסטע מאַכט אינם ראַטן־פאַרבאַנד דעם אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט.

אַף דיזעלבע יעסוידעס זיינען געבויט די העכסטע מאַכט־אָרגאַ־נען אין די איינצלנע רעפובליקן.

# ווי אַזוי איז געבויט די סאָוועטן־מאַכט

די סאָוועטן־מאַכט איז געבויט אַזוי, אַז די גאַנצע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג פאַרוואַלטעט מיט דער מעלוכע.

אין יעדן דאָרף, שטעטל, שטאָט און אַנדערע אישואווים ווערן אויסגעווײלט דעלעגאַטן אין די סאָוועטן: אין די דערפער צו איינעם אַף יעדע הונדערט איינוואוינער, אין די שטעט צו איינעם אַף יעדע טויזנט איינוואוינער. די דעלעגאַטן ווערן אויסגעקליבן אַף צוויי יאָר. די דאָרפס־סאָוועטן פון יעדן ראַיאָן שיקן זייערע פאַרשטייער — איי־נעם פון צען דעלעגאַטן — אַפן סאָוועטן צוזאַמענפאָר פון ראַיאָן, וועל־כער קומט פאָר איין מאָל אין צוויי יאָר. דער סאָוועטן־צוזאַמענפאָר טיילט אוים פון זיך אַן אויספיר־קאָמיטעט, וועלכער איז דער מאַכט־אָרגאַן אינם גאַנצן ראַיאָן ביזן צווייטן צוזאַמענפאָר, און פירט אָן מיט אַלע אָרטיקע איניאָנים פונם ראַיאָן.

דער ראיאָן-צוזאַמענפאָר טיילט אויס דעלעגאַטן אַפן קרייז-צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן, צו איין דעלעגאַט אַף יעדערע טויזנט איינוואוינער. אַפן קרייזישן סאָוועטן-צוזאַמענפאָר שיקן אויך זייערע פאָרשטייער די שטאָט-סאָוועטן, צו איינעם אַף יעדע צוויי הונדערט וויילער. דער קרייז-צוזאַמענפאָר קומט אויף פאָר איינמאָל אין צוויי יאָר און וויילט אויס דעם קרייז-אויספירקאָם. וועלכער איז דער העכסטער מאַכט-אָרגאַן אינם קרייז ביזן צווייטן צוזאַמענפאָר. די קרייז-צוזאַמענפאָרן שיקן זייערע פאָרשטייער אַפן גובערניאַלן סאָוועטן-צוזאַמענפאָר: צו איין דעפּוטאַט אַף יעדע צען טויזנט דאָרפישע וויילער און איינעם אַף יעדע צען טויזנט שטאָטישע וויילער.




ראַטן — סאָוועטן. צ. א. ק. — צענטראַלער אויספיר-קאָמיטעט.
ראַטפאַלקאָם — פאָליטישער קאָמיטעט פון סאָוועט.

מ. כאַשטשעוואַצקי

# לוניאַל

אין גרויסן קרעמל־זאַל צווישן זיצונג און באַראַטונג.
אַף הויכן שטול. באַדעקט מיט אַ טשעכאַל,
אַ געגער, מיטן נאָמען לוניאַל.
פון הויכן שטול פון דעם, מיט קרוין באַצירטן,
דאָ האָבן הערשער גרויזאַמע געוועלטיקט איבער לאַנד,
און מיליאָנען קנעכט באַרויבטע און פאַרפירטע
געהאַנגען זיינען אַף דער רוט אין שווערער האַנט.
איצט קומט דאָ ווער אַהער און טראָגט ער האַס,
און מוט און מוירדישער אים ברענט אין די געבליטן,
ער איז אַ כאַווער דאָ, ער איז אַ גאַסט,
ער איז מיט אַלע דאָ באַגלייך פאַרבעטן.
אַף הויכן שטול מיט זויבערן טשעכאַל —
אַ נעגער מיטן נאָמען לוניאַל.

שווערע ווערטער:

מוירדישער — רעוואָלוציאָנערער.

אופגאַבע:

דערצייל דאָס ליד אין דיינע אייגענע ווערטער.
שרייב וואָס דער טראַז דערציילט.

# די רעכט פון די אַרבעטנדיקע

רעכט צו קלייבן און צו ווערן אויסגעקליבן אין די ראַטן האָבן אַלע בירגער פון פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע רעפובליקן, וועלכע זיינען ניט יינגער פון 18 יאָר — סיי מענער, סיי פרויען, אָן אונטערשייד פון נאַציע און גלויבן:

א. אַלע, וואָס פאַרדינען אַף צו לעבן מיט נוצלאַכער אַרבעט און אויך די, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט שטוב־ווירטשאַפט. אַלע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט נוצלאַכער אַרבעט, דאָס זיינען: אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, פויערים,

האַנטווערקער און קליינהענדלער, וואָס עקספּלואַטירן ניט קיין אַרבעטער.

ב. סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי.

ס'האָבן ניט קיין רעכט אויסצוקלייבן און צו ווערן אויסגעקליבן:

א. מענטשן, וועלכע עקספּלואַטירן אַרבעטער.

ב. מענטשן, וואָס באַקומען זייער האַכנאָסע ניט פון אַרבעט.

ג. פּריוואַטע הענדלער.

ד. גאַלאָכים, ראַבאָנים און דינער פון רעליגיעזע אַנשטאַלטן.

ה. אַמאָליקע פּאָליציאַנטן.

ו. מענטשן, וואָס זיינען באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן געזעץ.

אויפגאַבע:

שטעל צוזאַמען אַ טאַבעלע לויטן אייבערשטן מוסטער — פון די רעכט פון די אַרבעטנדיקע און די עקספּלואַטירער אין אַמעריקע.



די געביידע פון אַרבעטער קלוב אין מאָסקווע.

# דער פינף־יאָריקער פּלאַן

דער פינפטער אַלפאַרבאַנדישער ראַטנצוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָר־געקומען זומער 1929 יאָר, האָט אָנגענומען דעם פּלאַן פון אַנטוויק־לען די פאָלקסווירטשאַפט. דער פּלאַן איז צונויפגעשטעלט אַף פינף יאָר פון אָקטאָבער 1928 יאָר ביז אָקטאָבער 1933 יאָר.

אין פּלאַן איז פינקטלאַך אָנגעמערקט, וואו און וואָס מען זאָל בויען פאַר די פינף יאָר. דאָרט איז אויך אָנגעוויזן, וויפל מיטלען און וויפל אַרבעט־קראַפט מ'וועט באַדאַרפן.

דער פּלאַן מערקט אָן די שוועריקייטן, וועלכע מען וועט טרעפן אַפן וועג פון דער בויאונג. אין פּלאַן ווערט אויך פאָרויסגעזען, ווי אַזוי ס'וועט אויסזען דאָס לאַנד אין פינף יאָר אַרום.

דער 5־יאָריקער פּלאַן מערקט אָן אַ גרינטלאַכן איבערבוי פון דעם גאַנצן לאַנד.

פאַר פינף יאָר וועט די אינדוסטריע מאַכן אַ גרויסן שפּאַן פאָר־אויס. אַלע אַלטע פאַבריקן וועלן איבערגעבױט ווערן און פאַרגרעסערן די אויסאַרבעטונג. ס'וועלן אויסוואַקסן צענדליקער, הונדערטער נייע מעכטיקע פאַבריקן. דידאָזיקע פאַבריקן וועלן אויסגעריכט ווערן מיט די בעסטע מאַשינעס.

פאַר פינף יאָר וועט זיך דאָס לאַנד באַדעקן מיט אַ נעץ עלעק־טרישע דראָטן. ס'וועט אויסגעבויט ווערן 42 נייע מעכטיקע עלעק־טרישע סטאַנציעס.

איצט באַקומט מען אַרויס יערלאַך 3 מיליאָן טאָן טשוגון. אין 5 יאָר אַרום וועט מען אַרויסלאָזן 10 מיליאָן טאָן אַ יאָר.

פאַר די פינף יאָר וועט מען פאַרגרעסערן דעם אַרויסבאַקום פון שטיינקוילן פון 35 מיליאָן טאָן ביז 75 מיליאָן טאָן אַ יאָר.

דעם אַרויסבאַקום פון נאַפט וועט מען פאַרגרעסערן אין 2 מאָל.

די אויסאַרבעטונג פון מאַשינעס וועט פאַר די 5 יאָר אויסוואַקסן אין דריי מאָל אַזויפיל ווי איצט.

אָט אַף דידאָזיקע צווייגן פון דער אינדוסטריע לייגט דער 5־יאָריקער פּלאַן אַ באַזונדער אַכט. אָן מעטאַל, אָן הייצונג, אָן מאַשי־נעס, אָן עלעקטריע קאָן אונזער ווירטשאַפט ניט גיין פאָרויס.

פון דער צאַרישער אָרדענונג איז געבליבן אַ שווערע ירושע — דאַלעס און אָפּגעשטאַנענקייט. דאָס אַרבעטער־לאַנד האָט באַוויזן צו דעריאָגן און אַריבעריאָגן די ווירטשאַפט פון צאַרישן רוסלאַנד.

און איצט דאַרף מען זיך אַ סטאַרע טאָן דעריאָגן און אַריבער־יאָגן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער: אַמעריקע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך.

דער 5־יאָריקער פּלאַן פירט אַף דעם וועג.

דער 5־יאָריקער פּלאַן מערקט אָן אַ גרויסן אויפשטייג ניט בלויז אין דער אינדוסטריע, נאָר אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט. די לאַנד־ווירטשאַפט וועט פאַר די פינף יאָר אויסוואַקסן אין 2 מאָל. דאָס אויס־אַרבעטן מאַשינעס פאַר דער לאַנדווירטשאַפט וועט אויסוואַקסן אין 4 מאָל.

ס׳וועט זיך הויבן די גערעטעניש אַף טוואַרע. ס׳וועט ניט זיין מער קיין דויכעק אין ברויט. אין אַ 2—3 יאָר אַרום וועלן מיר אַפילע שוין ווידער קענען אַרויספירן ברויט קיין אויסלאַנד.

ברייט וועט זיך אַנטוויקלען די קאָאָפּעראַציע אין שטאָט און אין דאָרף. ס׳וועלן אויסוואַקסן נייע שולן, יאַסלעס, קלובן, שפּיטאָלן.

ס׳וועט זיך אויפהויבן די שריפטקענעוודיקייט פון דער באַפעל־קערונג. קיין איין ניט־שריפטקענעוודיקער וועט ניט בלייבן צווישן די אַרבעטער.

די אַרבעטער־אַרמיי וועט זיך פאַרגרעסערן אַף 4 מיליאָן מאָן.

ס׳וועט זיך הויבן דער אַרבעטלוין. ס׳וועט קלענער ווערן די אַרבעטלאָזיקייט. אַלע אַרבעטער וועלן אַריבערגעפירט ווערן אַף אַ 7־שאָיקן אַרבעט־טאָג.

מירן צוגיין האַרט צו דעם איבערבוי פון אונזער גאַנצן לעבן אַף נייע יעסוידעס. מירן זיך דערנעענטערן צום סאָציאַליזם.

אָט אַף וואָס פאַר אַ וועג עס פירט דער 5־יאָריקער פּלאַן!

פ ר א ג ע ס:

1. ווער קאָנטראָלירט די פאָלקווירטשאַפט דאַ אין אַמעריקע?

2. איז פאַראַן אַן אויסגעאַרבעטער פּלאַן פאַר דער אינדוסטריע און דער אַגריקולטור אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד?

3. געפינט אויס, וואָס עס זיינען די סיבעס פון קריזיסן און ווי אַזוי זיי קענען פאַרמיטן ווערן.

דאָוויד האָפשטיין

# דאָס ליד פון אַרבעטער

כ'בין געבאָרן אין פאַבריק
באַ דער אַרבעט!
כ'שפּין מיר אויס מיין אייגן גליק
באַ דער אַרבעט.

פליען רעדער דאָ און דאָרט,
רוישן רעדער.
זינג איך מונטער, זינג איך פאָרט
פּראָסטע לידער.

און מיין וואַרשטאַט — נאָר ער קלאַפּט,
נאָר ער ציטערט,
האַקט דעם טאַקט פון לידער אָפּ,
און דעם ריטם.
איך און וואַרשטאַט — איין געמיט,
ניט צעשיידטע,
זינגען ביידע מיר אַ ליד,
זינגען ביידע.

עמעס, אָרים איז דאָס ליד
און באַשיידן,
ביידע זינגען מיר דאָס ליד
פאַר אונז בדייידן.
נאָר דערפאַר פאַרפולט מיין ליד
עמעס האַרבער:
כ'האָב געגליט עס און געשמידט
באַ דער אַרבעט.

פראַגע:
וואָלט אַן אַרבעטער פון פאַרדס פאַבריק געזונגען אַזא ליד?

# לאָקאָמאָטיוו נומער 100

אפן פאַבריק האָט זיך געפילט עפּעס אַ באַזונדערע, ניט קיין געווײנלאַכע שטימונג. ס'איז, דאַכט זיך, יאָנטעוו, ניט קיין אַרבעט־טאָג, און בלויע בלוזעס פון אַרבעטער שווינדלען אין די וואַרשטאַטן און אפן הויף. פון די פאַרברוינטע פּענימער, באַדעקטע מיט סאַזשע און מיט שווייס, שלאָגט אַ פרייד, גלייך ווי דער פרילינג־פרימאָרגן וואָלט געבראַכט מיט זיך אַן אומגעריכטן גליק.

די זון האָט געבלענדט די אויגן. אַ לייכט ווינטל האָט געשאָקלט די שפּיצן פון די ביימער פונם דערבייאיקן פּאַרק און פריילאַך אונטערגיאָגט די ברוינע קנוילן רויך פון די פאַבריק־קוימענס.

ווייטער אַביסל, דאָרט, וואו די שטאָלענע, גלאַנציקע רעלסן האָבן דורכגעשניטן די גרינס פון פעלד, האָט מען געקאָנט זען אַ באַזונדערע לעבעדיקייט.

אַף די רעלסן איז געשטאַנען אַ נייער לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט אַף דער זון געשיינט מיט פרישע פאַרבן, מיט קופּערנע און שטאָלענע טיילן.

פון קוימען האָט געשלאָגן אַ בלויער רויך.

פון פאָרנט, פון הינטן און פון די זייטן פון לאָקאָמאָטיוו האָט זיך דייטלאַך געזען אַ גרויסע אויסגעמאָלטע ציפער 100.

די מעטאַלורגישע פאַבריק, וועלכע מע האָט ניט לאַנג געלאָזט אין גאַנג נאָך אַן איבעררייס, האָט שוין אַרויסגעלאָזט דעם הונדערטסטן לאָקאָמאָטיוו.

וועגן דעם האָט געוואוסט די גאַנצע באַפעלקערונג פונם אַרבעטער־שטעטל און איז איצט צוזאַמען מיט די טאַטעס, מיט די מאַמעס, מיט ווייב און קינדער געקומען אַפן גרויסן יאָנטעוו פון אַרבעט.

דער גאַנצער הויף פון פאַבריק איז פול.

אַלע האָבן זיך צונויפגעשטופּט אַרום לאָקאָמאָטיוו, און ס'האָט זיך געדוכט, אַז די ציפער 100 שפּיגלט זיך אַף באַ יעדערן אין די אויגן.

— כאַווײרים, מענטשן טײערינקע, לאָזט אַ קוק טאָן אַף אים...

מע זאָגט — דער הונדערטסטער נומער. מיין מאַן און מיינע צוויי זין אַרבעטן דאָך אַף דער פאַבריק.

און די אַלטיטשקע האָט זיך דורכגעשטופּט צום לאַקאָמאָטיוו. דער אוילעם קוקט אַף איר און שמייכלט.

איינער פון די כאַווירים איז אַרויפגעקראָכן אַפן לאָקאָמאָטיוו און אויסגעשטרעקט די האַנט.

— שאַ, שטילער, מע וועט באַלד האַלטן אַ רעדע.

מע מאַכט מיט די היטלען. דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט קוקט אַפן אוילעם, דעקט אָפּ דעם פּליך און הויבט אָן:

— מיט צוויי יאָר צוריק, כאַווירים, זיינען מיר געוואָרן די באַלע־באַטים פון זאַוואָד. ניט גרינג האָט זיך אונז איינגעגעבן אָוועקשטעלן די אַרבעט.

דערמאָנט זיך, וויפל שוועריקייט האָבן מיר געהאַט. און איצט לאָזן מיר אַרויס דעם הונדערטסטן לאַקאָמאָטיוו. מיר האָבן געזיגט.

דער ווינט בלאָזט פאַנאַנדער דאָס העמדל פונם רעדנער, כאַפּט אים אַרום מיט שטראָמען פאַרע און רויך, גלייך ווי ער וואָלט אים באַ־גייסטערט צו פאָרזעצן זיין רעדע.

— מאָרגן הויבן מיר אָן דעם 101טן לאַקאָמאָטיוו.

אַרבעט שטייט נאָך פאַר אַסאַך...

די פּענימער פון די אַרבעטער זיינען אָנגעשטרענגט, אויפמערק־זאַם. און יעדערער פילט, ווי עס וואַקסן אין אים, פּונקט ווי אין אָט־דעם נאָענטן, אייגענעם לאַקאָמאָטיוו, פרישע קרעפטן אַף נייער אַרבעט.

דער לעצטער פּייף.

דער אוילעם האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון די רעלסן.

ס'האָבן אַ ציטער געטאָן די טיילן פון לאַקאָמאָטיוו, די רעדער האָבן אַ ריר געטאָן, און דער לאַקאָמאָטיוו איז אַוועק.

אַ הילכיקער „הוראַ". און גלייך נאָך דעם — מעכטיקע קלאַנגען פונם „אינטערנאַציאָנאַל".

# אַרבעטער שוץ

די סאָוועטנמאַכט האָט אַרויסגעגעבן ספּעציעלע געזעצן, וואָס פאַרהיטן דאָס געזונט פונם יונגן פּראָלעטאַרישן דאָר.

יונגע אַרבעטער ביז 18 יאָר ווערן ניט דערלאָזן אין אַ גאַנצער צאָל פּראָפעסיעס און אַרבעטן, וואָס זיינען שעדלאַך פאַרן געזונט.

פון 16 יאָר ביז 18 יאָר אַרבעט די יוגנט נאָר 6 שאָ.

ביז 16 יאָר — ניט מער ווי פיר שאָ.

געהאַלט באַקומט די יוגנט ניט ווי פאַר 6 אָדער 4 שאָ אַרבעט, נאָר ווי פאַר אַ גאַנצן אַרבעט-טאָג.

פאַר דער יוגנט איז איינגעשטעלט אַ לענגערע וואַקאַציע ווי פאַר דערוואַקסענע אַרבעטער.

באַם איינאָרדענען אַרבעטער אין אַ סאַנאַטאָריע אָדער אין אַן אָפּרו-הויז שטייט די יוגנט אַפן ערשטן אָרט.

בעשאַס אַ פאַרקירצונג ווערן די יונגע אַרבעטער פאַרקירצט נאָר אין סאַמע לעצטן פאַל.

אַרבעטשוץ פאַר פרויען

די סאָוועטישע געזעצן פאַרבאָטן צו אויסנוצן אַרבעט פון פרויען אין אַזעלכע פּראָדוקציעס, וואו ס'איז באַזונדערס שווער און שעדלאַך פאַרן געזונט.

שוואַנגערע פרויען-אַרבעטערנס באַקומען אוירלויב 2 כאָדאָשים ביז און 2 כאָדאָשים נאָכן געלעגן ווערן.

דער זיבנשאָענדיקער אַרבעט-טאָג.

צום צענטן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע האָט דער צענטראַלער אויספיר-קאָמיטעט פון פ. ס. ס. ר. באַשטימט:

פאַרזיכערן פאַר די פאַבריק-אַרבעטער אין פאַרלויף פון די נאָ-ענטסטע יאָרן דעם אַריבערגאַנג פון אַכטשאָעדיקן אַרבעט-טאָג אַף אַ זיבנשאָעדיקן אַרבעט-טאָג, ניט פאַרקלענערנדיק דעם אַרבעט-לוין.

געזאָגט און געטאָן:

אין 1928—29 זיינען אַף אַ 7 שאָעדיקן אַרבעט-טאָג אַריבער-גענאַנגען ביז פיר הונדערט טויזנט אַרבעטער.

דאָס איז אַ פינפטכיילעק פון אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען אין דער סאָוועטישער אינדוסטריע.

אין מעשעך פון פינף יאָר איז באַשטימט געוואָרן אַריבערצופירן אַף 7 שאָ די גאַנצע אינדוסטריע.

באַ שווערע און געפערלאַכע אַרבעט מען שוין איצט 5 און 6 שאָ אַ טאָג.

פראַגעס:

1. פאַרוואָס גיבן אָפּ די סאָוועטישע געזעצן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דער אַרבעט־שוץ פון יוגנט?

2. וואָס איז די לאַגע פונם יוגנטלאַכן אַרבעטער אין אַמעריקע?

אופגאַבע:

שטעל צוזאַמען אַ טאַבעלע פון דער צאָל יוגנטלאַכע אַרבעטער אין די פאַראייניקטע ששטאַטן, זייערע סכירעס, זייער אַרבעטטאָג און אַז. וו.



אין אַ פויערים־הויז, אין מאָסקווע.

# טעוויליאַנטאַ

אין הארבסט 1926טן יאָר איז דער טשוקטשע טעוויליאַנטאַ אָנגעקומען אין אַרבפאַק פאַר די צאָפּן־פעלקער. געקומען איז ער פון די קאַלטע ברעגן באַם בערינג־יאַם, פון די געפרוירענע טונדרעס אַפן טשוקאָטער האַלב־אינפּל. דאָרט איז אַ פּאָלאַר־נאַכט און אייביקע קעלטן. דאָרט איז די היים זיינע — דער געגנט אַנאַדיר.

דאָס פּאַפּירל האָט ער באַקומען באַ די רוסן אינם אַנאַדירער רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. דידאָזיקע רוסן זיינען גאָרניט אַזוינע שרעקלאַכע און בייזע, ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט לויט די מייסעס, וואָס די אַלטע לייט פון זיין שיוועט פלעגן דערציילן. זיי שלאָגן ניט, נעמען ניט צו דאָס געפאַנג, צווינגען ניט אַרבעטן אַף זיך, טשעפּען קיינעם ניט. זיי האָבן אים געדריקט די האַנט, געבעטן זיך זעצן. עפּעס האָבן זיי אַ לאַנגע צייט געקלאַפּט מיט די פינגער אַף אַן אייזערנער מאַשין און דערנאָך אים דערלאַנגט דאָס פּאַפּירל, וואָס האָט אַזוי גוט אים געדינט אין וויטן וועג, ביז ער האָט זיך דערקליבן פאַר צען טויזנט מייל אין שטאָט, וואו עס געפינט זיך דער אַרבפאַק פאַר די צאָפּן־פעלקער. די רוסן האָבן אים אויך באַזאָרגט מיט געלט, — ניט גלאַט געלט, נאָר אַ גאַנצן פאַרמעגן האָבן זיי אים מיטגעגעבן — 75 רובל. דערנאָך האָט מען אים געשיקט קיין רוסלאַנד, אַף אַ שרעקלאַכער אייזערנער מאַש ין, וואָס מאַכט אַן אַ כמאַרע און אַ רויך און לויפט גיכער פון די בעסטע אַנאַדירער שליטוואַגנס.

פאַר די פאַר כאַדאָשים זיינע, וואָס ער איז אָפּגעוועזן אין אַרבפאַק, האָט ער באַוויזן זיך אויסלערנען לייענען רוס־ש און אפילע שרייבן אַביסל. ער גלויבט זיך אַליין ניט, און וועלנדיק זיך נאָכאַמאָל איבערצייגן אין דעם, שרייבט ער אַלעמאָל פלייסיק דעם נאָמען זיינעם אַף אַ שטיקל פּאַפּיר. דער שמייכל גייט אים קיינמאָל ניט אַראָפּ פונם פּאָנעם. אַ שמייכלענדיקער איז ער געקומען אַהער פון אַנאַדיר, אַ שמייכלענדיקער לערנט ער זיך און אַזוי וועט ער זיך אַהיים אומקערן, אַז ער וועט ענדיקן דעם קורס. ער וועט האָבן צו דערציילן אינדערהיים וועגן דעם וואונדערלאַכן לאַנד און די וואונדערלאַכע

מענטשן, וואָס גיבן אים גוט עסן, באַקליידן און באַשוכן אים, לערנען אים און צווינגען אים ניט אַרבעטן אַף זיך.

אָ, ער ווייסט שוין איצט גוט, ווער אַזוינער איז לענין, און אין די טונדרעס האָט מען נאָר געוואוסט, אַז לענין איז אַ רוס, אַז „ער האָט אַלץ איבערגעדרייט און געוויזן, ווי אַזוי מע דאַרף לעבן". פריי־לינג וועט ער פאָרן אַהיים, קעדיי צו דערציילן זיינע לייט וועגן רוס־לאַנד, און דערנאָך וועט ער אומבאַדינגט זיך אומקערן צוריק. ער וועט ברענגען מיט זיך פון דאָרט צופירן אַ פולע שטאָט מיט טשוק־טשעס.

די טשוקטשעס דאַרפן זיך לערנען, וואָרים ווער עס קען ניט ליי־ענען און שרייבן, דעם לעבט זיך שלעכט.

טעווליאַנטאָ האָט מוירע, טאָמער איז ער ניט דער בעסטער און פייאיקסטער צווישן די טשוקטשעס. עפשער וואָלט גלייכער גע־ווען, מע זאָל שיקן אַהער פייאיקערע פון אים, — אָט איז ער שוין דאָ פיר כאַדאָשים און קען נאָך ניט גוט רעדן אַף רוסיש. ס'וועלן זיך געפינען גענוג באַלאָנים אַף זיין אָרט. אָי, איז דאָ גוט. זינט ער לעבט איז ער אויסגעשטאַנען אָן אַ שיר צאָרעס: פריער פונם טאַטן, דערנאָך פון דער שטיפמאַמע, שפּעטער פון די „שלעכטע רוסן" און ענדלאַך, פון די אייגענע טשוקטשיסע סאָנעם — פון הונגער און קעלט. דאָ האָט ער זיך אויסגעוואַרעמט, דעריבער ליגט שטענדיק אַ שמייכל אַף זיין פּאָנעם.

טעווליאַנטאָ וויל זיך וואָס גיכער אויסלערנען רוסיש. ער איז ניט צופרידן מיט זיינע קענטענישן.

— אוי, אַ גראָבע קאָפּ, — בורטשעט ער אַף זיך אַליין און קלאַפּט זיך מיטן פינגער איבערן שטערן.

— זאָג נאָר, טעווליאַנטאָ, ווער האָט דיר פאָרגעגעבן פאָרן זיך לערנען?

— פאַראַן אַזאַ מענטש אין אַנאַדיר, אַ יונגער נאַטשאַלניק, אַ פּאַרטייאישער. אַ וואוילער זייער און אַ צוגעלאָזענער צו די אָרטיקע איינוואוינער. ער וועט אַליין ניט דערעסן און זיך טיילן מיט יענעם אַף דער העלפט. האָט ער מיך גענומען איינרעדן: „פאָר!"

— און די טשוקטשעס האָבן דיך ניט אָפּגערעדט?

— ניין! גאָר אַזוי! פאַרקערט, די טשוקטשעס האָבן מיך נאָך צוגערעדט איך זאָל פאָרן. „פאָר, זאָגן זיי, און טו אַ קוק וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַנד, דאָס רוסלאַנד, וועסטו קומען צוריק און אונז דערציילן".

— און דו ווילסט דאָ ניט בלייבן?

זיין פּאָנעם האָט זיך פאַרקרימט אין אַ גרימאַסע.

— ווען איך בלייב דאָ, וואָלט איך געשטאָרבן. די שטעט און די הייזער אייערע זיינען ווי שטייגן פאַר אַ פעלד-כאַיע! פאַרהאַלט מיך דאָ ניט, ניין! איך וויל אַוועקפאָרן!

דערנאָך האָט טעווליאַנטאָ מיר באַוויזן דאָס פּאַפּירל, וואָס האָט אים געהאָלפן זיך דערקלייבן קיין לענינגראַד. ער האָט אַ זוך געטאָן אין קעשענע און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ צעקנייטשטן פאַרבררי-ד״קטן בויגן פּאַפּיר. דאָרט איז געווען אָנגעשריבן אַזוי:

אַנאַדירער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט

קאַמטשאַטקע.

„דער בירגער, וואָס ווענדט זיך צו אייך מיט דעמדאָזיקן בריוו — דער טשוקטשע טעווליאַנטאָ פון אַנאַדיר — ווערט קאָמאַנדירט צו באַקומען בילדונג אין די שולן פון סאָוועטן-רוסלאַנד, קעדיי אַז ער וועט זיך אומקערן אין עטלאַכע יאָר אַרום, זאָל ער איינפלאַנצן ביל-דונג צווישן די בירגער פון זיין פאָלק. ער האָט אָפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן אין דער אומהיימלאַכער בייזער טונדרע, אין די שווערע לעבנס-באַדינגונגען פונם ווייטן פאָליאַרן צאָפן-לאַנד.

די, וואָס וועלן איבערלייענען דעמדאָזיקן בריוו, בעטן מיר זייער: שטיצט טעווליאַנטאָן מיט וואָס איר קענט נאָר, אויב ער וועט זיך ווענדן צו אייך אין אַ נויט. ער האָט עס גאַנץ ערלאַך פאַר-דינט. ווייל כאָטש ער איז אַן אַלפאַבעט, איז ער דאָך איינער פון די פייאיקסטע טשוקטשעס אינם אַנאַדירער ראיאָן.

אויב איר וועט טאָן עפּעס פאַר דעמדאָזיקן בירגער, וועט איר דערמיט העלפן אונזער רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט צו מאַכן די ערשטע שריט אין פאַרשפּרייטונג פון בילדונג צווישן די וואַנדערנ-

דיקע איינוואוינער פון אונזער עקסטן צאָפן־געגענט. ס'איז שוין ערעוו דעם צענטן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און זיי פאַרמאָגן נאָך ניט קיין איין מענטשן, וואָס קען לייענען און שרייבן.

דער אַנאַדירער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט. זאָרגנדיק זיך פאַר כ. טעווליאַנטאַ, בעט יעדן איינציקן, וועמען עס וועט אויסקומען צו לייענען אָט־דעם בריוו, ער זאָל זיך דערפרעגן באַ אים וועגן זיינע נויטן און אונז טעלעגראַפירן, אויב ער וועט בעטן און אויב ס'וועט זיין נויטיק, לויטן אַדרעס: „אַנאַדיר, רעווקאָם“, אָנווייזנדיק וואוהין און וועמען צו ענטפערן“.

ש ווע ר ע ווע ר ט ע ר:

טשוקטשעס — א נאַמען פון א פאָלק, וואס וואוינט אין וויטן צאָפן (נאָרט) פון רוסלאַנד. זיי לעבן אזוי ווי די עסקימאָסן.
ארבפאַק — ארבעטער־פאַקולטעט, א עכערע שו לפאר ארבעטער. וואס די סאָוועטן־מאַכט האט ארגאַניזירט. 64
אַנאַדירע — א נאָען פון א געגנט אין וויטן צאָפן פון רוסלאַנד.
טונדרעס — האַלב־געפראָרענע בלאָטיקע פעלדער פון וויטן צאָפן. די טשוקטשער פירן א וואַנדער־לעבן אין די טונדרעס.
א נאַטשאַלניק — א באַאַמטער.
אַנאַלפאַבעט — איינער, וואס קאָן ניט לייענען און שרייבן.
רעווקאָם — רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט.

א ר ב ע ט:

1. דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט פון אַנאַדיר האט געשיקט טעוו־ליאַנטאַן קיין מסקווע אין אַרבפאַק — נאָך וואָס?
2. פאַרוואָס איז טעווליאַנטאַ אויסגעקליבן געווארן פון צווישן אַלע אַנדערע טשוקטשעס?
3. פאַרוואָס האט דער רעווקאָם געשיקט מיט טעווליאַטאַן א בריוו?
4. וואָס האט טעווליאַנטאַ געדאַרפט אויפטאָן צווישן זיין שייוועט. נאָכדעם ווי ער וועט זיך אויסלערנען?
5. וואָס טוט די סאָוועטן־מאַכט פאַר די אָפגעשטאַנענע פעלקער?
6. ווער זיינען דאס געווען די „בייזע רוסן“, וועגן וועלכע די טשוק־טשעס האבן פריער געוואוסט?

ראָכל האַלטמאַן

# סאָוועטישע טורמעס

שוין דער צוגאַנג אַליין דערמאָנט גיכער אָן אַ גרויסער פאַבריק, ניט אַ טורמע.

ניטאָ די גרויסע שטיינערענע ווענט, וואָס רינגלען אַרום אַ טורמע געוויינלאַך. דאָס אַלץ האָט מען אַראָפּגענומען, און אָנשטאָט דעם האָט מען געמאַכט אַ נידעריקן הילצערנעם צאַם, ווי אַרום אַ גאָרטן.

אָן אַ גאָרטן דערמאָנט אויך דער הויף, וואָס פאַרמאָגט אַסאַך גראָזן אוןביימער.

אַ גרויסער צימער אָנגעשטעלט מיט וועב־מאַשינען. דאָ שטייען אַרבעטער אין בלויע בלוזעס און פאַסן־אויף אַף די פעדים. וואָלט מען ניט געוואוסט, אַז דאָ שטייען פאַר דער מאַשין פאַרברעכער, און שווערע פאַרברעכער, ווייל אין יענער טורמע נימט מען אַריין בלויז אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרמישפּעט געוואָרן אַף ניט ווייניקער ווי 10 יאָר, — וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז דאָס זיינען אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אָפּ זייערע זיבן אָדער אַכט שטונדן אַ טאָג און גייען זיך אַוועק אַהיים יעדן אָוונט.

עס באַמערקט זיך ניט קיין אָנשטריינגיקייט אָדער פאַרביטערט־קייט אַף די פּענימער. די אַרעסטאַנטן באַוועגן זיך פריי און אומגע־צוואונגען.

איינער זיצט, ווייל ער האָט ניט געוואוסט ווי צו באַגיין זיך מיט מעלוכע־געלט. ער האָט געדאַרפט זיצן צען יאָר, נאָר צוליב דעם צען־יאָריקן יובילייִ פון דער רעוואָלוציע האָט מען אים פאַר־קירצט דעם טערמין אַף בלויז פיר יאָר. איצט איז דאָס זיין לעצטער מאָנאַט פון טורמע.

יעדער אַרבעטער דאָ, צי אַ וועבער, צי אַ שלאָסער, צי אַ טאָקער, קריגט פופציק פּראָצענט פון דעם, וואָס אַן אַרבעטער פון זיין פאַך קריגט אַף דער פריי. אויב אַן אַרבעטער אַף דער פריי קריגט 100 רובל אַ כוידעש, קריגט אַן אַרבעטער אין דער טורמע פופציק רובל. פון דעם געלט באַקומט ער פאַר זיך אַף צו קליידן זיך, אַף אונטערשטיצן די אייגענע פאַמיליע, און אַ טייל ווערט אָוועקגעלייגט פאַר דער

צייט, ווען דער אַרעסטאַנט גייט אַרויס אַף דער פריי און וויל אָנפאַנ־
גען אַ נײַ לעבן.

אַ פויער איז אָפּגעזעסן אין טורמע פינף יאָר צייט און ווען ער
איז לעצטן מאָנאַט אַרויס, האָט ער מיט זיך געקראָגן זיינע 700 רובל
אָפּגעשפּאָרטע געלט פון די לעצטע פינף יאָר צייט.

וואָס טוט מען אין פאַל, ווען די אַרעסטאַנטן זאָגן זיך אָפּ צו אַר־
בעטן?

קיין געצוואונגענע אַרבעט איז ניטאָ. ווייל ער ניט אַרבעטן, זוכט
מען אויס די אורזאַך דערפון. מ'רופט אַ קאָנסיליום פון דאָקטוירים,
מען אונטערזוכט דעם צושטאַנד פון דעמדאָזיקן אַרעסטאַנט. מען
רעדט מיט אים מיט גוטן, מ'לאָזט אים פאַר אַ ווײַלע צורו, ביז וואַ־
נען ער הויבט אָן פאַרשטיין, אַז קיין בעסער זאַך ווי אַרבעטן איז
ניטאָ, ווייל ווען ער אַרבעט, פאַרדינט ער געלט, האָט אַ מעגלאַכ־
קייט צו פאַרקירצן זיין טערמין און האָט נאָך אַ געלעגנהייט אַמאָל
צו פאָרן אַהיים, וואָס איז גאָר ניט זעלטן מיט אַזעלכע אַרעסטירטע.

ווען אַזעלכע אַרעסטאַנטן אַרבעטן אָפּ אַ פּאָר יאָר און זיי פירן
זיך אויף גוט, דאַן האָבן זיי די בעסטע שאַנסן צו גיין אַהיים. מ'גיט
זיי דערמאָלט מיט אַ צייגעניש, אַז זיי זיינען גוטע באַלמעלאָכעס, און
אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען גיט מען זיי די געלעגנהייט צו קריגן
אַרבעט.



אין ביבליאָטעק־צימער פון אַ סאָוועטישער טורמע.

איציק פעפער

# דנעפּערבוי

איבער אַלע ברעגן אין אַ טאָג אַ העלן
וועט מען סטויפּעס לאַנגע אומעטום צעשטעלן.

איבער אַלע פּוסטע אומרואיקע לענגען
וועט מען דראָטן דינע אומעטום צעהיינגען.

און אַהין, וואו כאַטקעס אומעטיקע זינקען,
וועט דער טייך צעשיקן טויזנטער פונקען.

און די גרעסטע קויכעס איבער די פאַבריקן
וועט דער אַלטער דניעפּער אומעטום צעשיקן.

איבער אַלע דערפער, שטעטעלאַך און סקווערן,
וועט דער טייך צעשיקן טויזנטער שטערן.

וועלן יענע שטערן זייער ליכט צעגיסן
איבער ווינקלען גרויע מיט צעשיינטע גריסן.

און אַהין, וואו כאַטעס אומעטיקע זינקען,
וועט דער טייך צעשיקן טויזנטער פונקען.

שווערע ווערטער:

כאַטעס — קליינע, פּויערשע הייזלאַך.

# דנעפּערבוי

נאָך אין 1920טן יאָר האָט דער כ. לענין אָראָפּגעשיקט אַ גרופּע אינזשענערן פּלאַנירן דעם דנעפּערבוי. צוגעטראָטן צו דער אַרבעט אָבער איז מען ערשט אין 1926טן יאָר. די בעסטע ספּעציאַליסטן אַר־בעטן דאָרט. די גאַנצע אַרבעט ווערט געפירט מיטן כעשבן, אַז צום ערשטן דעצעמבער 1932טן יאָר זאָל דנעפּערבוי זיין פאַרטיק.

אין דער נאָענטסטער צייט וועט מען איבערן דנעפּער מאַכן אַ בעטאָן־פאַרצוימונג, דאָס וועט אויפהויבן דאָס וואַסער פון טייך אַף 35 מעטער די הויך און וועט פאַרדעקן די באַרימטע דנעפּער־שוועלן. דעמאָלט וועלן דאָרט קאָנען גיין אַלערליי שיפן.

באַם ברעג דנעפּער, האָרט באַ דער פאַרצוימונג, וועט מען בויען אַן עלעקטרישע סטאַנציע. דאָס וואַסער וועט אַראָפּפאַלן 35 מעטער די הויך און וועט ברענגען אין באַוועגונג די וואַסער־טורבינעס. די סטאַנציע וועט פאַרמאָגן ביז 650 טויזנט פערד־קראַפט.

אַרום דער עלעקטרישער סטאַנציע וועט מען בויען אַסאַך נייע פאַבריקן און זאַוואָדן. דאָרט וועלן באַקומען אַרבעט ביז 60 טויזנט קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס דאָ טוט זיך, ווען די אַלע זאַוואָדן אַרבעטן, ווען קאָרעווו צען טויזנט אַרבעטער בויען די גרעסטע עלעק־טרישע סטאַנציע אין ראַטנפאַרבאַנד, ווען מאַשינעס רוישן און דינאַ־מיט רייסט אויף און דונערט איבערן דנעפּער.

מאַקסים גאָרקי

# אין סאָוועטישע קינדער־קאָלאָניעס

לעבן כאַרקאָוו איז פאַראַן אַ קינדער־קאָלאָניע אויפן נאָמען פון ע. דזשערדזשינסקי. דאָרט זיינען פאַראַן בלויז הונדערט אָדער הונדערט און צוואַנציק קינדער. עס איז אַ קינדערשע אַרבעט־קאָלאָניע פאַר די קינדער־פאַר־ברעכער.

די קינדער וואוינען און אַרבעטן אין אַ ספּעציעל־אויסגעבויטן צוויי־גאָרנדיקן הויז מיט ניינצן פענצטער אין דער פאָדערשטער וואַנט. אין הויז זיינען איינגע־אָרדנט דריי וואַרשטאַט־צימערן, פאַר טאָקעריי, שלאָ־סעריי און שוסטעריי, אויסגעשטאַט מיט די נייסטע מאַשינען און אַ רייכן אויסוואַל פון אינסטרומענטן. אויס־געצייכנטע ווענטילאַציע, גרויסע פענצטער, אַסאַך ליכט. די קינדער גייען אָנגעטאָן אין באַקוועמע אַרבעט־קליי־דער, די שלאָפצימערן זיינען גראַם, מיט גוט בעטגע־וואַנט, וואַנעס, שפּריץ־בעדער. די צימערן פאַר קלאַס־לימודים זיינען ריין און ליכטיק; פאַראַן אַ זאַל אַף פאַר־זאַמלונגען, אַ רייכע ביבליאָטעק, אַסאַך מאַכשירים. או־מעטום איז ריין, אַלץ בלישטשעט.

באַ דער קאָלאָניע איז פאַראַן אַ רייך־אויסגעשטאַטער „סאָווכאָז“ (אַ מוסטערהאַפטע מעלוכעשע דאָרף־ווירט־שאַפט), און זומער אַרבעטן די קינדער אין פעלד.

ווייטער איז פאַראַן אַ קאָלאָניע אין באַקו פאַר פינף הונדערט קינדער. זי געפינט זיך הינטערן שטאָט, פאַר־נעמט צוויי גרויסע געביידעס צווישן די זון־געברענטע בערג אַף גרויער, טרוקענער ערד. די קאָלאָניע איז נאָר־וואָס געגרינדעט געוואָרן און האַלט זיך נאָך אין אָרגאַ־ניזירן, אָבער די קינדער כאַלעמען שוין וועגן איינאָרדענען אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן. לעבעדיק און פלייסיק גייט אָן די אַרבעט פון די קליינינקע, פאַרברוינטע מענטשן, וואָס

זיינען שטענדיק באַשעפטיקט ווי די מערעשקעס.

אַרום און אַרום האָב איך געזען צוויי טויזנט פינף הונדערט הימלאַזע, און דאָס וועט בלייבן איינער פון מיינע טיפסטע איינדרוקן ביזן סאָף פון מיין לעבן. פון אַט־די מוטיקע, געזונטע קינדער, וואָס זיינען פאַרכאַפּט פון ערנסטער אַרבעט, וועלן זיך זיכער אַנטוויקלען פעסטע, נוצלאַכע, אייגנאַרטיקע מענטשן.

# נאַטור־רייכטימער פון סאָוועטן פאַרבאַנד

דאָס סאָוועטן־לאַנד רעכנט זיך פאַר איינס פון די רייכסטע לענדער אין דער וועלט. פאַראַן אַסאַך אַנדערע רייכע לענדער, אָבער דידאָזיקע לענדער האָבן שוין זייערע רייכטימער באַלד אויסגענוצט, און אין סאָוועטן־לאַנד הייבט מען ערשט אָן זיי אויסצונוצן.

אין וואָס באַשטייען די רייכטימער פון לאַנד? — שטיינקוילן, אַרץ (ניט קיין באַאַרבעטער מעטאַל), נאַפט, וואַלד און הונדערטער מיליאָנען אַקער ערד. אויב מע זאָל דידאָזיקע ערד פאַרזייען, קען עס קלעקן פאַר אַ האַלבער וועלט צום עסן.

און וויפל אַנדערע רייכטימער זיינען אין לאַנד פאַראַן? —גאָלד, פּלאַטין, מעש, פאַרשיידענע טייערע שטיינער.

ניט אומזיסט זיינען די אויסלענדער מעקאַנע דאָס סאָוועטנלאַנד און קוקן מיט גיריקע אויגן אָף די רייכטימער.

ווען אין רוסלאַנד האָט געהערשט דער קייסער, האָבן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן געהאַלטן די רייכטימער אין זייערע הענט. אין דאָנבאַס און אין אוראַל האָבן די בעסטע פאַבריקן געהערט צו זיי אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן. אין באַקו האָבן זיי פאַרכאַפּט די נאַפט. עס האָט שוין געהאַלטן, אַז זיי זאָלן אויך נעמען אין זייערע הענט די וועלדער, פיש־פאַנג און די רייכטימער פון סיביר און טורקעסטאַן.

איר וועט פרעגן:

— פאַרוואָס האָבן דאָס די אויסלענדער אַזוי גרינג אַלץ גענומען אין זייערע הענט?

דערפאַר, ווייל די צאַרישע מעלוכע האָט ניט געקאָנט ווי עס באַדאַרף צו זיין פירן די באַלעבאַטישקייט פון לאַנד.

ערץ, שטיינקוילן, נאַפט, וואַלד זיינען אָבער נויטיק געווען אין רוסלאַנד גופע. און אַזוי ווי די צאַרישע רעגירונג האָט אַליין ניט געקענט דאָס באַאַרבעטן, האָט זי אַריינגעלאָזט אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן:

— נעמט באַאַרבעט, וואָס איר דאַרפט, און וואַרפט אונז אויך צו אַ ביסן.

און אַזוי האָבן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן אַלץ גענומען אין זייערע הענט און געלעבט אַ גוטן טאָג.

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט די סאָוועטן־רעגירונג פאַרטריבן אַלע אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן, צוזאַמען מיט די רוסישע. די סאָוועטישע רעגירונג האָט אַליין אַלץ גענומען באַאַרבעטן, און די פאַרדינסטן גייען אַף נוצן פאַר דער אַרבעטער־ און פויערשער מעלוכע.



פרימאַרגן אַף אַ קאָלעקטיווער פאַרם. די אַרבעטער גרייטן זייערע „שטאַלענע פערד".

# דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל

מיט 77 יאָר צוריק האָבן די גרויסע ערשטע לערער פון אַרבעטער־קלאַס, מאַרקס און ענגעלס, געוואָרפן די מיליאָנען אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט זייער רוף: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!" זיי האָבן געגרינדעט דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל מיט 60 יאָר צוריק. ער איז נאָך געווען צו־שוואַך און איז אין 1872 צעפאַלן געוואָרן.

אין 1899 האָט זיך געגרינדעט דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל. אין די יאָרן פון דער וועלט־מילכאָמע האָבן די פירער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט גערופן די אַרבעטער פון יעדן לאַנד זיך באַפרייען מיט זייערע כאַוויירים־אַרבעטער פון דעם צווייטן לאַנד, נאָר זיי האָבן געשטיצט די מילכאָמע, וואו אַרבעטער און פויערים פון איין לאַנד האָבן געשאָסן אין אַרבעטער און פויערים פו אַן אַנדער לאַנד. לענין איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, און האָט געוואָרפן דעם לאָזונג: „אוים מילכאָמע! די אַרבעטער אין יעדן לאַנד האָבן איין סוינע — זייער בורזשואַזיע, די קאַפּיטאַליסטן!" דאָס זיינען געווען די לאָזונגען פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל.

דער גרינדער פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען כאַווער לענין. כ' לענין איז געווען זיין גרעסטער פירער. ער האָט אָנגעצייכנט זיין וועג. ווען לענין איז אַוועק, האָט נאָך אים געטרויערט דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט. יעדער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער אַף דער וועלט ווייסט אָבער, אַז לענין איז געווען זיין לערער. און אַז ער האָט באַשאַפן דעם שטאַב פון דער רעוואָלוציע אַף דער גאַנצער וועלט — דעם דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אין יעדן לאַנד איז פאַראַן אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי און אַ קאָמוניסטישע יוגנט־ליג. דידאָזיקע באַזונדערע פּאַרטייען זיינען פאַראייניקט אין איין אַלוועלטלאַכער אָרגאַניזאַציע, דעם 3טן אינטערנאַ־

ציאָנאַל, אונטער זיינע פאָנען קעמפן צוזאַמען מענטשן ווייסע און שוואַרצע, געלע און רויטע, מענטשן פון אַלע שפּראַכן.

די קאָמיוגן פון באַזונדערע לענדער האָבן אויך אַן אַלוועלטלאַכע פאַראייניקונג, דעם קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל — „קים“. דער „קים“ איז איינער פון די געטרייסטע און אַנטשלאָסנסטע פון דעם אַלוועלטלאַכן קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

אונטער די פאָנען פון 3טן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל גייען צוזאַמען די אַרבעטער פון מאַירעוו און מיזראַך, אייראָפּע, אַזיע, אַמע־ריקע, אַפריקע, אווסטראַליע. דאָס איז יענער אינטערנאַציאָנאַל, מיט וועלכן ס׳שטייט אויף דער אַרבעט־מאַן פון דער גאַנצער וועלט, מיט וועלכן ער וועט אַף דער גאַנצער וועלט אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון קאַפּיטאַל און אויסבויען אַף דער גאַנצער וועלט די זעלוכע פון באַ־פרייטער אַרבעט.

לענינס וועג — דאָס איז דער וועג פון דריטן קאָמוניסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל. יעדער יונגער אַרבעטער דאַרף מוטיק און אַנטשלאָסן שטעלן זיך אונטער דער פאַן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און פון זיין „קים“. ער דאַרף מיט זיין גאַנצן לעבן, מיט זיין גאַנצער האַנד־לונג אַרויסווייזן זיין טרייהייט דעם אַלטן לאָזונג:

„פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!“

# אַף ערד

איזי כאַריק

## קרעמער אין פעלד

און אַזוי האָבן קרעמער גענוונגען
פאַרטאָג באַ דעם אַקער אין פעלד:
„מיר וואָלטן קיינמאָל ניט אַרומגיין,
מיר וואָלטן קיינמאָל ניט געזוונגען
אָט־דאָ מיטן אַקער אין פעלד.

אַז ווען האָבן פינגער פאַרשמאַכטע,
געוואוינטע צום וואָג און צום פונט,
געקענט זיך פאַרביינקען און טראַכטן
פון רואיקער, זאַטיקער נאַכלע,
פון טיפן און זאַפטיקן גרונט..

אַז קיינמאָל וואָלט אַהין ניט געגאַנגען
אונזער פלינקער און איילקער פוס, —
איז דאָס לעבן געקומען אין ראַנגל,
אין ראַנגל, אין וויי און אין אַנגסטן,
גענומען באַם נאַקן; — מע מוז!

איז אַ סאַף, און אַן עק, און אַן ענד
צו דעם, וואָס ניט לאַנג איז געווען!"

אַזוי האָבן קרעמער פאַרענדיקט.
און ברייט האָבן פעלדער צעבלענדט זיך,
פריש האָט די זון זיך צעברענט.

פראַגעס:

1. וואָס דערציילן די קרעמער וועגן זייער אַמאָליק לעבן?
2. וואָס האָט זיי געצוואונגען צו פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט?

שאָלעם אַלייכעם

# אַ איד — אַ פויגל

דער זיידע מוישע־יאָסי האָט געהאַט זייער אסאך צו דערציילן פון אמאָליקע פּריצים, ווי זיי זיינען זיך באַגאַנגען מיט אידן.

איין מַייסע אַזעלכע, וואָס ער האָט דערציילט פאַר זיינע אייניקלאָך, ווערט דאָ איבערגעגעבן בעקיצער.

די מייסע האָט זיך געטראָפן שוין לאַנג. אין דאָרף האַמאָרני איז געזעסן אַ איד מיטן נאָמען נויאַך, געהאַלטן אַ מיל. שטענדיק מוירע געהאַט, טאָמער וועט עמיצער ביי אים אויסדינגען די מיל, וואָרום באַלאַנים זיינען געווען אסאך, כאָטש פּאַרנאָסע האָט ער געהאַט פון דער מיל קוים־קוים דורכצוקומען.

קומט ער צוגיין איינמאָל צום פּאָרעץ דינגען די אָרענדע און טרעפט אַ גוזמע געסט, אַ גאַנצע סודע. נאָך דער סודע קלייבט מען זיך אַף געיעג: עס שטייען שוין צוגעגרייט פערד און קאַרעטעס און בריטשקעס און הינט און די יעגערס מיט די גרויסע פעדערן און מיט די פייפלאָך. אַלצדינג, הייסט עס, פאַרטיק אַרום און אַרום.

„ניט געטראָפן די גוטע צייט — טראַכט זיך נויאַך — דער פּאָרעץ וועט ניט וועלן ריידן איצט פון דער אָרענדע". צום סאָף האָט ער אַ טאָעס געהאַט. אויפגעשטאַנען מיט די געסט פון טיש און געוואָלט זיך שוין אויפ־זעצן אַף די פערד, האָט דער פּאָרעץ דערזען דעם אידן שטיין איינגעבויגן באַ אַ זייט, מאַכט ער צו אים מיט אַ פריילאָך פּאָנעם: "אַ ? וואָס מאַכט אַ איד אַן אָרענדאַר?"... זאָגט אים נויאַך: „פּאָרעץ, איך בין געקומען וועגן דער מיל". צעלאַכט ער זיך, דער פּאָרעץ, ער איז געווען שטאַרק אונטערן גלעזל, און רופט זיך אָן צו אים: „אַף וויפל יאָר ווילסטו דען די מיל?" זאָגט ער צו אים: „וועלן וואָלט איך געוואָלט אַף עטלאָכע יאָר, נאָר אַזוי ווי"...

לאָזט דער פּאָרעץ ניט אויסרעדן און מאַכט צו אים: „גוט, איצטיקס מאָל גיב איך דיר אָפּ די מיל אַף דעם אייגענעם מעקאָך, וואָס אַלעמאָל, אַף צען יאָר, נאָר מיט אַ טנאַי: זאָלסט מיר זיין אַ פויגל". קוקט אים דער איד אָן: „וואָס הייסט איך זאָל דיר זיין אַ פויגל?" ענטפערט אים דער פּאָרעץ: „גאַנץ פּאָשעט, דו דאַרפסט אַרויף, זאָגט ער, אַפן דאָך פון אָט דער שטאָל, זעסטו? דאָרטן דאַרפסטו זיך פאַרשטעלן, זאָגט ער, פאַר אַ פויגל, און איך, זאָגט, וועל זיך צילן אין דיר און וועל זיך פּרואוון טרעפן גלייך אין קאָפּ אריין, האָסט עס צעקייעט? ווערט אַ געלעכטער צווישן די פּריצים, און דער איד קלוימערשט לאַכט אויך. ער טראַכט זיך: „ דער פּאָ־

רעץ טרייבט קאַטאָוועס, געגומעןֹ אַן איבעריק ביסל ווייז"... נו? — פרעגט אים דער פאַרעץ —איז דאָס געמאַכט?" טראַכט זיך נויאַך: „וואָס ענט־פערט מען אים דערויף?" און טוט אים אַ פרעג אַף טשיקאַוועס: „וויפל צייט גיסטו אַף צו באַטראַכטן זיך?" זאָגט דער פאַרעץ גאַנץ ערנסט: איין מינוט — מער ניט. די ברייערע איז באַ דיר, זאָגט ער, אָדער דו קריכסט אַרויף אַפן דאַך און פאַרשטעלסט זיך פאַר אַ פויגל, אָדער מאָרגעדיקן טאָג, זאָגט ער, וועסטו אַרויסגעוואָרפן פון דער מיל". איז דאָך אים שלעכט געוואָרן. וואָס טוט מען? מיט אַ פאַרעץ שפּילט מען זיך ניט. אוביפּראַט, אַז יענער הייסט שוין טראָגן לייטערס — אַפּאַנים, סאיז גאָרניט קיין קאַטאָוועס.

רופט ער זיך אָן נאָכאַמאָל צום פאַרעץ: „און וואָס וועט זיין טאָמער, כאָלילע, טרעפסטו טאַקע?" ווערט נאָך אַ גרעסערער געלעכטער צווישן די פּריצים, און נויאַך בלייבט שטיין אַ צעטומלטער. ער ווייסט ניט, צי דער פאַרעץ מאַכט כוויזעק, צי ער מיינט דאָס מיט אַן עמעס? זען זעט עס אויס ווי אַן עמעס, וואָרום מען הייסט אים די רעגע קריכן אַפן דאַך, אָדער גיין אַהיים אַפּרייניקן די מיל. וויל ער שוין גיין אַהיים, דערמאָנט ער זיך, אַז ער איז אַ טאַטע פון קינדער. הויבט ער זיך אָן בעטן באַם פאַרעץ. נאָר מע שטופּט אים שוין אַרויף אַפן דאַך און טרערן גיסן זיך אים. וואָס זאָל ער טאָן?

אַרויפגעקראָכן אַפן שפּיץ דאַך, הערט ער ניט אויף צו וויינען, גיסן מיט טרערן; דער פאַרעץ דערוויַיל האָט קיין צייט ניט. הייסט ער אים, ער זאָל זיך אָנבויגן — בויגט ער זיך אָן, ער זאָל צענעמען די הענט — צענעמט ער די הענט, ער זאָל אויסזען ווי אַ פויגל — זעט ער אויס ווי אַ פויגל...

און דער פאַרעץ האָט אויסגעשאָסן און געטראָפן נויאַכן גלייך אין שטערן אַריין, און נויאַך איז אומגעפאַלן, ווי אַ געשאָסענער פויגל, און האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אַראָפּ פונם דאַך. און נאָך איין דערמזעלבן טאָג האָט מען אים געבראַכט צו קוואורע. דער פאַרעץ האָט אָבער געהאַלטן וואָרט: צען יאָר קעסיידער האָט ער ניט גערירט די אַלמאָנע פון דער מיל, וויפל מען זאָל אים ניט מויסיף זיין אַף דער אַרענדע — אַמאָליקע פּריצים!

פ ר אַ ג ע ס:

1. פאַרוואָס האָט זיך דער פאַרעץ געקענט דערלויבן צו טאָן אַזאַ מין זאַך מיטן אידן?

2. וואָס האָט די סאָוועטן־מאַכט געטאָן מיט די פּריצים?

## שאָלעם אַלייכעם

# טעוויע לעבט איבער פּאָגראָם צייטן

דא איז געוועזן שוין לאנג, באלד נאך דער מילכאמע איז דאס געוועזן, אין דער סאמע היץ פון קאנסטיטוציעס, ביים עס האבן זיך אנגעהויבן די יעשועס וועגעכאמעס אף אידן, פריער אין די גרויסע שטעט, דערנאך אין די קליינע שטעטלאך, אבער צו מיר איז עס ניט דערגאנגען, און עס האט ניט געקענט דערגיין בעשום אויפן. פארוואס? פאשעט! מען זיצט אף אזא צייט צווישן גאיעם, איז מען אויסגעבונדן מיט אלע באלעבאטים פון דארף. „טעוועל" איז בא זיי דאס אויבערשטע פון שטויסל! וואס איז שאיעך? אז אייצע — צו טעוולען, א רעפוע צו קאדאכעס — איז ווייטער טעוועל. א פאר רובל לייען — אויך בא טעוויען. נו, האב איך עפעס באדארפט אין זינען האבן אזעלכע זאכן, אז די גאיעם אליין האבן מיר געזאגט וויפל מאל, אז איך זאל גאר קיין מוירע ניט האבן — זיי וועלן ניט דערלאזן!... און קאכאווע — וועט איר הערן א שיינס. בעקיצער, איך קום צופארן איינמאל אהיים פון בוי־בעריק — איך בין נאך דעמאלט געוועזן אין די פערדען, ווי זאגט איר, נאך געהאנדלט מיט מילכיקס: קעז און פוטער. אויסגעשפאנט דאס פערדל, אונ־געווארפן דעם היי און האבער, ניט צייט געהאט אפילו זיך וואשן צום עסן, איך טו א קוק — א פולער הויף מיט גאיעם. דאס גאנצע דארף, אלע פיינסטע באלעבאטים, פון עלטסטן, איוואן פאפערילע, ביז דעם לעצטן גאי, און אלע זענען זיי מיר אוים עפעס מאדנע, יאנטעווודיק!... האט מיר אפילו טכילעס געגעבן א טיאכקע אין הארצן: וואס פאר א יאנטעוו אין מיטן דרינען? צי איז מען ניט געקומען מיט מיר לערנען באלאס?... נאר צוריק טראכט איך מיר: פע, טעוויע, מעגסט זיך שעמען פאר זיך אליין: דיין גאנץ לעבן זיצסטו איין איד צווישן אזוי פיל גאיעם בעשאלעם וועשאלווע און מען האט דיך ניט אנגערירט, איר זאלט זאגן, אף א האר!... און איך נעם און גיי ארוים צו זיי מיט א ברייטן שאלעם־אליכעם: „ברוכים האבאים, זאג איך צו זיי, וואס טוט איר דא, מיינע ליבע באלעבאטים? און וואס וועט איר עפעס זאגן גוטס? און וואס וועט איר דערציילן נייס? טרעט ארוים דער עלטסטער, איוואן פאפערילע, הייסט עס, און רופט זיך אן צו מיר גאנץ אפנטלאך און גאר אן שום האקדאמע: „מיר זיינען געקומען, זאגט ער, צו דיר, טעוועל, מיר ווילן דיך שלאגן". וואס זאגט איר צו דער שפראך? מיילע, ווי אזוי מיר איז גע־ווארן אפן הארצן — קאנט איר אייך מעשאער זיין, נאר ארויסבאווייזן — פע! אדעראבע וועאדעראבע! טעוויע איז ניט קיין אינגעלע... רוף איך מיך אן צו זיי גאנץ לעבעדיק „מאזלטאוו אייך, זאג איך, נאר וואס האט איר זיך, קינדער, אזוי שפעט דערמאנט? אין אנדערע ערטער, זאג איך, האט מען שוין פון דעם קימאט פארגעסן"!... רופט זיך אן צו מיר איוואן פאפערילע,

דער עלטסטער, הייסט עס, שוין טאקע גאנץ ערנסט: „פארשטייסטו מיך, טעוועל, זאגט ער, מיר האבן זיך, זאגט ער, אלץ געאישעווט, צי מיר זאלן דיר שלאגן, צי ניט שלאגן? אומעטום, אין אלע ערטער שלאגט מען אייך, פאר־וואס, זאגט ער, זאלן מיר דיך דורכלאזן?... איז געבליבן בא דעם דארף, זאגט ער, אז מיר זאלן דיך שלאגן... נאר וואס דען, מיר ־ווייסן דאך אליין ניט, וואס מיר זאלן מיט דיר טאן, טעוועל: צי מיר זאלן דיר נאר אויסהאקן די שויבן, זאגט ער, און צעטרענען די פערענעס מיט די קישעלאך און ארויס־לאזן די פעדערן, צי מיר זאלן דיר פארברענען, זאגט ער, די באטע מיט דער שטאל מיט דיין גאנץ פארמעגן?"

דא איז מיר שוין געווארן גוט קאלעמוטנע אפן הארצן, און איך בא־טראכט מיינע לייט, ווי מען שטייט אנגעלענט אף די לאנגע שטעקנס און מען שושקעט זיך מיר עפעס שטילערהייט, מאשמאעס, הייסט עס, אז ס'איז בא זיי גאר קיין קאטאוועס ניט? וויבאלד, אזוי, טראכט איך מיר, איז דאך טאקע שלעכט, ביסטו דאך טאקע, טעוויע, גוט אין דער ארבעט! „ע, טעוויע, קלער איך מיר, מיטן מאלעכאמאוועס טאר מען ניט שפילן — מען באדארף זיי עפעס זאגן!"... און וואס זאל איך אייך לאנג ברייען, ליבער פריינט, ס'איז באשערט געווען, אפאנעם, א נעס, נעם איך זיך אן מיט הארץ און רוף מיך אן צו זיי, צו די גאיעם, הייסט עס, דאווקע אין גוטן מוט: „הערט־זשע אויס, זאג איך, מיינע ליבע באלעבאטים, ווי באלד, זאג איך, דאס דארף האט אזוי געפאסקנט, איז דאך ניט שאיער, זאג איך, מיסטאמע ווייסט איר, זאג איך, בעסער, אז טעוויע האט בא אייך פארדינט, איר זאלט מאכן א טעל, זאג איך, פון זיין גוטס און פון זיין גאנץ פארמעגן... נאר וואס דען, זאג איך, דאס ווייסט איר, זאג איך, אז ס'איז פאראן נאך העכערס פון אייער דארף? איר ווייסט, זאג איך, אז ס'איז דא א גאט אף דער וועלט?

בעקיצער, זיי האבן, אפאנעם, געזען, אז מיט טעוויען וועלן זיי זיך ניט אויסטיינען, רופט זיך אן צו מיר דער עלטסטער: „די מייסע, זאגט ער, דערפון איז אזוי: מיר האבן צו דיר, טעוול, אייגנטלאך, גארנישט ניט. דו ביסט, זאגט ער, טאקע א זשיד, נאר ניט קיין שלעכטער מענטש, נאר איינס צום אנדערן, זאגט ער, געהער זיך ניט אן — שלאגן דארף מען דיך; דאס דארף האט אזוי געפאסקנט — פארפאלן! מיר וועלן דיר, זאגט ער, אויסהאקן די פענצטער, דאס, זאגט ער, מוזן מיר, ווייל טאמער, זאגט ער, פארט אימיצער דורך, טא לאז מען, זאגט ער, זען, אז מען האט דיך געשלאגן, אז ניט, זאגט ער, וועט מען אונז נאך שטראפירן"... אט מיט די ווערטער און מיט דעם לאשען, ווי איך דערצייל אייך.

נאָכעם ווייסמאַן

# איקאַר

איז אַרוים אַ דעקרעט
פונם העכסטן סאָוועט —
האָט לענין דער פירער געזאָגט:
עס זיינען דאָ אידן
באַ אונז אינם לאַנד
פון סאָוועטן־פאַרבאַנד,
וואָס האָבן
אַ שטעקן אין האַנט נאָר פאַרמאָגט,
און אַ שטערן
אַ ברייטן,
פאַרשפרייטן מיט קנייטשן
פון זאָרגן,
פון טראַכטן:
— וואו נעמט מען כיונע?
איז אַרוים אַ דעקרעט
פונם העכסטן סאָוועט:
גענוג זיך געפּלאַגט!
גענוג שוין געמיסכערט,
פאַרמיסכערט,
פאַרדרייט —
זיך
און יענעם דעם קאָפּ!
אַלץ אַראָפּ!
זאָל איינגעטיילט ווערן
די ערד.
און אידן,
וואָס האָבן
אַ שטעקן אין האַנט נאָר פאַרמאָגט

אונ אַ שטערן אַ ברייטן,
פֿאַרשפּרייטן מיט קנייטשן
פונ זאָרגן,
זאָלן פֿאָרן
באַזעצן זיך
אַף ערד.
אונ לעניִנס וואָרט
צעטראָגן איז געוואָרן
אַף יעדן שפּאַן,
פונ קרים
ביז בירא־בידזשאַן.

ש ווע ר ע   ווע ר ט ע ר:

דעקרעט — באַפעל. כיונע — פּאַרנאַסע. געמיסכערט — געהאַנדלט.

אַ ר ב ע ט:

פיר דורך אַ דיסקוסיע באַ דייַן „איקאַר"־סעקציע וועגן „איקאַר". קריג אַ מאַפּע פון בירא־בידזשאַן.



# קאָמערד

דעם 25טן יולי 1924 יאָר האָט דער פּרעזידיום פונם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון דער ווייסרוסלענדישער ראַטן־רעפּובליק אָנגענומען אַזאַ באַשלוס:

געבן די אידן — סיי איינצלנע, סיי קאָלעקטיוון — ערד אַף דיזעלביקע רעכט, וואָס דער ניט־אידישער פויערשער באַפעלקערונג.

צו באַקומען ערד האָבן רעכט אפילו אַזוינע אידן, וואָס האָבן זיך פריער מיט ערדאַרבעט ניט פאַרנומען.

קעדיי דורכפירן דעמדאָזיקן באַשלוס אין לעבן, איז באַלד אָפן אָרט באַשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אַף איינאָרדענען האָרעפּאַשנע אידן אַף ערד.

אָן ענלאַכן באַשלוס האָט דעם 29טן יולי 1924 יאָר אָנגענומען דער פּרעזידיום פונם אַלאוקראַינישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט.

דעם 29טן אַווגוסט האָט דער פּרעזידיום פונם אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט באַשלאָסן:

שאַפן באַם פּרעזידיום פון נאַציאָנאַליטעטן־ראַט, וואָס באַם צ. א. ק. פון פ.ס.ס.ר, אַ באַזונדערן „קאָמיטעט פאַר איינאָרדענען אַרבעטנדיקע אידן אַף ערד“, פאַרקירצט „קאָמערד“.

אַף איינער פון זיינע ערשטע זיצונגען האָט דער אַלפאַרבאַנדישער „קאָמערד“ אָנגענומען אַזאַ באַשלוס:

אין די נאָענטסטע 10 יאָר באַזעצן הונדערט טויזנט אידישע מישפּאָכעס אַף ערד.

די ערד־איינאָרדענונג פירן ניט צעזייט און צעשפּרייט, נאָר ווי וויַיט מעגלאַך צוזאַמען, קאָנצענטרירט אַף גרויסע ערד־שעטאַכן.

דאָס וועט שאַפן אַ גרונט אַף אויסבילדן מיט דער צייט אַ אידישן אויטאָנאָמען געגנט (טעריטאָריעלער איינס).

אין 1928 יאָר האָט די אַלפאַרבאַנדישע רעגירונג באַשטימט אָפּצוגעבן אַ גאַנצע געגנט אַף באַזעצן דאָרט האָרעפּאַשנע אידן.

דאָס לאַנד רופט זיך בירא־בידזשאַן. בירא־בידזשאַן געפינט זיך

אין דעם געגנט פונם טייך אַמור. דאָס לאַנד איז גרעסער פאַר גאַנץ פּאַלעסטינע. בירא־בידזשאַן קען אַריינגעמען אַסאַך איבערוואַנדערער.

דאָס באַזעצן אידן אַף ערד אין בירא־בידזשאַן האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

# געזערד

געזערד איז אַ געזעלשאַפט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט העלפן איינ־אָרדענען האַרעפּאַשנע אידן אַף ערד.

דער ציל פון געזערד איז:

1. זאַמלען געלט, סיי אין ראַטנפאַרבאַנד גופע און סיי אין אויס־לאַנד, אַף צו העלפן דעם „קאָמערד" דורכפירן די אידישע ערד־איינ־אָרדענונג.

2. העלפן דעם „קאָמערד" אָפּקלייבן די איבערוואַנדערער.

3. געבן די איבערוואַנדערער לאַנדווירטשאַפטלאַכע מאַשינעס, פערד, בעהיימעס, בוי־מאַטעריאַלן, זריע א. אַז. וו. אַף אויסצאָלן.

4. באַזאָרגן די איבערוואַנדערער מיט מעדיצינישע און קולטו־רעל־דערציערישע הילף.

5. העלפן דעם „קאָמערד" אויספאָרשן און צוגרייטן נייע ערטער, וואו מען קאָן באַזעצן אידן אַף ערד.

דער געזערד באַקומט אַסאַך שטיצע פון אויסלאַנד, פון פאַרשיי־דענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, ווי „איקאָר" פון צאָפן־אַמעריקע, „פראָקאָר" — פון אַרגענטינע, און אַנדערע.

אַרבעט:

לייען איבער דעם באַריכט פון דער עקספּעדיציע, וואָס דער „איקאָר" האָט געשיקט קיין בירא־בידזשאַן.

שטעל צוזאַמען — לויטן באַריכט — אַ טאַבעלע פון די לאַנד־רייכטימער, קלימאַט, געאָגראַפישע לאַגע און אַז. וו. פון בירא־בידזשאַן

איזי כאָריק

# ב ר ו י ט

אַזוי צי אַזוי, נאָר ס'שמעקט שוין מיט מאַרט,
האָבן אידן געגרייט זיך, גערעדט און געוואַרט,

איז פון שטאָט אָנגעקומען אַ יונגער יעווסעק,
די ערדן צעטיילט זיי, — און פאָרט און אָן שרעק!

זיינען קינדער, און רינדער. און טאַטעס, און פערד
געפאָרן, געקומען —— און אָט איז די ערד...

שטייט דאָרט אַ פּאַלאַץ צעשטויבט און צעשטערט,
און מיט לאָזע און גראָז איז באַוואָקסן די ערד.

האָבן זיך עלטערע אידן פאַרקלערט...
— וואָס טוט מען, ווי טוט מען, גיי שפּיל זיך מיט ערד!

קומט מען און שווייגט מען... אַז גרויס איז די לאַסט,
צי וועט מען דאָ בלייבן, צי קומט מען צו גאַסט...

איז דער אינגסטער אַ פלינקער — אַראָפּ אַף דער ערד:
— וואָס איז דאָ צו טראַכטן — און שפּאַנט אויס די פערד.

איז דער אינגסטער דער ערשטער צום פּאַלאַץ אַוועק,
זיינען אַלע אַראָפּ פון די פערד — און אַן עק!

ש ו ו ע ר ע   ו ו ע ר ט ע ר:

יעווסעק —— אַ מיטגליד פון דער אידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין סאָוועטן-פאַרבאַנד.

א. בלאָנדער

# פון האַנדל צו ערד

.1

אין אַ פראָסטיקן זונטיק־פאַרנאַכט זיינען געשטאַנען רעדלאַך איבער די גאַסן און דורשטיק געלייענט די פריש־אויסגעקלעפּטע מעלדונג פון דער איבערוואַנדער־קאָמיסיע. מאַרק־אידענעס מיט פאַרבונדענע קוישן אונטער די אָרעמס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און נייגעריק געכאַפּט אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט:

— זאַנוול, זאָג שוין גיכער, וואָס שטייט עס אין בלעטל, וואָס אַלע קלעפּן אַרום דעם? — האָט זיך געבעטן אַ ווייבל און געריסן דעם אידן פאַר די פּאָלעס.

דער איד האָט דורכגעלייענט די מעלדונג ביזן סאָף און האָט זאַכלאַך געענטפערט:

— מע גיט אידן ערד. ווער עס וויל ווערן אויס הענדלער, קאָן זיך מיט ערדאַרבעט פאַרנעמען.

— ווער־זשע גיט עס די ערד? — האָט זיך אַ דאַרער יונגערמאַנטשיק דערפרעגט. ער האָט געהאַלטן די גאַנצע צייט אָנגעשפּיצט ביידע אויערן און בעשומויפן ניט געקאָנט כאַפּן דעם טאָך.

— די רעגירונג גיט די ערד. די סאָוועטן־רעגירונג — האָט מען אים פון אוילעם דעם אינהאַלט פון דער מעלדונג דערקלערט — דאָ איז געשריבן, שוואַרץ אַף ווייס, ניט קיין באָבע־מייסע.

— הייסט עס, אויס מאַרק! פּאָטער אַן אייסעק! נעם זיך ערד און ווער אַ פּויער.

— האַלעוויי! — האָט אַ אידענע אין אוילעם אַריינגערעדט — טאַקע אַ גלייכע זאַך, וואָס־זשע? ביזוואַנען איז דער שיר אָפּצוקומען אַף דער וועלט און פאַרוויסט ווערן טאָג און נאַכט באַ די עפּל אין מאַרק! אַסאַך האָט מען פון דער שטעל?

.2

פאַר די ערשטע פינף טעג, וואָס די קאָמיסיע איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, האָבן זיך פאַררעגיסטרירט הונדערט און צען פאַמי־

ליעס מיט פינף הונדערט נעפּאַשעס. עס קומען זיך רעגיסטרירן קליינ־הענדלער—50 פּראָצ., באַלמעלאָכעס—20 פּראָצ., אַרבעטער—5 פּראָצ., היימלאָזע און לופטמענטשן..

אַט איז געקומען זיך פאַרשרייבן אַן עלטערער איד, 52 יאָר אַלט.

— מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך?

— איך בין אַלע מיינע יאָרן אַ טוואָוע־הענדלער געווען.

— און היינט?

— היינט איז כאָטש לייג זיך און שטאַרב. מע קויפט אַמאָל אַ זעקל קאַרטאָפל באַם פויער, קאָן מען דערפון קיין פאַמיליע ניט שפּייזן.

— מיט וואָס פאַרנעמען זיך די קינדער?

— איך האָב דריי מיידלאַך צו 16, 18 און 20 יאָר. גייען אַרום פּוסט און פּאַס, שלינג און שלאַנג...

—זייט איר אַן אַרבעטספּייאיקער? איר ווערט קאָנען זיך אָפּגעבן מיט דער ערדאַרבעט?

— אָ־אָ! — ענטפערט דער איד, אַביסל באַליידיקט — איך וועל זיך נאָך מיט צען יונגעלייט אויסגלייכן, מיין ווייב איז אויך אַ האָרע־פּאַשנע אידענע. גיט אונז נאָר ערד. מירן שוין פון איר אַ טאַכלעס מאַכן.

— וואָס רעכנט איר טאָן מיט אייער דירע, וואָס איר פאַרמאָגט?

— פאַרקויפן. און אויב עס וועט קיין קוינע ניט זיין — איז אַף הפקר לאָזן אַבי זיך וואָס גיכער צו אַן אַרבעט נעמען. שוין נימעס געוואָרן אַזאַ לעבן, ווי איצט.

דער איד האָט אויסגעטאָן זיין היטל, האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און געפרעגט:

— איך האָב צוויי אויסגעגעבענע זין, ווילן זיי אויך מיט זייערע פאַמיליעס אַרויספאָרן. עפשער קענט איר זיי אויך פאַרשרייבן?

3.

באַם פענצטער, אין אַ זייט, שטייט אַ געוועזענער לעדער־הענד־לער און קוקט זיך צו, ווי עס גייט די רעגיסטראַציע.

— פאַרוואָס פאַרשרייבט איר זיך ניט? — פרעגט אים עמיצער פונם אוילעם.

— איך בין דערווייל געקומען א קוק טאָן, ווער און וואָס און ווען — צי עס איז טאַקע אַ ראַיעלע זאַך דאָס פאַרשרייבן, און מאָרגן וועל איך שוין קומען ניט אַליין. מיר זיינען אַ גאַנצער „קאָלעקטיוו" — אָפּ פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט.

א. בלאָנדער

# צו אַ נייער היים, צו אַ ניי לעבן

זונטיק דעם 30טן אַפּריל האָט קרעמענטשוג אַרויס־באַגלייט די ערשטע 15 איבערוואַנדערער קיין ביראָבי־דזשאַן. ס׳האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַן אוילעם פון אַ מאַן זעקס הונדערט.

ווער איז דאָ ניט געווען ?

אידן מיט לאַנגע, ווייסע בערד, ווייבער פון קיך, לע־רער און לערערקעס, פּאַרטיי־טוער, שילער פון אַרבעט־שולן און נאָך און נאָך.

אַלע זיינען היינט געקומען זיך געזעגענען מיט זייערע ברידער, פריינט און כאַווירים.

— מיר פאָרן אַקערן מיט דער נאָז די ערד — האָבן זיך איניקע איבערוואַנדערער געוויצלט.

יאָ, טאַקע מיט דער גאַנצער ענערגיע, אָבער מיט דער הילף פון טראַקטאָרן צעאַקערן די פעטע נייע ערד, אויס־קאָרטשען דאָס ווילד־גראָז און זייען ברויט און לײן קערנ־דלאַך פון סאָציאַליזם.

אַ כאַווער איז אַרויסגעטראָטן :

— כאַווירים, מיר ווייסן דאָך, אַז יעדער אָנהויב איז שווער און דעריבער שיקן מיר טאַקע 15 געזונטע כעווריע : זאָלן זיי דאָרט אָנהויבן בויען אַ ניי לעבן...

און צוזאַמען מיט די גליענדיקע, האַרציקע ווערטער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן מאַטאָנעס : אַ פּרימוס מיט אַ פענדל, — „פאַרנוצט עס געזונטערהייט" — רעגן־מאַנט־

לעו, פויערישע וועגענער, קאָלדרעס, גרעט, אַפּטייקלאַך, אַ ביקס, ביכער, לעפל מיט גאָפּלען, און נאָך און נאָך.

דעם ערשטן מאַי האָט מען די ביראָבידזשאַנער באַ־גלייט אַפן וואָקזאַל. ווידער האַרציקע ווערטער, ברידער־לאַכע געזעגעניש.

— פאָרט געזונט, כאַווירים! איר וועט זיין די ערשטע גליקלאַכע איינוואוינער פון ביראָבידזשאַן.

אימיצער ווישט אָפּ אַ טרער פון פרייד...

— זייט געזונט! פאַרגעסט ניט אין אונז!...

ניין, קרעמענטשוגער אַרבעטנדיקע וועלן ניט פאַר־געסן, אַזוינע געשעענישן פאַרגעסט מען ניט.

ביז צוויי באַנאַכט האָט זיך געצויגן דאָס געזעגעניש. מיט אַ הילכיקן פייף האָט דער צוג גענומען רירן פון אָרט. הונדערטער מיילער און הערצער האָבן נאָכגעשיקט דעם לעצטן „זיי געזונט“.

# אַנטיסעמיטיזם

ווי אַזוי די ראַטנמאַכט קעמפט קעגן אַנטיסעמיטיזם

די פראַגע וועגן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם פאַרנעמט בא דער ראַטנמאַכט אַ גרויס אָרט.

נאָך אין יולי 1918טן יאָר האָט דער ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן באַפעל מיט דער אונטערשריפט פון כאַווער לענין וועגן קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג.

אָט זיינען איניקע אויסצוגן פונם באַפעל:

„אין ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן קומען אָן יעדיעס, אַז אין אַסאַך שטעט פירן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן אַ פּאַגראָם־אַגיטאַציע. אַלס רעזולטאַט פון דעם זיינען אין איניקע ערטער פאָרגעקומען עקסצעסן (פּאַגראָמען) אַף אידן.

די בורזשואַזע קאָנטער־רעוואָלוציע נעמט איבער דאָס געווער, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון די צאַרישע הענט.

דער צאַרישער רעזשים פלעגט שטענדיק אָנווענדן דעמדאָזיקן געווער (פּאָגראָמען) קעגן אידן, קעדיי אָפּצואווענדן פון זיך דעם פאָלקס-צאָרן און אָנווייזן די פינצטערע מאַסן, אַז אַלע זייערע צאָרעס קומען קלוימערשט פון אידן. דערביי פלעגן די אידישע גווירים פאַר זיך שטענדיק געפינען אַ פּאַרטיידיקונג. און געליטן און אומגעקומען איז די אידישע אָרעמקייט.

איצט האָבן די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן באַנייט די העצע קעגן אידן. זיי נוצן אויס דעם הונגער און די פאַרמאַטערטקייט פון די אָפּ-געשטאַנענע מאַסן און אויך די רעשטלאַך פון אידן-פיינטשאַפט, וואָס איז איינגעוואָרצלט געוואָרן דורך דעם צאַריזם.

דער ראַט פון פאָלקס-קאָמיסאַרן דערקלערט, אַז די אנטיסעמי-טישע באַוועגונג און די פּאָגראָמען זיינען אַ טויט-געפאַר פאַר דער אַרבעטער- און פויערים-רעוואָלוציע און רופט אַלע אַרבעטנדיקע צו קעמפן מיט אַלע מיטלען קעגן דעמדאָזיקן בייז.

דער ראַטפאָלקאָם לייגט-פאָר אַלע ראַטן, זיי זאָלן אָננעמען אַנט-שיידענע מיטלען, קעדיי אויסצואוואָרצלען די אַנטיסעמעטישע באַווע-גונג.

די פּאָגראָמשטשיקעס און די, וואָס פירן אַ פּאָגראָם-אַגיטאַציע, דאַרף מען אַוועקשטעלן אויסערן געזעץ.

„אויסערן געזעץ" האָט אין יענע יאָרן באַטייט — שיסן אַפן אָרט.

אָט מיט וואָס פאַר אַ שאַרפע מיטלען די ראַטנרעגירונג קעמפט קעגן אַנטיסעמיטיזם.

פראגעס:

1. צי האט געקענט פאַר 12 יאָר אויסגעוואָרצלט ווערן דאס, וואס מע האט געפלאנצט אין מעשעך פון טויזנטער יאָרן?
2. וואָס טוט די סאָוועטן־מאכט אַף צו באקעמפן דעם אנטיסעמיטיזם?
3. צי זיינען מעגלאַך פּאגראמען בא דער ראטן־רעגירונג?

# לענין

איציק פעפער

## האָט לענין געזאָגט

האָט לענין געזאָגט :
— זאָל טאָגן אָ־דאָרט,

וואו ס'האָט נאָך ניט געטאָגט, —
מיט ווערטער מיט פּראָסטע



האָט לענין געזאָגט.
"דאָס ליכט אַהין,

וואו ס'איז שטענדיק נאַכט,
האָט לענין געזאָגט.

פון שטעטלאַך און שטעט
זיינען יונגען אַוועק.

פון דאָרף און פון וואַלד
אַף די טייכן אַוועק

מיט גלויביקע אויגן,
מיט האַמערס און העק.

זאָל טאָגן אָ־דאָרט,
וואו ס'האָט נאָך ניט געטאָגט, —

מיט ווערטער מיט פּראָסטע
האָט לענין געזאָגט.

# לעניִן

א מיטעלער וואוקס. זייער א קרעפּטיקער, מיט א גלאַטן קאָפּ, מיט בלאָנדע באָרד און וואָנסן, מיט שאַרפע, בוילעטע געזיכטס־שטריכן און מיט טיפע, פלאַמיקע, קליינע אויגן, — אָט דאָס איז געווען דאָס אויסזערלאַכע אויסזען פון לענינען. אנגעטאָן איז ער געווען אַלעמאָל פּראָסט און באַשיידן. ווי פּראָסט און פּאַשעט־ער איז אַליין געווען.

ענדערן פלעגט זיך זיין אויסזען נאָר אױף דער טריבונע. ער פלעגט אָנ־הויבן רואיק ריידן, די הענט אין די קעשענעס, אביסל זיך הויבנדיק מיטן קליינעם גוף, נאָר ביסלאַכווייז פלעגט ער אָנהויבן זשעסטיקולירן מיט די הענט, און זיין שפּראַך איז געוואָרן אַלץ שטייפער, און האָט ווי א האַמער אריינגעשלאָגן יעדעס וואָרט אין מויאַך, אין האַרצן.

לעניִן איז געווען א זעלטענער טייערער כאַוואַר. ניט געווען נאָך אַזאַ מענטש, וואָס זאָל זיך באַציִען צו א פריינט מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, מיט אַזאַ וואַרעמקייט, ווי ער. דערפאַר, אָבער, האָט ער זיך אויך מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט באַצויגן צום סוינע, אים ניט אָפּגעלאָזט פון אויג, אױף יעדן טריט פאַרפאָלגט. און האָט דער נאָענטסטער, באַליבטסטער פריינט און כאַוואַר אראָפּגעבלאָנדזשעט פון וועג און זיך ניט געלאָזט צוריק ארויפפירן. אַזוי האָט לעניִן צעריסן מיט אים אויך יעדע פערזענלאַכע באַציאונג. בא לענינען זיינען ניט געווען קיין פּאָליטישע און נייטראַלע כאַווײרים און קעגנער. ביסטו קעגן מיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען, ביסטו מיין פיינט. אָפּט האָט אים דאָס געקאָסט גענוג פּיין און צאַר. געווען נאָענטע און גע־ליבטע כאַווײרים און לערער, וועלכע לעניִן האָט אויסגעריסן מיט ווייטיק און פּיין פון זיין האַרצן.

לעניִן איז בעטעווע געווען א מענטש מיט א מונטערן, פריילאַכן כאַראַק־טער, אין די אויגן האָט שטענדיק געשפּילט א גליענדיקע איראָניע. און געווען איז ער דערצו א מענטש, וואָס האָט שטענדיק געלאַכט. און געלאַכט האָט ער געשמאַק, געזונט, פריש, און זיין לאַכן איז געווען באַשטראַלט מיט ליכטיקן, גרויסן סייכל.

לענינען איז ניט געווען פרעמד מוזיק, קונסט, ליטעראַטור.

לעניִן איז געווען אַרבעטספּייאַיק, ווי קיינער. ער פלעגט אַרבעטן מיט א סיידער, זיך אָפּרוען אביסל און ווידער אַרבעטן, און דערום פלעגט ער ניט מיד ווערן. אַלץ, וואָס ער פלעגט טאָן, איז געווען מיט א האַסטיקייט, מיט א פלאַמיקן אימפּעט, ניט געקוקט אױף דער אויסערלאַכער רואיקייט און איינגע־האַלטנקייט.

ביכלאל איז ער געווען דאס, וואס מען רופט אן א „שנעלער ארבעטער“. אז ער האט געלייענט א בוך, האט ער אים מאמעש געשלונגען מיט די אויגן. פון דער זייט האט זיך געקענט דוכטן, אז ער לייענט זייער אויבנאויפיק, לאזט דורך גאנצע שטיקער, ווייל עס האט זיך פאשעט ניט געגלויבט, אז א מענטש איז בעקויאך אזוי שנעל עפעס דורכקוקן אויפמערקזאם.

לענין איז געווען א גרויסער ספארטסמאן. ער האט ליב געהאט געיעג, כאטש ער איז געווען א שלעכטער שיסער, ער האט ליב געהאט זיך גליטשן, לויפן אף געוועט, ביכלאל, באוועגן זיך, איינגעמען.



נאר מער פאר אלץ איז ער געווען א גוואלדיקער בעריע אין שאכמאט־שפיל. דא האט אים שויז קיינער ניט געקענט בייקומען. אויב אין לויפן, יאגן זיך, גליטשן און שליטלען זיך האט ער געהאט גליקלאכע קאנקורענטן, איז דא, אין שאכמאט, איז ער שוין געווען דער שטענדיקער זיגער.

לענין האט ליב געהאט קינא. לענין האט ליב געהאט נאר די דינאמיק, די באוועגונג, און איז דעם קינא האט ער געזען אן אפשיין פון אט־דעם.

לענין איז געווען א רעאליסט, ניט קיין טרוימער. נאר איין טרוים האט ער פארמאגט — באהערשן די נאטור, באפרייען דעם מענטשנס מויאך פון דוירעסדיקן שטויב, שאפן א פרייע מענטשלאכע געזעלשאפט פון שאפונג, ארבעט און גליק.

**א ר ב ע ט:**

מאל אויס לענינס בילד און שרייב אן זיין ביאגראפיע.

# „זיך אָפּרעכענען מיט זיי“

(ליענינס ניאניע דערציילט)

קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן דעם טאָג, וועלכער האָט גע־בראַכט די בסורע וועגן אַלעקסאַנדערס טויט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט אָן אַ טעלעגראַמע פון פּעטער־בורג: „פּאָרט טייקעף אַרויס, די קינדער זיינען אין געפאַר“.

איך בין געבליבן מיט די קינדער אַליין. מיר האָבן אַלץ ניט גע־קאָנט צוקלערן, וואָס אַזוינס האָט געקאָנט טרעפן מיט די קינדער. דאָ האָט וואָלאָדיאַ איבערגעלייענט אין צייטונג: „וועמען אין סיביר פאַרשיקן און וועמען הייגגען!“

— מיין ברודער אַלעקסאַנדער אויך צום הייגגען פאַרמישפּעט — האָט ער געזאָגט.

מיר האָבן זיך אַלע צעוויינט און זיך געוואונדערט, וואָס וואָלאָדיאַ בלייבט באַ אַזאַ שרעקלאַכער יעדיע אַזוי רואיק.

— וואָס זאָל איך וויינען? — זאָגט ער מיט אַ פעסטער שטימע — דערמיט וועל איך ניט העלפן, איך דאַרף זיך אָפּרעכענען מיט זיי...

מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען, מיט וועמען ער דאַרף זיך עס אָפּ־רעכענען.

נאָכן ברודערס טויט איז וואָלאָדיאַ געוואָרן זייער ערנסט, האָט אַסאַך געלייענט און האָט פאַרבראַכט לאַנגע שאָען באַ זיך אין צימער.

ערשט איצט, בעשאַס דער רעוואָלוציע, האָט מען מיר אין צייטונג איבערגעלייענט, אַז וולאַדימיר האָט געמאַכט די גאַנצע רעוואָלוציע. דאָ האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, מיט וועמען ער האָט זיך געוואָלט אָפּרעכענען. איך בין געווען גליקלאַך, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז פון דעם קלוגן מונטערן יאַטל, וועלכער איז געוואָקסן אַף מיינע אויגן, איז געוואָרן אַזאַ גרויסער מענטש, אַ פאַרטיידיקער פון דער גאַנצער אָרימקייט.

# באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס

אין 1903טן יאָר איז פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער אַרבעטער־פאַרטיי. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ טייל פון דער פאַרטיי פאַרשטייט נישט די רעוואָלוציאָנערע אויפגאָבן. זיי האָבן געמיינט, אַז מע קען אַראָפּוואַרפן דעם קייסער, גייענדיק האַנט אין האַנט מיט די קאַפּיטאַליסטן. לענין האָט געזאָגט, אַז בײַ די אַרבעטער און בײַ דער בורזשואַזיע זיינען גאָר פאַרשיידענע וועגן. די בורזשואַזיע מיט די פּריצים דאַרפן האָבן דעם קייסער, קעדיי צו דריקן די אַרבעטער און פּויערים. לענין האָט געזאָגט, אַז דער אַרבעטער האָט איין וועג: אין פ אַ ר ב אַ נ ד מיט די אָרעמע פּויערים קעמפן קעגן קייסער, קעגן די פּריצים, קעגן די קאַפּיטאַליסטן, נעמען די מאַכט אין די אייגענע הענט.

צום סאָף פונם צוזאַמענפאָר איז די מערהייט געווען מיט לענינען, דערפאַר האָבן זיי באַקומען דעם נאָמען באָלשעוויקעס, און די מינדערהייט, וואָס איז געווען קעגן לענינען, האָט מען אַ נאָמען געגעבן מענשעוויקעס. אַזוי איז שוין פאַרבליבן דער נאָמען ביז איצט.

## כאַוועך לענין האָט געזאָגט:

דו שטעל זיך נאָר פאָר: פון צאָפן ביז דאַרעם, פון מיזראַך ביז מייריעוו נעמט אַרום די וועלט מיט זיינע מעכטיקע הענט דער אַרבעט־מאַן. טאָג און נאַכט דרייען זיך רעדער, פליען צוגן און שיפן, טראָגן זיך איבער דראָטן עלעקטרישע פונקען. טאָג און נאַכט גליען גוואַלדיקע שמעלץ־אויוונס. טאָג און נאַכט גראָבן זיך טיף אונטער דער ערד אָנצאָליקע האַמערס און רידלען. טאָג און נאַכט ציען זיך, ציען זיך אומענדלאָכע סטענגעס באַוול, וואָלנס, זיידנס, שיטן זיך בערג מעל, גרויפּן, צוקער. עס קלינגען האַמערס און העק. עס פייפט דער דאַמף, עס רוישן די רימענס, עס קלאַפּן די רעדער, עס זינגען די זעגן. עס שפּאַנען זיך אָן שטאַרקע אָרעמס, עס גיסט זיך שוויים. מענטשן ווייסע, געלע, שוואַרצע, רויטע, מענטשן, וואָס רעדן אויף הונדערטער שפּראַכן, זקיינים און יונגע, מענער און פרויען, יוגנט־לאָכע און קינדער, מיליאָנען און מיליאַרדן באַפרוכפּערן די ערד, די יאַמען, די לופט מיט זייער אַרבעט.

# לעניז אין אַ סטודענטן־קאַמונע

אין מאַרט 1921טן יאָר איז אין דער ערשטער סטודענטישער קאַמונע אומדערוואַרטעט געקומען לעניז. ס'איז שוין געווען אַרום 2 אַזייגער באַדער־נאַכט. מיר גייען אַף די פינצטערע טרעפּ אַרויף צו אונז אין קאַמונע אַריין, פאַר אונז גייען עפּעס נאָך 4 פיגורן, טאַפּן אין דער פינצטער און קלעטערן אַף די טרעפּ.

איינע פון די פאָדערשטע פיגורן טוט אַ רייב אַ שוועבעלע און זוכט די נומערן פון די וואוינונגען. דערווייל יאָגן מיר זיי אָן מיט אַ געפּילדער און מיידן זיי אויס.

— וועמען זוכט איר? — פרעגן מיר.

— די צוויי און אכציקסטע וואוינונג.

— קריכט העכער!

באַם שיין פון דער שוועבעלע האָב איך דערזען אַ פּאַנעם, זייער ענלאַך צום כאַוער לעניז (דאָס האָט ער טאַקע געריבן די שוועבלאַך), און איך האָב זיך געלאָזט אַרויף, קעדיי זיך צוקוקן באַ דער שיין, ווער גייט עס. נאָך מיר רייסן זיך אַריין די יאַטן און פאָדערן פּנים דרעזשורנעם: „גיכער וועטשערע!" קיינעם פאַלט ניט איין, ווער גייט עס אונטן. איך זאָג אויך גאָרניט, איך וועל זיך אַליין דערוויסן.

ס'קומען אַריין צוויי פרויען, איינע אַ אינגערע און די צווייטע אַ געעלטערטע, אַ געקנייטשטע. זיי לאָזן זיך אין מיידלשן צימער אַריין. נאָך זיי גייט אַ ברייטביינעקער מאַן אין אַ פוטערנעם היטל מיט אַן אויפגע־שטעלטן קאַלנער און ער גריסט זיך מיט אַלעמען!

— גוטן אָוונט! גוטן אָוונט!

איך קוק זיך איין... ס'ווייזט זיך אויס?... ניין... איינער אַ מאַנצ־ביל בלייבט אין פאָדערצימער.

איך פרעג באַ אים:

— ווער איז עס דורכגעגאַנגען? כאַווער לעניז?

לאַכט ער:

— יאָ.

— כעוורע, לעניז איז דאָך באַ אונז!

סוועריט אַ טומל.

— גיי שוין, וואו? לאָז! פאַרנעם זיך!

איך ווייז זיי אָן:

— אָט זאָגט דער כאַווער, צוזאַמען מיט אים געקומען.

מיר האבן מוירע אריין צו די מיידלאך אין צימער. סאלקאלסאף ווארפן מיר זיך אהינצו אריין א גאנצע כאליאסטרע, אונטערשטופנדיק איינער דעם צווייטן.

— כאוועך לעניז, מיר האבן דאך אייך ניט דערקענט. מיר האבן גע־וואלט זיך דורכשמועסן מיט אייך.

— נו, וואס־זשע, דערציילט, ווי לעבט זיך אייך.

מיר ענטפערן אלע מיטאמאל: — נישקאשע, איצט גייט שוין אף א וועג.

וולאדימיר איליטש באקוקט אונז אלעמען:

— נו, לויט אייער אויסזען ווייזט ניט אויס, אז איבעריק גוט...

— נו, ווי ארבעט איר? ווייזט נאר עפעס וואס טוט איר, א וואנט־צייטונג לאזט איר דאך געווים ארוים?

— ווי דען אנדערש? שוין 20 נומערן ארויסגעגעבן — און מיר ווייזן אים דעם ערשטן נומער פון אונזער צייטונג.

דער דעזשורנער פון אונזער קאמונע האט ניט פארגעסן זיינע פליכטן: ס'איז שוין גרייט טיי און אוונט־ברויט. וולאדימיר איליטש איז אריינ־געקומען צו אונז אין עסצימער. מיר האבן אים געצוואונגען זיך אויסטאן און עסן מיט אונז. מיר האבן באמערקט בא זיין אויסטאן זיך, אז וולא־דימיר איליטש באוועגט זיך ניט גאר פריי און מיר האבן אים געפרעגט וועגן זיין געזונט, וואס מאכט ער נאך דער פארוואונדונג.

— נישקאשע — האט ער געענטפערט מיט א שמייכל — איך מאך איצט מיט דער האנט גימנאסטיק. און ער איז אריבער רעדן וועגן עפעס אנדערש.

באם עסן האט וולאדימיר איליטש געפרעגט, פארוואס רופן מיר זיך אז קאמונע, ווער קאכט בא אונז, און ווער רוימט די צימערן.

דערנאך האט ער זיך פאנאנדערגעפרעגט וועגן אונזער מאטעריעלער לאגע. צי האבן מיר גענוג עסן.

— אינאלגעמיין קומט אויס צו זיצן אן אונטערברויט א דריי־פיר טעג אין כוידעש — ענטפערן מיר.

— ווי אזוי־זשע?

— גאר פאשעט. מיר באקומען אונזערע פארציעס, לייגן מיר צונויף אלע־מענס און רעכענען אויס, וויפל ס'נעמט זיך אן ברויט א טאג. טרעפט אמאל, אז מע כאפט אריבער און מע שטעלט אריין די מאתנדריקע פארציע אויך. אזוי לויפן אן אין כוידעש דריי־פיר טעג אמאל. דערפאר האבן מיר גענוג גרינס, ס'בלייבט נאך איבער. די שווערסטע צייט, וולאדימיר איליטש, איז שוין דורכגעגאנגען.

— נו, נישקאשע, מינאסטאם לייגט איר זיך דערפאר פריער שלאפן?...

ווידער אמאל ענטפערן אלע ווי איינער:

— ניין, וולאדימיר איליטש, ביז דריי־פיר אזייגער קומט אפט אוים צו זיצן.

— ווי־זשע? פארוואס לעשט מען בא אייך ניט אוים די עלעקטריע?*)

— מיר זיינען, וולאדימיר איליטש, מעיוכאסים, אונזער קאמונע געפינט זיך אין ראיאן פון דער טעלעגראף־קאנטאר און אין דעם ראיאן איז דא עלעקטריע א גאנצע נאכט.

— אזוי! נו, דאס טויג ניט, איך וועל הייסן, מע זאל אייך אויסשליסן פון דער נעץ. אז ס׳וועט ברענען שפעט די עלעקטריע, וועט איר שוין געוויס זיך ניט איינגעוואוינען צו לייגן פרי שלאפן. איר דערנערט זיך שלעכט, איר לערנט און דערצו נאך ניט דערשלאפן — וועט איר זייער גיך פארלירן אייערע קויכעס, צו וואס־זשע וועט איר דעמאלט טויגן?... אויב ניט אויסשליסן בא אייך די עלעקטריע, וואלט מען געדארפט אייך איבערגעבן צום געריכט, פארוואס איר פארשווענדט דאס פארמעגן פון דער מעלוכע — אייער געזונט און אייערע קויכעס. וואס־זשע פאר א בויער וועט איר זיין שוואכערהייט?

מיר זאגן־צו אף ווייטער היטן אונזערע קויכעס.

— נו, אמפערט איר זיך אמאל? מארקסן, ענגעלסן לייענט איר? אזוי ביז דריי אזייגער באדערנאכט.

אונזערע געסט קלייבן זיך שוין אוועקגיין. וולאדימיר איליטש וויצלט זיך אלץ וועגן דער עלעקטריע:

— נו, איר זאלט זיך פונדעסטוועגן וואס פריער לייגן שלאפן, ווייל וואס וועט זיין דער סאך? — לערנען וועט איר זיך אויסלערנען און קיין קויכעס וועלן ניט קלעקן. היט, היט אייערע קויכעס, זיי וועלן צונויץ קומען.

---

*) דעמאלט איז אין מאסקווע געוועזן איינגעפירט, מען זאל לעשן די עלעקטריק אנפאנג אוונט, צוליב עקאנאמיע אין הייץ־מאטעריאלן.

# קאַרל מאַרקס — לענינס לערער



די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן אָפּגעשטעמפּלט מיט גאָלד צוויי פאַרשטויבטע פענצטער אַף דער וואַנט פון אַ טאַבאַק־וואַרשטאַט, וואו זיך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט נאָך אַ יונגן אַרבעטער. אַף דער וואַנט איז געזאַנגען אַ פאַרשטויבטער פּאָרטרעט. דער יונגער אַרבעטער האָט זיך טיף פאַרזוקט אַפן פּאַרטרעט און אַ זאָג געטאָן:

— אַך, ווי מיר וואָלט זיך געוואָלט עפּעס הערן וועגן אים!

— טייערינקער! — האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער — דאָס איז געווען אַ זעלטענער מענטש, איינער פון די זעלטנסטע מענטשן אַף דער וועלט. הונדערטער מאָל זיינען מיר געזעסן צוזאַמען און געשמועסט און פאַרבראַכט באַ אַ גלעזל טיי.

— דערציילט עפּעס וועגן אים! — האָט אָנגעהויבן בעטן דער יונגער אַרבעטער — דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען, ווי אַזוי ער האָט גערעדט, — דערציילט אַלץ!

— אויב דיר ווילט זיך יאָ אַזוי שטאַרק, טאָ הער מיט קאָפּ. מיין טאַטע איז געווען אַ שוסטער, און איך פלעג אָפט אָפּטראָגן די פאַרטיקע שיך

צו זיי אהיים. און דעמאלט האבן מיר זיך באקענט. קארל איז געווען א לעבעדיק קינד. מיר האבן זיךביידע געלערנט אין שול. קארל איז געווען דער בעסטער שילער. אלע האבן אים ליב געהאט. ווי, ווי, וואס פאר א מייסעס ער פלעגט דאס אונז אנדערציילן! היינט זיינע לידלאך, וואס ער פלעגט שרייבן! אלע קינדער פלעגן זיי זינגען.

איך האב די שול ניט פארענדיקט, ווייל איך האב געדארפט גיין ארבעטן.

ס'איז דורך עטלאכע יאר, און איך האב זיך מיט אים געטראפן אף א מיטינג. קארל מארקס איז ניט געווען פון די גרויסע רעדנער. נאר גערעדט האט ער דייטלאך, איינפאך און צו דער זאך. מע האט אים אויסגעהערט אין טיפן שווייגן.

אז דער מיטינג האט זיך געענדיקט, האב איך שוין געוואלט אוועק־גיין אהיים. איך האב זיך עפעס געשעמט און עפעס ווי מוירא געהאט צוצוגיין צו אזא גרויסן און וויכטיקן מאן, ווי דאקטאר קארל מארקס. אבער ער האט מיך באמערקט און א רוף געטאן באם נאמען: „וואַרט צו א ווייילינקע, האנס!" און דערנאך איז ער צוגעגאנגען און מיר דערלאנגט ביידע הענט און גלייך מיך פארגעשטעלט פאר די פירער פון דער רעוואלו־ציאנערער באוועגונג: „אט דאס איז מיין טייערער כאווער, האנס פריטשע".

מיר זיינען אלע אוועק אין א רעסטאראן צובייסן. אך, ווען דו וואלסט, טייערינקער, געהערט, ווי אזוי קארל מארקס האט מיט זיי גערעדט! ווי אזוי האט ער דערוויזן, אז די קאפיטאליסטישע ארדענונג מוז פאלן!

ווען אלע זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען, איז ער מיט מיר אוועק אין דער רעדאקציע פון דער „ריינישער צייטונג". דעמאלט האב איך זיך ערשט דערוואוסט, אז ער שרייבט ארטיקלען, אין וועלכע ער פארטיידיקט די ארבעטער און פאלט־אן אף דער רעגירונג.

פון דעמאלט אן האבן מיר אנגעהויבן צו באגעגענען זיך גאנץ אפט. שפעטער, אז די רעגירונג האט פארמאכט די „ריינישע צייטונג" פאר אירע רעוואלוציאנערע ארטיקלען, איז קארל מארקס ארויסגעפארן פון דייטש־לאנד אין פראנקרייך און זיך באזעצט אין פאריז. דאס איז געווען אין יאר 1843.

מיר האבן אנגעהויבן באקומען די צייטונג „פארווערטס", אין וועל־כער קארל מארקס און אנדערע באוואוסטע שרייבער און רעוואלוציאנערן האבן געשריבן. אינניכן האט אבער די רעגירונג אויך דידאזיקע צייטונג פארמאכט. מארקסן מיט נאך עטלאכע זשורנאליסטן האט מען פון פראנק־רייך ארויסגעשיקט.

די מאַטעריעלע לאַגע פון קאַרל מאַרקסן איז דעמאָלט געווען זייער געדריקט, נאָר קיינער פון אונז האָט ניט געוואוסט. ער האָט ניט ליב געהאַט, מע זאָל וועגן דעם וויסן. נאָר ענגעלס, דערוויסנדיק זיך זיין אדרעס, האָט אים ארויסגעשיקט אביסל געלט, וועלכע איז גאַנץ גוט צונוץ געקומען.

אין 1847 יאָר האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט, נאָר דאָס איז שוין גע־ווען אין לאָנדאָן.

אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָט מען אַלץ מער גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף שאַפן אַ פאַראייניקונג צווישן די אַרבעטער פון אַלע לענדער, דאָס הייסט אַן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. קאַרל מאַרקס האָט געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין לאָנ־דאָן איז צונויפגערופן געוואָרן אַ קאָנגרעס (צוזאַמענפאָר) אויף צו באַטראַכטן די פּראָגראַם, וואָס מאַרקס האָט אויסגעאַרבעט. מיינע כאַווײרים האָבן מיך דעלעגירט צו דעם קאָנגרעס. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, טייערינקער, קיינמאָל, קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן די צען טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אויפן קאָגרעס!

קאַרל מאַרקס האָט געלייענט די פּראָגראַם, וואָס איז דערנאָך אָפּגע־דרוקט געוואָרן אונטערן נאָמען „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט". מאַרקס איז געווען פול מיט באַגייסטערונג. מיר אַלע זיינען געזעסן, ווי פאַרקישעפ־טע. טרערן האָבן זיך מיר געגאָסן פון די אויגן, טרערן פון פרייד. און אַז ער האָט פאַרענדיקט די לעצטע שורה: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!" האָט אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן גענומען טרייסלען די שויבן. מיר האָבן געפּאַטשט ביז מעשוגע צו ווערן. מאַרקס האָט עס ניט ליב געהאַט און פלעגט שטענדיק פילן ניט גוט, ווען מען האָט אים אָפּ־געגעבן קאָוועד.

דער אַלטער האָנס איז אַנטשוויגן געוואָרן. די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן זיך אויסגעלאָשן און אין וואַרשטאַט איז געוואָרן טונקל. דער אַלטער האָט אָנגעצונדן ליכט און מיט אַ באַזונדערער ליבע האָט ער זיך צוגעקוקט צום קליינעם פּאָרטרעט.

— דו, טייערער — האָט דער אַלטער איבערגעריסן די שטילקייט — האָסט גערעדט וועגן אינטערנאַציאָנאַל. אָט אויף דער קאַרטע איז מאַרקס אָראָפּגענומען געוואָרן אַקוראַט, ווען דער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן.

מאַרקס האָט די גאַנצע צייט זיינע אָפּגעגעבן דעם אינטערנאַציאָנאַל, גענומען אַן ערנסטן אַקטיווון אַנטייל אין אַלע מיטינגען, געווען פּרעזיצער אויף די מיטינגען און אויסגעאַרבעט אַלע פּראָגראַמען און פאָדערונגען.

די לעצטע יארן פלעג איך זיך זייער אפט זען מיט מארקסן.

— איך מוז פארענדיקן מיין בוך „קאפיטאל“ — האט מיר איינמאל מארקס געזאגט אף א שפאציר — קיין מער וויכטיקע זאך פאר דער אר־בעטער־באוועגונג האב איך ניט געטאן. אויב איך וועל מיין ווערק ניט פארענדיקן, וועט קיין אנדערער פאר מיר די ארבעט ניט אפטאן.. און צוליב דעם אליין ווילט זיך מיר אזוי לעבן.

איך דארף דיר זאגן, אז די לעצטע יארן זיינע האב איך אים געזען קימאט שטענדיק א קראנקן, אין בעט. און קראנקערהייט האט ער זיך פאר־גומען מיט שרייבן זיין „קאפיטאל“. אבער דער טויט האט איבערגעריסן זיין ארבעט. (דעם 14טן מערץ, 1883 יאר).

נאך זיין טויט האט זיין בעסטער כאווער און פריינט, פרידריך ענגעלס, געבראכט אין ארדענונג דעם 2טן און 3טן באנד פון זיין „קאפיטאל“.

דו ווייסט גארניט, וואס פאר א גליק עס איז פארן ארבעטער־קלאס, וואס ענגעלס האט זיך גענומען פאר דערדאזיקער ארבעט. קיין אנדערער וואלט דאס ניט געקענט טאן. מארקס און ענגעלס זיינען געווען אזוי ווי א צווילינג.

איניקע כאווירים פלעגן זיי אין די אויגן רופן: „דער צווילינג“. אבער ניט מארקס און ניט ענגעלס האבן זיך קיינמאל ניט געפונען באליי־דיקט פון דעם.

מארקס גוטע פריינט האבן זיך געקליבן אים צו שטעלן א דענקמאל פון בראנזע. נאר דארף דען מארקס א דענקמאל? זיין שאפונג איז אים דער בעסטער דענקמאל און ביז עס וועט זיך נאך פירן דער גרויסער קאמף פאר דער באפרייאונג פון ארבעטער־קלאס, וועט שטענדיק, שטענדיק בא יעדערן אין הארצן לעבן דער נאמען פונם גרויסן מענטשן און גרויסן, גרויסן כאווער — קארל מארקס.

איציק פעפער

# אילי טש

אַ ראַדיאָ צו אַלע...
אַ שוואַרצע ראַדיאָ אין ווינטערדיקן סטעפּ,
אין אומעטיקע שטעט, אין גרויע דערפער פאַלן
שוואַרצע ווערטער, גרוויזאַמע אַף הוילע קעפּ.

באַם פרישן קייווער שטייען מיר, ווי קינדער,
און וועג איז אַזוי ווייט, און טאָג איז אַזוי שוואַרץ;
ס'איז דאָ אַזוי פיל פּראָסטער לענינס וואונדער
אין אונזער שטאָלענעם און וויינענדיקן האַרץ.

מאָסקווע, קרעמל.
אַ ראַדיאָ צו אַלע...
אַן אַנדער ראַדיאָ, אַ צווייטע ראַדיאָ פליט:
איליטש איז דאָ! מיט אַלע און באַ אַלע
אין אונזער הייסן בלוט, און שטרענגע קאַלטע טריט.
ס'איז דאָ אַ וואָרט, וואָס וועט אַ וועג אונז ווייזן,
און מענטשן פּראָסטע איז דאָ דאָך אָן אַ צאָל.
ס'איז דאָ אַ לאַנד פון קאָרן און פון שטאָל.

מיר זיינען אַלע דאָ.
מיר זיינען קאָמונאַרן.
אין הייס איז אונזער בלוט און פעסט איז אונזער לאַנד,
מיר זיינען אומעטום
מיט לענינס פאָן אין האַנט!

# אַף דער ערן־וואַך

באנאכט.

דאס פאריינען־הויז איז באלאגערט מיט לאנגע אומענדלאכע רייען פון צענדליקער טויזנטער מענטשן.

מיט גרוים מי שפארט זיך דורך א קליינע גרופע קינדער.

— קינדער — אויסער דער ריי! לאזט א וועג!

— צו וואס לאזט מען זיי אהער גיין באנאכט! — זיינען די ארבעטער־רייען ניט צופרידן...

דאס איז א פיאנערן־רינג, וועלכער גייט צו דער ערן־וואך בא לענינס ארון.

מע שטויסט זיך דורך צו דער טיר. דער עלטסטער דערלאנגט דעם רויט־ארמייער א בילעט אין שווארצן באזוימט:

— צו דער ערן־וואך!

מע לאזט זיי דורך שנעל אף די טרעפ ארויף— אין וואך־צימער. אויסגעטאן די פעלצלאך, צורעכט געמאכט די האלזטיכלאך.

די ערשטע פיר פיאנערן שפאנען מיט הארטע טריט נאך דעם עלטסטן איבער דער וואך. דער גרויסער זאל איז באגאסן מיט העלער ליכט פון הונדערטער לאמפן. ווייסע הויכע מארמאר־ווענט און קאלאנען באפוצט מיט גרינע צווייגן און מיט פאנען. א ברייטער מענטשן־שטראם פליסט פון איין טיר אריין און דורך דער צווייטער — ארויס. אלע אויגן זיינען געווענדט אין איין פינטל.

— דארט.

דער עלטסטער האט צוגעפירט די פיאנערן צום סאמע פאסטאמענט און צעשטעלט אף דער וואך. זיי זיינען געבליבן שטיין פארגליווערט אף זייערע ערטער. צוויי פון זיי זיינען געוועזן געווענדט מיטן פאנעם צו איליטשן.

אין פינף מינוט ארום האבן זיי פארביטן אנדערע פיר — און אזוי צען מאל.

וועגן וואס האבן געקלערט פערציק ארבעטער־קינדער פיאנערן אין די פינף מינוט, וועלכע קיינער פון זיי וועט קיינמאל ניט פארגעסן?

זיי האבן געקלערט:

— מיר שטייען דא אין נאמען פון אלע ארבעטער־קינדער פון דער גאנצער וועלט. דורך אונז געזעגענען זיי זיך אלע מיטן טייערן אומפאר־געסלאכן איליטש.

— שלאָף רואיק, זיידע לענין! דיין גאַנץ לעבן האָסטו אָפּגעגעבן די ארבעטער, די ארבעטער־קינדער. דיינע אייניקלאַך, די יונגע לענינצעס, וועלן געדענקען און אויספילן אַלע דיינע געבאָטן, וואָס דו האָסט פאַר־זאָגט. מיר שווערן צו גיין אַף דיין וועג, איליטש! מיר שווערן אויסוואַקסן עמעסע לענינצעס!



דער לענין־מאַוזאָליי אין מאָסקווע.

ארבעט:

שרייב אַ פּאַראַגראַף צו יעדער פראַגע:

1. וואָס מיינט לענינס לערע פאַר די נעגערס?
2. וואָס טראָגט לענינס לערע פאַר די אונטערדריקטע פעלקער אין די קאָלאָניאַלע לענדער?
3. ווי אַזוי האָט לענינס לערע אָפּגעקלונגען אין כינע?
4. וואָס האָט לענינס לערע געבראַכט צו די פאַרשיידענע נאַציעס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד?
5. ווי אַזוי האָט לענין געלייזט די אידן־פראַגע אין ס. פ.?

# העכער לענינס פאָן

שאַבעס אינאָוונט, צווייטער צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן פון גאַנץ פ. ס. ר. ר. מאָרגן ברענגט מען אילימשן צו קוואורע. אַ וואָרט נעמט די כאַווערטע קרופסקאַיאַ (לענינס פרוי). ווער וועט פאַרגעסן יענעם מאָמענט? שטיל. מע הערט, ווי אַ פליג פליט דורך דעם זאַל אַלע אויגן זיינען צוגעשמידט צו דער ליבער נאַדיעזשדאַ קאָנסטאַנ־טינאָוונאַ, — ווי שווער דאַרף איר זיין צו רעדן אין דער מינוט!...

נאָר זי רעדט מוטיק, דרייסט:

— כאַווײרים!

פאַר די טעג, וואָס איך בין געשטאַנען באַם אָרן פון וולאַדימיר איליטש, האָב איך איבערגעטראַכט ס'גאַנצע לעבן זיינס, און אָט־וואָס איך וועל אייך זאָגן. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט מיט הייסער ליבע צו אַלע אַרבעטנדיקע, צו אַלע געדריקטע. קיינמאָל האָט ער דאָס אַליין ניט געזאָגט...

ער האָט געוואָלט די מאַכט פאַרן אַרבעטער־קלאַס, ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז דער אַרבעטער־קלאַס דאַרף דידאָזיקע מאַכט ניט צוליב בויען פאַר זיך אַ זיס לעבן אַפּן כעשבן פון אַנדערע אַרבעטנדיקע, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די היסטאָרישע אויפגאַבע פונם אַרבעטער־קלאַס — איז די באַפרייאונג פון אַלע אונטערדריקטע, אַלע אַרבעטנדיקע...

עס איז געשטאָרבן וולאַדימיר איליטש. געשטאָרבן אונזער גע־ליבטער, אונזער נאָענטער. כאַווײרים קאָמוניסטן, העכער הויבט די פאָן, וואָס איז געווען טייער לענינען!

כאַווײרים אַרבעטער און אַרבעטערנס, כאַווײרים פּויערים און פּויערטעס, אַרבעטנדיקע פון דער גאַנצער וועלט! שליסט זיך צונויף אין ענגע רייען, שטעלט זיך אונטער דער פאָן פון לענין, אונטער דער פאָן פון קאָמוניזם!



## כאַווער לענין האָט געזאָגט:

דו ביסט אַ יונגער אַרבעטער. דו ביסט אַ זון פון אַרבעט און נויט, דו געהערסט צו דעם אַרבעטער־קלאַס. דער אַרבעטער־קלאַס — דאָ זיינען אַלע, וואָס לעבן פון געדונגענער אַרבעט, וואָס פאַרקויפן זייער קויאַך צום אַרבעטער. קעדיי צו אַרבעטן, דאַרף מען האָבן מאַשינען, רויוואַרג, מע דאַרף האָבן פאַבריקן, וואַרשטאַטן. אַף דער גאַנצער וועלט, אַכוץ אין סאָוועטנלאַנד, געהערן די מאַשינען, די פאַבריקן און וואַרשטאַטן צו קאַפּיטאַליסטן, באַלעבאַטים. אין סאָוועטנלאַנד געהערן די פאַבריקן, שאַכטעס, אייזנבאַנען צו דער מעלוכע, דאָס הייסט — צו אַלע אַרבעטער און פּויערים. אַף דער גאַנצער וועלט, אַכוץ סאָוועטנלאַנד, אַרבעטן די אַרבעטער אַפן קאַפּיטאַליסט. ער עקספּלואַטירט זיי. אין אונזער לאַנד אַרבעטן די אַרבעטער אַף דער מעלוכע, דאָס הייסט — אַף זיך אַליין.

# ראָזע לוקסעמבורג

ראָזע לוקסעמבורג האָט איר גאַנץ לעבן געקעמפט, ווי אַ רעוואָ־לוציאָנערער פּראָלעטאַרישער פירער, און איז העלדיש געשטאָרבן, דערהאַרגעט דורך דער קאָנטער־רעוואָלוציע.

ראָזע לוקסעמבורג איז געבאָרן געוואָרן אין אַ מישפּאָכע פון אַן אָרימען אידישן שוסטער אין פּוילן. אין דער פריער יוגנט, 16 יאָר אַלט, הויבט זי אָן אָנטיילצונעמען אין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און טרעט אַריין אין דער פּוילישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“. די צאַרישע רעגירונג אַרעסטירט די אָנפירער פון דער פּאַרטיי. ראָזע לוקסעמבורג אַנטלויפט קיין אויסלאַנד, אין דער שווייץ. אין 1897 יאָר פאָרט זי איבער קיין דייטשלאַנד, וואו זי הויבט אָן אַרבעטן אין דער דייטשי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. זי שטעלט זיך בעראָש פון לינקן רעוואָלוציאָנערן פליגל פון דער פּאַרטיי.

אין 1905 יאָר פאָרט ראָזע לוקסעמבורג אַריבער קיין רוסלאַנד, קעדיי אָנטיילצונעמען אין דער רוסישער רעוואָלוציע. נאָך דער מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע אין 1905 יאָר פאָרט זי ווידער אַוועק קיין אויס־לאַנד.

אין די יאָרן פון מילכאָמע ווייזט זיך אַרויס דער גאַנצער רעוואָ־לוציאָנערער אימפּעט פון ראָזע לוקסעמבורג. איר קאָלאָסאַלע ענערגיע און גרויסן רעדנערישן טאַלאַנט ווידמעט זי דער אַגיטאַציע קעגן דער מילכאָמע, שטויסנדיק די אַרבעטער־מאַסן אָפן פון פּראָטעסט קעגן דער מילכאָמע.

זי פאָרט אַרום איבער גאַנץ דייטשלאַנד, אומעטום אַרויסטרעטנ־דיק אָף מיטינגען קעגן דער מילכאָמע. זי ווערט פאַרמישפּעט צו טפּיסע און געפינט זיך אין דער טפּיסע ביז דער דייטשישער רעוואָ־לוציע פון 1918 יאָר.

נאָך דער באַפרייאונג ווערט זיך איינינעם מיט קאַרל ליבקנעכטן די אָנפירערין פון דער יונגער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זי פירט אַ קאַמף מיט דער מענשעוויסטישער רעגירונג, וואָס אַרבעט צוליב די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. וואָס מער עס וואַקסט די

ווירקונג פֿן ראָזען אַף די אַרבעטער־מאַסן, אַלץ מער וואַקסט צו איר די סינע פון דער בורזשואַזיע, שוואַרצעמייעניקעס, מענשעוויקעס.

דעם פופצנטן יאַנוואַר 1919, אין טאָג, ווען ס'איז דערהאַרגעט געוואָרן קאַרל ליבקנעכט, איז דערהאַרגעט געוואָרן אויך ראָזע לוקסעמבורג. די סאָנים פון אַרבעטער־קלאַס האָבן גוט געוואוסט אין וועמען זיי צילעווען — זיי האָבן דערהאַרגעט די צוויי בעסטע און העלדישע פירער פון רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס ניט נאָר פון דייטשלאַנד, נאָר אויך פון דער גאַנצער וועלט.

קאַרל ליבקנעכט

# שטורעם

שטורעם דו, כאַוואַר דו,
היי, ווי דו רופסט מיך!
נאָך אָבער קאָן איך ניט,
איך, קייטן־געשלאָסענער!

דאָך שטורעם בין איך אויך,
טייל בין איך פון דיר!

און קומען וועט ווידער
דער טאָג, ווען איך וועל רייסן
אויף שטיקער דאָס אייזן
און שטורעמדיק ברויזן,
איבער די וועלטן, איבער די צייטן,
אַרום און אַרום פון דער ערד!

ברויזן דורך לענדער,
און שטורעמען אין מענטשן,
אין מענטשלאַכע מויכעס,
אין מענטשלאַכע הערצער,
שטורעם־ווינט, שטורעם, ווי דו!

# קאַרל ליבקנעכט

קאַרל ליבקנעכט איז אַ זון פונם באַרימטן סאָציאַליסט ווילהעלם ליבקנעכט (אַ שילער פון מאַרקסן), וועלכער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער דייטשישער אַרבעטער-באַוועגונג. פון קינדווייז־אָן וואַקסט ער אין אַ סוויווע פון סאָציאַליסטישע אידייען און אַרבע־טערקאַמף און וואַקסט אויס אַ קאָמוניסט, שטענדיק גרייט צום קאַמף.

אין 1905טן יאָר הויבט ער אָן צו פירן אַן אַגיטאַציע פאַר אַן אַלגעמיינעם סטרייק. שוין אין יענע יאָרן זעט ער, אַז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע הויבט אָן גיין ניט אַף וועגן פון קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, נאָר פון שאָלעם מיט דער בורזשואַזיע. ער זוכט אַ נייעם קוויאַך, וואָס זאָל אַריינגיסן פריש רעוואָלוציאָנער בלוט אין דער אַר־בעטער-באַוועגונג. ער איז דער גרינדער פון דער באַוועגונג פון דער אַרבעטער-יוגנט אין דייטשלאַנד און אויך פונם סאָציאַליסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל (וואָס האָט זיך געגרינדעט אין 1909 יאָר).

ליבקנעכטס נאָמען וועט בלייבן אומפאַרגעסלאַך פאַר דער אַרבע־טער-יוגנט פון דער גאַנצער וועלט, ווי דער נאָמען פונם גרינדער און באַשיצער פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט-באַוועגונג.

ליבקנעכט פירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן דער דייטשישער רעגי־רונג פאַר די אָרדענונגען אין דער אַרמיי, וואו מ'ע מושטירט די יונגע־לייט, קעדיי צו שאַפן פון זיי געהאָרכזאַמע סאָלדאַטן, וואָס זאָלן זיין גרייט צו שיסן לויטן באַפעל פון זייערע גענעראַלן אין זייערע אייגענע אַרבעטער-ברידער.

קאַרל ליבקנעכטן פאַרזעצט מען אין טפיסע אַף אָנדערהאַלבן יאָר.

ברייט ווערט באַוואוסט ליבקנעכטס נאָמען אין די רעוואָלוציאָ־נערע אַרבעטער-קרייזן פון דער גאַנצער וועלט בעשאַס דער אימ־פּעריאַליסטישער מילכאָמע. די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס האָט דאָ ניט לאַנג געשוואָרן, אַז זי איז קעגן דער מילכאָמע, פאַרראַט דעם אַרבעטערקלאַס, און שטימט דעם 4טן אַווגוסט 1914 (אין סאַמע אָנהויב פון דער מילכאָמע) פאַר אונטערהאַלטן די רעגירונג. דער א י י נ צ י ק ע ר פון אַלע דעפּוטאַטן (פאָרשטייער) פון דער סאָציאַל־

דעמאָקראַטיע אין דייטשישן פּאַרלאַמענט, וואָס האָט געשטימט קעגן דער מילכאָמע, איז געווען ליבקנעכט. ער פירט אָן אומאויפהערלאַכע אַגיטאַציע קעגן דער מילכאָמע.

אין 1916טן יאָר, נאָך דער דעמאָנסטראַציע פון ערשטן מיי, אויף וועלכער ליבקנעכט האָלט רעדעס פאַר פאַרענדיקן די מילכאָמע און פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס, ווערט ער אַרעסטירט און פאַרמישפּעט צו 6 יאָר קאַטאָרגע.

ערשט אין 1918טן יאָר, ווען ס'פאַלט דער דייטשישער קייסער ווילהעלם, עפענען זיך פאַר ליבקנעכטן די טירן פון טפיסע. ליבקנעכט וואַרפט זיך אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף. ער רופט די אַרבעטער צו פאַרכאַפּן די מאַכט, צו אָרגאַניזירן און איינשטעלן אַ ראַטנמאַכט אָנשטאָט דער בורזשואַזער. ער שטעלט זיך בעראָש פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אָרגאַניזירט אין אָנהויב יאַנואַר 1919 אַן אויפשטאַנד פאַר דער ראַטנמאַכט.

ראָזע לוקסעמבורג

# פון הינטער די גראַטעס

(פון ראָזע לוקסעמבורגס אַ בריוו פון טורמע
צו קאַרל ליבקנעכטס פרוי, צו סאָני ליבקנעכט)

„איך לעב דאָ איבער שאַרפעליידן. אויפן הויף, וואו איך שפּאַציר, קומען אָפט צופאָרן מיליטערישע וואָגנצוגן. זיי זיינען אָנגעפּאַקט מיט זעק אָדער מיט אַלטע סאָלדאַטישע שינעלן און העמדער, אָפט פאַרפלעקט מיט בלוט. דאָ פּאַקט מען זיי אויס, מע פאַרטיילט זיי איבער די קאַמערן, וואו מע פאַריכט זיי און מ'לאַטעט זיי אויס. דערנאָך לאָדט מען וווייטער אָן די פורן און מ'צעגיט זיי די סאָלדאַטן.

„ניט לאַנג איז אַהער געקומען אַזאַ וואָגן, איינגעשפּאַנט ניט מיט פערד, נאָר מיט בופלאָקסן. צום ערשטן מאָל איז מיר אויסגעקומען נאָענט לעבן זיך צו זען דידאָזיקע באַיעס. זיי זיינען שטאַרקער און ברייטער געבויט, ווי אונזערע אָקסן. זייערע קאָפּ-שאַרבנס דערמאָנען אונזערע ציגן, אינגאַנצן שוואַרצע, מיט גרויסע מילדע אויגן. זיי שטאַמען פון רומעניע.

„די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די וואַגנצוגן, האָבן דערציילט, אַז ס'איז זייער שווער געוועזן צו כאַפּן דידאַזיקע בופלאָקסן, און ס'איז נאָך שעווערער געוועזן זיי אָפּצוגעוואוינען פון דער פרייהייט און זיי אויסלערנען פירן מאַסאָעס. מע שלאָגט זיי שרעקלאַך.

„דערצו זיינען זיי נאָך געוואוינט צו די רומענישע פּעטע פּאַשע־פעלדער, און דאָ גיט מען זיי וויניק און שלעכט עסן. זיי ווערן אָב־זאָריעסיק אויסגענוצט אָף אַריבערצופירן די שווערסטע מאַסאָעס. זיי קומען דערביי אום זייער גיך. אָט איז מיט עטלאַכע טעג צוריק אַריינגעפאָרן אין הויף אַזאַ וואָגן, פול אָנגעלאָדן מיט זעק. די זעק זיינען געוועזן אָנגעלייגט אַזוי הויך, אַז באַם אַריינפאָרן אין הויף האָבן די בופלאָקסן בעשומויפן ניט געקאָנט אַריבערשלעפּן די מאַסע איבער דער שוועל.

„דער סאָלדאַט, וואָס האָט זיי געפירט, — זייער אַ האַרטער מענטש, — האָט זיי אָנגעהויבן אוי שטאַרק צו שלאָגן מיטן גראָבן הענטל פון דער בייטש, אַז די אויפגעבראַכטע אויפזעער האָבן אים געפרעגט :

— ניט־שוין־זשע האָסטו קיין ראַכמאָנעס ניט אָף די כאַיעס ?

— אָף אונז, מענטשן, האָט אויך קיינער ניט ראַכמאָנעס, — האָט ער מיט אַ בייז שמייכעלע געענטפערט און האָט נאָך שטאַרקער גענו־מען זיי שלאָגן.

„סאָפקאָלסאָף האָבן זיך די כאַיעס אַריינגעשלעפּט דורכן טויער. באַ איינעם פון זיי האָט זיך אָבער געגאָסן בלוט...

„סאָני ! די פעל פונם בופלאָקס רימט זיך מיט איר שטאַרקייט און גראָבקייט. און אָט דידאָזיקע פעל איז צעריסן געוואָרן.

„די כאַיעס זיינען באַם אויסלאָדן געשטאַנען גאָר שטיל, אויס־געמאַטערט, און דער בופלאָקס, באַ וועלכן ס'האָט זיך געגאָסן בלוט, איז געשטאַנען מיט אַזאַ אויסדרוק אָף זיין שוואַרצן פּאָנעם און אין די מילדע, שוואַרצע אויגן, ווי באַ אַ פאַרווײנט קינד

„איך האָב איבערגעלעבט אין מיין אומבאַהאָלפנקייט דעמדאָזיקן שטומען ווייטיק, ווי ווייט, ווי ווייט זיינען די פרייע, זאַפטיקע, גרינע פּאַשע־פעלדער פון רומעניע ! — — —

מיין אָרעמער בופלאָקס ! ביידע שטייען מיר דאָ אַזוינע מאָכט־לאָזע.

„סאַני! טייערע! ניט געקוקט אַף קיין זאַך — זייט רואיק און פריילאַך. אַזוי איז שוין דאָס לעבן און אַזוי דאַרף מען עס אויפנעמען, מיט דרייסטקייט, און מיט אַ שמייכל, דורכוים מיט אַ שמייכל...“

## קאַרל ליבקנעכט

# בריוו פון טורמע

(1917)

1. מיינע ליבע! איר זייט געווען אַזוי איבערראַשט מיך צו זען הינטער גראַטעס. איך האָף, אַז איר האָט זיך באַרואיקט, איר דאַרפט עס טאָן. מע דאַרף זיך צוליב אַזעלכע אויסערלאַכע זאַכן ניט נעמען צום הארצן. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן דען די גראַטעס? וואָס קאָן דאָס מיך און אייך אָנגיין? אַזוי ווייניק, ווי די אַרעסטאַנטן-קליידער, אַזוי ווייניק, ווי מיין געשוירענער קאָפּ. מיר זיינען ווער מיר זיינען, און מיר פאַרבלייבן מ י ר, ניט קוקנדיק אַף דעם אַלעמען...

דעריבער הויך דעם קאָפּ! האַלט זיך אויך ווייטער אַזוי.

2. מיין טייערסטע העלמי!

פאַר מיין פענצטער שרייט דער פרילינג-שטורעם. ס׳איז שוין וואַרעם. מערץ-לופט. אַזוי זאָל אויסזען אין דיין הערצעלע, אין דיין קע־פעלע. ברייטער די לונגען-באַוועגונג און שטייפקייט אין די גלידער! ניט אַראָפּפאַלן בײַ זיך!

עס עקבערט און קימערט דיך די מילכאָמע מיט אַלע אירע אָנ־שיקענישן. יאָ, זיי מוזן טאַקע אָנוואַרפן אַן אומעט אַף איטלאַכן. ס׳איז מער ניט מעגלאַך אַזאַ לעבן, וואָס לאָזט אַלץ גיין ווי עס גייט. און מעגלאַך איז נאָר אַזאַ לעבן, וואָס איז גרייט זיך אַליין פאַר אַ קאָרבן ברענגען — אַ קאָרבן פאַרן קלאַל.

מיין לעבן ביז איצט איז געווען גליקלאַך — ניט געקוקט אַף אַלץ; דאָפּקע אין יענע צייטן, בעשאַס איך האָב געקעמפט און געליטן מער ווי אַלעמאָל. אַזוי וועט זיין אויך מיט דיר.

איצט גייט אונזער מילכאָמע!

אַלע דיינע דייגעס ווילט זיך מיר פאַרטרייבן מיט קושן, דו — מיין עלנטער קליינער קעמפער. ס׳מאַכט ניט אויס, אין קאַמף זיגן מיר! אַסאַך, אַסאַך קושן.

דיין פאָטער.

# אינהאַלט:

# צום נייעם לעבן

2־טער טייל פון דער באַוועגלאַכער כרעסטאָמאַטיע
פאַרן דריטן לערניאָר

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער־קאָמיסיע

פ אַ ר ל אַ ג :
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן
32 יוניאָן סקווער
ניו־יאָרק, דעצעמבער 1930.

דער צווייטער טייל פון דער באַוועגלאָזער כרעסטאָמאַטיע אַנטהאַלט מאַטעריאַלן און אַרבעטן פאַר די פּראָיעקטן: „רוסישע רעוואָלוציע“ און „לענין“ פאַרן דריטן לערניאָר אין הסכּם מיט דער פּראָגראַם פון די אידישע קינדער שולן באַם א. אַ. אָ.

די כרעסטאָמאַטיע איז גוטגעהייסן געוואָרן פון דער נאַציאָ־נאַלער עקזעקוטיווע פון די אידישע קינדער שולן באַם א. אַ. אָ. און פון דער קולטור קאָמיסיע באַם י. אַ. אָ.



Myold Printing Co., Inc. 446 161 Grand St., New York

# צום נייעם לעבן

## דאָרט באַם גרענעץ

דאָרט באַם גרענעץ, דאָרט באַם פעלד
שטייען יאַטן אויסגעשטעלט.
קיינמאָל דאָרשטיק, קיינמאָל מיד
שטייען יאַטן און מען היט.

דאָרט באַם גרענעץ יאָגן פערד
גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט.
ווער אַ יאַט איז, דאַרף זיין גרייט
אי פאַר טרויער, אי פאַר פרייד!

ביקס אַף פּלייצע, שווערד אין האַנט,
אויגן שטענדיק ווייט געווענדט.
קיינמאָל דאָרשטיק, קיינמאָל מיד
שטייען יאַטן און מען היט.

שווער איז איצטער אונזער צייט,
ביקס באַ פּלייצע, ביקס באַ זייט.
ציטערט בלוט אין הייסן לייב:
— „אָדער שטיי דאָ, אָדער בלייב!"

דאָרט באַם גרענעץ, דאָרט באַם פעלד
שטייען יאַטן אויסגעשטעלט.
קיינמאָל דאָרשטיק, קיינמאָל מיד
שטייען יאַטן און מען היט.

וואָס פאַר אַ יאַטן זיינען דאָס?
פאַרוואָס שטייען זיי באַם גרענעץ?

# ברידערלאַך

.1

איז עלעק איצט אַ יאַטל פון אַ יאָר זיבן, אַן אָקטאָ־בערל. עלעקס מאַמע איז אַ קרומע אַף אַ פוס. קרום געוואָרן פון אַ קויל, וואָס האָט זי געטראָפן אין דער צייט פון בירגער־קריג. נאָר עלעק האָט ליב זיין קרומע מאַמע און האָט ליב אויסצוהערן די מייסעלאַך פון יענע טעג.

— דערציייל, מאַמע, דערציייל, ווי אַזוי איז געווען?

און די מאַמע הייבט אָן דערציילן:

— געווען... אָט ווי געווען. טאַטע — אַ רויטגוואַר־דייער. ערגעץ ווייט אין קאַמף מיט די ווייסע. די מאַמע — אַליין. נאָר מיט דיין עלטרן ברודערל, שימקעלע. און שימקעלע אַ קליין אינגעלע. פינף יאָר אינגאַנצן.

הונגעריק — מאַמע. הונגעריק — שימקעלע, דאָס ברודערל דיינס.

— מיין ברודערל? — פרעגט עלעק, שטייענדיק אַף די קני מיט די עלנבויגנס אין מאַמעס שויס.

— דיין ברודערל — יאָ... — ענטפערט די מאַמע און טוליעט עלעקן צום האַרצן און שוויגט.

וויל עלעק וויסן, פאַרוואָס שוויגט די מאַמע, פאַרוואָס טרייסלט זי מיט די אַקסלען...

די מאַמע וויינט.

— דערציייל, מאַמע, — רעדט עלעק אַריין אין דער מוטערס בוזעם.

— דער טאַטע וועט קומען פון פאַבריק, וועט ער דערציילן.

דודיק — אַ ווערקער מיט צוויי פאַרהאַרטעוועטע הענט — עלעקס טאַטע — קומט אַהיים פון פאַבריק. עסט ער צום ערשט אָפּ. דערנאָך פאַרויכערט ער. דערנאָך נעמט ער עלעקן אַף די הענט און העצקעט אים, און העצ־קעט אים. ביז מען צעזינגט זיך, אַלע אינאיינעם:

לייכטע ווי ווינטן
שפּאַנען מיר, גייען —
אַרבעטער־קינדער
אין אונזערע רייען.״

אָבער עלעק וויל וויסן דעם סאָף פון דער מייסע. הערט מען אויף צו זינגען. און דודיק, דער ווערקער, מיט די צוויי שטייפע הענט, דערציילט:

— איז געקומען דער הונגער. זאָגט די מאַמע צו שימ־קעלען: „שימקעלע! קום צו דער אַלטער באַבע. באַבע האָט אַ הינדעלע, הינדעלע לייגט אַן אייעלע. באַבע וועט געבן שימקעלען אַ שטיקעלע איי.״

גייט מאַמע מיט שימקעלען צו באַבען. גייט מען אַזוי איבער גאַסן. לויפן אָן די ווייסע. און טראַך אַזוי אַף די גאַסן. און טראַך־טאַ־ראַ־ראַך! און באָם־בע־רע־באָם! זאָגט מאַמע: „שימקעלע! וואו ביסטו? לאָמיר אַנט־לויפן! מען שיסט!״ אָבער מאַמע קען שוין ניט אַנטלויפן. מאַמע איז געפאַלן. אַ קויל אין פוס. בלייבט מאַמע ליגן אַזוי אינמיטן גאַס. מיט נאָך געפאַלענע. מיט נאָך... מיט נאָך...

און ווען מאַמע האָט זיך אויפגעכאַפּט — איז זי שוין געווען אין שפּיטאָל. און שימקעלע ניטאָ נעבן איר. איז מאַמע געלעגן און געוויינט: וואו איז שימקעלע? אָבער שימקעלע — ניטאָ.

און אַז מאַמע איז אַראָפּ פון בעט, האָט זי גענומען אַ שטעקן און זיך געלאָזט הינקען אַהיים. אָבער אינדער־היים אויך ניטאָ שימקעלע. איז — זיך געלאָזט הינקען צו באַבען. אָבער באַבע איז שוין אויך ניטאָ. און הינדעלאַך אויך ניטאָ. בײדע פון הונגער געשטאָרבן. און — אויס.

און אַז טאַטע איז געקומען אַהיים פון דער רויטער אַרמיי און געטראָפן די מאַמע אַ קראַנקע, און שימקעלע — ניטאָ, האָט טאַטע געזאָגט צו דער מאַמען אַזוי: קום וועלן מיר אַוועקפאָרן אין דער גרויסער שטאָט, וועל איך אַריין

אין אַ פאַבריק, און דו, אַז דו וועסט געזונט ווערן — וועסטו אויך אַריין אין אַ פאַבריק. וועלן מיר בויען איינינעם דאָס כאָרעווע לאַנד. וועלן מיר זיך טרייסטן מיט דער גרויסער באַפרייטער אַרבעט פאַר אונז און פאַר אַלעמען.

זיינען מיר געקומען אַהער. אַרבעט טאַטע, נאָר מאַמע קען נאָך ניט אַרבעטן, ווייל ס'טוט ווי דער פוס. נאָר זינגען — זינגען מיר אַלע איינינעם:

„לייכטע ווי ווינטן,
שפאַנען מיר, גייען —
אַרבעטער־קינדער
אין אונזערע רייען."

.2

ס'האָט זיך דערנענטערט דער גרויסער יאָנטעוו. פון צענטן אָקטאָבער־יאָרטאָג.

און די פיאָנערן און אָקטאָבערלאַך האָבן זיך אויך געגרייט. דער גורל איז געפאַלן אויף עליעקן. עליעק דאַרף באַגריסן דעם גרויסן יאָנטעוו אין נאָמען פון די אָקטאָבערלאַך, ווייל ער — עליעק — איז דאָך דער סעקרעטאַר פון אָפּטייל!

— און ווער וועט באַגריסן אין נאָמען פון די פיאָנערן?

— פון די פיאָנערן וועט באַגריסן זייטשיק.

ווער איז זייטשיק?

אַ צוועלפיאָריקער פריילאַכער יאַט. אַ געוועזענער פאַרוואָרלאָזטער. זיך געוואַלגערט אין קעסלען. הינטער טויערן. געטראָגן אַ לאַנגן צעפליקטן ראָק מיט אָפּגעשיילטע וואַטענע אַרבל.

נעמען זיך קינדער צונויף אין אָפּטייל. האַלטן אָפּ אַ באַראַטונג, און מ'זאָגט:

— זייטשיק איז ניט ווי יענע פאַרוואָרלאָזטע, וואָס ווילן לעבן אויף הפקר. זייטשיק איז אַן אונזעריקער. זייטשיק זאָגט קיינמאָל ניט קיין ליגן. ער קומט אַלע

טאָג אין אָפּטייל. וויל ווערן אַ פּיאָנער. איז דערפּאַר נע־מען מיר אים אַריין. און פון היינט אָן און ווייטער איז זייטשיק אַ פּיאָנער. מיט אַלע פּיאָנערן צוגלייך.

און איצט —

צום צענטן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געפאַלן דער גורל אַף זייטשיקן צו באַגריסן דעם יאָנ־טעוו אין נאָמען פון זיין אָפּטייל.

.3

דער קלוב איז געווען אויסערגעוויינלאַך אויסגעפּוצט.

אין די פאָדערשטע רייען איז געזעסן דאָס יונגוואַרג.

און הינטן — טאַטעס און מאַמעס, אַרבעטער־עלטערן.

און —

ענדלאַך!

דער פאָרהאַנג עפנט זיך. דער פּאָרזיצער מעלדט די פּראָגראַם. צום ערשטן וועלן פאָרקומען באַגריסונגען, נאָכדעם אַ קאָנצערט, נומערן פון גימנאַסטיק, און נאָכדעם וועלן אַלע קינדער מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט, אַף אָטאָמאָבילן. און דער פּאָרזיצער ענדיקט:

— די ערשטע באַגריסונג וועט האַלטן דאָס קלענסטע אָקטאָבערל פון שול.

אַף דער בינע באַווייזט זיך עלעק. אין קלוב ברעכט אויס אַ דונערנדיקע פּאַטשעריי. אין קלוב ווערט שטיל. צווישן די עלטערן זיצט טאַויך הודיק, דער ווערקער, מיט די צוויי פאַרהאַרטעוועטע הענט. קוקט ער אַזוי אַף עלעקן.

איז גליקלאַך. און גרויס איז זיין פרייד. און אים טוט וויי, וואָס די מאַמע איז שוואַך, און דער פוס איז קראַנק, און זי האָט ניט געקענט קומען זען — עלעקן.

— ששש... אַ העל שטימעלע האָט זיך מיט אַ זילבער־קלאַנג צעטראָגן איבערן גאַנצן קלוב:

— כאַוויירים! איך באַגריס אייך אינם גרויסן טאָג פון צענטן אָקטאָבער־יובילייַ!... מיר זאָגן צו, אַז מיר וועלן זיך גרייטן איבערצונעמען די אַרבעט פון אונזערע טאַטעס!...

מיר, זאָגן צו, אַז מיר װעלן די דאָזיקע אַרבעט פּאָרזעצן געטריי!... מיר װעלן שטענדיק גיין אין װעג, װאָס אונז האָט געװיזן דער זיידע איליטש!...

— זאָל לעבן דער גרויסער אָקטאָבער־יאָנטעװ!

אַ שטורעם פון פרייד האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס הערצער. דער גאַנצער אוילעם איז געשטאַנען אַף די פיס און געפּאַטשט. די קאָמיוגישע קאַפּעליע האָט אויפגעשפּילט דעם אינטערנאַציאָנאַל. אַף דער בינע האָט זיך באַװיזן זייטשיק. דער פּאָרזיצער האָט געמאָלדן:

— אין נאָמען פון די פּיאָנערן װעט באַגריסן — זייטשיק.

.4

און זייטשיק האָט אָנגעהויבן:

— איך בין אַ געװעזענער פּאַרװאָרלאָזטער!...

אין קלוב איז געװאָרן שטיל, שטיל. אַלע האָבן געקוקט אַף זייטשיקן מיט גרויס ליבשאַפט, אַף זייטשיקן — דעם געװעזענעם פּאַרװאָרלאָזטן און איצטיקן פּיאָנער.

— אַף מיין פינפטן יאָר האָב איך פּאַרלאָרן מיינע עלטערן. פרי האָב איך אָנגעהויבן װאַנדערן. פון פעלד אַף פעלד. פון װעג אַף װעג. פון שטאָט צו שטאָט. מיט כעװרע, װי איך, מיט זיי אינײנעם געװאַנדערט. כעװרע האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן זייטשיק. מיין ריכטיקן נאָמען געדענק איך שוין ניט. מיין מאַמע געדענק איך יאָ. אָבער איך װייס ניט, צי זי לעבט. דאָס לעצטע מאָל, װאָס כ׳האָב זי געזען, איז זי געלעגן אין בלוט מיט אַ פּאַרװאונדעטן פוס. געװעקט זי, געװעקט זי, אָבער זי האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט. מיין טאַטן געדענק איך װייניק. געװען אַ רויטאַרמייער. און איצט אין גרויסן יאָנטעװ פון — — — — —

אָבער זייטשיק האָט ניט געענדיקט.

עמיצער איז פּלוצלונג אַרויף אַף דער בינע. עמיצער האָט אים פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צום האַרצן און געמורמלט קוים־קוים, שטיל־שטיל:

— מיין זון... מיין זון... מיין שימקעלע!...

און דער עמיצער אייז געווען דודיק דער ווערקער.

און אַז דער פּאָרזיצער האָט דודיקן אָפּגעשטעלט און אים געפרעגט, וואָס איז מיט אים — האָט דודיק אויפגע־הויבן זיין קאָפּ און געוואָלט אַ געשריי טאָן פאַרן גאַנצן אוילעם: ער איז מיינער! זייטשיק איז מיינער! מיין בלוט און פלייש! שימקעלע!

האָבן פריידיקע שטימען זיך צעגאָסן אין הונדערטער עכאָס:

— זאָלן לעבן די קינדער פון דער רעוואָלוציע!

און אַז די קאָמיוגישע קאַפּעליע האָט אָנגעהויבן שפּילן דעם אינטערנאַציאָנאַל — איז דודיק נאָך אַלץ געשטאַנען אַף דער בינע, אַ גליקלאַכער, אַן אויפגעשטראַלטער. פון איין זייט אַן אָקטאָבערל. פון דער צווייטער — אַ פּיאָנער: עלעק און זייטשיק.

---

אַ ר ב ע ט:

1. געפין אויס, ווער עס זיינען געווען די „פּארוואַרלאָזטע“.
2. וואָס האָט די סאָוועטן רעגירונג געטאָן מיט אָט די היימלאָזע קינדער?
3. וואָס וואָלט פון אַזאַ זייטשיק געוואָרן באַ אונז אין לאַנד?
4. לייען איבער די דערציילונג „ציר־ציו און נאָך אַזוינע ווי ער“ (אין דער אָפּטיילונג „לענין“).

כאַווער לענין האָט געזאָגט:

אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט   ד י   ק י נ ד ע ר!

# אין די יאַסלעס

אין די יאַסלעס שטראַלט מיט זילבערנער ריינקייט. די צימערן זיינען הויכע, ברייטע, גראַמע. שאַ־שטיל. די פינף־און־דרייסיק קינדער לאָזן זיך קימאַט ניט הערן. אָט זיינען גאָר די פּיצעלאַך — פון צוויי כאַדאָשים אָן.

די אויפעלאַך ליגן, קוקן מיט אָפענע אייגעלאַך אַרום זיך. די דערציערן גייט אַלע ווילע צו צו די בעטלאַך, קוקט, צי באַם קינד איז אַלץ אין אָרדענונג.

אינם צווייטן צימער געפינען זיך די גרעסערע — די, וואָס קאָנען שוין גיין. מיט יענע איז שוין ווינציקער אַר־בעט. קוים שטעלט זיך דאָס קינד אַף די פיס, דאַרף עס אָנהייבן געוויינען זיך באַדינען זיך אַליין.

צום עסן נעמט זיך יעדעס קינד אַליין אַרויס פון שאַפע דאָס אייגענע געפעס, טוט זיך אָן אַ פאַרטעכל און זעצט זיך אַף זיין אָרט.

אָבער דאָ ווערן דערצויגן ניט נאָר די קינדער.

די מוטערס זיינען אויך אַלע אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט פון די יאַסלעס.

נאָך זייער אַרבעט קומען די מוטערס אַהער און לער־נען זיך מיט די דערציערנס לייענען און שרייבן. אַלע טאָג דעזשורעט איינע פון די מוטערס אין די יאַסלעס, פאַר־צייכנט אין אַ באַזונדער בוך אירע איינדרוקן פאַר דעם טאָג.

1. געפין אויס פאַרוואָס די מאַמעס האָדעווען אַליין נישט זייערע קינדער.

2. זיינען דאָ אין לאַנד פאַראַן יאַסלעס? ווער באַנוצט זיך מיט זיי? ווער האַלט דאָ אויס די יאַסלעס?

# פון אַ בריוו אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

כאַווײַרים טײַערע, מיר זײַנען אײַך מעקאַנע
און צײלן דאָ מיט ציטער אײער יעדן זיג;
וויפל נײַע הײזער ס׳זײַנען שוין בײַ אײַך פאַראַנען,
און וויפל נײַע טײלן אין יעדערער פאַבריק.

מיר לײענען אײערע שריפט און לידער,
און קריגן לעבעדיקע גרוסן אויך;
און יעדעס ליד איז פול מיט לעבעדיקן רודער,
פון אַלע גרוסן אָטעמט יונגער קויאַך...

# צוליב וואָס מען דאַרף די רויטע אַרמיי

אין שטעטל זײַנען אָנגעקומען רויטאַרמײער. זײ האָבן גע־שפּאַנט אין רײען, אַף די פּלײצעס ביקסן געטראָגן. זײ האָבן געזונגען לידער.

צוויי אינגלאַך האָבן זיך געשפּילט אַף דער גאַס אין פערדלאַך. אַז זײ האָבן דערזען די רויטאַרמײער, האָבן זײ געוואָרפן די שפּיל און זיך געשטעלט קוקן, ווי רויטאַרמײער מאַרשירן.

— שימעק, האַ, שימעק?

— וואָס?

— נאָכוואָס דאַרף מען די רויטע אַרמיי?

שימעק האָט זיך צעלאַכט:

— אַ נײַס! ווײסט ניט נאָכוואָס? זעסט דאָך. די רויטע אַרמיי איז אַף צו זינגען לידער.

— עס קען ניט זײַן, גאָר לידער זינגען, וואָלטן זײ דאָך געשטאַנען אַף אַן אָרט. גיב נאָר אַ קוק: זײ גײען אַלע אין שטיוול, מאַר־שירן גלײַך. מיסטאָמע איז זײער אַרבעט — גײן איבער די גאַסן.

— און איך זאָג: לידער זינגען.

האָבן זײ זיך געלאָזן גײן נאָך די רויטאַרמײער. גײן איז געווען ניט ווײַט. הינטערן שטעטל אין פעלד האָבן די רויטאַרמײער אַרויס־גענומען רידלען, אויסגעגראָבן אַ קאַנאַווע ניט קײן טיפע. נאָכדעם

האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אין דער קאַנאַווע און די ביקסן אָנגעצילט.
זאָגט יאָסל:

— זעסט, שימעק, לאָזט זי קראַוים, אַז מיר האָבן ביידע ניט געטראָפן. ניט קיין לידער זינגען זיי, ניט זיי גייען, נאָר באַהאַלטן זיך אין קאַנאַווע, אַז קיינער זאָל זיי ניט זען.

— עמעס, — זאָגט שימעק, — דאָס איז זייער ארבעט — אין באַהעלטערלאַך שפּילן. קום אַהיים. זיי קענען נאָך אַרויסשפּרינגען אויך.

פלוצלונג האָט אַ דונער געטאָן. זיי האָבן זיך דערשראָקן און באַהאַלטן הינטער די ביימער. אַביסל אָפּגעוואַרט און גענומען קריכן אפן בויך. זעען זיי — אין פעלד שטייט אַ האַרמאַט אַ גרויסער און שיסט אַפן וואַלד. באַם האַרמאַט שטייען רויט-אַרמייער. ווי נאָר מען שיסט אויס, אַזוי דערלאַנגט מען שוין אַ נייע קויל.

יאָסל איז געוואָרן ניט-טויט ניט-לעבעדיק און נאָר באַווייזן זאָגן שימעקן:

— זעסט, שימעק, ס'אַראַ שטיקל ארבעט דאָס איז. זעסט, — און ביידע האָבן זיך געלאָזן לויפן פאַר שרעק. זיי לויפן אַזוי — ערשט רייטער פאָרן אָן. זיצן רויטאַרמייער אַף פערד, באַ יעדן איז אַ ביקס אַף די פּלייצעס, אַ שווערד באַ דער זייט און פון פאָרנט פּיקעס. די אינגלאַך האָבן קוים באַוויזן אין וועלדל אַריינלויפן.

— אַהאַ, — זאָגט שימעק, — זיי יאָגן זיך אַף פערד.

שטייט באַם קוסט אַ רויטאַרמייער מיט אַ ביקס, קוקט זיך אַרום אַף אַלע זייטן. האָט ער באַלד דערזען די אינגלאַך און אויסגעשריען:

— שטיי! ווער איז דאָרט?

שווייגן די אינגלאַך. דערשרעקן זיך זייער.

צום סאָף איז יאָסל געוואָרן דרייסטער.

— מיר, זיינען מיר דאָ פון שטעטל ניט ווייט. מיר האָבן זיך נאָר געוואָלט דערוויסן, אַף וואָס מען דאַרף די רויטע ארמיי.

— נו, האָט איר זיך דערוואוסט?

— מיר האָבן זיך יאָ עפּעס דערוואוסט, אָבער מיר פאַרשטייען ניט, צי אַף לידער זינגען, צי אין באַהעלטערלאַך שפּילן, מיר פאַרשטייען ניט גוט.

האָט זיך צעלאַכט דער רויטאַרמייער און זאָגט:

— געזען האָט איר, כעווערע, גוט, אָבער פאַרשטאַנען ניט אינגאַנצן. די רויטע ארמיי איז ניט אַף דעם, אַז זי זאָל קינדער ניט לאָזן אַהיים גיין, נאָר אַף דעם, אַז זי זאָל די ארבעטער און פּויערים פאַרהיטן פון סאָנים. זי דאַרף דעריבער אַלץ זען, אַלץ קענען און אומעטום צו דער צייט זיין.

ניט אין באַהעלטערלאַך שפּילן מיר, נאָר אונזער ראַטן-לאַנד

פאַרהיטן מיר פון די סאָנים. פון די האַרמאַטן לערנען מיר זיך שיסן אַף די ווייסגוואַרדייער, אַף די גווירים און פּריצים, וועלכע ווילן אַף אונזער לאַנד אָנפאַלן. ווען מיר וועלן אַלע סאָנים פון די אַרבעטער און פון די פּויערים צעקלאַפּן, וועלן מיר אַהיים גיין מיט געזאַנג.

— איצט פאַרשטייען מיר שוין. אָבער איינס איז אונז ניט קלאָר, — ענטפערן די כעוורע, — פאַרוואָס קומט ניט דער סוינע, אַז אַלץ איז גרייט באַ אונז?

— דערפאַר, כעוורע, גייט ער טאַקע ניט, ווייל באַ אונז איז אַלץ גרייט צו באַגעגענען אים. איצט גייט אַהיים און גריסט פאַר מיר אין שטעטל.

אַרבעט:

מאַכט אַ שפּיל פון דעם, וואָס איר האָט געלייענט.

לערנט דאָס ליד „דאָרט באַם גרענעץ“, פון א. פּעפּער.

# פאַבריק־פייפלאַך

ווען עס פייפן די פרימאָרגנדיקע פאַבריק־פייפלאַך, איז עס שוין ניט קיין רוף צו פאַרשקלאַפונג. ס'איז דאָס ליד פון דער צוקונפט.

מיר האָבן אַמאָל געאַרבעט אין קלאָגעדיקע וואַרשטאַטן און אָנגעפאַנגען די אַרבעט פאַרטאָג, ווער פריער, ווער שפּעטער.

איצט שרייען די פייפלאַך אַכט אַזייגער אינדערפרי פאַר אַ גאַנצן מיליאָן מיטאַמאָל.

איצט הייבן מיר אָן די אַרבעט פונקט צו דער מינוט. אַ גאַנצער מיליאָן נעמט דעם האַמער אין האַנט און איין און דעמזעלבן אויגנבליק.

אונזערע ערשטע קלעפּ דונערן צוזאַמען.
וואָס־זשע זינגען די פאַבריק־פייפלאַך?
— ס'איז דער הימן פון אייניקייט!

1. קאָמפּאָזיציעס: פאַרוואָס איז אַרבעט אַ קלאָלע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט?

2. פאַרוואָס גייען די אַרבעטער אין ס.־ף. מיט פרייד צו דער אַרבעט?

# פּיאַטילעטקאַ

אין באַפרייטן לאַנד,
אין סאָוועטן־לאַנד —
היט דאָס לאַנד פון אַרבעט
רויטאַרמייערס האַנט.
בויט מען דאָרט פאַבריקן,
בויט מען נאַכט און טאָג,
ליכטיקע זאַוואָדן
אַף אַ יעדן ראָג.
און אין די זאַוואָדן
פון באַפרייטן לאַנד
אַרבעט פלייסיק, מונטער
באַלעבאָס פון לאַנד.
באַאַרבעט דאָרט די פעלדער
פויערים־קאָלעקטיוו;
דאָרף און שטאָט צוזאַמען
איין קאָאָפּעראַטיוו.
האַלט מען זיך אין וועטן:
קיינער טוט ניט יאָגן!
וואַקסן פּיאַנערן:
שטענדיק, שטענדיק גרייט!
זיי לערנען זיך באַשיצן
לאַנד — פון קליינערהייט.
וואַקסן קאָמסאָמאָלצעס,
שטאַרקע ווי גראַניט,
פלאַם און פייער בליקן,
האַמערדיקע טריט.
שיינט דער רויטער שטערן,
רויט ווי אונזער בלוט.
און דער סערפּ און האַמער
באַפּאַנצערט אונז מיט מוט.



# אין קאָלאָניע

כ׳האָב אָפּגעשטעלט אַ יאַטל.

— ביסט שוין לאַנג דאָ אין קאָלאָניע?

— איך, איך?... מאָטקע! וויפל אַז מיר זיינען דאָ? פינף כאַדאָשים? יאָ, יאָ, פינף כאַדאָשים זיינען מיר דאָ.

— און ווי פילט איר זיך דאָ, כעוורע? אומעטיק, האַ? געוויס, האָב איך געטראַכט. מוז זיי, די קינדער, דאָ אומעטיק זיין אַפן פעלד.

— וועמען אומעטיק? — אַז מ׳אַרבעט, איז ניט אומעטיק!

כ׳האָב זיך פאַרוואונדערט:

— וואו אַרבעט איר? ווען אַרבעט איר?

האָבן מיך די כעוורע באַפאַלן:

— וואָס מיינט איר, אַ גאַנצן טאָג שפּילן מיר אין באָל? מיר אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אַפן פעלד און אַפילע באַנאַכט האָבן מיר קיין רו ניט. אָט, באַלד פאָרן מיר אַפן פעלד פּאַשען די פערד.

— זאָג דעם כאַווער, — האָט אַ מיידל געשטורכעט דעם יאַט אין זייט אַריין, — זאָג אים, אַז מיר אַרבעטן נאָך אַכוץ דעם אויך, זאָג אים.

— וואָס, באַ אייך איז פאַראַן אַן אָפּטייל ?
— פאַרשטייט זיך, פאַראַן.

— איז וואו זיינען דאָס אייערע אויסשטעלונגען און ווינקלען ?

זי האָט מיך אַ פּאָר מינוט שטום אָנגעקוקט און זיך פריידיק אָנגערופן :

— אַ קונץ איז אויפהענגען און שאַפן אַף די ווענט ווינקלען ?... מיר האָבן אַנדערע ווינקלען !

ס'זיינען צוגעגאַנגען נאָך כעוורע.
— איז וועלכע ווינקלען האָט איר ?

אונזערע ווינקלען זיינען די גערטנער, וואָס מיר פאַרהיטן, זיי זאָלן ריין זיין און ניט צעטראָטן ווערן פון דער טשערעדע . . .

— אונזער ווינקל,—האָט איר איבערגעשריען אַ יאַטל, —זיינען אונזערע צוזאַמענוואוינונגען, אונזערע שטיבער, וואו מיר פירן אַן אָרדענונג . . .

— אונזער ווינקל איז דער קינדער־פּלאַץ, וואו מיר אַרבעטן.

1. די אידן אין אלטן רוסלאַנד האָבן זיך ניט פאַרנומען מיט קיין עד־אַרבעט, ווייל — — — — — —
2. ביז דער רעוואָלוציע האָבן זיי געלעבט פון האַנדל, ווייל — — —
3. נאָך דער רעוואָלוציע זיינען זיי געבליבן אָן מיטלען צום לעבן, ווייל — — — — —
4. די אַרבעטער־רעגירונג האָט באַזאָרגט אידן מיט לאַנד אין 1 — — — — — 2 — — — — — —
5. די אָרגאַניזאַציע, וועלכע העלפט דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז — — — — — — —

# א נײַ װיגליד

ס׳איז קײן ברױט אין שטוב ניטאָ נאָך,
שלאָף, מײַן קינד, מײַן שטײפּס,
איך קען נאָך איצטער דיר ניט זינגען
פון אַ פעלד, װאָס רײַפט.

פעט און זאַפטיק זײַנען פעלדער,
און אין שטוב איז לער,
נאָענט גײט אַרום דײַן טאַטע,
רײַסט אױף ברײט די ערד.

גײט דײַן טאַטע נאָכן אַקער
שװער און אױסגעדרײט,
װעט כאָטש גײן בײַ דיר דער אַקער,
װי אַן אַקער גײט...

דו װעסט װאַקסן, דו מוזט װאַקסן,
מיטן װאוקס פון בױם,
שװערע מי װעט זײַן דײַן כאַװער,
פעטע ערד — דײַן הײם.

װען ס׳װעט װערן, װי מען זאָגט אונז, —
גרינג אַף גאָרער ערד,
זאָלסטו װיסן, אַז דײַן מאַמען
איז געװעזן שװער...



# אַ בריוו

„מיין טייערער זון נאַכעם!

ערשטנס, זיי וויסן, אַז איך, בער דער טרעגער, בין אַף דער עלטער געוואָרן אַ קאָלאָניסט, אַ דאָרף-מענטש, הייסט עס. דיינע ברידער לייבוש און איציק און זייערע ווייבער און קינדער זיינען גע-וואָרן קאָלאָניסטן, און דאָ זיינען מיר געוואָרן גאָר אַנדערע מענטשן. דאָ דאַרפן מיר ניט שטיין מיט אַרומגעבונדענע שטריק, ווי מיר פלעגן שטיין אין שטאָט אַפן גרויסן פלאַץ און וואַרטן ביז אימיצער וועט רופן אָ פעקל אָדער אַ זעקל אָפצוטראָגן. ניטאָ דאָ קיין זאָרגן יעדן טאָג. בלויז איין זאָרג — רעגן אין צייט. און די מאַמע ערד איז אַ גוטע. און זי גיט שוין עסן אַף אַ גאַנץ יאָר.

דאָס ערשטע יאָר איז געווען אַביסל פריקרע. כאָטש געזונטע הענט האָבן מיר, נאָר די ארבעט האָט זיך ניט געקלעפּט. נאָר היינט קומען זיך שוין די שכייניזשע פויערים באַ אונז פרעגן אַן אייצע. מיר האָבן אַרויסגעטריבן היינטיקס יאָר דאָס ברויט אַזוי הויך, אַז די פּיאָ-נערלאַך זינגען:

> ברויט, ברויט, וואַקסט העכער, העכער
> ביז איבער דאָרפישע דעכער.

נאָר וואָס שרייב איך דיר פיאָנערלאַך. דו ווייסט דאָך מיסטאָמע ניט אין דיין גאָלדענער אַמעריקע, וואָס פּיאָנערלאַך זיינען. הער-זשע זיך איין מיט קאָפּ: אונזער מאַכט, די סאָוועטן-מאַכט, ווערט אָנגע-פירט פון קאָמוניסטן. ניט יעדער קען זיין אַ קאָמוניסט. מען דאַרף האָבן אַ קאָפּ אַף זיך, ניט קיין קעפּל קרויט, און אַ צונג דאַרף מען האָבן, וואָס זאָל גיין אַף שרייפלאַך. די אינגלאַך און מיידלאַך קאָמו-ניסטן רופן זיך קאָמיוג, קאָמסאָמאָל. און די קליינע קאָמוניסטלאַך רופט מען פּיאָנערן.

און אָט איצט אָ, זיצט לעבן מיר לייבושעס אַ מאַלעקאָסאָס און שרייבט פאַר מיר דעם בריוו. איך זאָג אים וואָס און ער לייגט עס אַוועק אפן פּאַפּיר. איך וויל דיר שרייבן אין מיינע ווערטער, דו זאָלסט גוט פאַרשטיין, אָבער מענדל לאָזט ניט. ער זאָגט אַז עס איז ניט שיין. אַ ברייערע האָב איך, אַז איך קען ניט שרייבן. אוי, איז ניט גוט, אַז מען קען ניט. ווען איך בין אין דיינע יונגע יאָרן, נאָכעם, וואָלט איך זיך נאָך געלערנט.

איך וויל דיר זאָגן דעם עמעס: אַרן און לייבוש זיינען זייער אין קאַעס אַף דיר, אַף שימלען, אַף אַוורעמלען און אַף גאַנץ אַמעריקע. אייגענע זין און אייגענע ברידער זאָלן ניט אַריינשיקן אַ בריוול,

און אויב דו ווילסט, אַז מיר זאָלן זיך רעכענען פאַר אייגענע, זאָלסטו גלייך שרייבן. און אויך זאָלסטו זען, אַז שימעלע און אורעמל זאָלן שרייבן. מיינע עלטסטע איניקלאַך זאָלן צושיקן אַ בריוו. און אַ בריוו זאָל זיין אַ גרויסער, ס׳זאָל זיין וואָס צו לייענען, פון יעדן איינעם באַזונדער, פון דיין הויז־געזינד און אַלע אייגענע.

און איצט הער זיך צו מיט קאָפּ: די סאָוועטישע מאַכט האָט אונז געגעבן אומזיסט ערד, זי האָט אונז געליען געלט און געהאָלפן בויען הייזער. נאָר איין זאַך פעלט אונז — אַ טראַקטאָר. דאָס איז אַזאַ מין אויטאָמאָביל, וואָס קען אַקערן און זייען, און עסן עסט עס ניט. פאַרשטייסט, דאָס איז אַ טייערע זאַך. דעמאָלט וואָלטן מיר גענומען די ערד אין די הענט אריין, אַז אַ רויך וואָלט געגאַנגען. אַיי, ווען דו קענסט צושיקן אַ טראַקטאָר!

דיינע ברידער לאַכן שוין פון אַלטן טאַטן. זיי זאָגן, אַז דאָס קען נאָר טאָן די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט „איקאר“. אַ טרעגערס אַ זון, און דערצו אַ פּרעסער אין אמעריקע, האָט קיין סייכל ניט צו אַזעלכע זאַכן. בין איך דאָך אָבער אַ שטיקל טאַטע. עמעס, שוין טאַקע אַן אַלטער, נאָר פונדעסטוועגן גייט באַ מיר נאָך דער אַקער גלייך.

נו, דער מאַלאַקאָסאָס איז שוין מיד.
טאָמער ענטפערסטו באַלד קיין בריוו ניט, וועט — — — —
אַ גרוס דיין הויזגעזינד און אַלע פריינט.

בער בורעי“.



# היי, ערדעלע!

היי, ערדעלע, דו ערדעלע
שוואַרץ ערדעלע, דו מיין!
וואָס ווילסטו דאָ, מיין ערדעלע,
וואָס ווילסטו דאָ מיר זיין?

צו זיין ווילסטו מיר, ערדעלע,
אַ היים אינם פרייען לאַנד,
און היטן מיך און פיטערן
פון דער פולער ברייטער האַנט?

צו זיין ווילסטו מיר אַ פריינטעלע
אַף לאַנגע, לאַנגע יאָר
ווען זייען כ'וועל מיין היינטעלע
זאָלן מאָרגנס אויפגיין קלאָר.

היי, ערדעלע, דו ערדעלע
כ'בין דאָ מיט דיר מיין ערדעלע
אַף בלייבן און אַף זיין.

שרייב אָן אַ מייסעלע ווי דו מאַכסט אַ גאָרטן.

אַרבעט:

1. געפין אויס, ווער איז דער „געזוערד“?
2. ווער — דער „קאָמערד“?
3. באַשרייב דיין „איקאָר“-ווינקל אין שול.

# אידישע פּאַרנאָסעס

## מיין ברודער עליעס געטראַנק.

— מאַמע! דאַנקען גאָט, מיר זיינען געהאָלפן. מיט פּאַרנאָסע זיינען מיר פאַרזאָרגט אָט אַזוי ווייט (דער ברודער עליע ווייזט מיט דער האַנט אַפן האַלז).

— וואָס איז דען? — פרעגט די מאַמע — האָסט געקראָגן אַ שטעלע?

— נאָך בעסער פון אַ שטעלע. — ענטפערט איר מיין ברודער עליע, און די אויגן באַ אים לייכטן. אַפּאָנים, פון גרויס סימכע. ער הייסט איר ווארטן נאָך עטלאַכע טעג, ביז דאָס בוך וועט אים אָנקומען.

— וואָסער בוך? — פרעגט אים די מאַמע.

— ס'איז שוין איינמאָל אַ בוך! — זאָגט איר מיין ברודער עליע און ער לאָזט זיך גיין אַף דער פּאָסט. אַלע טאָג גייט ער אַף דער פּאָסט און פרעגט זיך נאָך אַפן בוך.

---

שאַט, שוין דאָ דאָס בוך! מיר האָבען דאָס נאָר אויסגעפּאַקט, האָט מיין ברודער עליע זיך אַוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. וויי־וויי וואָס ער האָט דאָרט אויסגעלייענט! וויפל סגולעס אַף צו מאַכן געלט דורך פאַרשידענע רעצעפּטן! אַ רעצעפּט אַף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ כוידעש דורך מאַכן גוטן שוואַוואַקס. אַ רעצעפּט אַף צו פאַר־דינען הונדערט רובל אַ כוידעש און מער דורך מאַכן ליקערן, זיסע בראָנפנס, לימאָנאַד, סאָדע־וואַסער און אַנדערע נאָך מער ביליקע גע־טראַנקען.

מיין ברודער עליע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן לעצטן רעצעפּט. די פראַגע איז נאָר, צו וואָסער געטראַנק זאָל מען זיך נעמען? צו ליקערן און זיסע בראָנפנס דאַרף מען האָבן ראָטשילדס פאַרמעגן. צו לימאָנאַד און סאָדע־וואַסער דאַרף מען האָבן אַ מאַשינע אַזעלכע, עפּעס אַ מין שטיין, וואָס קאָסט מי יעדייע וויפל! בלייבט איבער נאָר איין זאַך: קוואַס! קוואַס איז אַזאַ מין געטראַנק, וואָס קאָסט וואָלוול און עס גייט אַוועק אַ סאַך, און ביפראַט נאָך אין אַזאַ הייסן זומער ווי היינט.

פון קוואַס, דאַרפט איר וויסן, איז באַ אונז באָרעך דער קוואַסניק געוואָרן אַ גוויר. ער מאַכט „בוטל־קוואַס“. זיין קוואַס האָט אַ שעם אַף דער וועלט. ער שיסט פון די פלעשער ווי פון אַ האַרמאַט.

אונזער קוואַס, וואָס מיין ברודער עליע מאַכט נאָכן רעצעפּט, איז ניט קיין בוטל־קוואַס און שיסט ניט. אונזער קוואַס איז אַן אַנדער

מיין געטראַנק. ווי אַזוי ער ווערט געמאַכט, קאָן איך אייך ניט זאָגן. מיין ברודער עליע לאָזט קיינעם ניט צו, בעשאַס ער מאַכט אים. אַז ער גיסט וואַסער, זעען אַלע. נאָר אַז ער האַלט אין רעכטן מאַכן, פאַרשליסט ער זיך אין דער מאַמעס אַלקער. ניט איך, ניט די מאַמע, ניט מיין שוועגערין בראָכע — קיינער האָט ניט די זכיע צו זיין דערביי. נאָר אויב איר זאָגט מיר צו, אַז סוועט זיין אַ סאָד, קאָן איך אייך זאָגן, וואָס אין דעם געטראַנק געפינט זיך. איך וויים דאָך, וואָס ער גרייט צו. דאָרט געפינט זיך שאָלעכץ פון לימענע, אַ זאַך, וואָס מ'רופט דאָס קרימעטאַרטערום און וואָס איז זויערער פון עסיק, און דאָס איבעריקע— וואַסער. וואַסער איז דאָרטן מער פון אַלצדינג. וואָס מער וואַסער— מער קוואַס. דאָס אַלץ ווערט גוט איסגעמישט מיט אַ פראָסטן שטעקן, אַזוי שטייט געשריבן אין בוך. און דאָס געטראַנק איז פאַרטיק. נאָכ־דעם ווערט עס אַריינגעגאָסן אין אַ גרויסן קרוג, און מ'וואַרפט אַהין אַריין אַ שטיק אייז. אייז איז דער איקער! אָן אייז טויג דאָס גאַנצע געטראַנק אַף טישע ניינציק קאַפּאָרעס. דאָס זאָג איך אייך ניט פונעם בוך, נאָר איך האָב איינמאָל אַליין פאַרזוכט אַביסל קוואַס אָן אייז, האָב איך געמיינט, אַז ס'איז אַן ענדע פון מיין לעבן!

---

געמאַכט דאָס ערשטע פעסל קוואַס, איז געבליבן, אַז אַרויסטראָגן פאַרקויפן עס אַף דער גאַס זאָל איך. אַלע האָבן געפּאַסקנט, אַז דאָס דאַרף זיין מיין אַרבעט. איך אַליין האָב אויך אַזוי געדענקט. איך האָב מיך מעכאַיע געווען, אַז איך האָב דערהערט די נייס. מיין ברודער עליע האָט גענומען מיך לערנען, ווי אַזוי איך זאָל טאָן. דעם קרוג זאָל איך האַלטן אין איין האַנט אַף אַ שטריקל, די גלאָז אין דער אַנדע־רער האַנט,און ביכדיי דער אוילעם זאָל זיך אָפּשטעלן, זאָל איך זינגען הויך און מיט אַ ניגן, אָט אַזוי:

אידן! אַ געטראַנק!
אַ קאָפּיקע אַ גלאָז!
קאַלט און זיס —
אַ דערקוויקעניש...

אַ קאָל, האָב איך שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך האָב אַ שיינס, אַ כאַפּראַנאָ־שטים, בעירושע פון מיין טאַטן. איך האָב געגעבן אַ זינג אַרויס אַף אַ קאָל און איבערגעדרייט דעם פּאַסעק מיט די פּיס אַרויף:

זיסע קוואַס אַ גלאָז:
אַ קאָפּיקע אַ איד!
אַ קוויק און אַ קאַלט —
אַ דערטרינקעניש!...

איך ווייס ניט: — צי מיין געזאַנג איז אַזוי געפעלן געוואָרן, צי דאָס געטראַנק איז טאַקע געוועזן אַזוי גוט, צי עפּשער ווייל דער טאָג איז געוועזן זייער אַ הייסער? — איך האָב דעם ערשטן קרוג אויסגע־פּאַרקויפט אין אַ האַלבער שעה און בין געקומען אַהיים קימאַט מיט פינף גילדן פידיען. אָפּגעגעבן דאָס געלט דער מאַמען, און מיין ברודער עליע האָט מיר באַלד אָנגעגאָסן אַ פרישן קרוג. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל מיך קאָנען אויסדרייען אַזוי פינף־זעקס מאָל דורכן טאָג, וועלן מיר האָבן פּאַרדינט פּונקט הונדערט רובל אַ כווידעש. דאָס גאַנצע געלט גייט אַף אייז. דאַרף מען זען וואָס־גיכער אויספּאַרקויפן דעם קרוג מיטן געטראַנק, ביכדיי דאָס שטיקל אייז זאָל צונויץ קומען אַפן צווייטן קרוג און אַפן דריטן קרוג און אַזוי ווייטער. דעריבער דאַרף מען מיטן געטראַנק גיין גיך, טאַקע לויפן. נאָך מיר לויפן נאָך אינגלאַך, שקאָצים. זיי קרימען מיך איבער ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער ווי דעם קאָטער. איך זע וואָס־גיכער אויסברענגען דעם קרוג און לויפן אַהיים נעמען נאָך אַ קרוג. וויפל איך האָב געמאַכט דעם ערשטן טאָג, ווייס איך אַליין ניט. איך ווייס נאָר, אַז מיין ברודער עליע מיט מיין שוועגערן בראָכע מיט מיין מאַמען האָבן מיך שטאַרק געלויבט.

---

גייט זייט אַ נאָווי און טרעפט, אַז עס וועט זיך טרעפן אַזאַ מין אומגליק, און אונזער געטראַנק זאָל ווערן פּאָסל, כאָטש נעמט גיסט עס אַרויס! נאָך אַ נעס, וואָס מען האָט מיך ניט פּאַרנומען אין פּאָליציי. הערט אַ מייסע! איינמאָל האָב איך פּאַרבלאָנדזשעט מיטן קרוג קוואַס צו אונזער שכיינע פּעסי. דער גאַנצער אוילעם האָט גענומען צו גלעזלאַך קוואַס, און איך אַליין אויך מיט זיי. אויסגערעכנט, אַז עס פעלט מיר אַ גלעזלאַך צוועלף־דרייצן געטראַנק, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט אין הויז, דאָרטן, וואו דאָס וואַסער שטייט באַ זיי. אָנשטאָט דער דייזשע מיט וואַסער, האָב איך, אַפּאָנים, געטראָפן צו דער באַליע, וואָס מען וואַשט וועש, און האָב אַריינגעפּליאַסקעט אַ 15־20 גלעזער צו מיר אין קרוג אַריין און בין אַוועק אין גאַס אַריין מיט אַ נייעם ניגן, וואָס איך אַליין האָב צוגעטראַכט:

אידן, אַ געטראַנק!
טאָס גאַניידן!
אַזאַ יאָר אַף מיר,
אַף אייך און אַף אונז ביידן!

שטעלט מיך אָפּ אַ איד, באַצאָלט מיר אַ קאָפּיקע און הייסט זיך אָנגיסן אַ גלעזל קוואַס. ער טרינקט אויס די גאַנצע גלאָז און פּאַרקרימט זיך.

— אינגעלע, וואָס איז דאָס באַ דיר פּאַר אַ געטראַנק?

איך הער אים און טראַכט. עס שטייען נאָך צוויי אידן און וואַרטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן. איינער זופּט אָפּ אַ האַלבעגלאָז, דער אַנדע־רער אַ דריטל. זיי באַצאָלן, שפּייען אויס און גייען אַוועק. נאָך איינער טראָגט צו די גלאָז צו די ליפּן, ער פאַרזוכט און זאָגט, אַז עס שמעקט מיט זייף און ס'איז, דאַכט זיך, געזאַלצן. נאָך איינער טוט אַ קוק אַף דער גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס אי דאָס באַ דיר?

— אַזאַ געטראַנק, — זאָג איך.

איינער גייט צו, פאַרזוכט, טוט אַ פליאַסקע אויסדי גלאָז גלייך מיר אין פּאָנים אַריין. אין אַ מינוט אַרום שטייט אַרום מיר אַ גאַנץ רעדל מיט אידן, ווייבער און קינדער. אַלע ריידן, מאַכן מיט די הענט, קאָכן זיך. דערזעט אַ יאָוון, אַז מען קלייבט זיך, גייט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ? דערציילט מען אים. גייט ער און קוקט אַריין צו מיר אין קרוג אַריין און הייסט זיך געבן פאַרזוכן. גיס איך אים אָן אַ גלאָז מיט קוואַס. דער יאָוון טוט אַ טרינק אָפּ און שפּייט אויס און ווערט מאָלערעציכע.

— וואו האָסטו עס גענומען? — פרעגט ער מיך.

— דאָס איז פון אַ בוך, — זאָג איך אים, — מיין ברודערס מע־לאָכע, מיין ברודער אַליין מאַכט דאָס.

— ווער איז דיין ברודער?

— מיין ברודער עליע, — זאָג איך אים.

— וואָסער עליע? — פרעגט ער מיך.

— דאַבער ניט, דו נאַרישער יאָלד אַף דיין אָכי! — זאָגן צו מיר עטלאַכע אידן, אַלע מיטאַמאָל. עס ווערט אַ טומל, אַ ראַש, אַ מעהומע. אַלע מינוט קומען צו נייע מענטשן. דער יאָוון האַלט מיך פאַר אַ האַנט און וויל אונז אָפּפירן (מיך מיטן געטראַנק) גלייך אין פּאָליציי אַריין. דער טומל ווערט נאָך גרעסער: „אַ יאָסעם, נעבאַך, אַ יאָסעם!„ — הער איך פון אַלע זייטן. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איך האַלט שמאָל. איך קוק אַפן אוילעם, וואָס אַרום מיר: „אידן, האָט ראַכמאָנעס!“... מען וויל אַריינרוקן דעם יאָוון אַ מאַטבייע, דער יאָוון נעמט ניט. רופט זיך אָן צו מיר איינער, אַן אַלטער איד מיט געניווישע אויגן, פאַר־שטעלט, אַף העברייאיש:

— מאָטל! רייס דעם יאַד פונם יאָוון און הייב אויף די ראַגלאַיים און מאַך פּלייטע!

איך טו זיך אַ ריס, נעם די פיס אַף די פּלייצעס און מאַרש אַהיים! ניט טויט, ניט לעבעדיק פאַל איך אַריין אין שטוב אַריין.

— וואו איז דער קרוג? — פרעגט מיך מיין ברודער עליע.

— אין פּאָליציי! — ענטפער איך אים און פאַל צו צו דער מאַמען מיט אַ געוויין.

# מיר פאַרפּלייצן די וועלט מיט טינט.

אוי, בין איך געווען אַ נאַר! דערפאַר, וואָס איך האָב פאַרקויפט ניט אַזאַ גוטן קוואַס, האָב איך געמיינט, אַז מ׳וועט מיך קעפּן! צום כאָפּ גאָרניט. אומזיסט איבערגעשראָקן. מיין ברודער עליע פאַלט ניט אַראָפּ באַ זיך דערמיט, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעבריט אָפּן קוואַס. אַבי ער האָט דאָס בוך, איז אים גוט. ער זיצט און לערנט אים אָף אויסנווייניק. דאָרטן זיינען דאָ אָן אַ שיר רעצעפּטן, ווי אַזוי מען מאַכט געלט. ער קען שוין קימאַט אַלע רעצעפּטן. ער רעכנט זיך נעמען צו טינט. טינט, זאָגט ער, איז אַ גוטער אַרטיקל. אַלע לערנען זיך שרייבן. ער איז אַ באַלן געווען פרעגן באַ אידל דעם שרייבער, וויפל גייט אַוועק באַ אים טינט. זאָגט ער: אַ פאַרמעגן! אידל דער שרייבער האָט עפּשער זעכציק מיידלאַך, וואָס ער לערנט זיי שרייבן. אינגלאַך לערנען ניט באַ אים. מ׳האָט פאַר אים מוירע, ער שלאָגט מיט אַ ווירע איבער די הענט. מיידלאַך קאָן מען ניט שלאָגן.

מיין ברודער עליע איז אַוועק אין דער אַפּטייק און האָט גע־בראַכט אַ גוזמע „פּראָשקעס״ און „גליצערין״ אַ גאַנצע פלאַש. נאָכדעם האָט ער זיך פאַרשפּאַרט אין קעלער און האָט עפּעס געטאָן. וואָס— ווייס איך ניט. ס׳אַ סאָד. אַלצדינג איז באַ אים אַ סאָד. אַז ער דאַרף זאָגן דער מאַמען, לעמאָשל, זי זאָל אים געבן דאָס אויבערשטע פונם שטייסל, רופט ער זי אָפּ אַף אַ זייט און זאָגט איר שטילערהייט: „מאַמע, דאָס אויבערשטע פונם שטייסל״.

די „פּראָשקעס״ מיט דער „גליצערינע״ האָט ער אויסגעמישט אין אַ גאַנץ גרויסן טאָפּ (אַ נייעם טאָפּ געקויפט). דעם טאָפּ מיטן געמי־שעכץ האָט ער פאַרוקט אין אויוון און געבעטן די מאַמע שטילערהייט, זי זאָל פאַרקייטלען די טיר. מיר אַלע האָבן געמיינט מי יעדייע וואָס. די מאַמע האָט אַלע מינוט געכאַפּט אַ קוק צום אויוון. אַפּאָנים, זי האָט מוירע געהאַט, דער אויוון זאָל ניט צעפּאַלן ווערן אַף שטיקלאַך. נאָכדעם האָט מען פּאַוואָלינקע אַרויסגענומען דעם טאָפּ פונם אויוון און מ׳האָט פּאַוואָלינקע אַריינגעגאָסן דאָס געמישעכץ אין פעסל אַריין. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן גיסן אין פעסל אַריין וואַסער. אַז דאָס פעסל איז געוואָרן אָנגעפילט העכער האַלב, האָט מיין ברודער עליע אַ זאָג געטאָן: „גענוג!״ און האָט זיך גענומען צום בוך.

געקוקט און געהייסן שטילערהייט זיך ברענגען אַ פרישע פּען מיט אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר. איינגעטונקען די פּען אין פּאַס און געגעבן אַ שרייב עפּעס אַפּן ווייסן בויגן פּאַפּיר מיט אַ דריידל און מיט אַ ציק. דאָס אָנגעשריבענע האָט ער געטראָגן פריער צו דער מאַמען, נאָכדעם צו מיין שוועגערן בראָכען. דיביידע האָבן געגעבן אַ קוק אַריין און אַ זאָג צו אים:

— סע שרייבט!

באַלד נאָכדעם האָט מען זיך גענומען ווידער צו דער פריער־דיקער אַרבעט. אָנגעגאָסן נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער, האָט מיין עליע אייפגעהויבן די האַנט: „גענוג” ווידעראַמאָל געגעבן אַ שרייב אַריין אין ווייסן פּאַפּיר און ווידעראַמאָל צוגעטראָגן דאָס אָנגעשריבענע פּריי־ער צו דער מאַען און נאָכדעם צו מיין שווערגערן בראָכע. דיביידע האָבן ווידער געגעבן אַ קוק אין פּאַפּיר אַריין און אַ זאָג:

— סע שרייבט!

אָט אַזוי עטלאַכע מאָל, ביז די פּאַס איז געוואָרן ווי אַן אויג. ס'איז שוין ניט געווען וואוהין צו גיסן וואַסער. דעמאָלט האָט מיין ברודער עליע געגעבן אַ הייב אויף די האַנט: „גענוג” — און מיר אַלע פיר האָבן זיך געזעצט עסן.

---

וויפל טינט מיר האָבן, קאָן איך אייך ניט זאָגן. איך האָב מוירע אויב ניט טויזנט פלעשער! נאָר וואָס קומט אַרויס — ס'איז ניטאָ זיי וואו אַהינצוטאָן. מיין ברודער עליע איז געווען שוין אומעטום. פאַר־קויפן פלעשלאַכווייז, איז ניט קיין פּלאַן — אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע צו אונזער שכיינעס מאַן, מוישע דעם איינבינדער. אַז ער איז אַריינגעקומען צו אונז און דערזען אַזוי פיל פלעשער, האָט ער זיך דער־שראָקן און זיך אַזש אַ וואָרף געטאָן צוריק. דערזעט מיין ברודער עליע, און עס קומט פאָר צווישן זיי אַ מאָדנער שמועס. איך גיב אייך איבער דאָ דעם שמועס וואָרט באַ וואָרט:

ע ל י ע: וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן?

א י י נ ב י נ ד ע ר: וואָס איז באַ דיר אין די פלעשער?

ע ל י ע: וואָס זאָל זיין? ווייַן?

א י י נ ב י נ ד ע ר: וואַסער ווייַן? ס'איז דאָך טינט!

ע ל י ע: היינט, וואָס-זשע פרעגט איר?

א י י נ ב י נ ד ע ר: וואָס וועסטו טאָן מיט אַזויפיל טינט?

ע ל י ע: טרינקען.

א י י נ ב י נ ד ע ר: ניין, איך מיין אָן קאַטאָוועס. וועסט פאַר־קויפן פלעשערווייז אויך?

ע ל י ע: וואָס בין איך אַ מעשוגענער? אַז פאַרקויפן, וועל איך פאַרקויפן צען פלעשער, צוואַנציק פלעשער, פופציק פלעשער. דאָס ווערט אָנגערופן „הורט”. איר ווייסט, וואָס הייסט „הורט”?

א י י נ ב י נ ד ע ר: איך ווייס וואָס הייסט הורט. וועמען וועסטו פאַרקויפן?

ע ל י ע: וועמען? — אַלעמען.

און מיין ברודער עליע גייט אַוועק צו די קרעמער. געקומען צו איינעם, הייסט ער זיך ברענגען אַ פלעשל, ער וויל אָנקוקן.

דעם אַנדערן האָט ער געבראַכט אַ פלאַש טינט, ווייל ער ניט נע־מען אין די הענט אַריין, ווייל ס'איז אָן אַ קוויטל. אַפּן פלעשל דאַרף זיין אַ שיין קוויטל מיט אַ צאַצקע. זאָגט אים מיין ברודער עליע: „איך מאַך ניט קיין צאַצקעס, איך מאַך טינט.“ ענטפערט ער אים: „מאַכט געזונטערהייט.“ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו אידל דעם שרייבער, האָט אים אידל דער שרייבער געזאָגט עפּעס זייער אַ מיעס וואָרט. ער האָט זיך, זאָגט ער, שוין אָנגעקויפט מיט טינט אַף אַ גאַנצן זומער. פרעגט אים מיין ברודער עליע: „וויפל פלעשער טינט האָט איר עס איינגעהאַנדלט?“ זאָגט אים אידל דער שרייבער: „פלעשער? איך האָב געקויפט אַ פלאַש טינט, וועל איך האָבן און האָבן ביז עס וועט אויסגיין, וועל איך קויפן נאָך אַ פלאַש“... אָט האָסטו דיר אַ געשעפט! פריער האָט ער געזאָגט, אַז אַף טינט גייט באַ אים אַוועק אַ פאַרמעגן; איצט קויפט ער אַ פלאַש טינט, וועט ער האָבן און האָבן!... מיין ברו־דער עליע איז נעבאַך אויס מענטש. ער ווייס ניט, וואָס זאָל ער טאָן מיט אַזויפיל טינט. פריער האָט ער געזאָגט, אַז פלעשערווייז פאַר־קויפט ער ניט קיין טינט, נאָר הורט. איצט איז ער בעסער געוואָרן. ער וועט שוין אָנהייבן, זאָגט ער, פאַרקויפן פלעשערווייז.

מיין ברודער עליע האָט געבראַכט צו טראָגן אַ גרויסן בויגן פּאַ־פּאַפּיר. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס:

## דאָ פאַרקויפט מען טינט הורט און פלעשערווייז — גוט און וואָלוול.

די צוויי ווערטער „פלעשערווייז“ און „וואָלוול“ זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן פאַרנומען קימאַט דעם גאַנצן בויגן. אַז דאָס גע־שריבענע האָט זיך אויסגעטריקנט, האָט ער דאָס פּאַפּיר אויסגעהאַנגען באַ אונז אַף דער טיר פון יענער זייט. אַ סאַך מענטשן זיינען דורכ־געגאַנגען און האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן. איך האָב עס געזען דורכן פענצטער. מיין ברודער עליע קוקט אויך אין פענצטער אַריין און ברעכט די פינגער — אַ סימען, אַז ער איז צעטראָגן. ער מאַכט צו מיר:

— וויסטו וואָס? גיי שטעל זיך אַוועק באַ דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען.

מיך דאַרף מען לאַנג ניט בעטן. איך שטעל מיך אַוועק באַ דער טיר און הער זיך צו, וואָס מען זאָגט, ווער עס שטעלט זיך אָפּ און וואָס מען רעדט. אָפּגעשטאַנען אַקעגן אַ האַלבע שאָ, קום איך אַריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער עליע גייט צו צו מיר און פרעגט מיך שטיל:

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס האָבן זיי געזאָגט?

— ווער?

— די מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען פאַרביי.

— זיי האָבן געזאָגט, אַז ס'איז שיין אָנגעשריבן.

— און מער גאָרניט?

— מער גאָרניט.

מיין ברודער עליע זיפצט. וואָס זיפצט ער? די מאַמע פרעגט אים אויך דאָס זעלבע.

— וואָס זיפצסטו, נאַרעלע? וואַרט אויס אַ קאָפּ. אין איין טאָג ווילסטו זאָל אויספאַרקויפט ווערן די גאַנצע סכוירע?

— כאָטש אַן אָנהייב... — זאָגט איר מיין ברודער עליע מיט טרערן אין האַלז.

— ביסט אַ גרויסער נאַר, זאָג איך דיר, וואַרט אויס, מיין קינד, דו וועסט האָבן אַן אָנהייב אויך.

אַזוי זאָגט צו אים די מאַמע און גרייט צום טיש. מיר וואַשן זיך און גייען עסן. מיר שפּאַרן זיך צונויף אַלע פיר איניינעם. איבער די פלעשער איז ענג אין שטוב סאַקאָנעס. נאָר־וואָס מיר האָבן געמאַכט האַמויצע, לויפט אַריין אַ באָכער:

— דאָ פאַרקויפט זיך טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געוואָלט אַביסל טינט.

— וויפל דאַרפסטו טינט?

— גיט פאַר אַ קאָפּיקע טינט.

מיין ברודער עליע איז אויסער זיך. ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר דער מאַמען, וואָלט ער אָט דעם באָכער פריער דורכגעפּאַטשט און נאָכדעם אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. ער האַלט זיך איין און גיסט אים אַן פאַר אַ קאָפּיקע טינט. עס גייט ניט אַוועק קיין פערטל שאָ, קומט אַריין אַ מיידל. דאָס מיידל קען איך ניט. זי קאַלופּעט מיטן פינגער אין נאָז און רעדט צו מיין מאַמען:

— דאָ מאַכט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— די שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער קאָנט איר לייען אַביסל טינט. זי דאַרף אַוועקשרייבן אַ בריוול קיין אַמעריקע צו איר כאָסן.

— ווער איז דיין שוועסטער?

— באַסי די נייטאָרן.

— אָ, זע נאָר ווי זי איז אויסגעוואקסן, קיין איינהאָרע! איך האָב דיך גאָרניט דערקענט. אַ טינטערל האָסטו?

— ווי קומט צו אונז אַ טינטערל? מיין שוועסטער האָט געבעטן,

טאָמער האָט איר אַ פען. זי וועט נאָר אָנשרייבן דאָס בריוול קיין אַמעריקע, גיט זי אייך אָפּ צוריק די טינט און פען.

מיין ברודער עליע איז ניטאָ באַם טיש. ער איז אין אַלקער, ער גייייט אַרום מי טשטילע טריט, קוקט אַראָפּ און בייסט די נעגל.

שווערע ווערטער:

קוואָס — אַ געטראַנק.

סגולע — מיטל.

בוטל — פלאַש.

אַלקער — שלאָף צימער

קאָפּעקע — פעני.

נאָווי — פּראָפּעט.

דייזשע — פעסל

באַליע — וואַש־טאָפּ.

דאַבער — רעד.

אָכי — ברודער.

יאָוון — גוי, אין דעם פאַל — פּאָליציימאַן.

מאַטבייע — געלט.

יאַד — האַנט.

ראַגלאַים — פיס.

מאַך פּלייטע — אַנטלויף.

# לענינס פּאַרזאַג

(פון זיינער אַ רעדע)

לערנט זיך: אייך דער יוגנט, וועט אויסקומען אויפצובויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, וואו אַלע וועלן גלייך זיין, וואו ס'וועט ניט זיין קיין רייך און קיין אָרעם, קיין האר און קיין שקלאַף.

און קעדיי אויפצובויען דידאָזיקע געזעלשאַפט — דאַרף מען האָבן אַ סאַך קענטענישן, דאַרף מען טריי און אַ סאַך זיך לערנען.

אייך, קינדער, אייך, יוגנט, וועט אויסקומען זיין אי אַרבעטער, אי פּויערים, אי אינזשינערן, אי לערער, אי דאָקטוירים, אי אַרטיסטן, אי מאָלערס.

איר וועט אויפשטעלן אַ נייע, אַ בעסערע וועלט. און צוליב דעם דאַרף מען אַסאַך, זייער אַסאַך וויסן.

# שטייען יאַטן מיט ארבל פארקאטשעטע

שטייען יאַטן מיט אַרבל פאַרקאַטשעטע אין רויך פון
וואַרשטאַטן,
מ טיערנסט פון שטאָל שטייען יאַטן.
פון גאַנץ פרי ביז פאַרנאַכט, און באַטאָג, און באַנאַכט,
און באַגינען
לויפן הענט, לויפן פיס, לויפן לייבער אין פריילאַכן
טאַנץ פון מאַשינען.
לויפן הענט, לויפן פיס, לויפן לייבער נאָך גיכער פון
היינטיקע יאָרן —
מען בויט, מען באַנייט און מען פרישט אונזער לאַנד
מיט שטאָל און מיט קאָרן.
שטייען יאַטן מיט אַרבל פאַרקאַטשעט אין רויך פון
וואַרשטאַטן,
מיט ערנסט פון שטאָל שטייען יאַטן.



# טאָג פֿון גערעטעניש

.1

שבת, 12 סעפּטעמבער, אינדערפרי. אין דעם נייעם אידישן אישעוו איז שטיל. עס רוען מענטשן, פערד און מאַשן. הימל איז אָבער כמאַרעדיק און יאָגט אָן באַ די פאַרפרי אויפגעשטאַנענע איינ־וואוינער אַ סאָפעק און אומרו: צי וועט אַף צעלאָכעס גאָר היינט ניט רעגענען. פּענימער ווערן אָבער באַלעבט — סהאָט דער הימל זיינע שווערע וואָלקן פאַרשאַרט, און עס רוקט זיך אַרויס איבער דער גאַנצער סטעפּישער ברייטקייט זונען־העלקייט, מילדע וואַרימקייט.

— מיר שפּאַנען פערד, פאָרן אַפן יאָנטעוו, — הערט זיך פון די באַראַקעס און פון די ניט פאַרטיקע הייזער, וואו מען וואוינט שוין.

— איר וועט שוין באַלד אָנקוקן אַ פאָן — איינמאָל אַ פאָן! — באַרימט מען זיך.

באַוויייזט זיך אָן ערשטע פור — קאָמיוגיסטן — פון אַ צווייטן אישעוו מיט אַ הילכיקן געלויף.

— שוין, ס'פאָרן שוין אַלע, — גיט מען איבער.

און אַ לאַנגע שורה פורן, מיט פלאַטערנדיקע רויטע פאָנען פאָרויס, האָבן זיך איבער סטעפּ צעלאָזן צום נייעם אישעוו, וואו ס'דאַרף פאָרקומען די ערשטע פייערונג.

דער וועג האַלט 8 ווערסט און לויפט דורך גיך און לעבעדיק. פורן יאָגן איבער מיט פריילאַכע הילכיקע געלעכטערס איינע די צווייטע, סקלינגען ברייט און פריי איבער סטעפּ קאָמיוגישע לידער.

קוקן פויערים, פויערטעס און קינדער אויסגעגלאָצט די אויגן. זיי זיינען איבעראַשט פון די פורן, וואָס טראָגן זיך פאַרביי, וואונדערן זיך:

— אָט אַ יאָנטעוו, לאָמיר אויך פאָרן!...

.2

דער מיטינג אַפן פרייען פעלד.

אין אישעוו, אַף מיט וועג, אַ טויער געשטעלט. פון אויבן אַ לאָזונג „זאָל לעבן דער גערעטעניש־יאָנטעוו".

אָנגעהאנגען: אַ גרויסער קאַוון און אוגערקע, גאַרבן שטרוי, לאָזונגען און איבער אַלעמען — דער פאָרטרעט פון כאַווער לענין.

טראָגן זיך אַהערצו פון אַלע זייטן צענדליקער, הונדערטער פורן מיט פריילאַכע, יאָנטעווודיק־געשטימטע מענטשן.

רויטע פאַנען מיט ווייסע אויסיעס, פון פּאָשעטן פּאַפּיר געמאַכ־טע, וואָס מיידלאַך און קאָמיוגיסטן האָבן אַף דעם ביז שפּעט אין נאַכט געהאָרעוועט, וואָס שענער מאַכן זיך געפליימט.

אין פעלד ברייט און פריי פון אַלע זייטן. פון פיל אישואווים באַווייזן זיך מאַכנעס נייע קאָלאָניסטן: פוסגייער, רייטער און פורן מיט פּאַנען פּאַרוים.

דער פּאָרזיצער עפנט דעם פייערלאכן מיטינג. דער גרויסער טויזנט קעפּיקער אוילעם שפּאַרט אָן צו דער טריבונע, איז גרייט מיט אויערן און מויל די רעדעס אויסהערן.

אַ באַזונדער שטאַרקן איינדרוק מאַכן די ווערטער פון איינעם אַ נייעם קאָלאָניסט:

— מיר דאַרפן שטאָלצירן מיט דער ראַטנמאַכט. געגוג שאַכער־מאַכער, מעסטן און וועגן, וועגן און מעסטן אַ גאַנצן טאָג. אַהער צו געזונטער ערד־פּראַצע און אייגן ברויט צו עסן.

דער אוילאָם איז פול מיט פרייד: דאָס ערשטע מאָל אין לעבן... אַזאַ יאָנטעוו... אַזאַ יאָנטעוו.

דערקלערט, פאַרוואָס איז דעם אוילאָם אַזוי געפעלן געוואָרן די רעדע פונם קאָלאָניסט.



אין אַ פּויערשער היים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

# אַף בערסאָנער פעלדער

אַף בערסאָנער פעלדער צו דער באַן בערסאָנער
זיינען אָנגעקומען פריילאַכע וואַגאָנעס.
בעוורע — קיעווער, פּאָדאָליער און וואָלינער,
זיינען אַף די פעלדער קאָמונקעסוויז געקומען.
קלינגען אַקערס אַף די פעלדער, קלינגען העק און זעגן,
קלינגען שטימען אַף די פעלדער פריילאַכע און דרייסטע.
מיט יעדן טאָג,
מיט יעדער שאָ,
מיט יעדער רעגע,
ווערט די ארבעט באַ אונז ליבער, ווערט דער אימפּעט — הייסער.

# ערד־לעבן

## די היים.

דאָס דאָרף, אין וועלכן מיר זיינען געזעסן און פאַרבראַכט, איז געווען אַ פיר־יאָריקס, פון די עלטערע דערפער אין דער געגנט. פאַרן אידישן דאָרף איז אַ יאָר אַ ריזיקע צייט.

פונדערוויטנס האָט זיך באַוויזן אַן אַלטער מאַן — אַ זאָקן.

— אָ, דער יאָסעם גייט!

— דער יאָסעם? — האָבן מיר זיך געוואונדערט, — ער איז דאָך אַלט, שוין באַלד אַ זיבעציקער... אָט דער יאָסעם.

— יאָ, — האָט געלאַכט דער פאַרזאַמלטער אוילעם, — דער „יאָסעם“, אַזוי רופט מען אים דאָ אין דאָרף.

דער אַלטער „יאָסעם“ איז צוגעקומען און האָט טאַקע דאָ באַלד אונז דערציילט זיין געשיכטע.

— די יונגע לאַכן, — האָט ער אָנגעלויבן, — אָבער איך האָב דאָ דער ערשטער אַ פוס געשטעלט אַף אָט דעם באָדן. איך און נאָך איינער אַן אַלטער פון מיין שטעטל — מיינער אַ כאַווער טאַקע — האָבן די ערשטע לאָפּעטעס אין אָט דער ערד אַריינגעשטאָכן. אָט זיי אַלע וויסן, — האָט ער אַפן אַרומיקן אוילעם אַ וויין געטאָן.

— אַוואַדע וויסן מיר, — האָבן אַלע אַרומיקע ערנסט געענטפערט.

און דער אַלטער האָט ווייטער דערציילט, ווי ער און זיין אַלטער כאַווער האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט-שטיין פאַרן ערשטן הויז דאָ אין דאָרף.

— איך און מיין כאַווער, — האָט ער דערציילט, — האָבן זיך דעמאָלט ביידע באַ דער פונדאַמענט-גרוב אַוועקגעשטעלט, איך פון איין זייט און ער פון דער צווייטער. און ביידע האָבן מיר זיך צעוויינט, געוויינט ווי די קינדער.

— ווי זאָגט איר, ס'איז דען גרינג געווען אין אַזאַ עלטער אָנהייבן אַ ניי, אַזאַ ניי לעבן? און ער, דער אַלטער כאַווער מיינער, האָט דאָך צום נייעם לעבן ניט דערלעבט. היינטיקן פרילינג איז ער געשטאָרבן. מ'האָט אים געלייגט דאָ באַ אונז אַפן בעס-אוילעם.

דער אַלטער האָט מיטן קאָפּ געשאָקלט.

— און איך זאָג, — האָט ער אָפּגעזיפצט, — אַז ס'ווילט זיך זיין אַ היגער. ס'ווילט זיך נאָכן טויט זיין אינדערהיים. אַזויפיל מי דאָ אַוועקגעלייגט.

אַלע אַרומיקע האָבן ערנסט געשוויגן.



# פרייע ארבעט

כ׳בין אַ קינד פון פרייער ארבעט,
שטיי איך אויף גאַנץ פרי; —
איז דער ארבעטער אַ פרייער,
איז אַ פרייד די מי.

רופט דער גלאָק מיך גיין אף ארבעט,
בין איך שטענדיק גרייט —
איז די ארבעט אַ באַפרייטע,
אַרבעט זיך מיט פרייד.

טראָט צו טראָט און וואָרט צו ווערטער,
מענטשן אָן אַ צאָל;
היי, כאַווייירים, צו דער ארבעט
אַלע מיט אַמאָל!



# אין נײַן יאָר אַרום

פּעטקע איז שוין ניט קיין קליין קינד. אים גייט שוין דאָס פינפטע יאָר, הייסט עס, אַז ער קאָן פאַרשטיין אַ זאַך. אָבער די מאַמע לאָזט אים ניט אין דרויסן. זי זאָגט: וועסט זיך נאָך פאַרקילן; די שטיוול זיינען אַ לאָך אַף אַ לאָך און אַפן גאַס איז קאַלט, — פאָרט אָקטאָבער.

נאָר ווי די מאַמע גייט אַרויס פון שטוב, איז פּעטקע באַלד אַפן גאַס. אַ גרויסן באַטרעף האָט באַ אים אָקטאָבער מיט זיינע רעגנס. דערפאַר אָבער, אַז דימאַמע פאַקט אים, שלעפּט זי אים אַריין אין שטוב, טוט אים אויס די שטיוועלאַך און באַהאַלט זיי — נישקאָשע, אַ באָרוועסער וועסטו קיין סאַך ניט אָנלויפן זיך.

זיצט שוין אַזויפּעטקע דעם דריטן טאָג אין שטוב, און ס'איז אים שרעקלאַך אומעטיק.

לעבן — לעבן זיי אין אַ קעלער. פון די פענסטער זעט מען נאָר פיס פון דורכגייער, הינטלאַך, קעצלאַך און מער גאָרניט; סיידן אַפּדערנאַכט, אַז מען צינדט אָן דעם לאַמטערן. אַנטקעגן אַפן זאַוואָד איז אויך פינסטער.

און באַ אַזאַ אומעטיקייט קומט דער טאַטע אויך ניט שוין די צוויי־טע נאַכט.

די מאַמע איז צעטראָגן, וויינט, לויפט אַלע ווילע אַרויס צום טויער און אַף פּעטקען קוקט זי זיך ניט אום.

— איר איז גוט, זי לויפט אַרום און דו זיץ אַליין אין קעלער, און נאָך אין דער פינסטער.

פּעטקע איז אַ יאַט מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. דאָך האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און זיך צעוויינט.

דימאַמע איז געקומען צולויפן, אַרומגענומען פּעטקען, איינגע־וויקלט אים אין איר וואַרימען שאַל, צוגעטוליעט אים צו זיך, וויינט נאָך מערער פאַר פּעטקען און טיינעט:

— קינד מיינס, פייגעלע מיינס! אַלע זיינען אַוועק אין שלאַכט! וואָס וועט זיין מיט אונז?...

זי וויינט און דאָ — טראַך־טראַך־טראַך! ט־ר־ר־ר־א־א־ך! און אַזוי טאַראַראַכקעט עס, אַז פון סטעליע שיט זיך, און די פענסטער ציטערן...

פּעטקע האָט אויפגעהערט צו וויינען.

— מאַמע, וואָס טאַראַראַכקעט דאָרטן? אַ דונער? — פרעגט פּעטקע.

אין מילכאָמע־זאַכן איז אונזער פעטקע אַ מאַזיק. היינטיקן זו־מער האָט ער פאַרפירט אַ געשלעג מיט קינדער, איז ווערט געווען צו זען. עמעס, די נאָז האָט מען אים אַפילע גוט צעפּליעסקעט, נאָר פעטקע איז ניט פון די קינדער, וואָס וויינען.

— מיט וועמען איז עס די מילכאָמע? מיט וועמען וועט זיך דער טאַטע שלאָגן? — פרעגט פעטקע און שרעקט זיך אַפילע קיין האָר ניט. ס'איז דען פאַראַן עפּעס אַ פריילאַכערע שפּיל ווי מילכאָמע?

און די מאַמע שעפּטשעט אַלץ שטילער:

— שאַ, מיין זון, שאַ, — מיט די בורזשויען און אָפיצירן.

אָט מיט וועמען! פעטקע האָט עס גלייך באַנומען. אין זייער גאַס איז אויך דאָ איינער אַ פעטקע בורזשוי, אַ גראָבער פּעמפּיק אַזעלכער, וואָס נעמט זיך איבער. אָט אים וואָלט מען באַדאַרפט אַריינהאַקן, ער זאָל האָבן צו געדענקען.

לאַנג איז אַזוי געזעסן פעטקע מיט דער מאַמען צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן.

און אין דרויסן האָט אַלץ געטאַראַראַכקעט און געטראַסקעט, אַז די ווענט האָבן זיך אַזש געטרייסלט.

פעטקע האָט זיך דערוואַרימט און גענומען אונטערדרעמלען. אין כאָלעם האָט ער געזען, ווי עס גייט דער טאַטע אַזאַ פריילאַכער און שלעפּט פעטקע דעם בורזשוי פאַרן קאָלנער.

פון פרייד האָט פעטקע אַזש גענומען טאַנצן, דריגען מיט די פיס און זיך אויפגעכאַפּט.

עמיצער גייט.

די טיר האָט זיך אויפגעעפענט און דער טאַטע איז אריין. אונטער אײַן האַנט האָט אים אונטערגעהאַלטן דער פעטער איוואַן, אַ שלאָסער, און אונטער דער אַנדערער — עפּעס אַן אומבאַקאַנטער.

— נו באַלעבאָסטיטשקע, — האָט זיך אָנגערופן דער פעטער איוואַן: — אָט האָבן מיר דיר געבראַכט דיין אַלטן, אַביסל אַ דראַפּע געטאָן, נאָר גאָרניט.

מ'האָט דעם טאַטן אַריינגעלייגט אין בעט.

פעטקע האָט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען.

— נו, ברודערל, — האָט דער פאָטער צוגערופן מיטן פינגער פעטקען. — אוי, איז דאָס געווען אַ מילכאָמע; אוי, האָבן מיר דאָס די בורזשויען געריבן די זייטן. עמעס, מיר האָבן זיי אויך פאַרוואונ־דעט, דערפאַר אָבער האָבן מיר זיי אַזוי אָנגעלייגט אַ קאָלנער, אַז זיי וועלן האָבן צו געדענקען אַפן גאַנצן לעבן.

***

פון יענעם אָוונט זיינען אַוועק 9 יאָר.

פעטקע איז שוין אַלט 14 יאָר. ער שפּאַנט אין גאַס, דער קאָפּ אינדערהויך, דער טראָט פעסט, ער גייט אין פוס מיט אַ מאַכנע כאַוו־ירים, וואָס גייען פון פאָרנט און פון הינטן און פון די זייטן, דאָס פּייקל פּויקט, מוזיק שפּילט, אָטאָמאָבילן טורקען און אין די אָטאָמאָ־בילן קינדער — שרייען, טומלען, מאַכן מיט די רויטע פענדלאַך.

און פעטקע גייט גאַס איין, גאַס אויס, ביז ער קומט מיט אַלע קינדער צוזאַמען אויף אַ גרויסן פּלאַץ.

פאָנען פלאַטערן, און אַלטע און יונגע, גרויסע און קליינע און גאָר קליינינקע גייען און גייען.

די פענימער באַ אַלעמען לויכטן. ס׳איז יאָנטעוו.

און פעטקע דערמאָנט זיך, ווימיט 9 יאָר צוריק איז ער געשטאַ־נען נעבן בעטל פון זיין פאַרוואונדעטן טאַטן, און ער טראַכט:

ניט אומזיסט האָט מיין טאַטע געליטן, בלוט פאַרגאָסן".

און אַז מען וועט דאַרפן וועט פעטקע אויך גיין, ווי זיין טאַטע, זיך שלאָגן פאַר דער פרייהייט פון די ארבעטער.

א ר ב ע ט:

1. אַ שמועס צווישן פעטקען און זיין מאַמען.
2. קאָמפּאָזיציעס: ווי אַזוי מיר פייערן די רוסישע רעוואָלוציע.
3. טראַכט צו פּלענער, ווי אַזוי צו באַקאַנען זייטיקע קינדער מיט דעם, וואָס עס טוט זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.



דאָס איז אַ גאַס אין אַ פאַבריק שטאָט אין ס. פ. דאָס זיינען די הייזער, וואו די ארבעטער וואוינען. באַמערקט די ריינקייט, די ברייטקייט און די גערטלאַך פונפאָרנט.

# אין יאָר 1921

אין דער שטאָט דער פרעמדער אין אוקראַינע
אָנגעקומען צוויי וואַגאָנעס מיט ציגיינער.
פון די סטעפּן אונטער שטאָט סאַמאַרע,
מיט צעגלאַנצטע אויגן, לאַנגע, דאַרע.
שטייען זיי אינמיטן שטאָט און זיי פרירן:
— „גיב אונז רעפּטלאַך ברויט און גיב אַ דירע!"

טיינעט שטאָט: „אָ, פּאָרט אייך, גייט אייך
ערגעץ אַנדערש, אין אַ שטאָט אַ צווייטער,
עפּשער איז די שטאָט די צווייטע זאַטער.
מיר זיינען פאַראָרעמט און פאַרמאַטערט!..."
שרייט ציגיינער־כאָפּטע, שעלט און כליפּעט:
— „און ציגיינערלאַך? די קינדער, וואָס אין טיפעס?!
ווייטער קליינע קינדער מיט זיך שלעפּן,
אַז זיי זאָלן שטאַרבן אַף די סטעפּן?!"
זיינען דעמאָלט די ציגיינער אָפּגעפּאָרן,
ניט באַוואוסט — קיין מיירעוו צי קיין דאָרעם.
ניט באַוואוסט דער סאָף פון זייער רייזע.
ציגיינערלאַך פאַרבלייבן אין די קינדער־הייזער.

איז אין שטאָט אַ גאָרטן דאָ אַ גרייזער.
דעם גאָרטן האָט געפּלאַנצט אַמאָל אַ רייכער פּאָרעץ.
היינט פירט צום גאָרטן גאַס פון קינדער־הייזער
היינט שפּילן זיך אין גאָרטן קינדער קלאָרע.
קינדער קלאָרע, פריילאַכע שוואַרצאַפּלען,
אידעלאַך, ציגיינערלאַך, קאַצאַפּלאַך.
אַז ס'ווערט פריי דער ליכטיקער אינדרויסן —
אין גאָרטן לויפן זיי און רוישן.
ווען ווייען, ווען בלאָזן ווינטלאַך לינדע
אינם גאָרטן אַף די קליינע קינדער.

עך, קאַלטע קאַמערן... עך, ציגיינערשע וואַגאָנען!..
אַף די קינדער־הייזער פאָכען רויטע פאָנען.

באַזוך אַ קינדערהיים דאָ אין אַמעריקע.

1. געפּין אויס, וועלכע קינדער מ'נעמט אריין אין די קינדערהיימען.
2. שרייב זיך דורך מיט אַ קינדערהיים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און געפּין אויס, ווי די קינדער לעבט זיך דאָרט.

# דער קליינער מאָטיק

אין הויף האָבן קינדער אַלע טאָג געשפּילט אין רעוואָלוציע. אין 1918 יאָר איז דאָס געווען. איבער די לאַנגע און ברייטע שטאָט־גאַסן האָט אָקאָרשט אָפּגעהילכט די פּעברואַר רעוואָלוציע. ווייס־גוואַר־דייער האָבן די שטאָט פאַרנומען, און די רעוואָלוציע פאַרטריבן, האָבן די קינדער זי איצט איבער די הויפן פאַנאַנדערגעפירט.

דער באַלעבאָס פון גרויסן הויז, דער גראָבער כּאַראַש, האָט נאָך מער באַוויזן זיינע באַלעבאַטישע שטיק.

האָבן קינדער בלויז אָפּן הינטער־הויף נאָך אין רעוואָלוציע גע־שפּילט. דער קליינער מאָטיק, דער אָנפירער פון דער קינדער־כעוורע, האָט געוואוסט פון אַלץ, וואָס מ׳האָט געטאָן דאָ אין שטאָט, בעשאַס מע האָט די פעברואַר־רעוואָלוציע געפייערט.

געשטאַנען איז ער, דער קליינער מאָטיק, אַף אַ הויכן סלופּ אין מיט פון הינטער־הויף און געהאַלטן אַ רעדע, — פאַרענדיקט: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!“ און געוואָרפן דאָס היטל אין דער הויך. נאָך אים האָבן אַלע קינדער געוואָרפן די היטלען אין דער הויך און נאָכדעם איז מען געגאַנגען מיט אַ דעמאָנסטראַציע.

דער קליינער מאָטיק — אַזוי האָט מען אים גערופן, דעם אָנפי־רער פון דער קינדער־כעוורע. אַ רירעוודיקער איז ער געווען, אַ פלינ־קער, אַ ברען און דערפאַר עפּשער האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז צו קליין פאַר זיינע 10 יאָר.

דער קליינער מאָטיק, דער קליינער מאָטיק — שטענדיק און אומעטום דער קליינער מאָטיק:

— מאָטיק, ביסט אַ מאַזיק, גאָר ניט קיין קליינער מאַזיק. — האָט צו אים געשמייכלט באַניע דער יונגער זייגערמאַכער, וואָס איז טאָמיד געזעסן אַף זיין שטול בא זיין זייגערמאַכערישן טיש.

דער קליינער מאָטיק האָט ליב געהאַט באַניע דעם זייגערמאַכער, אָט דעם יונגן זייגערמאַכער, וואָס האָט אקאָרשט ניט לאַנג באַזעצט זיך דאָ. מאָטיק פלעגט אָפט אַריינקומען צו אים קוקן, ווי ער אַרבעט. אַז די מאַמע פלעגט אים דאַרפן, פלעגט זי אים שטענדיק געפינען בא באַניען.

— נישקאָשע, — פלעגט זי טיינען, — דער קליינער מאָטיק איז שוין ניט קיין קליינער, ער מעג שוין זיצן אין שטוב מאַכן אַמאָל אַן אייזן, צי אָפּטראָגן אַ שטיקל אַרבעט כּאַראַשן אין מאַגאַזין.

סאָרע די שניידערקע, מאָטיקס מאַמע, איז געווען אַן אַלמאָנע און האָט אַלע טאָג געהאָרעוועט, גענייט פאַר כּאַראַשעס קליידער־מאַגאַזין.

האָט דער קליינער מאָטיק פיינט געהאַט דעם גראָבן כאַראַש: זיצט זיך דער גראָבער בויך אַ גאַנצן טאָג אַף אַ ווייכן שטול לעבן מאַגאַזין־טיר, און אַז מאָטיק ברענגט אים פון דער מאַמען אַ שטיקל אַרבעט, פרעגט ער צום הונדערטן מאָל אַוואַדע:

— אינגעלע, וועמעס ביסטו?

און אַז מאָטיק איז אים איינמאָל פאַרלאָפן דעם וועג און גלייך אַליין דער ערשטער אַ פרעג געטאָן: „אינגעלע, וועמעס ביסטו?" — איז דער גראָבער כאַראַש רויט געוואָרן, ווי פייער, זיין פעטע נאָז האָט זיך אויסגעצויגן, ווי אַ פויגלשער שנאָבל, און ער האָט אויסגעשריען מיט זיין גראָבער שטימע:

— ס'אַ האָזע פון סאָרע דער שניידערקעס זונדל, אַוועק פון דאַנען!

מאָטיק איז דעמאָלט אַוועק, ווי טאָמיד, צו באַניע דעם זייגער־מאַכער, דאָרטן האָט אים געפונען די מאַמע זיינע און גענומען אים שטראָפן פאַר זיינע האָזעריקע גענג. דער קליינער מאָטיק האָט געריבן מיט די פויסטלאַך די וויינענדיקע אויגן און איינגעטיינעט:

— זעסט דאָך, — האָט ער געטיינעט, — זעסט דאָך, אַז ער האָט זיך דערמאָנט, דער גראָבאַטש, ער וועט שוין ווּיסן וועמעס איך בין...

טייקעף נאָכדעם איז מאָטיק אַוועק אַהיים אין קעלער־שטוב. פון יענער זייט פענצטער פון הויף, האָבן קינדערשע פענימלאַך יעדע רעגע אַריינגעקוקט אין שויב, געזוכט, אַפּאָנים, דעם קליינעם מאָטיקן — ס'איז זיי אָן אים, אַוואַדע, ניט איינגעגאַנגען די שפיל אין הויף.

מאָטיק האָט זיך אָבער באַהאַלטן אי זאַ ווינקל און ניט אָפּגערופן זיך. אַ גאַנצן טאָג האָט ער פאַרבראַכט אין שטוב. געזען האָט ער, ווי די מאַמע האָט זיך אומגעקערט פאַרנאַכט פון כאַראַשס מאַגאַזין, געקומען אַ פאַרזויינטע, אים מאָטיקן, קיין וואָרט ניט געזאָגט און גע־נומען זיך פאַר דער אַרבעט.

מאָטיק האָט געוואוסט, אַז די מאַמע וועט שוין אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט. אַ גאַנצע נאַכט וועט זי זיצן אָט אַזוי אַן איינגעבויגענע איבער איר אַרבעט, איבערנייען די קליידער, וואָס דער גראָבער כאַראַש האָט איר אומגעקערט, טאַקע דערפאַר, אַוואַדע, וואָס מאָטיק האָט אים באַליידיקט.

ניט געשלאָפן איז מאָטיק ער האָט געפיבערט פון פאַרדראָס, פון ווייטיק, פון דעם, וואָס אים האָט זיך אַזוי שטאַרק געגלוסט אַ רוף טאָן די מאַמע, אַ זאָג טאָן.

— מאַמע, — אַז כ'האָב אים פיינט, דעם גראָבן כּאַראשן, כ'האָב אים פיינט, פיינט...

.2

פון ערגעץ ווייט זיינען קלאַנגען אין שטאָט אָנגעקומען:

— באָלשעוויקעס גייען!

פון מויל צו מויל, פון אויער צו אויער זיינען קלאַנגען געלאָפן.

— מאָסקווער באָלשעוויקעס גייען!

דער אייזערנער טויער פון כּאַראשס הויף איז געווען פאַריגלט, און מאָטיק האָט מיט כעוורע ערגעץ אָפן הינטערהויף געשפּילט שוין אין באָלשעוויקעס.

— דו וועסט זיין כּאַראש. — האָט דער קליינער מאָטיק געקאָמאַנדעוועט, באַפוילן, אַז הערשעלע דעם שוסטערס זאָל אויסשטעלן דעם בויך און זאָל פונקט, ווי דער גראָבער כּאַראש, טראָגן עפּעס פון שטוב אין קעלער, באַהאַלטן, אַפּאָנים.

— דיר, קאָפּעלע, נאַ אַ בילעט, זעץ זיך אַף אָט דעם קלעצל און פאָר אַף צום וואָקזאַל ווי כּאַראשס זונדל.

— פריידעלע וועט זיך פאַרדעקן מיט איר צעריסן פאַטשיילע און וועט אומגיין און קרעכצן און מאַכן זיך פאַר אַן אָרימע, ווי די כּאַראַשיכע, און איך מיט שלוימקען זאַכאַרקען וועלן זיין באָלשעוויקעס און וועלן...

מאָטיק האָט ניט פאַרענדיקט.

וואָס דאַרפן באָלשעוויקעס טאָן האָט נאָך מאָטיק ניט געוואוסט, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון דער ניט געלונגענער שפּיל און איז אַוועק צו באַניע דעם זייגערמאַכער אין וואַרשטאַט ביידערל.

פינצטער איז דאָרט געווען. באַניע האָט צוליב עפּעס אַראָפּגעלאָזן די פאָרהענגלאַך פון די פענצטער און געפּאָרעט זיך באַ אַ שופלאָד. געווען אין באַניע אויפגערעגט און ווי דערשראָקן, בעשאָס מאָטיק האָט, ווי טאָמיד, געמאַכט אַ האַסטיקן אַריינגיי צו אים אין צימערל.

— וואָס דאַרפסטו, קליינער מאַזיק, ווידער אַנטלאָפן פון כּאַראשן, אַוואַדע?

— זאָג, באַניע, וואָס וועלן דאָ טאָן די באָלשעוויקעס?

— וואָס וועלן דאָ טאָן די באָלשעוויקעס?

ער איז ווידער צעטומלט געוואָרן אַף אַ ווײַלע, באַניע דער זייערמאַכער, און באַלד, דערנאָך אָבער, אַ שטראַל געטאָן מיט זיין פריידיקן שמייכל איבערן גאַנצן יונגן געזיכט, אַזוי נאָענט פריינטלאַך האָט ער גענומען מאָטיקן פאַר'ן האַנט און אויסגעקערעוועט אים מיטן פּאָנים צו זיך.

— מאָטיק, זאָג, מען קאָן דיר פּאַטרויען אַ סאָד?

מאָטיק האָט ניט געענטפערט, געקוקט אַף באַניען מיט פאַר־כידעשטע אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ.

— און ווער איך בין, ווייסטו?

מיט דיזעלביקע פאַרכידעשטע אויגן האָט מאָטיק געשאָקלט אַף ניין.

ער האָט פּלוצים אין דער רעגע פאַרשטאַנען, אַז ער ווייסט טאַקע ניט, ווער באַניע איז.

— און ווי איז, אַז איך בין — אַ באָלשעוויק? — האָט אַ זאָג געטאָן באַניע.

ער האָט זיך גאָר ניט דערשראָקן, דער קליינער מאָטיק, נאָר פאַר־כידעשט געפרעגט:

— דו — אַ באָלשעוויק? דו ביסט דאָך — אַ גוטער?

— און באָלשעוויקעס זיינען דען שלעכטע, פון וואַנען ווייסטו, מאָטיק, אַז באָלשעוויקעס זיינען שלעכטע?

— פאַרוואָס זשע האָט כאַראַש דער באַלעבאָס פאַר זיי מוירע?

איצט האָט ער זיך צעלאַכט, באַניע, אַ צי געטאָן מאָטיקן פאַר די צעשויבערטע האָר און אים געפרעגט:

— און דו האָסט ליב כאַראַשן, דעם באַלעבאָס?

באַ מאָטיקן האָבן פייערלאַך זיך אָנגעצונדן אין די אויגעלאַך:

— איך האָב פיינט כאַראַשן.

— ביסטו דאָך אויך אַ באָלשעוויק.

פון ערגעץ האָט זיך מיטאַמאָל אַ טויבער, דויערנדיקער האַר־מאַטן־קנאַל דערהערט, אַריינגעריסן זיך אין זייערע רייד, ווי אַ וויטער לאַנגער דונער.

— מאָטיק, אַז מען שיסט, האָסטו מוירע? — אַזוי ערנסט, ערנסט האָט שוין באַניע געפרעגט באַ מאָטיקן, ווי גאָר מיט אַ גלייכן מיט אים גערעדט:

— אַז מען שיסט, מאָטיק, האָסטו מוירע?

מאָטיק איז אויך ערנסט געווען, געשוויגן און מיטן קאָפּ גע־שאָקלט:

— ניין, ער האָט קיין מוירע ניט.

— און אַ באָלשעוויק ווילסטו זיין — אַן עסעמער באָלשעוויק, מאָטיק?

מאָטיק האָט ווידער מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— ער וויל זיין אַ באָלשעוויק, אַן עמעסער באָלשעוויק.

נאָך נעענטער און נאָך שטאַרקער האָט ערגעץ געדונערט, בעשאַס באַניע האָט אַרויסגענומען פון שופלאָדל אַ פּאָר פּאַפּירן, גע־קראָגן אַ לעבל פרישן ברויט, צעשניטן אַף צווייען, אויסגעהוילט דעם

ווייכן אינעווייניק, אַריינגעלייגט אייניקע פּאַפּירן, צוזאַמענגעקלעפּט ביידע העלפטן און דערלאַנגט מאָטיקן דעמדאָזיקן ברויט.

— נאַ מאָטיק, האָט ער אים געזאָגט. — טראָג אָפּ דעמדאָזיקן ברויט מיט די פּאַפּירן אין באָלשעוויסטישן שטאַב. וועסט גיין מיט דער גרויסער גאַס ביזן עק שטאָט, דאָרט באַ דער קוזניע וועסטו זען אַ נידעריק הייזל מיט אַ שילד פון אַ זאָטלמאַכער, דו ווייסט מיסטאָמע...

אַוואַדע האָט ער געוואוסט. אַליין פון זיך האָט ער מיטאָמאָל פון אַלץ דערוואוסט זיך. אַזאַ שווייגנדיקער איז ער געוואָרן, קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, גענומען דעם לאַבן ברויט און געלאָזט זיך צו דער טיר.

אין גאַס איז אַ טומל געווען, אַ לויפעריי. ס'איז מאָטיקן אַזוי מאָד־נע געווען, וואָס אין אַ קלאָרן־העלן טאָג האָט אין הויכן לויטערן הימל ערגעץ שוין גאָר נאָענט נאָכאַנאַנד געדונערט.

אין דער לענג גאַס האָט זיך געצייגן שוין דער ווייס־גוואַרדיי־אישער אבאָז, וואָס איז אָפּגעטראָטן פון שטאָט. סאָלדאַטן, מיט בייזע פּענימער, האָבן באַגלייט די אָנגעלאָדענע וואָגנס און געוואָרפן כשאַד־בליקן אפן קליינעם מאָטיקן, וואָס איז געגאַנגען זיי אַנטקעגן. האָט אים איינער אַן אָפיצער אַפילע אָפּגעשטעלט, זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אים מיט אַ פראַגע, האָט מאָטיק שווייגנדיקערהייט אַ באַווייז געטאָן דעם ברויט זיינעם און זיך געלאָזט גיין ווייטער, ביז די סטענגע האָט זיך אויסגעלאָזט, אַוועקגעקראָכן הינטער איר ווייייטער און ווייטער און ער איז שוין געשטאַנען איינער אַליין־אין עק שטאָט באַ דער קוזניע באַם נידעריקן הייזל מיטן שילד, וואוהין ער איז אַריין.

— אָט דאָס איז „שטאַב“. — האָט מאָטיק אַליין זיך אַרויסגע־רעדט, האַנאָע געהאַט פונם וואָרט „שטאַב“. — אָט דאָס איז שטאַב, אַפּאָנים.

3.

פירן זיינען דאָרט געזעסן באַ אַ טיש אינם נידעריקן האַלב־פינצ־טערן הייזל, וואוהין מאָטיק איז אַריין. איז איינער פון זיי, דער עלט־סטער, אַפּאָנים, — אַ יונגער עלטסטער — האָט אַ טראַכט געטאָן מאָטיק, — איז ער אויפגעשטאַנען, דער עלטסטער, און גלייך ווי געוואָרט אַף מאָטיקן צוגענומען באַ אים דעם ברויט, טייקעף צע־שפּאָלטן אים און אַרויסגענומען די פּאַפּירן, וואָס באַניע האָט אַהין אַריינגעלייגט.

אין רעגעלע האָט דער עלטסטער געשמועסט וועגן די פּאַפּירן מיט די כאַווייריס און דערנאָכדעם געווענדעט זיך צו מאָטיקן:

— ווי רופט מען דיך, אינגעלע? — האָט ער זיך צו אים גע־ווענדעט.

— דער קליינער מאָטיק, — האָט מאָטיק געענטפערט.

— גוט טאַקע, וואָס דו ביסט אַ קליינער, — האָט ער דערביי געשמייכלט, דער עלטסטער, פּונקט ווי באַניע דער זייגערמאַכער, און צוגעגעבן:

— און אַ באָלשעוויק ביסטו שוין?

— אַוואַדע. פון לאַנג. פון זינט ווען איך האָב פיינט כאראשן.

— וואָסער כאראשן?

— דעם באַלעבאָס פון אונזער הויז און קליידער־מאַגאַזין.

איצט האָבן אַלע פיר צעלאַכט זיך:

— ביסטו שוין טאַקע אַן עמעסער באָלשעוויק, מאָטיק, נו, און קריכן קאָנסטו?

ער האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס מען מיינט, מאָטיק.

אַוואַדע קאָן ער קריכן: אַף פּלויטן, אַף בוימער, אַף הייזער אפילע, אַפן דאַך פון זייער הויז ניט איינמאָל אַרויפגעקראָכן אַף צולאַכעס כאראשן.

— איז אָט, מאָטיק, וועסט טאַקע באַלד אומקערן זיך צוריק אין שטאָט. וועסטו מאַכן אַ שפּאַציר איבער די פּלויטן און דעכער פון דער גרויסער גאַס. אַהין און צוריק וועסטו זיך דורכשפּאַצירן, זאָלסט באַמערקן, וואו און אין וועלכע הויפן זיינען פאַראַן ווייסגוואַרדייאישע מאַכנעס, וועסט קומען און אונז איבערגעבן, פאַרשטאַנען?

ער האָט פאַרשטאַנען מאָטיק:

ווי אַן אויסשפּירער אַף מילכאָמע, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — און איז טייקעף אַוועק.

פון פּלויט צו פּלויט, פון דאַך צו דאַך איז מאָטיק געקראָכן פּונקט, ווי אַ קאַץ. פון אויבן אַראָפּ האָט ער באַטראַכט די ליידיקע הויפן. מיט דער גאַס איז מאָטיק ניט געגאַנגען: אַזאַ ליידיקע איז זי געווען.

— פּונקט ווי עמיצער האָט מיט אַ גרויסן בעזים אויסגעקערט די אַלע, וואָס זיינען ביז אַהער דאָ אומגעגאַנגען, — האָט אַ טראַכט געטאָן מאָטיק.

פּלוצים האָט ער דערזען איינעם אַ רייטער, וואָס איז געלאָפן אַף אַ פערד, געלאָפן האַסטיק, הילכיק געקלאַפּט אין דער ליידיקייט מיט די פערדישע טלאָען און געפאָכט מיט אַ רויטער פאָן. אָבער פון דער־ווייטן אפילע האָט אים מאָטיק גלייך דערקענט, ווער דאָס איז.

— באַניע! באַניע! — האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטן און צעשריען זיך:

— באַניע! באַניע!

באַניע האָט זיך אַרומגעקוקט, דערזען מאָטיקן, וואָס הענגט אַף אַ פּלויט, צוגעלאָפן צו אים, און, ווי אַן עפּל פון אַ בוים, אַראָפּגענומען אים צו זיך אַפן פערד.

— קום קליינער מאַזיק, מיר פאָרן צוריק אין שטאַב.

באניע האָט שוין געוואוסט, אין וואָס פאַר אַ שליכעס מאָטיק איז געגאַנגען, האָט ער צוגעגעבן:

— דאָ אין גאַס איז שוין ניטאָ וואָס צו טאָן. די ווייסע זיינען זיך אַלע צעלאָפן, ווי פאַרסאַמטע מייז. קיין איינער איז ניט געבליבן.

— און ווען וועלן מיר זיין אין דערהיים? — האָט געפרעגט מאָטיק. — דערמאָנט האָט ער זיך גראד אין דער רעגעלע אָן דער מאַמען, דערמאָנט זיך, אַז ער האָט אין איר טאָקע פאַרגעסן, די גאַנצע צייט ניט אַ טראַכט געטאָן אפילו וועגן איר.

ער האָט פאַרשטאַנען, באניע, געגלעט מאָטיקן די געקרייזלטע האָר און שטיל, ווי טאָמיד, געשמייכלט:

— נישקאָשע, — האָט ער געשמייכלט. — די מאַמע דיינע ווייס שוין, אַז דו ביסט גאַנץ, מאָרגן אינדערפרי וועסטו מיט אונז אַריין אין שטאָט.

.4

אַ גאַנצע נאַכט האָט מאָטיק פאַרבראַכט אין שטאַב. ביזן טאָג האָט ער געאַרבעט מיט די שטאַב־לייט. ערגעץ ווייט האָבן געדונערט די לעצטע שלאַכט־קלעפּ און דאָ אינם הייזל האָבן אַסאַך פאַרזאַמלטע אַרבעטער געמאַכט פּלענער, פּלאַקאַטן, געשריבן פאַראָרדנונגען, געגרייט זיך צו מאָרגנדיקן אַריינקום אין שטאָט.

מיטן פרימאָרגן האָט די גאַנצע אויסגעוואַקסענע שטאַב־מאַנכע די ערשטע געלאָזן זיך אין שטאָט אַריין. פריער פאַר אַלעמען האָט מען געלאָזט גיין דעם קליינעם מאָטיקן. אַ שוואַרצער איז ער געווען, אַ פאַרשמירטער, אין שטויב און אַש, ווי אַ קוימענקערער. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רויט פענדל און מיט דער צווייטער האָט ער געפירט אָף אַ שטריקל אַ קליינעם קוילנוואַרפערל, גאָר אַזאַ קליי־נעם קוילנוואַרפערל אַף רעדלאַך ,וואָס איז דאַכט זיך נאָכגעלאָפן נאָך אים, מאָטיקן, ווי אַ הינטל.

גאַס־טירן און טויערן האָבן זיך שוין צעעפנט, און מענטשן האָבן אַרומגערינגלט די באָלשעוויסטישע מאַכנע פון אַלע זייטן, פריילאַכע, יאָנטעוודיקע. צווישן טויזנטער פּענימער האָט מאָטיקן טייקעף גע־וואָרפן זיך אין די אויגן דער מאַמעס געזיכט.

זי האָט אים פון אָנהויב ניט דערקענט, מאָטיקן, זי האָט אים ניט דערקענט, די מאַמע זיינע, סאָרע די שניידערקע, אַזאַ שוואַרצע־ איז ער געווען אַ פאַרשמירטער.

— מאַמע, מאַמע!

ניט אַרויסלאָזנדיק פון האַנט דאָס פענדל און דעם קוילנוואַרפערל, איז ער געלאָפן צו איר, געשפּאלטן דעם מענטשן־אוילאָם, געלאָפן און געשריען.

— מאַמע, מאַמע! — האָט ער געשריען, — כאראש וועט שוין מער קיינמאָל ניט זיין קיין באַלעבאָס פון הויז און פון קליידער־מאַגאַזין, אַלץ געהערט שוין אונז, די אַרבעטער!...

ער האָט שוין איצט געוואוסט, וואָס וועלן דאָ טאָן די באָלשעווי־קעס, ער האָט שוין אַלץ געוואוסט, דער קליינער מאָטיק.

פראגן:

1. ווי אַזוי האָבן באַגעגנט די אַרבעטער דאָס אָנקומען פון די באָלשע־וויקעס, און ווי האָבן זיי באַגעגנט די באַלעבאַטים?
2. מאָלט אָן בילדער צו דער דערציילונג.
3. טראַכט צו אַ נאָמען פאַר יעדן קאַפּיטל.

שווערע ווערטער:

פעברואַר־רעוואָלוציע — די ערשטע רעוואָלוציע אין 1917, ווען מען האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר אין רוסלאַנד.

וויים־גוואַרדייער — קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, די וועלכע טרעטן אַרויס קעגן די רויטע.

סלופּ — הויכער שטעקן, „פּאָול“.

מאַגאַזין — „סטאָר“.

וואָקזאַל — סטאַנציע, פון וואַנען די באַנען פאָרן אָפּ.

פאַרכידעשטע — פאַרוואונדערטע.

שטאַב — הויפּט־קוואַרטיר — „העדקוואָדערס“.

אַבאָז — די וועגענער מיט אַמוניציע און שפּייז, וועלכע פאָרן נאָך דער אַרמיי.

פּלויט — „פענס“.

# די רויטע פליער

פון אַ לאַנד אַ ווייטן, פרייען,
פון אַ לאַנד אַ יונגן, נייעם
איז אַן אָדלער אָפּגעפלויגן
מיט רויטן ליכט אין זיינע אויגן.

אַף די פליגל — סערפּ און האַמער,
ווערט אין האַרץ דערפון גערעמער.
ס'וואַרטן גרויסע, ס'וואַרטן קינדער
אַפן ווייטן רויטן וואונדער.

פליט דער עראָפּלאַן דורך לענדער,
ווייען הויך די רויטע בענדער,
און מיליאָנען הערצער קלאַפּן,
יעדער וויל אַ פענדל כאַפּן!

נאָר די סאָנים וואַרטן, האָפן,
אַז עס זאָל זיך עפּעס טרעפן
מיט די פליער פון סאָוועטן.
ליגן זיי באַנאַכט און בעטן:

ליבער גאָט, שיק אָן אַ שטורעם,
וואָס צעברעכט דעם גרעסטן טורעם.
רויטע פליער צו פאַרטרייבן,
ווייל מיר ווילן הערשער בלייבן.

אָבער מיר, די אַרבעט־קינדער,
גלויבן אין דעם גרויסן וואונדער.
שטייען אַרבעטער מיליאָנען,
וואַרטן שוין מיט רויטע פאָנען.

און מיר ווען זיי באַגריסן
מיט אַ פרייד און ווערטער זיסע,
און דערנאָכדעם וועלן מיר בעטן:
ברענגט אַ גרוס צו די סאָוועטן!

אַרבעטן:

1. באַשרייב, ווי מיר האָבן דאָ באַגריסט די רוסישע פליער.
2. דערקלער די צילן פון דער אָרגאַניזאַציע „פריינט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד".
3. וואָס טוט אייער שול־סעקציע „פריינט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד".

---

ארבעטער קינדער,

זייט גרייט

צו פאַרטיידיקן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד!

# רעוואָלוציע

## ווי סע האָט זיך אָנגעהויבן

ס׳איז געווען פרייטיק, דעם 24־טן פעברואַר. איבער די גאַסן זיינען שוין געגאַנגען דעמאָנסטראַנטן און געפאָדערט ברויט. אין שטאָט האָבן געווילדעוועט רייטער־פּאָליציאַנטן. זיי האָבן געריטן איבער טראָטואַרן און צעטריבן דעם נייגעריקן עולם. טראַמווייען זיינען שוין ניט געגאַנגען.

איבערן גאַס איז געגאַנגען אַ גרופּע אַרבעטערנס. בלייכע פּנימער, רויטע, אויפגעלאָפענע אויגן, מידער טראָט. אומבאַוואָפנטע זיינען זיי שווייגנדיק געגאַנגען. פונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן אַ מאַכנע פּאָליציאַנטן.

די דעמאָנסטראַנטקעס זיינען צעטומלט געוואָרן, זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איין אַרבעטערן האָט אויסגעשריגן:

— זיי וועלן אונז ניט טשעפּען! מיר פאָדערן ברויט...

שווייגנדיק, זיינען די פרויען ווייטער געגאַנגען.

די פּאָליציאַנטן האָבן אונטערגעטריבן זייערע פערד, זיך אַריינגעריסן צווישן די הונגעריקע אומבאַוואָפנטע פרויען און אָנגעהויבן שלאָגן.

דאָס איז געווען פרייטיק. אַפן גאַס זיינען קיין מיליטער־טיילן ניט געווען. געווען זיינען פּאָליציאַנטן, רייטער־זשאַנדאַרמען, איבערגעטועגע ווי סאָלדאַטן, מע האָט געשלאָגן, געשאָסן פון קוילנוואַרפערס, פון ביקסן, פון רעוואָלווערן.

***

אַף זנאַמענער פּלאַץ האָט אַ פּאָליציי־עלטסטער באַפוילן מיט בלויזע שווערדן האַקן די אומבאַוואָפנטע דעמאָנסטראַנטן.

— קאָזאַקן, שטעלט זיך איין! — האָט זיך עמיצער געווענדט צו אַ טייל.

דאָ איז געשען אומגעווינלאַכס.

די קאָזאַקן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו הילף דער מאַסע. אין אַ פּאָר מינוט האָבן זיי צעהאַקט דעם עלטסטן און צעטריבן די פּאָליציאַנטן. דעם עלטסטן האָט מען אַוועקגעטראָגן אַ טויטן.

... דער צוג אַף דער פינלענדישער ליניע האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט. די פּאַסאַזשירן זיינען אַרויסגעשפּרונגען אינדרויסן. וואָס איז געשען? און מ׳האָט דערזען:

צום צוג איז געגאַנגען אַ פּאַטרול: זעקס סאָלדאַטן, 2 אַרבעטער. אַלע מיט ביקסן, און אַף די שפּיזן — רויטע פאָנען. און די אויגן בא די סאָלדאַטן זיינען געווען נייע, אויפגעלעבטע.

און ווערטער באַ זיי נייע:

— בירגער, דער צוג וועט ניט גיין...

די סאָלדאַטן זיינען אַריין אין ערשטן קלאַס. דאָרט זיינען געזעסן: אַן אַלטער גענעראַל און צוויי יונגע אָפיצירן. דער גענעראַל האָט אַ מאַך געטאָן מיט די ווייסע ברעמען.

— ע־ע, סאָלדאַטן... פאַר סאָלדאַטן פאַרבאָטן...

און ניט פאַרענדיקט. דערזען רויטע סטענגעס און פאָנען.

— וואָס־איז־דאָ־אָ־ס?

— הער גענעראַל, גיט אָפּ אייער געווען.

באַם גענעראַל האָט אַ ציטער געטאָן די לינקע ברעם. ער איז בלייך געוואָרן, דערנאָך האָט ער אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס און זיך אויפגעשטעלט. די אָפיצערן זיינען אויפגעשפּרונגען. די סאָלדאַטן האָבן מיט זייערע ביקסן פאַרשטעלט דעם וועג.

— האַלט! ס׳געווער!

— וואָס? ניט וואַגן! דיין שוואָוע! וואו איז דיין שוואָוע? אויסוואָרף, אַ רויטע פאָן, אַ? אויסוואָר־ר־רף!

דער גענעראַל האָט זיך פאַרסאַפּעט.

— איר וואַרפט זיך ניט אונטער? איר זייט אַרעסטירט, — האָט רואיק געמאָלדן דער סאָלדאַט.

דער גענעראַל האָט אַ גלעט געטאָן זיין ווייסן פּאָנים:

— לויט וועמעס באַפעל?

דער סאָלדאַט האָט, גלעטנדיק זיין רויט בענדל אַף דער ברוסט, געשמייכלט:

— דאָס פאָלק!

— אַ־אַ־, דאָס פאָלק! — האָט פאַרביסן שמייכלענדיק געזאָגט דער גענעראַל און זיך געווענדט צו די אָפיצירן: — איר הערט, מיינע הערן, דאָס פאָ־אָ־אָלק.

און מיטאַמאָל אָפּטרעטנדיק, ניט טרעפנדיק מיט די הענט וואו מע דאַרף, האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ שוואַרצן ברוינינג און דערלאַנגט דעם סאָלדאַט. — נאַ...

... און פּלוצלונג... וואָס איז דאָס? פון ערגעץ הערט זיך מוזיק. יאָ, יאָ, מיליטער־מוזיק. סע הערט זיך אַ הילכיקער, פעסטער, געמאָסטענער סאָלדאַטן־טראָט.

די מוזיק איז שוין נאָענט. אָט הערן מיר — די מאַרסעליעזע. פון הינטערן ראָג קריכט אַרויס דער שפּיץ קאָפּ פון אַ סאָלדאַטן־קאָלאָנע, אַרומגערינגלט מיט אַ מאַסע פונפאָרנט. ס׳פלאַטערט די רויטע פאָן.

שמועס:

פאַרוואָס איז די צאַרישע אַרמיי אַריבער צו דער רעוואָלוציע?

# אָקטאָבער־טעג

.1

מיטוואָך, דעם 7־טן נאָוועמבער 1917 יאָר, בין איך אויפגעשטאַנען זייער שפעט. איך בין אַרויס אין גאַס. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ נאַסער. פון פעטראָפּאַוולער פעסטונג האָט זיך געלאָזט הערן אַ דונער פון האַרמאַטן.

גייענדיק האָב איך געטראָפן שטיין אַף דער וואַך עטלאַכע סאָלדאַטן מיט ביקסן.

— פאַר וועמען זיינט איר? — האָב איך זיי געפרעגט. — פאר דער רעגירונג?

— ניטאָ מער קיין רעגירונג, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון זיי מיט אַ שמייכל, — פאַטער געוואָרן.

.2

ס׳איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל אַ פולער מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן און מיט אַרעסטירטע מענטשן.

— ווער זיינען דאָס אָט די אַרעסטירטע? — האָב איך אַ פרעג געטאָן באַ אַ סאָלדאַט.

— איר קאָנט זיי ניט דידאָזיקע פיינע לייט? — האָט זיך אָנגערופן דער סאָלדאַט, — דאָס זיינען דאָך מיטגלידער פון קערענסקים רעגירונג, וואָס האָבן געוואָלט כאַפּן לענינען און האַרגענען.

— מיר האָבן זיי געפאַקט אַקוראַט בעשאַס זיי זיינען געזעסן און געמאַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אָנצופאַלן אַף די ראַטן פון ארבעטער און סאָלדאַטן, — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער סאָלדאַט.

— זיי האָבן געמיינט — האָט זיך אַ דריטער סאָלדאַט אַריינגעמישט, — אַז דאָס איז זיי זומער, ווען זיי האָבן אַריינגעזעצט אין טורמע טראָצקין, קאַמענעוון, לונאטשארסקין. איצט איז אָבער אָקטאָבער, וועלן מיר זיי אַביסעלע אָפּקילן.

— אַ פיינע קאָמפּאַניע, — האָב איך זיך אָנגערופן, — ניטאָ וואָס צו רעדן, — און בין אַוועק ווייטער.

אין גאַס האָט מען פאַנאַנדערגעטיילט אויפרופן. אָט איז איינער פון זיי:

„צו אַלע ארבעטער, סאָלדאַטן און פּויערים!

„דער ארבעטער־קלאַס איז אויפגעשטאַנען. מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט ער אַראָפּגעוואָרפן די בורזשואַזע רעגירונג פון קערענסקין.

די גאנצע מאַכט איז איצט אין די הענט פון די ראַטן פון ארבעטער און סאָלדאַטן. האַלט זיי אונטער! די ראַטן־מאַכט וועט מאַכן אַ סאָף צו דער בלוטיקער מילכאָמע, וואָס ציט זיך שוין עטלאכע יאָר. די ראַטנמאַכט וועט אָפּנעמען באַ די פּריצים די ערד און זי אָפּגעבן די פּויערים. די ראַטנמאַכט וועט אָפּנעמען די פאַבריקן און זאַוואָדן און פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די ארבעטער.

„די ראַטנמאַכט וועט פריי מאַכן אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין רוסלאַנד, יעדעס פאָלק זאָל לעבן אַזוי ווי עס וויל“.

— ***

איך בין אריין אין זאַל, וואו לענין האָט פאַר אַ גרויסן אוילאָם גערעדט וועגן ערד. און אַזוי האָט ער גערעדט:

„די גאַנצע ערד פון דעם קייסער, פון די פּריצים, פון די קלויס־טערס גייט אַריבער צו די פּויערים אומזיסט. די הייזער פון די פּריצים, די שטאַלן, די בעהיימעס, די פערד, די וועגענער, די מאַשינען, די פלוגן ווערן אָפּגענומען באַ זיי און גייען אַריבער צו די קאָמיטעטן פון דאָרף, וואָס די פּויערים קלייבן אויס. דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די פּריצים געהערט פון איצט אָן צום גאַנצן פאָלק“.

א ר ב ע ט:

1. פאַרוואָס זיינען די באָלשעוויקעס ניט געווען צופרידן מיט דער קערענסקי־רעגירונג?
2. מאַך אַ שפּיל פון דעם.

---

וואָס איז דאָס אַזוינס קלאַסן? קלאַסן זיינען פאַראַן, ווען עס איז דערלויבט איין טייל פון דער געזעלשאַפט צו פאַרכאַפּן פאַר זיך די מי פון דעם צווייטן טייל.

אויב איין טייל פון דער באַפעלקערונג פאַרכאַפּט פאַר זיך די גאַנצע ערד, האָבן מיר אַ קלאַס פון פּריצים און פּויערים. אויב איין טייל פון דער געזעלשאַפט פאַרמאָגט פאַבריקן, פאַר־מאָגט אַקציעס און קאַפּיטאַלן, און דער צווייטער טייל ארבעט אַף די דאָזיקע פאַבריקן, האָבן מיר אַ קלאַס פון קאַפּיטאַליסטן און פּראָלעטאַריער.

נ. לענין.

# ערעוו אָקטאָבער

(זיכרוינעס פון אַן אַרבעטער)

.1

אין צימער צו אונז איז אַריינגעלאָפן אַ יונגער אַרבעטער, אַ פּאַר־שוויצטער, און מיט אַן אונטערגעשלאָגן אויג. מיר האָבן אַ קוק געטאָן אַף זיין מאָדנעם אויסזען און זיך צעלאַכט. דער באָכער האָט זיך באַליידיקט און אַרויסגעברומט:

— אַף נעווסקי, פּאַר לענינען!

— וואָס הייסט פּאַר לענינען? ווי אַזוי?

— אַף נעווסקי האָט מען דעם כאַווער לענין אָנגערופן שפּיאָן... ווער ס'איז פּאַר אים, שלאָגט מען... נו, האָט מען מיך אויך...

— וואָס הייסט? דאָרט שלאָגט מען אונזערע ברידער, און מיר זיצן דאָ — אַף נעווסקי, פּאַר לענינען!

און אונזערע אַ קאָמפּאַניע האָט זיך אַ לאָז געטאָן.

אַף נעווסקי האָבן מיר דערהערט אויסגעשרייען און אַפּלאָדיס־מענטן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר דערזען אַ גרויסן טראָק, אויס־געפּוצט מיט גרינס און צווייג. אינעווייניק זיינען געזעסן גימנאַזיסט־לאַך מיט פּלאַקאַטן: „מילכאָמע ביז צום פולן זיג".

דערזען די פּאַרהאַסטע „גווירישע זינדלאַך", האָבן מיר, די קינדער פון די „דינסטן", מיט די אויגן אַפּדערגיך זיך צונויפגערעדט און, אַריינשטעלנדיק די פינגער אין מויל — אַ פייף געטאָן.

לעם אַ רעסטאָראַן האָב איך דערזען אַ האַמוין, אינמיטן איז געשטאַנען אַן אויסגעפּוצטער פּראַנט און גערעדט, געהיצט זיך, גע־מאַכט מיט די הענט.

כ'האָב זיך צוגעשטעלט הערן.

— ...איז אָט דער לענין פון דייטשלאַנד געקומען, נעבאך, אין אַ פּלאָמבירטן וואַגאָן.

— צוליב וואָס איז ער עס געפאָרן דורך דייטשלאַנד? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, זיך שטופּנדיק נעענטער.

דער פּראַנט האָט אַף מיר קוקן ניט געוואָלט, און האָט שוין גע־נומען זיך אָפּקערעווען, נאָר עטלאכע מענטשן (אַרבעטער, סאָלדאַטן) האָבן אויסגערופן, אונטערהאַלטנדיק מיין פּראַגע.

— יאָ, פאַרוואָס איז ער אַזוי טאַקע געפאָרן?

ניט ענטפערן האָט יענעם, ווייזט אויס, ניט געפּאַסט — האָט ער אויסגעשריגן:

— ווייל דורך פראנקרייך האָט מען אים פאַרבאָטן צוו פאָרן.

— און פאַרוואָס האָט מען אים פאַרבאָטן? — האָב איך געפרעגט ווי אַ טאָם, און דערזען באַ איינעקע אַ שמייכל אַפן פּאָנים.

— ס'אַראַ מיעסער שקאָץ! — האָט זיך צעקאָכט דער פראַנט — דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ שפּיאָן.

— באַוויזן! — האָב איך אויפגעבראַכט אויסגערופן קוים איינהאַלטנדיק זיך פון אַ זעץ טאָן אים איבער די ברילן, — דער כּאַוועך לעניין האָט קיינמאָל קיינעם זיך ניט פאַרקויפט פאַר געלט.

— אָט האָסטו דיר, יונגאַטש, אַ באַוויז — האָט באַלד עמיצער אַרויסגעזאָגט, אונטערפאָרנדיק מיר אונטערן נאָז מיט אַן אויסגעכאָוועטן, נאָר היפּשן פויסט.

— המ... — האָב איך אַ מאַך געטאָן. באַ זיך האָב איך געכאַפּט אַ ציטער, נאָר פונדעסטוועגן האָב איך געענטפערט הויך:

— אויב די ארבעטער וועלן אָפּ צו באַשיצן זייערע פירער אויך אָנהייבן געבן אַזוינע באַוויזן, וועט אייך אויסקומען זיך דאָ אַנדערש האַלטן.

איך האָב ניט באַוויזן צו ענדיקן, ווי איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין ברוסט פון אַ קלאַפּ מיט אַ פויסט. איך בין פאַרפלויגן ביז צו דער וואַנט.

עטלאַכע מינוט בין איך געלעגן און קיינער האָט מיר ניט געהאָלפן אויפשטיין.

.2

אינדערהיים האָב איך געטראָפן דעם טאַטן מיט דער מאַמען פאַראומערט. כ'האָב זיי דערציילט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. דערציילנדיק, האָב איך נאָכגעקוקט נאָכן טאַטן. אָט איז ער אַריין אין אַ ווילדן קאַס און זיך צעלאָזט מיט קלאָלעס אַף דער בורזשואַזיע, קערענסקין. אָט האָט ער זיך געשוואוירן, אַז איין פּוטילאָווער זאַוואָד וועט צעקלאַפּן די בורזשואַזיע אין צעמאָלן אין שטויב גאַנץ נעווסקי פאַר באַליידיקן דעם כאַוועך לעניין.

— און דו האָסט געשוויגן, גאָרנישט איינער! איבער דער צורע האָט מען באַדאַרפט דערלאַנגען! אַן ארבעטער טאָר ניט ליידן קיין קלעפּ פון אַ בורזשוי. אַ קלאַפּ געטאָן — באַקום צוריק! עך, גאָרנישט איינער!

— אָט אַן אַלטער נאַר! — האָט אַף אים אַרויפגעכאַפּט זיך די מאַמע — אַליין אַראָפּ פון זינען און וויל דעם זון אַראָפּפירן. באַלשעוויקעס! אינגיכן וועט דער זון, אַ דאַנק דעם טאַטן, קומען אָן אַ קאָפּ, די אָפּיצירן וועלן אים אַראָפּהאַקן.

— פאַר לענינען, פאַר די באָלשעוויקעס זאָל מען אָפּהאַקן. נאָר מיר וועלן פאַר איין קאָפּ אַראָפּנעמען הונדערט.

דער טאַטע האָט פֿייערלאַך דערקלערט, אַז פון היינט אָן איז ער אַ רויטער גוואַרדייער, ניט קוקנדיק אַף זיינע 48 יאָר. צוויי רויטע גוואַרדייער — האָבן מיר איינער דעם צווייטן געדריקט די הענט, זיך צעקושט און דערפילט צווישן זיך ניט קיין געוויינלאכע נאָענטקייט.

.3

אינדערפרי, 23 אָקטאָבער, האָב איך, אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף, דערזען אין צימער אַ מאָדנע בילד: אַף דער שמוציקער פּאָד־לאָגע איז געזעסן דער טאַטע, נאָר־וואָס, ווייזט אויס, געקומען פון דער ארבעט, און געריייניקט פלייסיק מיין ביקס. זיין ביקס איז שוין געווען אויסגערייניקט. פון זיינע אויגן האָבן זיך געקייקלט היפּשע טרערן, וועלכע ער האָט, מיסטאָמע, אַליין ניט באַמערקט. לעם אים איז גע־שטאַנען די מאַמע. כ׳האָב גענומען נאָכקוקן. דער טאַטע האָט מיך באַמערקט.

זיי ייבאַרימען זיך, אַז זיי וועלן אונז אַנטוואָפּענען אַזוי טאָר ניט זיין,
— אויפגעשטאַנען? גוט. נעם די ביקס און גיי אין שטאַב. קום.

אין שטאַב אונטער די טישן, אַף די טישן און אַרום האָבן מיר דערזען אַ מאַסע ארבעטער. דער טאַטע האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט:

— היינט פיל איך זיך באַזונדערס דרייסט, אויב אַלע פילן זיך אַזוי, וועט מאָרגן זיין די מאַכט באַ די ראַטן, באַ אונזערע.

— און אויב מ׳וועט זי דאַרפן אין אַ טאָג אַרום אָפּגעבן? — האָט איך אַ שפּאַס אַ זאָג געטאָן דער קאָמאַנדיר פון אונזער ראָטע, פאַרביילויפנדיק.

— קיינמאָל ניט. — האָט פאָכנדיק מיט דער ביקס אויסגעשריגן דער טאַטע.

ארבעטער האָבן זיך דערווייל צונויפגעקליבן אַלץ מער און מער. דאָס לעבן האָט געשלאָגן, ווי אַ קוואַל.

געפין אויס:

1. פאַרוואָס זיינען די באָלשעוויקעס געווען קעגן קריג?
2. פאַרוואָס זיינען די מענשעוויקעס און אַנדערע פאַרטייען געווען קעגן אָפּשטעלן די מילכאָמע?
3. וועלכע פאַרטיי פאַרטרעט דאָ אין אַמעריקע די באָלשעוויקעס?

# אין יענע טעג

בום... בום! אינדרויסן איז פינצטער בלוילאַך. די פענצטער באַהאַנגען מיט אַ גראָבער שוואַרצער שאַל.

בום... בום! די שוועסטער קוקט אַרויס דורכן פענצטער: „מאַמע! מאַמע! אַ שטיק פייער דורכגעפלויגן!"

איינגעדרייט ליג איך אַפן קאַסטן, וואו איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן. שוין די דריטע נאַכט אַזוי. דריי טעג פאַרמאַכט. און די פענצטער מיט שאַלן פאַרהאַנגען.

באַנדיטן אין שטאָט און מ'וואַרט אַף „זיי".

די מאַמע וועקט מיך. קוים וואָס איך עפן די ברעמען און הייב אַביסל אַרונטער די שאַל. ס'טאָגט שוין.

אַראָפּגעלאָזט די שאַל, ווי מיט האַנט אַוועקגענומען די שטראַלן, צוריק טונקל. די מאַמע טראַכט.

— ביי־עס,—זאָגט זי מיר,—זע נאָר, ס'נאָך פאַרמאַכט די פורטקע באַ די ריבאַקעס?

אויב ס'פאַרמאַכט, ווייסט זי, אַז „זיי" זיינען נאָך ניטאָ אין שטאָט.

פאַרמאַכט! די מאַמע פאַרברעכט די הענט. וואָס ט'זיין?

און אינמיטן טאָג איז באַרעך בעקערס אינגל אַריינגעקראָכן צו אונז און געבראַכט אַ נייע שלעכטע בסורע: אַ נייע כעוורע באַנדיטן — סאָקאָלאָווסקי! און עפשער הונדערט שטיק.

שפּעטער בין איך אַ גאַנצן טאָג געזעסן פאַרשלאָפן, געשפּילט זיך מיט אַ לעכעלע זון אין שאַל, וואָס אַפן פענצטער, און זיך גענומען מאַכן סימאָנים: ט'אַריינקומען אַ באַנדיט, צי ניין? יאָ, צי ניין? ניין!

די מאַמע זיצט פאַרקלערט איבערן סידער.

— מאַמע, — זאָג איך, — וואָס וואָלט געווען, ווען אַלע יונגען נעמען ביקסן קעגן סאָקאָלאָווסקין, האַ ?

— גיי שוין גיי, קעגן סאָקאָלאָווסקין קאָן נאָר גאָט העלפן !

איך שטעל מיך פאָר, ווי איך שטיי מיט אַ ביקס אין לעכל פון שלאָס. גייט צו אַ באַנדיט — טראַך ! נאָך איי־נער — טראַך ! אַלע פליען פון די טרעפּלאַך !

פונדערווייטנס צעדריבלט זיך אַ שיסעריי — ווי אַר־בעס צעשאָטן אַף אַ דאַך. באָרעך בעקערס אינגל לויפט אַריין מיט אַ שיינענדיק פּאָנים :

— די באָלשעוויקעס גייען !

אַף דער גאַס באַווייזט זיך אַ סאָלדאַט מיט אַ רויט היטל.

די באָלשעוויקעס ! אַז איך וועל אונטערוואַקסן, וועל איך זיין מיט זיי !

אַרבעט :

1. ווער האָט אַרויסגעהאָלפן די באַנדיטן ?

2. וואו האָבן זיי גענומען געלט און אַמוניציע ?



# 1905



## הירש לעקערט

אַ גאַניק אַ שיינער, אַ גאָרטן מיט בלומען,<br>
נו, האָב איך פּאַפּיר און אַ בלייער גענומען.<br>
די זון אַזוי ליטער, דער טאָג אַזאַ לינדער,<br>
איז וועל איך אַ מייסע דערציילן אייך, קינדער.<br>
עס הויבט זיך אָן טרויריק און לאָזט זיך אויס פריילאַך:<br>
אַמאָל און אַמאָל איז געווען אַ מיילאַך.<br>
אַ מיילאַך אַ בייזער, אַ מיילאַך אַ שלעכטער,<br>
פלעגט פאַנגען די איידלסטע זין און די טעכטער<br>
פון לאַנד און זיי שיקן אין צאָפן אין קאַלטן,<br>
און פלעגט דאָרטן אין פינצטערע טפיסעס זיי האַלטן.<br>
אין צאָפן, וואו ס'שפרייטן זיך אייביקע שנייען<br>
און ביטערע קעלטן און פרעסט, און זאַווייען.<br>
אַזוי האָט דער מיילאַך געוועלטיקט פיל יאָרן,<br>
ביז ס'גאַנצע לאַנד איז אַ וויסטע געוואָרן.

ווייל פיינט האָט דער מיילאך געהאַט דאָס געלעכטער
פון פריילאַכע זין און פון פריילאַכע טעכטער.
און איז דאָס געלעכטער געוואָרן נאָך גרעסער —
האָט ער יענע מיילער פאַרשלאָסן מיט שלעסער.
און האָט מיט געלעכטער געשטראַלט איינעמס אויגן —
האָט ער יענעמס האַלז מיט אַ פּעטליע פאַרצויגן.
עס האָבן נאָר קלאַנגען פון קייטן געקלונגען
אַף פריילאַכע טעכטער, אַף פריילאַכע יונגען.
עס פלעגן די שווערע, די אייזערנע קייטן
אין וועג זיי צום צאָפן צום קאַלטן באַגלייטן.
אין עלנט געבליבן איז מאַמע און טאַטע
אין שטאָטישן קעלער, אין דאָרפישער כאַטע.
דער מיילאך ט׳פאַרביטערט מיט צאַר זייער לעבן,
און „צאַר“ האָט דאָס פאָלק אים אַ נאָמען געגעבן.

---

ווי שווער ס׳איז צו צאַמען אין שטורם אַ פייער,
וואָס פלאַקערט אַף שטרויענעם דאַך פון אַ שייער,
אַזוי איז אויך שווער איינצוצאַמען געלעכטער
פון פריילאַכע זין און פון פריילאַכע טעכטער;
אַזוי איז אויך שווער צו פאַרצאַמען און שטילן
דאָס ברויזיקע שטראָמען פון פאָלקס שטאַרקן ווילן.
און ס׳האָבן דערטראָגן זיך קאַמף־אויסגעשרייען
פון איבערן צאָפן, דורך פּרעסט און זאַווייען,
פון איבער די סטעפּעס און איבער די פעלדער,
פון מאָכיקע בוכטעס און אוראַלטע וועלדער...
און ס׳האָט זיך דערטראָגן פון קייטן אַ קלינגען
מיט קלאַנג פון צעבראָכענע אייזערנע רינגען...
און אַז ס׳האָט דער מיילאך דאָס קלינגען פאַרנומען,
האָט ער אויפגעצאָרנט מיט קאַעם און ברומען;
האָט ער זיינע הויפטלייט מיט ווילדע רעציכעס
געשיקט אַפן לאַנד מיט גאַזלאָנישע שליכעס
צו בינדן אין קייטן די אַלע, וואָס שפּאָטן
פון צאַר, פונם מיילאך, — מ׳זאָל זיי אויסראָטן.
מ׳זאָל אַלע לעסטערער בינדן און שמייסן,
מיט אייזערנע קאַמען די הויט פון זיי רייסן.

---

אָ, קינדער, איצט זיצנדיק דאָ אַף מיין גאַניק,
דערזע איך פאַר זיך די מעהומע, דעם פּאַניק,
וואָס האָט זיך אַריבער די שטעטלאך געטראָגן

ווי אַ צעווילדעוועטער פערד מיט אַ וואָגן;
איך זע די צעשראָקענע בלאַסע געשטאַלטן
אַף בוידעמס, אין קעלערס, אין גריבער באַהאַלטן.
איך זע זיי, זיי נעמען צו מיר זיך דערנענען —
אָ, קינדער, כאָטש איר זאָלט אַזוינס שוין ניט קענען.

געשטאַלטן, זיי נעמען פאַרשווינדן, צערינען,
איז וועל איך אייך ווייטער די מייסעלע שפּינען:
פון צווישן פיל הונדערטער זין איז געוועזן
אַ זון, כאָטש אַ פּראָסטער, האָט קוים געקענט לעזן.
אַ פּראָסטער, נאָר ס'האַרץ זיינס געווען איז אַ ברייטס,
געווען שווער געפינען צו דעם נאָך אַ צווייטס.
פאַר אַלעמענס ליידן, פאַר אַלעמענס טרערן
האָט זיין האַרץ געליטן מיט ליידן מיט שווערן.
און ער האָט דערהערט די פאַרשטיקטע געשרייען
פון אייז־קאַלטן צאָפּן, דורך פרעסט און זאַווייען.
און פול איז געוואָרן זיין האַרץ, זיינע גלידער,
מיט פּיין פון דערשלאָגענע אָרימע ברידער.
און טיף האָט אַ קאָל אין זיין טיפער נעשאָמע
גערופן: גיי נעם, פאַר זיי אַלע, נעקאָמע!
ס'האָט ניט געטראַכט מער הירש לעקערט, דער בראַווער,
הירש לעקערט — צו אַלע געדריקטע אַ כאַווער.
צו אַלע געדריקטע, צו אַלע פאַרשעמטע,
מיט נאַקנס געבויגן און הערצער פאַרקלעמטע.
און ער האָט ניט רוען געקענט און ניט שלאָפן,
ביז ער האָט צום סוינע געצילט און געטראָפן.
געטראָפן — און ס'האָבן זשאַנדאַרמישע שפּאָרן
געבריקעט אין אים מיט אַכזאָריעס און צאָרן.
נאָר ס'וויינט ניט הירש לעקערט און האָט קיין כאַראָטע,
ער בראָדזשעט מיט שטאָלץ צווישן פערד דורך דער בלאָטע.
מיט שטאָלץ און מיט מוט, און די קני ניט געבויגן,
דורך נאַכטיקן כוישעך מיט ליכטיקע אויגן — — — — — —
און אַז ער איז שוין צו דער טפיסע געקומען,
האָט מען אים די אויגן פאַרבינדן גענומען.
און ס'האָט נאָך הירש לעקערט מיט גלייך־שטאָלצע גלידער
געזאָגט: כ'האָב געלעבט און איך שטאַרב פאַר די ברידער.
און האָט מיט געלעכטער געשפּאָט צו זיין סוינע:
עס וועלן נאָך קומען הירש לעקערטס אַזוינע!
מען האָט אים דערשאָסן אין הויף און פאַרשאָטן,

מיט פערדישע קלאָע זיין קייווער צעטראָטן.
ווייל ס'האָט ווי אַ שאַנד, ווי אַ וואונד, באַ די סאָנים
הירש לעקערטס געלעכטער געברענט אפן פּאָנים.

עס זיינען זינט דעמאָלט אַריבער פיל יאָרן,
און ס'איז יענע לאַנד שוין אַ פרייע געוואָרן.
פאַרשוואונדן די הערשאַפט, פאַרשוואונדן דער מיילאַך,
און יעדער איז פריי דאָרט, און יעדער איז פריילאַך.
און איצטער, אין לאַנד, אין דעם לאַנד דעם באַפרייטן,
דערציילט מען: געווען איז אַ מיילאַך פאַרצייטן...

שווערע ווערטער:

צאָפן — נאָרט.
צאַר — וויטיק, רוסישער קיניג.
געשפּאָט — אָפּגעלאַכט.
זאַוויי — זאַוורוכע — שניי־שטורעם.

אַרבעט:

1. שרייב אָן הירש לעקערטס ביאָגראַפיע.
2. געפין אויס, וואָס פאַר אַן אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „בונד“.

די מאַסן וועלן אינגיכן ווידער זיך אויפהייבן, ווידער אַרויסטרעטן, מעכטיקערע נאָך ווי פריער. זאָל די קאָנטערעוואָלוציע פייערן איר ניצאָכן איבער די געפאַלענע העלדן פון קאַמף פאַר פריי־הייט: נאָענט איז שוין דער סאָף פונם דאָזיקן ניצאָכן, ס'הייבט זיך אויף דער רויטער מאָרגנשטערן, ס'הערן זיך שוין די טריט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

לענין (1905).

# קינדער צו הילף

## לעבעדיקע יאַטן מיט רענצלאַך

אין 1905 יאָר זיינען אין אַ קליין שטעטל אין ווילנער געגנט פאָרגעקומען סטרייקן און דעמאָנסטראַציעס האָט מען אַראָפּגעשיקט אַן אָפּטייל קאָזאַקן, אַז זיי זאָלן איינשטילן די רעוואָלוציאָנערן.

די ארבעטער האָבן געוואָלט געבן צו פאַרשטיין די קאָזאַקן, אַז די צאַרישע רעגירונג נאַרט זיי אָפּ, אַז די ארבעטער זיינען פאַר די אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע מאַסן און אַז די קאָזאַקן זאָלן אַריבערגיין אַף דער זייט פון די ארבעטער.

וויאַזוי טוט מען עס?

האָט מען אָפּגעדרוקט ספּעציעלע פּראָקלאַמאַציעס פאַר די קאָזאַקן. אָבער ווי אַזוי גיט מען זיי איבער?

איז מען געפאַלן אַף אַן איינפאַל. אַלע טאָג פאָרן די קאָזאַקן צום טייך אָנטרינקען די פערד. האָבן קליינע יאַטן אָנגעטאָן רענצלאַך אַף די אַקסלען, אין זיי אריינגעלייגט די פּראָקלאַמאַציעס און זיינען זיך געגאַנגען שפּאַצירן צום טייך.

מיט אַ שאָ פריער, איידער די קאָזאַקן קומען אָנטרינקען די פערד, האָבן זיי דעם גאַנצן וועג צום טייך פאַרדעקט מיט פּראָקלאַמאַציעס. אַז די ארבעט איז געווען געענדיקט, זיינען זיי שטילערהייט אַוועק צוריק אין שטאָט.

אין אַ שאָ אַרום זיינען די קאָזאַקן געקומען אָנטרינקען זייערע פערד און האָבן געפונען די פּראָקלאַמאַציעס. זיי האָבן זיי איבערגעלייענט און עס האָט אַף זיי געמאַכט אַן איינדרוק.

* * *

אין קרעמענטשוג איז געווען אַן אומלעגאַלע דרוקעריי, אין וועלכער מען פלעגט דרוקן פּראָקלאַמאַציעס פאַרן גאַנצן ראַיאָן.

אין דרוקעריי זיינען געווען אַ טאַטע מיט אַ זון. דער זון איז געווען אַ קליין יאַטל, וועלכער פלעגט מיטהעלפן זיין טאַטן אין דרוקעריי.

דער טאַטע פלעגט דרוקן די פּראָקלאַמאַציעס און דער יאַטל פלעגט עס פאַנאַנדערטראָגן.

וויאַזוי האָט מען עס דורכגעפירט?

דער טאַטע האָט געקויפט פאַרן אינגל אַ פייקל. דאָס פייקל איז געמאַכט געוואָרן אַזוי, אַז איין דעק פלעגט זיך קענען אַראָפּנעמען און אַרויפטאָן צוריק.

דאָס אינגעלע פלעגט אָנפּאַקן דאָס פייקל מיט פּראָקלאַמאַציעס, צומאַכן דאָס דעקל און גיין איבערן גאַס און פייקלען.

דאָס יאַטל האָט אַ לאַנגע צייט אַזוי געפּויקט און איבערגעטראָגן די פּראָקלאַמאַציעס.

א ר ב ע ט:

1. וועלכע קינדער־אָרגאַניזאַציע קעמפט צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע?

2. רוף אָן אַ קינד, וואָס האָט באַצאָלט מיט זיין פרייהייט אין קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

# די כוואליע

(1905 יאָר)

דאָס איז געווען אַ מאַבל פון מענטשן, וואָס האָבן זיך צונויפֿ־געגאָסן איינינעם מיט די גאַסן, און צוזאַמען מיט די גאַסן זיינען זיי געוואַקסן און באַוועגט זיך. ניט מענטשן זיינען געגאַנגען, נאָר גאַסן, גאַנצע גאַסן. און קעפּ, געדיכט ווי זאַנגען אין פעלד, האָבן זיך געוויגט קוים־קוים, ווי עס וויגן זיך די זאַנגען פון אַ קליין לייכט ווינטל. און פאָנען האָבן געפלאַטערט איבער די קעפּ, און די באַלקאָנען פון די הייזער מיט די דעכער און מיט די פענצטער זיינען געווען באַהאַנגען מיט רויטן און באַזעצט מיט מענטשן, און אַלצדינג איז געווען צונויפֿ־געגאָסן איינינעם: מענער און פרויען און קינדער. און שטיל איז געווען און רואיק און יאָנטעװדיק. און קיין זייכער פון פּאָליציי איז ניט געווען. און כאָטש ס'איז געווען אַן אָקטאָבער־טאָג, האָט די זון געמאַכט שאָלעם מיט דער ערד צוליב דעם גרויסן יאָנטעוו אַף דעם דאָזיקן טאָג און האָט געלויכטן, געשיינט און געוואַרעמט, ווי אינם שענסטן זומער־טאָג. און פון די זייטיקע גאַסן זיינען אויסגעוואַקסן נייע יאַמים פון מענטשן מיט פאָנען און האָבן זיך צונויפגעגאָסן אינם גרויסן מאַבל פון קעפּ, און אַלע איינינעם האָבן שטורעמדיק באַגריסט דעם גרויסן יאָנטעוו, דעם ערשטן פרייהייט־טאָג אינם גרויסן לאַנד. און עס האָבן זיך געהערט פאַרשידענע לידער און געזאַנגען. און עס האָבן זיך אַרויסגעריסן אַלעמאָל פאַרשידענע ווערטער און אויסגע־שרייען. נאָר אָפּטער פון אַלע ווערטער האָט מען געקאָנט הערן דאָס וואָרט: „קאָנסטיטוציע!" „קאָנסטיטוציע!"

איינער פון דעם גאַנצן מאַבל איז אַרויפגעשפּרונגען אַף אַן אי־בערגעקערטער פאַס און האָט אויסגעדונערט מיט אַ באַסאָווער שטימע:

— בירגער! דאָס ערשטע מאָל ווערט איר אָנגערופן מיט דעם דאָזיקן פרייען נאָמען „בירגער". דערלויבט מיר צו באַגריסן אייך מיט דעם גרויסן יאָנטעוו. בירגער! מיר פייערן אונזער ניצאָכן. מיר פרייען זיך מיט אונזער יאָנטעוו! פאַרגעסט אָבער ניט אונזערע קעמ־פער, די, וועלכע האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט, די, וועלכע האָבן גע־שענקט זייער לעבן, די, וועלכע האָבן אַוועקגעטראָגן זייערע קעפּ פאַר אונז און פאַר אונזער פרייהייט. אַף די קני, אַלע איינינעם!

און דער גאַנצער מאַבל פון מענטשן שטעלט זיך אַוועק, ווי איין מענטש, אַף די קני, און דער רעדנער טוט דאָס אייגענע אַף דער אי־בערגעקערטער פאַס, הייבט אויף די האַנט און פאַנגט אָן מיט זיין באַסאָווער שטימע אַ טרויער ליד.

און דער גאַנצער מאַבל פון מענטשן כאַפּט אונטער, ווי איין מענטש, דאָס דאָזיקע טרויער־ליד. און עס לאָזן זיך אַראָפּ די רויטע פאָנען, און אַלע קעפּ זיינען אָנגעבויגן, און אַלע זינגען, און פיל־פיל וויינען, וואָרים פיל־פיל האָבן אייגענע און באַקאַנטע, וואָס זיינען געפאַלן... און אַ שטילקייט ווערט פאַרשפּרייט איבער דעם מאַבל פון אָפּגעדעקטע קעפּ פון די אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אינם נאָמען פון דער פרייהייט...

און אַז דער רעדנער שטעלט זיך אַף די פיס, שטייט אויף מיט אים דער גאַנצער מאַבל פון מענטשן, און זיין באַסאָווע שטימע דונערט ווייטער:

— בירגער! מיר האָבן אָפּגעגעבן אונזער כויוו צו די געפאַלענע קעמפער. איצט דאַרפן מיר זיך דערמאָנען אָן די קעמפער. וועלכע זיינען נאָך ניט געפאַלן, זיי לעבן נאָך און מוטשען זיך אין די ענגע פינצטערע טורמעס. אָן זיי דערמאָנט זיך. זיי ווייסן נאָך ניט פון אונזער גרויסן יאָנטעוו, וואָס זיי האָבן אונז באַשאַפן. צו זיי! צו זיי לאָמיר גיין! אַלע, ווי איין מענטש, לאָמיר זיך לאָזן צו די טורמעס. קיין איינציקער זאָל ניט בלייבן דאָ. אַמנעסטיע לאָמיר פאָדערן פאַר אונזערע שוועסטער און ברידער! באַפרייען זאָל מען זיי באַלד, די רעגע. און זאָל מען אונז באַגעגנען מיט פייער, וועלן מיר אַלע פאַלן. צו די טורמעס, בירגער, צו די טורמעס!

— הוררררא!!! — קאַטשעט זיך אַ הילך פונם מאַבל מיט מענטשן פון איין עק שטאָט ביזן אַנדערן. און גאַנצע כוואַליעס קעפּ טראָגן זיך אַהין, צו די טורמעס.

די ערד, וואָס טראָגט אַף זיך די דאָזיקע אַלטע שטאָט, האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ הילך, פון וועלכן מויערן קאָנען צעשפּאָלטן ווערן. דער הימל, וואָס דעקט איבער די דאָזיקע ערד, האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ באַוועגונג פון מורעשקעס־מענטשן! און די זון האָט פאַרגעסן, אַז ס׳איז אַן אָקטאָבער־טאָג און האָט אַ צופרידענע אַראָפּגעקוקט מיט איר פייערדיקן פּאָנים אַף די צעהיצטע גליקלאַכע מענטשן.

* * *

יעדער איינציקער וויל זען די באַפרייטע מיט זיינע אייגענע אויגן, און קעדייִ דער יאָנטעוו זאָל זיין נאָך פולער, און די גאַנצע שטאָט זאָל ווייסן פון דער אַמנעסטיע, האָט מען די באַפרייטע געמומען פירן מיט מוזיק, מיט געזאַנג און מיט געשרייען „הוראַ“ איבער די גרעסטע גאַסן פון שטאָט. אַלעמאָל האָט מען אַוועקגעשטעלט איינעם פון די באַפרייטע, ער זאָל זיך באַווייזן, ער זאָל עפּעס זאָגן, כאָטש עטלאַכע ווערטער, און אַ הוראַ האָט פאַרהילכט זיינע רייד.

נאָר אָט איז געוואָרן מיטאַמאָל אַ דערשטיקעניש. עס האָט זיך

געטראָפן אַ מאָדנע זאַך, וואָס קיינער האָט זיך עס ניט פאָרגעשטעלט, וואָס האָט פאַרשטערט דעם יאָנטעוו און אַלץ פאַרפינצטערט. עס האָט זיך פּלוצים גאָר אומגעריכט דערהערט אַ קנאַק פון אַ סאַך ביקסן, מ'וויים ניט פונוואַנען, פון וועלכער זייט, און דער מאַבל פון קעפּ האָט זיך אָנגעהויבן ביסלאַכווייז־ביסלאַכווייז צו וויגן, און אַלץ האָט באַקומען אַ מאָדנעם אויסזען.

ווי פון אַ זיסן שלאָף האָט מען זיך אויפגעכאַפּט, און אַ קאַלטע שרעק האָט אַרומגענומען אַלעמען. און צווישן דעם פאַרגליווערטן אוילעם איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אַ פּאַניק, אַ בעהאָלע, אַ לויפערייַ און אַ שפּרינגערייַ איבער קעפּ, אַן ערדטרעטעניש . . .

אַ געדיכטע כוואַליע פון מענטשן האָט זיך ווי אַ שטראָם גע־טראָגן און געטראָגן.

און פון הינטן האָט זיך געהערט אַ שיסערייַ...

און פערד האָבן געטראָטן איבער לעבעדיקע מענטשן.

# געגאַנגען בעטן

(9 יאַנואַר 1905)

טויזנטער אַרבעטער האָבן זיך אָנגעטאָן יאָנטעוודיק, מיט גע־נומען מיט זיך די ווייבער מיט די קינדער, מיט הייליקע בילדער און איקאָנעס... קאָזאַקן זיינען אַרומגעלאָפן אַף די פערד הין און הער אַף די הויפּט־גאַסן פון דער שטאָט. אַלע בריקן, וואָס איבער דער „ניעווע“, זיינען געווען באַדעקט מיט קאָזאַקן און אַנדערע מינים כאַיעל. אַפילע די פעסטונג פון דער שטאָט איז געווען גרייט, ווי עס געהער צו זיין.

פונקט ניין אַזייגער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן צו ציען אַ שנירל פון מענטשן פון אַלע זייטן און געגאַנגען מיט די הייליקע בילדער, מיטן גאַלעך אינמיטן, אָנגעטאָן אין גאַלאָכישע קליידער מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנד. קוקנדיק אַף דער פּראָצעסיע פון פרידלאַכע מענער, פרויען און קינדער, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז עפּעס אַ יאָנטעוו.

די אַלטע האָט לעקאָוועד זונטיק אָנגעטאָן זיוזיען אין זיינע יאָנ־טעוודיקע מאַלבושימלאַך און איז געגאַנגען מיטן קינד אַפן שפּאַציר, ווי אַלע טאָג. דערזען מענטשן גייען אַףביידע זייטן טראָטואַר, האָט

זיך די אַלטע געלאָזט אַהין, וואו אַלע גייען. און וואָס־ווייטער זיי זיינען וועגאַנגען, אַלץ גרעסער איז געוואַקסן דער שטראָם פון מענטשן, וואָס טראָגן זיך אַלץ ווייטער און ווייטער. און אַז די אַלטע האָט געוואָלט גיין צוריק, איז שוין געווען קימאַט אוממעגלאַך. און זי האָט זיך גע־טראָגן מיטן קינד, קעגן איר אייגענעם ווילן, אַהין, וואו אַלע. אַף איר פראַגע, וואוהין גייט מען דאָס? האָט זי באַקומען אַן ענטפער פון אַן אַרבעטער, וואָס איז געגאַנגען יאָנטעוודיק אויך מיט אַ קינד פון אַ יאָר זעקס באַ דער האַנט:

— מיר גייען בעטן.

— וואָס־זשע איז אַזוי פיל סאָלדאַטן? — פרעגט אים ווייטער די אַלטע.

— פון אונזער קאָוועד וועגן, אַלטיטשקע, פון אונזער קאָוועד וועגן!

אַזוי ענטפערט איר דער אַרבעטער און ווערט פאַרטראָגן מיט דער כוואַליע מענטשן דורך אַן אַנדער כוואַליע, און די אַנדערע כוואַליע ווערט פאַרשוואונדן דורך אַ דריטער כוואַליע.

שטעלט זיך אָפּ די אַלטע מיטן קינד באַ דער גרויסער בריק און נעמט דאָס קינד אַף די הענט און זי דערזעט — הייליקע בילדער טראָגט מען, און אַ גאַלעך גייט גאַלאָכיש אָנגעטאָן, און הייליקע לידער, הערט זי, זינגט מען — ציילעמט זי זיך, די אַלטע.

— וואָס איז דאָ, באָבע? — פרעגט באַ איר זיוזיע און קוקט זיך איין מיט זיינע בלויע אויגן אין דעם יאַם פון קעפּ.

— בעטן גייט מען, קינד מיינס.

נאָר זיוזיע דערהערט פלוצים — מ'שיסט; פרעגט ער באַ דער באָבען, וואָס זאָל דאָס באַדייטן, וואָס מען שיסט? ענטפערט אים די אַלטע, אַז ס'איז אַזאַ מינהעג, אַלע יאָנטעוו שיסט מען... און זיוזיע קוקט זיך איין מיט זיינע בלויע אויגן און זעט, ווי מענטשן לייגן זיך. פרעגט ער באַ דער באָבען, וואָס זאָל דאָס באַטייטן, וואָס מענטשן לייגן זיך? ענטפערט אים די אַלטע, אַז ס'איז אַ מינהעג, אַז מ'בעט, דאַרף מען קניען... און זיוזיע קוקט זיך איין און זעט, ווי מענטשן פאַלן, פאַלן... פרעגט ער באַ דער באָבען, וואָס זאָל דאָס באַטייטן, וואָס מענטשן פאַלן? און איידער די אַלטע ענטפערט אים, דערפילט זי אַ דריקעניש, אַ שטיקעניש פון אַלע זייטן, און דערזעט, ווי מענטשן לויפן, שטופּן זיך, שפּרינגען איינס איבער דאָס אַנדערע. און זי דערהערט אַ מאָדנעם הילך, אַ געשריי, אַ געוויינעריי מיט אַ קוויטשעריי, מיט

אַ הוקען, מיט אַ טיוקען און מיט אַ פייפן. און מיט דעמזעלבן קויעך, מיט דעמזעלבן שטראָם, וואָס האָט זי געבראַכט אַהער צו טראָגן, טראָגט דאָס זי צוריק, און זי האַלט דאָס קינד צוגעדריקט צום האַרצן, און זיוזיע האַלט זיך מיט בײדע הענטעלאַך באַ דער באָבעס האַלז, קוקט צוריק און הערט ניט אויף צו פרעגן קאַשעס: לעמיי מען לויפט, לעמיי מען שרייט, לעמיי מען שטופּט זיך, לעמיי מען וויינט? און די אַלטע קען אים ניט ענטפערן דערויף גאָרניט... זי פילט, אַז ניט די פיס אירע, נאָר די מענטשן טראָגן זי. וואוהין — ווייסט זי ניט און אָט האָבן זיך אַריינגעשניטן אין דעם שטראָם פון מענטשן גרויסע געזונטע, סאָלדאַטן זיצן אַף די גרויסע געזונטע פערד, און מ׳שיסט, און מענטשן פאַלן...

שווערע ווערטער:

ניעוואַ — אַ טייך אין לענינגראַד.

כאַיעל — מיליטער.

איקאָנעס — הייליקע בילדער.

אַרבעט:

צו וועמען זיינען די אַרבעטער געגאַנגען בעטן?

פאַרוואָס האָט מען די אַרבעטער געענטפערט מיט אַ שיסעריי אַף זייער געבעט?

קענען די אַרבעטער אַ סאַך אַרויסקריגן פון די רייכע דורך בעטן?

ווי אַזוי האָבן די רייכע אין אַמעריקע אָפּגעענטפערט די אַרבעטלאָזע דעלעגאַציעס?

זאָלן סאָנים ציינער קריצן,
שילטן, דראָען רויטע טעג —
מירן שאַפן פרייהייט־בליצן,
מירן גיין אַף לענינס וועג!

## לענין



# לענין לעבט

ניין!
ס'וועלן דוירעס נאָך זאָגן:
„ער לעבט!"
ער וועט קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט שטאַרבן!
זיין האַרץ וועט אין שטורעם קלאַפּן,
זיין וואָרט וועט לאַנג נאָך קלינגען,
ווי אַ גלאָק אין דער נאַכט.
און שטענדיק וועט שוועבן
אין קאַמף זיין געשטאַלט, —
וועט וועקן און רופן,
און ווייזן אַ וועג.
און פירן די מענטשהייט
צום פולקומען זיג.

# לענין (וולאַדימיר איליטש איליאַנאָוו)

לענין איז געבוירן געוואָרן דעם 23טן אַפּריל 1870 יאָר אין סימבירסק, רוסלאַנד. (איצט הייסט די שטאָט אוליאַנאָווסק).

דער פאָטער זיינער איז געוועזן פריער אַ לערער און דערנאָך איז ער געוואָרן אַ דירעקטאָר פון פאָלקס־שולן. ער האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר פאָלקס־בילדונג: ער האָט אויפגעעפנט מער פון 400 שולן, אין וועלכע עס האָבן זיך געלערנט העכער 20 טויזנט קינדער פון דער אָרימער באַפעלקערונג.

די מוטער האָט געהיילט קראַנקע פויערים און זי פלעגט אָפט באַזאָרגן זיי מיט מעדיצינען אומזיסט.

אין שטוב באַ זיי פלעגן פאָרקומען שמועסן וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. און לענין, דעמאָלט נאָך אַ קינד, האָט גענומען טראַכטן וועגן קאַמף מיטן קייסער, מיט די פריצים און פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אונטערדריקט די אַרבעטער און פויערים.

## לענינס קינדהייט.

דער קליינער וואָלאָדיע (פאַרקירצט פון וולאַדימיר) פלעגט זיך באַוועגן מיט פויערשע קינדער און פלעגט אָפט קומען אין דאָרף. ער פלעגט איינשטעלן מיט זיי פאַרשידענע שפּילן. זעלטן ווען ער פלעגט פאַרשפּילן. ער איז געוועזן אַ לעבעדיק אינגל און אַ שטיפער. אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אינטערעסירט מיט ערנסטע פראַגן.

אַן אַלטער קאָמוניסט, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין ברודער אַלעקסאַנדער, דערציילט: „כ׳האָב פאַרבראַכט באַ די אוליאַנאָווס אַ גאַנצן כוידעש. אָפט פלעגט בעשאַס אונזערע שמועסן אַריינקומען וואָלאָדיע, שטילערהייט זיך צוזעצן אַפן ברודערס בעטל און אונז אויסהערן, ניט אויסלאָזנדיק קיין איין וואָרט. נאָר אַלעקסאַנדער, קוקנדיק מיט ליבע אַפן ברודער, האָט געזאָגט: „איר מעגט רעדן. וואָס ער׳ט הערן, וועט בלייבן באַ אים. ער קאָן האַלטן סאָד.“

און טאַקע, ער פלעגט מיך פאַרוואונדערן מיט זיין ערנסטקייט, ניט נאָך זיינע יאָרן נאָך, און מיט עפּעס אַ באַזונדערער פאַרטראַכטקייט. אָפטמאָל, ווען איך בין געוועזן אַליין, פלעגט ער צוקומען צו מיר און פרעגן וועגן קאַטאָרגע און די פאַרשיקטע. אים האָבן שטאַרק אינטערעסירט די פאָליטישע פאַרשיקטע און זייער לעבן.

# שול־יאָרן.

— נאָך אַלס גימנאַזיסט,—דערציילט לענינס אַ שול־כאַווער,— האָט זיך וואָלאָדיע אוליאַנאָוו שטאַרק אינטערעסירט מיט דער לאַגע פון די אַרבעטער און פויערים. וועגן דעם, ווי שלעכט עס לעבט זיך אין רוסלאַנד די, וואָס אַרבעטן, האָט ער געוואוסט פון זיין עלטערן ברודער אַלעקסאַנדער און פון די ביכער.

אַלע פראַגעס, וואָס האָבן אים פאַרנומען, האָט ער באַלד גע־בראַכט צו די כאַווירים און נאָענטע פריינט.. אומעטום, וואו עס



איז נאָר געווען אַ מעגלאַכקייט זיך צוזאַמענקלייבן אַף שפּאַצירן, פאַרוויילונגען, סעדער, ווינטערצייט — אַפן גליטש, — אומעטום האָט זיך וואָלאָדיע מיט די כאַווירים געטראָפן. דאָ פלעגט וואָלאָדיע שטעלן פראַגעס וועגן דער לאַגע פון די פּויערים, וועגן די פּריצים, וועגן אַרבעטער און באַלעבאַטים, און מיר פלעגן דאַרפן ענטפערן.

וואָלאָדיע האָט אַף אונז געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. מיר האָבן זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט, אָן פלעגט עמיצער פון אונז ניט מאַסקים זיין מיט אים, האָט ער געקענט דערקלערן און דערווייזן, אַז ער איז

גערעכט. ער האָט אונז געקענט פאַרייניקן, אי צוליב אַרבעט, אי צוליב שפּילן. אומעטום איז ער געווען דער ערשטער.

פרילינג פון 1887 יאָר האָט זיך באַקומען די יעדיע, אַז זיין ברודער אַלעקסאַנדער איז געהאָנגען געוואָרן, דערפאַר ווייל ער האָט גענומען אָנטייל אין אַן אַטענטאַט קעגן צאַר. און דאַן האָט שוין לענין געזאָגט: „ניט דאָס איז דער וועג צו באַפרייאונג". און ער האָט זיך גענומען גרייטן.

## לענין הייבט אָן פּראַקטישע ארבעט.

אין 6 יאָר אַרום איז לענין אַוועקגעפאָרן אין לענינגראַד (דאַן — פּעטערבורג), וואו ס'איז דאָ אַסאַך פאַבריקן, אַסאַך אַרבעטער און אַסאַך רעוואָלוציאָנערן. צווישן די געלערנטע רעוואָלוציאָנערן איז לענין געווען דער יונגסטער, נאָר געוואוסט האָט ער מער פון אַלעמען. האָט מען אים געגעבן אַ צונעמעניש „דער אַלטער". וואָס זאָגט „דער אַלטער"? וואָס שרייבט „דער אַלטער"? „דער אַלטער" פאַרשטייט אַ זאַך. און דער „אַלטער" איז אינגאַנצן אַלט געווען 23 יאָר!

אין לענינגראַד האָט לענין זיך באַקענט מיט אַרבעטער און האָט זיי גענומען לערנען — שטילערהייט, פאַרשטייט זיך — איינציקווייז, קרייזלאַכווייז, צו 5-10 מענטשן אין אַ קרייז, ווי אַזוי צו קעמפן קעגן קייסער און קעגן עקספּלואַטאַציע.

פון די רעוואָלוציאָנערע קרייזלאַך האָט ער צוזאַמען מיט זיינע כאַוויירים באַשאַפן אַ „פאַרבאַנד אַף צו קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטער".

דערווייל איז אַף די פאַבריקן געוואָרן אומרואיק. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן סטרייקן. עס זיינען אונטער לענינס אָנפירונג אַרויס אין קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן און קעגן דעם קייסער מער ווי 40 טויזנט אַרבעטער.

איז געקומען פּאָליציי, און מ'האָט לענינען אַריינגעזעצט אין טורמע. האָט לענין פון טורמע געפירט זיין רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. געשריבן פּראָקלאַמאַציעס פאַר די אַרבעטער. און קעדיי די טורמע-אויפזעער זאָלן נישט באַמערקן, האָט ער געשריבן מיט מילך אַזוי, אַז מ'פלעגט אָנוואַרימען אַפן לאָמפּ, פלעגט ווערן שוואַרץ, און מ'האָט געקאָנט איבערלייענען, וואָס לענין שרייבט. שפּעטער האָט מען דאָס אָפּגעדרוקט און צעטיילט צווישן די אַרבעטער.

אַזוי איז לענין אָפּגעזעסן אין טורמע העכער אַ יאָר צייט, און

דערנאָך האָט מען אים פאַרשיקט אַף דריי יאָר אין סיביר, אין אַ פאַר־וואָרפן דערפל, ווייט פון אַרבעטער און פון אַ באַן.

## לעניין פירט אָן מיט דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

אין דעם יאָר 1905 האָט זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד. לעניין קומט פון אויסלאַנד, באַזעצט זיך אין פעטערבורג און גיט אַרויס רעוואָלוציאָנערע צייטונגען, טרעט אַרויס אַף מיטינגען און אָרגאַניזירט די אַרבעטער. די אַרבעט איז ניט געווען קיין אומזיסטע. די פויערים זאָגן זיך אָפּ צו אַרבעטן פאַר די פריצים, די אַרבעטער אַף די פאַבריקן סטרייקן, גייען אַרויס מיט רויטע פאָנען, פּאָליציי שלאָגט, שיסט, פאַרזעצט אין טפיסע. נאָר ס'העלפט ניט. די אַרבעטער זיינען אַרויס מיט געווער אין די הענט, מיט רעוואָלווערן, מיט ביקסן, און גענומען זיך שלאָגן מיט פּאָליציי און סאָלדאַטן. נאָר צו־לעצט האָט דער קייסער צונויפגענומען אַסאַך סאָל־דאַטן און האָט דערשטיקט די רעוואָלוציע. לעניין האָט געמוזט אַנט־לויפן קיין אויסלאַנד. אַסאַך רעוואָלוציאָנערן האָבן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נאָר לעניין האָט צוגעגעבן מוט: „ניט געזאָרגט, כאַווײרים, נישקאָשע, ס'וועט קומען אַ צייט, און מיר וועלן זיגן.“

און די צייט איז געקומען.

## די גרויסע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

זומער, אין 1914 יאָר, האָט אויסגעבראָכן אַ מילכאָמע אַף דער גאַנצער וועלט.

געשלאָגן זיך האָבן פאַרשטייט זיך, ניט די קאַפּיטאַליסטן, נאָר די אַרבעטער און פויערים פון איין לאַנד מיט די אַרבעטער און פויערים פון דעם צווייטן לאַנד.

— נו, — זאָגט לעניין, — אָט איצט איז געקומען די צייט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע. ווער זיינען עס די סאָלדאַטן? אַרבעטער פון די פאַבריקן און פויערים פון די דערפער. דאַרף מען זיי געבן צו פאַר־שטיין, אַז אָנשטאָט צו שיסן איינע די אַנדערע, זאָלן זיי בעסער אויס־קערעווען די ביקסן קעגן די קאַפּיטאַליסטן.

לעניין און די באָלשעוויקעס האָבן גענומען דערקלערן די סאָל־דאַטן, זיי זאָלן דאָס טאָן.

ס'זיינען אַדורך צוויי און אַ האַלב יאָר. די מילכאָמע ציט זיך און ציט זיך. מיליאָנען מענטשן ווערן דערהאַרגעט. די סאָלדאַטן זיינען

אויסגעמאַטערט. אין די שטעט איז אַ הונגער. זיינען די אַרבעטער אַרוים און געמאַכט אַ רעוואָלוציע. צו זיי זיינען אויך צוגעשטאַנען די סאָלדאַטן. אָן סאָלדאַטן האָט שוין דער קייסער גאָרנישט געקאָנט טאָן. ער האָט געמוזט אונטערשרייבן אַ דערקלערונג, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין הערשאַפט.

די גאַנצע אָנפירונג מיט דעם לאַנד איז געבליבן אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן. די אַרבעטער האָבן געדאַרפט, ווי פריער, אַרבעטן אַף זיי און זיך שלאָגן פאַר זיי. איצט איז פון אויסלאַנד אָנגעקומען לענין און גענומען דערווייזן די אַרבעטער און סאָלדאַטן און פויערים, אַז זיי מוזן איבערנעמען די מאַכט אין זייערע הענט.

דעם 7טן נאָוועמבער 1917 יאָר איז פאָרגעקומען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. דער טעלעגראַף האָט באַלד צעטראָגן די נייס איבער דער גאַנצער וועלט, אַז פון איצט אָן זיינען די באַלעבאַטים פון לאַנד ניט די קאַפּיטאַליסטן, נאָר די אַרבעטער און די פויערים. אומעטום זיינען אויסגעקליבן געוואָרן סאָוועטן פון אַרבעטער און פויערים, און לענין איז געוואָרן דער פירער פון דעם גאַנצן סאָוועטן-לאַנד.

באַלד איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די ערד פון די פּריצים, זייערע הייזער, מיט דער גאַנצער ווירטשאַפט — אַלץ גייט אַריבער צו די פויערים-קאָמיטעטן.

און אַז די אָנפירונג פון די פאַבריקן גייט אַריבער צו די אַרבעטער-קאָמיטעטן, — זיינען די אַרבעטער און די פויערים געוואָרן די באַלעבאַטים פון לאַנד און האָבן זיך באַפרייט פון די פּריצים און די פאַבריקאַנטן.

צו דער מילכאָמע האָט איצט גענומען אַ סאָף.

## די קאַפּיטאַליסטן ווילן דערהאַרגענען לענינען.

טייער און ליב איז לענין געוואָרן באַ אַלע, וואָס האָבן פריער געליטן פון קייסער און פון די קאַפּיטאַליסטן. אָבער די קאַפּיטאַליסטן זיינען אַף לענינען געווען פלאַם-פייער.

און איינמאָל, ווען לענין האָט געענדיקט זיינע אַ רעדע פאַר די אַרבעטער, איז צו אים צוגעקומען אַ פרוי, אונטערגעשיקט פון די קאַפּיטאַליסטן, און האָט אַף אים אויסגעשאָסן. ער איז געוואָרן שווער פאַרוואונדעט.

די דאָקטוירים האָבן אַף אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע, אַרויסגענומען די קויל און אים געראַטעוועט פון טויט.

אינגיכן איז לענין געזונט געוואָרן און האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. און אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ.

## זיינע לעצטע יאָרן.

די קאַפּיטאַליסטן פון רוסלאַנד און פון אויסלאַנד זיינען מיט זייערע אַרמייען און באַנדעס געקומען פון אַלע זייטן, זיי האָבן געברענט שטעט און דערפער, אויפגעריסן בריקן, צעשטערט פאַבריקן, געהאַרגעט מענטשן און געוואָלט ניט אַנדערש ווי פאַרכאַפּן מאָסקווע און אומברענגען די סאָוועטן־מאַכט.

גאַנצעטעג און נעכט האָט לענין געאַרבעט, אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען, אָפּגעהאַלטן זיצונגען, געשריבן, גערעדט און אָנגעוויזן, וויאַזוי צו פאַרשטאַרקן די רויטע אַרמיי ווי אַזוי צו באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט ברויט און מיט באַהייצונג, און ווי אַזוי צו פאַריכטן די פאַבריקן און העלפן די פויערים.

איבער די קויכעס האָט לענין געאַרבעט. און ניט אומזיסט. די רויטע אַרמיי האָט צעקלאַפּט די אַרמייען פון די קאַפּיטאַליסטן. די אַרבעטער האָבן גענומען צוריק אויפבויען די פאַבריקן. די פויערים האָבן ווידער גענומען באַאַרבעטן די פעלדער. און די אַרבעט איז אַוועק מיט פרייד איבערן גאַנצן לאַנד.

פּלוצלונג איז לענין קראַנק געוואָרן פון צופיל אַרבעט און דעם 21טן יאַנואַר 1924 איז ער געשטאָרבן. אַלע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט האָבן באַוויינט לענינס טויט.

און דאָס איז אין קורצן די געשיכטע פון אַ מענטש, וואָס האָט אָפּגעגעבן זיין לעבן פאַר די אַרבעטער און פויערים און אַלע אונטערדריקטע פון דער גאַנצער וועלט.

ש ו ו ע ר ע   װ ע ר ט ע ר:

גימנאַזיסט — מיטלשול־אינגל.

אַטענטאַט — אַן אָנפאַל.

פּראָקלאַמאַציעס — אויפרופן, „ליפלעטס“.

אַ ר ב ע ט ן:

1' וואָס האָט באַאיינפלוסט לענינען, ער זאָל זיך נאָך אַלס קינד פאַרטראַכטן איבער דער לאַגע פון די אַרבעטער און פויערים?

2. פאַרוואָס האָט מען דעם יונגן לענינען געגעבן דעם צונאָמען „דער אַלטער“?

3. ווי אַזוי פלעגן די רעוואָלוציאָנערן פירן זייער אַרבעט אין דער אַמאָליקער צאַרישער רוסלאַנד?

4. פאַרוואָס האָט לענין גערעכנט, אַז מילכאָמע איז די בעסטע צייט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע?

5. פאַרוואָס האָבן די קאַפּיטאַליסטן אונטערגעשיקט מענטשן זיי זאָלן דערהאַרגענען כאַוער לענינען?

# אונזער לענין

היינט וועלן ווייסע גאַסן וויינען,
און שטילער טרויער וועט דאָרט ברענען...
אין אַ ווינטער־טאָג אַזוינעם
איז געפאַלן אונזער לענין!...

און מאַכנעס, מאַכנעס וועלן קומען
און רויטן קרעמל נישט דערקענען —
רויטער קרעמל שרייט פון קומער:
וואו איז, וואו איז אונזער לענין?

ס'האָט מאַמע רוסלאַנד אים געבוירן
אין טיפער נאַכט פון וויי און קלעמען,
און מיט אָטעם פון גיבוירים
און מיט מילדן נאָמען: לענין...

זי האָט אַמאָל געשמידט אים קייטן,
דערנאָך באַ וועלטן־ראָד דערזען אים...
איצטער זעט זי אים אַ טויטן,
אים — אַ טויטן! — אונזער לענין!

נישט פאַר סאָנים זיך צו פרייען,
נישט פאַר זיי צו הויבן פענער,
ס'וועט זיין נאָמען נישט פאַרגיין,
ס'לעבט אַף אייביק אונזער לענין!



## געזעגנט זיך מיט לענינען

ס׳איז דער 26טער יאַנואַר. אַלע זיינען אַוועק צו לענינס לעוואַיע. מיך געלאָזט אַליין אין שטוב. כאַווער לענין, טייערער, איכ׳ל זיך דאָ מיט דיר געזעגענען.




# לענינס ברודער אַלעקסאַנדער

פאַרן קייסער אַלעקסאַנדער דעם דריטן *) האָט זיך די פויערים און אַרבעטער געלעבט זייער שלעכט. באַ די פויערים איז געווען ווייניק ערד, און פאַר דעם ביסל ערד האָבן זיי אויך געמאָזט צאָלן צינזן די פריצים און דעם קייסער. די אַרבעטער אַף די פאַבריקן האָבן געאַרבעט צו 12—16 שאָ אין מעסלעס און באַקומען אַזאַ קליינעם לוין, אַז פיל פון זיי זיינען געשטאָרבן פון הונגער. דעמאָלט האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט צו קעמפן קעגן די אַלע אומרעכטן.

לענינס ברודער, אַלעקסאַנדער, איז דעמאָלט געווען אַ סטודענט פון פעטערבורגער אוניווערסיטעט. ער איז אויך געווען אַ רעוואָלוציאָנער. ער מיט נאָך אַ פאָר פון זיינע כאַווירים רעוואָלוציאָנערן האָבן באַשלאָסן צו האַרגענען דעם בלוטיקן קייסער. זיי האָבן געגרייט אַ באָמבע און האָבן זי געוואָלט וואַרפן אין אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

די פאָליציי האָט זיי אָבער געפאַקט און אַרעסטירט. לענינס ברודער מיט זיינע כאַווירים האָט מען אויפגעהאַנגען.

*) דער פאָטער פון לעצטן קייסער ניקאָלאַי.

# מיר וועלן גיין מיט אַן אַנדער וועג

פאַר דער פאַמיליע אוליאַנאָוו איז די טויט־שטראָף פון זיין ברודער אַלעקסאַנדער געווען אַ גרויס אומגליק. אַלע האָבן געטרויערט. וולאַדימיר איליטש האָט געוויינט אַ גאַנצע נאַכט. די קישן זיינען אינדערפרי געווען נאַס פון טרערן. אָבער דער טויט פון זיין ברודער, דעם רעוואָלוציאָנער, האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. נאָר ער האָט באַשלאָסן צו קעמפן מיטן קייסער אויף אַן אַנדער אופן:

— ניין, — האָט ער געזאָגט, — מיר וועלן גיין מיט אַן אַנדער וועג! ניט מיט אַזוינע וועגן דאַרף מען קעמפן!

לענין האָט באַשלאָסן אויפהייבן קעגן קייסער מיליאָנען אַרבעטער און פּויערים.

דעמאָלט איז ער אַלט געווען 17 יאָר. דרייסיק יאָר האָט ער געאַרבעט אויף דורכצופירן זיין באַשלוס אין לעבן.

איצט זעען מיר, אַז איליטש האָט דערגרייכט זיין ציל. ניטאָ איצט קיין קייסער. די מאַכט געהערט צו די אַרבעטער און פּויערים.

געפין אויס:

1. פאַרוואָס איז אַלעקסאַנדער אוליאַנאָווס וועג צו קעמפן מיטן צאַר ניט געווען קיין ריכטיקער.

2. וואָס איז געווען כאַוועער לענינס וועג?

3. ווי אַזוי קעמפן מיר איצט קעגן די קאַפּיטאַליסטן: מיט אַלעקסאַנדערס וועג, אָדער מיט כאַוועער לענינס?

# לעניִן שלעפּט קלעצער

דער ערשטער מאַי 1920 איז אויסגעפאַלן שאַבעס. ס׳איז געווען אַן אַלרוסלענדישער מעלוכע־אַרבעטס־טאָג. לעניִן מיט נאָך אַנדערע אַרבעטער האָבן געשלעפּט קלעצער.

גראָד איז לענינען אויסגעקומען צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַן אַרבעטער. ער האָט באַדאַרפט טראָגן שווערע קלעצער.

לעניִן האָט, ווייזט אויס, ניט גוט אַרומגעכאַפּט דעם שווערן קלאָץ. און ער האָט זיך באַ אים פון די הענט אַרויסגעגליטשט.

דער אַרבעטער, ניט וויסנדיק מיט וועמען ער אַרבעט, האָט זיך שטאַרק אַף אים צעבייזערט:

— וואָס איז מיט דיר, כאַווער? הייבן איז הייבן!

לעניִן האָט אַ פאַרשעמטער זיך גענומען פאַרענטפערן:

— וואַרט, כאַווער, כ׳וועל פּרואוון נאָך אַמאָל.

שפּעטער, ווען מ׳האָט דעם אַרבעטער דערציילט, אַז ס׳איז געווען כאַווער לעניִן, האָט ער זיך פאַרשעמט.

# דאָס געהיימע ביידל

ס'איז געווען די צייט פון היי־שניט. קען מען דאָך אַריי־
בערפירן לענינען מיט זינאָוויעוון אין וואַלד אַריין שניידן
היי אַף דער לאָנקע. אַרומגעשאָרענע און פאַרענדערטע,
זעען זיי אויס ווי עמעסע שניטערס...

אַ טייערע אידייע!

טיף אין וואַלד האָט זיך געפונען אַ היי־לאָנקע. אַהין
האָט מען אַריבערגעפירט וולאַדימיר איליטשן מיט זינאָ־
וויעוון. דאָ אַרום איז אַן אַרבעטער־אוילעם, שניטער. זיי
וועלן ניט אַרויסגעבן די רעוואָלוציאָנערע פירער.

האָט מען געמאַכט אַ ביידל פון צווייגן, באַדעקט מיט
היי. באַם ביידל אַ קיך איינגעאָרדנט: אַף פלעקלאַך איז
אַ קעסעלע געהאַנגען, אין אים האָט מען געקאָכט.

דאָ האָבן זיך לענין מיט זינאָוויעוון רואיק גענומען צו
דער אַרבעט. זיי פלעגן לייענען אַלע צייטונגען, וואָס זיי־
נען דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען. און גאַנצע טעג גערעדט,
געפלאַנעוועט, געאייצעט זיך, ווי אַזוי דורכצופירן די רע־
וואָלוציע.

דאָס ביידל וואָלט מען געמעגט אָנרופן : „דער שטאַב
פון דער רעוואָלוציע".

ש ו ו ע ר ע  ו ו ע ר ט ע ר:
שטאַב — הויפט־קוואַרטיר, „העדקוואָדערס".



# לענין און דער פויער

(זיכרוינעס פון אַ פויער)

דריי מאָל בין איך געווען באַ כאַוער לענינען אין מאָסקווע וועגן פאַרשידענע איניאָנים פון אונזער דאָרף. דאָס לעצטע מאָל האָט מיך כאַווער לענין פאַרהאַלטן אַ גאַנצע שאָ. ער האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ שטול, דערנאָך אַליין זיך אַריינגעזעצט און גענומען אויספרעגן וועגן פויערשע געשעפטן:: ווי לעבן די פויערים, צי באַליידיקט מען זיי ניט, מיט וואָס זיינען זיי צופרידן און מיט וואָס ניט, ווי לעבט זיך זיי. דערנאָך האָט כאַווער לענין גענומען דערציילן, וואָס די ראַטנ־מאַכט פּלאַנעוועט צו טאָן פאַר די פויערים, געפרעגט, צי דאַרף מען ניט עפּעס אויסבעסערן. דערנאָך איז ער אַריבער צו פּאָליטישע פראַגן. אונזער שמועס האָט זיך געענדיקט 11 אַזייגער באַדערנאַכט, ער האָט מיך באַגלייט צום טיר און האָט געבעטן, איך זאָל נאָך קומען צו אים, איידער כ׳וועל אַוועקפאָרן פון מאָסקווע, דערציילן, וואָס האָב איך זיך דערשלאָגן. ער האָט געבעטן אָנשרייבן אין „בעדנאָטאַ“ וועגן אונזער שמועס.

דערוויף האָב איך אים געענטפערט, אַז כ׳וועל עס ניט קאָנען טאָן. ווייל איך האָב אין וועג פאַרלוירן מיינע ברילן און אָפן מאַרק האָב איך געקויפט שמאַטישע שפּאַקולן, וועלכע העלפן גאָרניט. כאַווער לענין האָט מיך פאַרהאַלטן, זיך אומגעקערט צום טיש, אַ קוועטש געטאָן אַ קנאָפּקע. ס׳איז אַריין דער סעקרעטאַר.

— גיט איבער פון מיין נאָמען סעמאַשקען, מ׳זאָל מאָרגן אַרויס־געבן דעם כאַווער גוטע ברילן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כאַווער לענין האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דעם און האָט אַליין אָנגעשריבן אַ צעטעלע דעם כאַווער סעמאַשקאָ. דאָס צעטעלע געפינט זיך אין לענין־מוזיי. אָט איז עס:

„כאַווער סעמאַשקאָ,

ניקאָלאי אַלעקסאַנדראָוויטש!

באַ מיר זיצט אַ כאַווער איוואַן, זייער אַן אינטערעסאַנטער האַ־רעפּאַשנער פויער, פּראָפּאָגאַנדירט אַף זיין אויפן דעם גרונט פון קאָ־מוניזם. ער האָט פאַרלאָרן זיינע ברילן.

צי קען מען אים ניט העלפן קריגן גוטע ברילן? איך בעט אייך

זייער אים העלפן און בעטן אייער סעקרעטאר, ער זאָל מיר מיטיילן, צי ס׳האָט זיך איינגעגעבן.

אייער לענין".

ש וו ע ר ע  וו ע ר ט ע ר:

„בערנאָטאַ" — אַ נאָמען פון אַ פויערשער צייטונג.

שפּאַקולן — ברילן, אויגנגלעזער.

# דער צווייטער פּרואוו צו טויטן לענינען

אַ כאַדאָשים דריי נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט מען באַמערקט, אַז עמעצער שפּירט־נאָך יעדן אויטאָמאָביל, וועלכער פאָרט אַרויס פון סמאָלני. צו די וועכטער פלעגן אָפט אונטערקומען אומבאַקאַנטע פאַרשוינען און פרעגן:

— ווער איז עס ערשט אָפּגעפאָרן?...

מ׳האָט געדאַרפט דערגיין, וואָס ס׳טוט זיך דאָ.

די „טשעקאַ", וועלכע היט שטענדיק די ראַטנמאַכט פון אַלע אירע בלוטיקע סאָנים, איז ניט געשלאָפן. אינגיכן האָט מען שוין געוואוסט:

עפּעס אַ באַנדע, אונטערגעקויפט פון דער בורזשואַזיע, האָט זיך געגרייט אָנפאַלן אַף לענינען. זיי האָבן גערעכנט, אַז ער קומט אַמאָל אַף כערסאָנער גאַס נומער 5, וואו ס׳האָט געוואוינט וולאַדימיר איליטשס נאָענטסטער מיטאַרבעטער — דער סעקרעטאַר פון סאָוונאַרקאָם, כאַווער בראָנטש ־ברויעוויטש.

איינעם פון דער באַנדע האָט מען געוואָלט באַשטעלן פאַר אַ מעשאָרעס אין אַ קראָם, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז נומער 5 אַף כערסאָנער גאַס, קעדיי ער זאָל קאָנען נאָכשפּירן, ווען ס׳קומט אַהין צו פאָרן לענין. איז גאָרניט אַרויס דערפון. האָט איינער געוואָלט אָנקומען אין דעם הויז פאַר אַ וועכטער, קעדיי ער זאָל קאָנען געבן צו וויסן, ווען לענין וועט אַהין קומען צו פאָרן. 20,000 רובל האָט מען אים צוגעזאָגט, אויב ער וועט „פּאַקן" לענינען און וועט אים אַרויסגאַנווענען אַ לעבעדיקן, אָדער אויב ער וועט האַרגענען לענינען מיט זיין סעקרעטאַר באָנטש־ברויעוויטש. ס׳איז שוין געווען אַלץ צוגעגרייט: באָמבעס און אַנדער געווער.

נאָר די „טשעקאַ" האָט געפּאַקט די באַנדע, איידער זיי האָבן באַוויזן דורכצופירן זייער בלוטיקן פּלאַן.

אַ ר ב ע ט:

ווער זיינען געווען לענינס סאָנים?

# לעֶנינעס מאַטאָנעס

איז געקומען אַמאָל צו לעֶנינען אַ גרופּע פּויערים וועגן זייערע איניאָנים. ס'איז געווען ווינטער, און אין לעֶנינס צימער איז געווען זייער קאַלט. אין יענער צייט האָט אין מאָסקווע שטאַרק אויסגעפּעלט האָלץ.

זיי האָבן אָפּגערעדט, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט. פאַרן אַוועקגייין פרעגן די פּויערים:

— פאַרוואָס איז באַ דיר, כאַווער לעֶנין, אַזוי קאַלט?

— קיין האָלץ, — זאָגט ער, — איז ניטאָ. מ'דאַרף שפּאָרן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אין מאָסקווע אָנגעקומען אַ וואַגאָן האָלץ מיט אַ קורצן בריוול:

„אָט שיקן מיר דיר אַ וואַגאָן האָלץ. כאַווער לעֶנין. שטעל אַריין אַן אייוועלע. און אויב ס'איז ניטאָ קיין מוליער, שרייב, וועלן מיר שיקן אונזערן: פאַראַן אין דאָרף באַ אונז אַזוינער."

לעֶנינען פלעגן אָפּט אָנקומען מאַטאָנעס פון אַרבעטער און פון פּויערים: פיש, מעל, צוקער, פּרוכטן און אַנדערע זאַכן. לעֶנין פלעגט שטענדיק אַלץ איבערגעבן אין אַרבעטער־רעסטאָראַן אָדער אָפּשיקן אין די קראַנקען־הייזער און אין די קינדער הייזער.

ש ווערע ווערטער:
מוליער — אַ בוי־אַרבעטער.

אַ ר ב ע ט:

1. פאַרוואָס זיינען די מאַטאָנעס פון די פּויערים אַזוי וויכטיק געווען?
2. פאַרוואָס האָבן די פּויערים געשיקט עסנוואַרג אָדער האָלץ און ניט קיין אַנדערע זאַכן?
3. פאַרוואָס פלעגט עס כאַווער לעֶנין ניט לאָזן פאַר זיך?

# א געשפּרעך מיט אַ שטומער וועגן לענינען

אַלע ריידן וועגן לענינען. מיך האָט פּאַראינטערע־סירט ,וואָס קאָן זאָגן אָדער אויסדריקן אַ שטומער וועגן לענינען. בין איך אַוועקגעגאַנגען און באַוויזן אַ שטום 10־יאָריק מיידעלע לענינס בילדער. דאָס מיידעלע האָט אויפגעלעבט און מיט אירע דאַרע הענטעלאַך האָט זי מיר גענומען דערקלערן, וואָס פאַר אַ גרויסער מענטש לענין איז געווען. זי האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט, וויפל זי האָט נאָר געקאָנט, אירע הענטלאַך, קעדיי מיר צו באַווייזען, ס'אַראַ גרויסע צאָל ביכער לענין האָט איבערגעלייענט. זי האָט אָנגעהויבן מאַכן מיט צייכנס, וועלכע האָבן באַ־טייט, אַז לענין איז געווען זייער אַ קלוגער מענטש. צום סאָף, ווען איך האָב איר באַוויזן דאָס בילד, ווי לענין איז אויסגעמאָלט אַ טויטער, האָט זיך איר פּנימל אָנגעהויבן קנייטשן. זי האָט אָנגעהויבן קושן דאָס בילד. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן...

ווי אַזוי האָט די שטומע זיך דערוואוסט וועגן לענינען?

כאַוועגר לענין האָט געזאָגט: — אָרגאַניזיר די אָרומיקע קינדער און באַטייליק זיך צוזאַמען מיט זיי אין דעם גאַנצן אָרו־מיקן לעבן. זיי אַ מוסטער פאַר אַלע קינדער!

# ווי איך האָב געזען און געהערט לענינען

(קינדערשעס)

אין 1921 יאָר, אין צייט פון הונגער, אַז איך בין געקומען אין מאָסקווע האָט מען מיר געזאָגט, אַז היינט וועט אַפן רויטן פּלאַץ זיין לענין. דאָ האָב איך באַשטימט אומבאַדינגט גיין אַהין. אַוועק



בין איך זייער פרי און געשטאַנען אַפן רויטן פּלאַץ אַ 4-5 שאָ. דערפאַר בין איך אָבער געשטאַנען לעבן טריבונע. דער אוילעם האָט געקוקט אין איין זייט, פון וואַנען ס'האָט געדאַרפט קומען לענין. אַף יעדן אָטאָמאָביל, וואָס פלעגט דורכפאָרן, פלעגט מען מיינען, אַז ס'פאָרט לענין. מיטאַמאָל האָט דער אוילעם אָנגעהויבן פּאַטשן און שרייען — „הוראַ“. איינער אַ מענטש האָט זיך געשטעלט אַף דער טריבונע. אַ מענטש פון מיטעלן וואוקס, ברייטע פּלייצעס, דער פּאָנים אַ שמייכלדיקער און איין אויג איז געווען פאַרזשמורעט אַביסל. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ פרענטש און אין אַ קעפּקע, איין האַנט האָט ער געהאַלטן אין קעשענע. ער האָט צוגעוואַרט, ס'זאָל ווערן שטילער, און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן רעדן.

ער האָט גערעדט וועגן דעם הונגער. פריער האָט ער אָנגעהויבן שטיל, געשטאַנען אַף איין אָרט. נאָכדעם האָט ער גענומען ארומגיין און מאַכן מיט די הענט. ער האָט גערעדט זייער לאַנג; וואָס ער האָט גערעדט, האָב איך, צום באַדויערן, זייער ווינציק פאַרשטאַנען, נאָר איך האָב געפילט, אַז ער רעדט וועגן זייער אַ וויכטיקער און אינטערעסאַנטער זאַך. ווען ער האָט געענדיקט, האָט מען אָנגעהויבן פּאַטשן, נאָר ער איז געווען אויפגערעגט און געבעטן ניט פּאַטשן.

ווען ער איז געגאַנגען צום אויטאָמאָביל, זיינען צו אים צוגעגאַנגען אַ סאַך מענטשן, מערסטענטייל אַרבעטער און אַרבעטערנס, קינדער אויך. נאָכדעם איז ער אַוועקגעפאָרן.

אַזוי האָב איך געזען לענינען.

## אַרבעטן:

1. באַשרייבט אייער לענין־ווינקל אין שול.
2. שרייבט אַ קאָמפּאָזיציע: ווי אַזוי מיר האָבן געמאַכט אַ לענין־ווינקל.
3. וועלכער קלאַס אין אייער שול האָט מער ווי אַנדערע געאַרבעט פאַרן לענין־ווינקל? וועלכער קלאַס האָט געבראַכט די בעסטע אַרבעטן?
4. וואָסערע שפּיל האָט איר אויפגעפירט אין מאָנאַט פון לענינס יאָרצייט?
5. ווי אַזוי האָבן די אַרבעטער אין אייער שטאָט געפייערט כאַוועד לענינס יאָרצייט?
6. ווי אַזוי האָט אייער שול געפייערט כאַוועד לענינס יאָרצייט?
7. וועלכע פּלאַקאַטן (פּאָסטערס) האָט איר אויסגעמאָלן און אויפגעהאַנגען אין קלאַס צו לענינס יאָרצייט?

# ציו־ציו און נאָך אזוינע ווי ער

ווער איז ציו־ציו? און וואָס איז ציו־ציו?
אַ קליין כינעזערל איז ציו־ציו, און אַ צווייפאַכער יאָסעם.

דעם טאַטן האָט מען אינמיטן נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון בעט; אים אָנגעטאָן אַ שווערן ברעט אויף די אַקסלען און דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט.

דער מאַמען האָט מען דאָס האַרץ דורכגעשטאָכן.

ציו־ציו ווייסט ניט וועגן דעם. ער איז דעמאָלט נאָך געווען זייער קליין. ער האָט נאָך ניט געוואוסט, ווער איז דאָס אַזוינס טשאַנג־קי־שעק, און ווער עס איז אַזוינס, סון־יאַט־סען.

ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיין טאַטע סאַן־ציו־ציו. וואו ווערט ער פאַרפאַלן אויף גאַנצע מעג.

ער האָט נאָר געזען ווי ער לויפט אַרום איינגעשפּאַנט אין אַ צוויי־רעדלדיקן וואָגן. און אַז ער קומט אַהיים, עסט ער אָפּ אויף גיך און גייט ווידער אַוועק. נאָר די מאַמע זיצט שטענדיק אין דער היים און זינגט קעסיידער אומעטיק און שטיל.

איינמאָל איז געקומען אַ וואָרט צו פליען: ק אַ נ ט אָ ן!

טעג און וואָכן, פול מיט גוטע נייעסן. עס פאַלן אַלטע הערשער. אַ זון איז אויפגעגאַנגען איבער כינע. נייע ווערטער טראָגן זיך אין לופטן. כינע איז באַפרייט.

עס פאַרברידערן זיך מענטשן פון אַרבעט. דער טאַטע סאַן־ציו־ציו איז מיט זיי. דער מאַמעס האַרץ איז מיט אים. מיט ציו־ציון אויף די הענט לויפט זי אַרום פון איין אָרט צום אַנדערן. זי פרייט זיך מיט אַלעם. זי וויגט זיך אין אויפגעברויזטן יאָנטעוו, און זינגט שוין מיט אַן אַנדער קאָל, לוסטיק און פריילאַך.

ציו־ציו קוקט מיט זיינע ברייט־צעצויגענע אויגן. ער פאַרשטייט נישט וואָס דאָס באַטייט. לאַכט ער און לאַכט.

* * *

אין טאָקיאָ און אין לאָנדאָן, אין פאַריז און אין וואַשינגטאָן, איז מען געזעסן בייַ גרינע טישן און געטראַכט: קאַנטאָן איז רויט! דאַרף מען שיקן טויט!

האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שיפן מיט קוילן־וואַרפער און מינען, מיט ביקסן און האַרמאַטן.

קאַנטאָן איז רויט — ברענגען מיר טויט.

ציו־ציו איז געבליבן אַליין, איינער אַליין, אין אַזאַ בייזער צייט.

די גוטע שכיינים וויסן ניט וואָס צו ענטפערן. זיי באַהאַלטן דאָס פּנים אין אַ זייט און זאָגן שטיל־פאַרשעמט: ניטאָ זיי! געווען — און ניטאָ!

ציו־ציו וויל פאַרשטיין. דער סייכעל אין קאָפּ איז שוין קלאָרער. האָט עפשער טשאַנג־קאַי־שעק אַוועקגענומען דעם טאַטן מיט דער מאַמען?

גייט ער אין די גאַסן און וויינט: וואו איז מיין פאָטער כאַן־ציי־ציו, און מיין מאַמע וואו איז?

* * *

אין מאָסקווע האָט מען דערהערט זיין געוויין. זיינס און נאָך אַזוינע ווי זיינס.

באַ רויטע טישן זיצט מען און מען טראַכט: וואָס טוט מען מיט אַזעלכע ציו־ציוס?

איבער דער גאַנצער וועלט זיינען זיי דאָך פאַראַן!

האָט מען גענומען אַ גרויסן שלאָס פון אַ רייכן מאַן. געוואַשן און געשייערט. צונויפגערופן עטלאכע מענטשן, וואָס קאָנען רעדן צו קינדער, און זיי געזאָגט:

— דאָס וועט זיין פאַר ציו־ציו און נאָך אַזוינע ווי ער.

אין דער וועלט האָט מען געלאָזט וויסן: וואו ס'איז פאַראַן אַזאַ ציו־ציו, זאָל ער קומען קיין מאָסקווע. פאַראַן אַ הויז, וואָס הייסט „אינטערנאַציאָנאַלע קינדער־היים“. דאָ וועלן זיין די קינדער, וועמעס עלטערן זיינען אומגעקומען אין רעוואָלוציעס, אָדער זיצן אין טורמעס, באַם סוינע אין לאַנד.

זיינען זיי געקומען. פון אַלע לענדער געקומען.
שטייט אינמיטן וואַלד דאָס ווייסע, גרויסע הויז אויפן דאַך פלאַטערט אַ רויטע פאָן.

די אַרומיגע ביימער און פעלדער קוקן פאַרגאַפט: דאָ לעבן מאָסקווע אַ רויטע פאָן? דאָ אין שלאָס אַזוינע קינדער?

אין אַ שלאָס, ניט ווייט פון מאָסקווע, קומען געסט און זאָגן: די טוואוע אין פעלד זאָל זיין אַזוי געראָטן, ווי אָט די יונגען פון אינטערנאַציאָנאַלער קינדער־היים.

ציו־ציו, און ליזל, און אַנטעק וועלן ווערן גרויס. וועלן זיי ניט בלייבן דאָ, לעבן מאָסקווע. זיי וועלן זיך אַ לאָז טאָן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט. אין זייערע הערצער וועלן זיי פאַנאַנדערטראָגן טיפן גלויבן. אין די לענדער פון זייערע טאַטעס און מאַמעס וועלן זיי אָנפאַנגען דאָרט, וואו יענע האָבן אויפגעהערט. מיט הויכן קאָל וועלן זיי באַנייען דעם רוף:

ציו־ציו און ליזל און אַנטעק וועלן מיט מאָסקווער מוט פאַרניכטן און בויען.

די טאַטעס האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס דער רעוואָלוציע.

די קינדער וועלן לעבן און לאַכן מיט דער רעוואָלוציע.

באָלשעוויקעס זיינען זיי. מיט הייסן פלאַם קומען זיי.

אין די אָדערן בלוט פון רויטאַרמייער.

קאָמונאַרן פון גרויסער קאָמונע איבער דער גאנצער וועלט.





# ראָזע לוקסעמבורגס יוגנט

איר קינדהייט.

ראָזע לוקסעמבורג איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן מאַי 1871 יאָר אין אַ קליין רוסיש־פּויליש שטעטל, אין אַ פאַר־מעגלאַכער אידישער מישפּאָכע, וואָס איז שפּעטער פאַר־אָרעמט געוואָרן.

איינמאָל, ווען ראָזע איז נאָך אַ קינד געווען, איז פאָר־געקומען אַזאַ צופאַל:

ראָזע האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ מיט אַ פּאַפּירל, וואָס איז געלעגן אַפן טיש.

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינדערפינצטער האָט זי אָנגעצונדן דאָס לעצטע ביסל געלט, וואָס איז דעם אַלטן פאָטער אירן אַזוי שווער אָנגעקומען צו קריגן פאַר דער מישפּאָכע. ראָזעס צאַר איז געווען ניט איבערצוגעבן.

דער פאָטער אָבער האָט ניט בלויז ניט באַשטראָפט זי, נאָר אַף אַלערליי אויפאַנים געטרייסט און האָט זיך געוויצלט איבער דעם, וואָס זי האָט פאַרשווענדט אַזאַ טייערע זאַך, ווי שוועבעלאַך.

ראָזעס מוטער איז געווען אַ געבילדעטע פרוי.

פאַר אירע קינדער פלעגט זי לייענען די ווערק פון אידישע, פוילישע און דייטשע דיכטער און האָט אין זיי פרי איינגעפלאַנצט אַ ליבע צום לייענען.

די איינדריקלאַכע ראָזע האָט אַליין אָנגעהויבן שרייבן לידער.

פון איר קינדהייט זיינען באַ ראָזען פאַרבליבן די שענסטע זיכרוינעס.

ראָזע איז נאָך אַ קינד געווען, ווען אירע עלטערן זיינען אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. דאָרט איז זי אָנגעקומען אין אַ גימנאַזיע. לויט איר וואוקס איז זי אין יעדן קלאַס געווען די קלענסטע, לויט איר עלטער — די יינגסטע, נאָר אין לימודים איז זי שטענדיק געווען די ערשטע צווישן אַלע שילער, און פון יאָר צו יאָר פלעגט זי באַקומען באַלוינונגען.

זי האָט מיט דערפאָלג געענדיקט די גימנאַזיע און האָט געזאָלט באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל. מען האָט איר אָבער דעם מעדאַל ניט אַרויסגעגעבן, ווייל מען האָט זי כוישעד געווען, אַז זי אינטערעסירט זיך צופיל מיט פּאָליטיק...

און דער כשאַד איז ניט געווען קיין אומזיסטיקער: שוין דאַן פלעגט ראָזע זיך באַטייליקן אין סאָציאַליסטישע קרייזלאַך צווישן אַרבעטער.

אירע ערשטע רעוואָלוציאָנערע שריט.

16 יאָר אַלט, איז ראָזע אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט". דאָס איז געווען נאָכדעם ווי די צאַרישע רעגירונג האָט געקעמפט פיר פּאַרטיי־קעמפער און אַרעסטירט פיל טוערס. ראָזען איז פונדעסטוועגן געלונגען אָפּצואַרבעטן אין דער פּאַרטיי צוויי יאָר צייט.

און נאָך דאַן, ווען די צאַרישע זשאַנדאַרמען האָבן זי אויסגעשפּירט, איז ראָזע געצוואונגען געווען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.



# קאַרל ליבקנעכט

— קוקט, זעט!

— אָט איז ער!

אַ מאַכנע אַרבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט לעבן טורמע. זיי האָבן נאָר־וואָס אַראָפּגעוואָרפן די קייזערלאַכע מאַכט אין דייטשלאַנד, זיינען זיי איצט געקומען באַפרייען זייער פירער — קאַרל ליבקנעכט.

די טויערן פון טפיסע זיינען צעפּראַלט. אָט איז ליבקנעכט! די יאָרן אין טפיסע זעען זיך אָפּ אויף אים אָן, נאָר זיין שטאַרקייט האָבן זיי ניט געבראָכן.

— לעבן זאָל ליבקנעכט!

— לעבן זאָל קאַרל!

אַזוי הילכט עס צווישן די אַרבעטער. די ערשטע רייען האָבן זיך צו אים אַ לאָז געגעבן און האָבן אים אויפגעהויבן הויך איבער אַלעמענס קעפּ. איבער די געשרייען איז שווער געווען צו פאַנאַנדערשיידן, וואָס זאָגט ליבקנעכט. מ'האָט געקענט כאַפּן נאָר איינציקע ווערטער.

...שאַלעם!

...אַראָפּ דער קייזער...

...אַ גרוס דער ראַטן־רעפּובליק...

די פּראָצעסיע האָט זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין. קאַרלען האָט מען געטראָגן אויף די הענט. און ווען עמיצער איז מיד געוואָרן, האָבן אים אַנדערע געטראָגן. אַזוי איז מען דערגאַנגען ביזן פּאַלאַץ. דאָ האָבן געלעבט די

קעניגן פון דייטשלאַנד. איצט זיינען די טויערן פון פּאַלאַץ אָפן פאַר ליבקנעכטן. ער איז אַרויס אַפן באַלקאָן. ניט לאַנג נאָך האָט פון דעם דאָזיקן באַלקאָן געהאַלטן רעדעס ווילהעלם, שיקנדיק מיליטער אַף אומקומען. איצט איז דער באַלקאָן באַצירט געווען מיט העל־רויטע טעפּיכער.

— כאַווײַרים! — האָט אויסגעשריגן ליבקנעכט, — קעמפּט פאַר אַ פרייער סאָציאַליסטישער רעפּובליק אין דייטשלאַנד!

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט.

די וואַך פון פּאַלאַץ אַפן דאַך האָט אַראָפּגעלאָזט די קייזערלאַכע פאָן, און אין דער לופט האָט אַ ווייע געטאָן אַ רויטע פאָן.

— „זאָל לעבן פרייהייט און שאָלעם!“

און פּלוצים האָט ווי אַ דונער זיך געלאָזט הערן אַ זאַלפּ. אַ קנאַקערײַ פון קוילנוואַרפער. פונוואַנען? פון פּאַלאַץ? אַלע האָבן זיך געלאָזט לויפן.

— זיי שיסן! זיי שיסן!

דער קאַמף פאַר אַ ראַטן־דייטשלאַנד האָט זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן. די אַרבעטער האָבן באַפרייט ליבקנעכטן, די קאַפּיטאַליסטן האָבן געשאַפן די ערשטע טיילן פון ווייסער גוואַרדיע.

דעם 15טן יאַנואַר 1919 איז דערשטיקט געוואָרן דער ערשטער פּראָלעטאַרישער אויפשטאַנד, דער ערשטער פּרואוו פון קאַמף פאַר סאָוועטן־מאַכט אין דייטשלאַנד. דעם 16טן יאַנואַר האָט מען אַרעסטירט קאַרל ליבקנעכטן.

ליבקנעכטן האָט מען געבראַכט אין גאַסטהויז „עדען“. דאָ איז געווען דער ווייסגוואַרדייאַישער שטאַב. נאָך אַן אויספרעג האָט מען באַשלאָסן אים אָפּשיקן אין טפיסע אַריין.

אַז מ'האָט ליבקנעכטן אַרויסגעפירט אַפן גאַניק, האָט אים דער וואַך־היטער באַם אַריינגאַנג דערלאַנגט עטלאַכע מאָל מיט דער ביקס איבערן קאָפּ. אָפגייענדיק מיט בלוט, איז ליבקנעכט קויד־קוים צוגעקומען צום אָטאָמאָביל, אינמיטן וועג האָט מען אים פאָרגעלייגט אַרויסגיין און גיין ווייטער צופוס, ווייל דער אָטאָמאָביל איז קלוימערשט קאַליע געוואָרן. ליבקנעכט האָט נאָך ניט באַוויזן צו מאַכן עטלאַכע שפּאַן, האָט דער אָפיציר האַרטינג אויסגעשאָסן אים אין פּלייצע און האָט אים אַוועקגעלייגט אַפן אָרט. די זעלנער האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אַף ליבקנעכטס קערפּער, אַראָפּגעצויגן דאָס אָנטאָן, און דעם נאַקעטן קערפּער האָט מען געבראַכט אַף דער סטאַנציע פון גיכהילף.

---

גלייך נאָך ליבקנעכטן האָט מען געהאַרגעט אויך ראָזע לוקסעמבורג, קאַרלס מיטהעלפערן פון די ערשטע טעג פון מילכאָמע. מ'האָט זי אַרעסטירט אינאיינעם מיט קאַרלען. אין אַ פערטל שאָ אַרום נאָך קאַרלען האָט מען זי אויך אַרויסגעפירט אַפן גאַניק פון גאַסטהויז. דערזעלביקער וואַך־היטער האָט איר געגעבן איבערן קאָפּ. אַפן וועג האָט זי געשאָסן דער אָפיציר פאָגעל. די

סאָלדאַטן האָבן זי אויסגעטאָן נאַקעט, צוגעבונדן אַ מאַסע צו די פיס און אַריינגעוואָרפן זי אין טייך אַריין. ערשט אין עטלאַכע כאַדאָשים אַרום האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען איר קערפּער.

ש ווע ר ע ווע ר ט ע ר :

צעפּראַלט — צעעפנט.

אַ זאַלפּ — אַ שאָס.

ווייסע גוואַרדיע, ווייסגוואַרדייער — סאָנים, וואָס קעמפן קעגן רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער.

גאַסטהויז — האָטעל.

## א ר ב ע ט ן :

1. שרייב :

2. געפינט בילדער פון קאַרל ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמבורג און וואָס ווייסטו וועגן קאַרל ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמבורג ? הענגט זיי אויף אין אייער לענין־ווינקל.

| |
|---|
| דו געהערסט צום אַרבעטער־קלאַס, וואָס מיט זיין האָרעוואַניע ווערן באַשאַפן די רייכטימער אויף דער וועלט. ער קריגט אַרויס פון אונטער דער ערד קוילן, אייזן, גאָלד, זילבער, נאַפט. ער שאַפט וואַגאָנעס, לאָקאָמאָטיוון, שיפן, לופט־שיפן. ער בויט הייזער ארבעט אויס מאַנופאַקטור, לעדער, אַלערליי שפּייז. אָן דער ארבעט וואָלט אַלץ געוואָרן טויט. |

# אינהאַלט:

## 1. צום נייעם לעבן

זייטל



## 2. רעוואָלוציע



## 3. 1905



## 4. לענין

# אַרבעט און קאַמף

באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע פאַר'ן דריטן און
פערטן לערן־יאָר פון עלעמענטאַרע שולן

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער־קאָמיסיע



פאַרלאַג:
**אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן**
הויפּט־פאַרקויף: 32 יוניאָן סקווער

ניו יאָרק, יאַנואַר 1932

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש :



## פּאַריזער קאָמונע



---


32 Union Square

# צום אַרבעטער

פון י. באָװשאָװער

הױב אױף דײנע אױגן, אָ פאָלק װאָס דו ביסט
אַזױ עלנט און אָרעם,
הױב אױף דײנע אױגן צו מיזרעך, צו מײרעװ,
צו צאָפן און דאָרעם,
און זע די געזאַמלטע אױצרעס, און זע
פון דײן אַרבעט די פּײרעס,
און זע דאָס געבליבענע רײַכטום פון
פריער געװעזענע דױרעס.

הײב אױף דײנע אױגן און זע אַפן יאַם
די באלאָדענע שיפן;
און זע אין די טונקעלע װעלדער דעם רױך
פון די לאָקאָמאָטיװן;
און זע װי זײ שװעבן און קומען געשװינט
פון אַ געגנט אַ װײטן,
און פירן אין אַנדערע לענדער פראָדוקטן
און סכוירעס צו בײטן.

הײב אױף דײנע אױגן און זע די געמױערטע
גרױסע פאַבריקן,
װאו אַרבעטער זעגן און הובלען און װעבן,
און נײען און שטריקן,
און שמידן און פײלן און טאָקן און שניצן,
און גלעטן און פוצן,
און שאַפן פראָדוקטן און שאַפן דאָס רײַכטום
צום מענטשלעכן נוצן.

און ווייט אַף די גליִענדיקע לוסטיקע פעלדער
הייב אויף דיינע אויגן,
און זע, ווי עס שטייען די גאָלדענע זאַנגען,
פון שווערקייט געבויגן.
און זע אין די פּראַכטיקע גערטנער די ביימער,
מיט פרוכטן באַהאַנגען,
און פייגל באַוואוינען די צווייגן, פאַרפילן
די לופט מיט געזאַנגען.

הייב אויף דיינע אויגן, אַ פאָלק! גיי אַרויס פון
די פינצטערע קוואָרים,
הייב אויף דיינע אויגן צו מיזרעך, צו מיירעוו,
צו צאָפן און דאָרעם
און נעם די געיאַרשענטע אויצרעס
און נעם פון דיין אַרבעט די פּיירעס.
און שאַפנדיק לעב און געניסנדיק שאַף,
אין די פרייערע דוירעס.

# פאַרוואָס זיינען קינדער געוואָרן רעוואָלוציאָנערן

## פון ז. לילינאַ

רעוואָלוציע איז אַן אייסעק פאַר דערוואַקסענע. זאָלן די אַר־בעטער קעמפן, זאָלן זיי זיך פאַרנעמען מיט רעוואָלוציע.

צו קינדער האָט דאָס גאָרניט.

קינדער דאַרפן לערנען און שפּילן זיך. זיי דאַרפן שפּרינגען און טאַנצן. דאָס איז זייער אַרבעט.

איינמאָל אין לעבן איז מען דאָך נאָר אַ קינד.

אַזוי רעדן אַנדערע וועגן קינדער.

זיי ווייסן ניט, אָדער ווילן ניט וויסן, אַז די קינדער פון אַרבעטער און פּויערים האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין „ליכטיקע קינדהייט“.

בלויז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו לערנען און צו שפּילן זיך.

צו דעם אָבער האָט מען זיך דערשלאָגן בלויז אין רוסלאַנד. אין יענע לענדער, וואו בײַ דער מאַכט שטייען, ניט די אַרבעטער און פּויערים, נאָר די קאַפּיטאַליסטן — איז אַלץ געבליבן ווי פריער.

פון זינט אַף דער וועלט האָט זיך באַוויזן פּריוואַט־אייגנטום און עקספּלואַטאַציע, האָט זיך אָנגעהויבן די שווערע אַרבעט פון קינדער.

ווען אַף דער וועלט זיינען נאָך ניט געווען קיין מאַשינעס, ניט קיין פאַבריקן, האָבן שוין קינדער געאַרבעט פאַר זייערע באַלע־באַטים. געאַרבעט האָבן זיי בײַ די באַלמעלאָכעס, אינדערהיים.

מיט 600—700 יאָר צוריק, האָבן שוין בײַ די באַלמעלאָכעס פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד געאַרבעט קינדער, אינגער פון צוועלף יאָר.

זיי זיינען געווען לערנאינגלעך. זיי האָבן געלערנט די מעלאָכע אין מעשעך פון 7—8 יאָר. פאַר זייער אַרבעט פלעגן זיי קיין גע־צאָלט ניט באַקומען.

אַרבעטן האָבן זיי געמוזט פון 5 אַזייגער אינדערפרי ביז 7, אָדער 8 אַזייגער אין אָוונט.

וואָס ווייטער איז אַלץ מער געוואָקסן די צאָל אַרבעטנדיקע קינדער.

אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַפּיטאַליזם, האָבן אין אַלע לענדער, אַף אַלע אונטערנעמונגען אָנגעהויבן אַרבעטן קינדער.

אין יאָר 1800, אינגאַנצן מיט 130 יאָר צוריק, פלעגט מען אין ענגלאַנד ריי ניקן די קוימענס ניט מיט בערשט נאָר מיט אינגלעך.



אַ בילד ווי מ'רייניגט אַ קוימען מיט אַ קינד אָנשטאָט אַ באַרשט.

מ'פלעגט אַראָפּלאָזן פון דאַך אין ענגען קוימען אַריין אַ 6—7 יאָריקן קינד און מיט זיין קערפּער אַראָפּרייבן די סאַזשע פון די ווענט־לאַך פון קוימען.

ווען די אַרבעטער האָבן גענומען פאָדערן, מ'זאָל פאַרבאָטן דידאָזיקע קינדערשע עקספּלואַטאַציע, האָבן די ענגלישע לאָרדן דערקלערט:

— „ענגלאַנד וועט אָפּברענען, אויב די אינגלעך וועלן ניט ריי ניקן די קוימענס".

אין פראַנקרייך האָבן אויך אינגאַנצן מיט 100 יאָר צוריק 6—5 יאָריקע קינדער געאַרבעט צו 14 און 15 שאָ אין טאָג.

אין בעלגיע האָבן אין 1886 געאַרבעט 5-יאָריקע קינדער אַף די שטריק-פאַבריקן; אין דער ציגל- און אין לעדער-פּראָדוקציע און אין קוילן-גרובן האָבן געאַרבעט קינדער פון 9 יאָר.

אַזוי איז געווען אין אַמעריקע און אין אַלע איבעריקע לענדער.

אין יאָר 1916 האָבן אין פראַנקרייך די קינדער אין עלטער פון צען-צוועלף יאָר אויסגעפילט זייער אַ גרויסן טייל פעלד-אַרבעט, פאַכמעס זייערע טאַטעס און ברידער זיינען אַוועק אַף מילכאָמע.

די שולן אין פראַנקרייך זיינען פוסט געוואָרן.

דער פראַנצויזישער מיניסטער האָט דערקלערט:

„אין דער צייט פון מילכאָמע דאַרף מען ניט באַזונדערס שטרענג שטראָפן פאַר ניט באַזוכן די שול“.

און באַ היינטיקן טאָג אַרבעטן אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד 11—10 יאָריקע שולקינדער אַף די פאַבריקן און אין דער לאַנד-ווירטשאַפט.

אין כינע ווערן די קינדער פאַשעט פאַרפייניקט מיט אַרבעט. אַף דער פראַגע פון איינעם פון די מיטגלידער פון אַ סאָוועטישער עקספּעדיציע, צי אַרבעטן די כינעזישע קינדער אַף די פאַבריקן, האָט אַ כינעזישער פּראָפעסאָר מיט גאַדלעס געענטפערט:

— ביי אונז אין כינע אַרבעטן ניט קיין קינדער, אונטער אַכט יאָר, אַף פאַבריקן.

אָבער פון אַכט יאָר אָן, הייסט עס, אַרבעטן זיי.

די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך זייער ברייט באַנוצט מיט קינדער-אַרבעט, מאַכמעס דאָס איז געווען ב י ל י ק ע ר א י י ד ע ר די אַ ר ב ע ט פ ו ן ד ע ר וו אַ ק ס ע נ ע.

אָט ווי עס לעבט זיך די קינדער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

מען פאַרשטייט שוין איצט, פאַרוואָס קינדער זיינען געוואָרן רעוואָלוציאָנערן.

# בעני

## פון מ. אָלגין

אַמאָל איז געווען אַ אינגעלע, האָט ער געהייסן בעני. האָט דער טאַטע אים גערופן בען און די מאַמע — בענדל.

איינמאָל איז דער טאַטע געקומען אַהיים ניט זעקס אַזייגער, ווי געוויינטלעך, נאָר האַלב פיר. בעני האָט זיך נאָר־וואָס אומגעקערט פון שול און האָט געמייסטרעוועט אַ פלוג־מאַשין פאַר ענין.

פרעגט די מאַמע פון דער קיך:

— וואָס אַזוי פרי?

האָט דער טאַטע אַ שליידער געטאָן דעם מאַנטל אַף דער סאָפע, אַ שטויס געטאָן דעם שאָקל־שטול און אַ ברום געטאָן אַף בענין:

— ס'טוט דיר באַנג, וואָס דו האָסט גאַנצע פינגער? דאַרפסט זיי צעקאַליעטשען מיטן שערל?

ערשט נאָכדעם, ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן שטול און אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אַף דער האַנט, זאָגט ער צווישן די וואָנצעס:

— אַ סטרייק אַף מיין קאָפּ.

די מאַמע האָט אַ זיפץ געטאָן און גאָרניט געענטפערט, און בענין האָט זיך שטאַרק געוואָלט פרעגן, וואָס איז דאָס — סטרייק? און פאַרוואָס מען קומט פרי אַהיים צוליבן סטרייק? אָבער ער האָט מוירע געהאַט פרעגן.

אַפן אַנדערן טאָג איז דער טאַטע ניט אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט; אַז בעני האָט שוין געהאַט איינגעפּאַקט די ביכלעך צו גיין אין שול, איז דער טאַטע נאָך געלעגן אין בעט, געוואָרט, גע־הוסט און געוואָרטשעט. אַז בעני איז געקומען פון שול, איז דער טאַטע שוין געזעסן ביים פענצטער, געלייענט דאָס בלאַט און גע־רעדט צו זיך אַליין:

— אַ סטרייק האָט זיך זיי פאַרגלוסט, אַף מיינע סאַנימס קעפּ.

האָט ער אַף מאָרגן געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל אים ווייזן דעם סטרייק, אָבער יענער האָט נאָר אַ מרוקע געטאָן: „מ'עט זיך באַגיין

אַן דיר". האָט בעני צוגעוואַרט ביז שאַבעס, ווען די שול איז פאַר־מאַכט, און איז נאָכגעגאַנגען דעם טאַטן. דער טאַטע האָט אים ניט געזען, אָבער ער האָט דעם טאַטן ניט אָפּגעלאָזט פונם אויג, ביז מ'איז געקומען צו אַ גרויסן האָל. בענים טאַטע איז אַריין אינעווייניק און בעני נאָך אים. אימיצער האָט אים געוויזן אַ וועג צו דער גאַלעריי, און בעני איז געווען צופרידן, וואָס ער וועט זיך קאָנען באַהאַלטן פונם טאַטן.

בעני האָט נאָך קיינמאָל אַזויפיל מענטשן ניט געזען. אין זאַל האָט געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. אַלע שטולן זיינען געווען פאַרנומען — און אַ סאַך מענטשן זיינען געשטאַנען בײַ די ווענט און אַרום דער פּלאַטפאָרמע. אַף דער גאַלעריי איז אויך געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, וואָס האָבן בענין געשטופּט אַהין און אַהער, אָבער בעני האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער פאַרענטשע און אַלצדינג געזען.

איבער דער פּלאַטאָפּרמע איז געהאַנגען אַ גרויסער ווייסער לייוונט מיט רויטע אויסיעס: „זאָל לעבן דער סטרייק", און אַנט־קעגן אים, איבער די קאָלאָנעס האָט זיך געצויגן אַ רויטער לייוונט מיט ווייסע אויסיעס: „זאָל לעבן די אייניקייט פונם אַרבעטער־קלאַס! זאָל לעבן די ט. יו. על.!" בענין איז געוואָרן פריילעך. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז אַף אַ פּיקניק. אומעטום הודזשען מענטשן, לאַכן, רופן זיך איבער. מיידלעך גייען אַרום און פאַרקויפן רויטע קוויטלעך — און אַ סאַך מענטשן האָבן זיך אויסגעפּוצט מיט רויטן. בעני האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מען טוט דאָ. אָבער פּלוצלונג האָבן אַלע אָנגעהויבן פּאַטשן און שרייען, טויב צו ווערן. נאָכדעם זיינען אַלע מיטאַמאָל געוואָרן שטיל. אַף דער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען איינער מיט שוואַרצע האָר, און ער האָט געזאָגט מיט אַ קלאָר קאָל:

— ברידער און שוועסטער!

האָבן אַלע פאַרכאַפּט דעם אָטעם, און בעני האָט שוין פאַרגעסן, וואו ער איז אַף דער וועלט. דער מאַן מיט די שוואַרצע האָר האָט גערעדט פונם סטרייק. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי דער באָס האָט אַרויסגעיאָגט פון די אַרבעטער די נעשאָמע; ווי אַזוי ער האָט געזאַמלט געלט פון אַרבעטערס פּראַצע. ער האָט דערציילט, וואָס די אַרבעטער פאָדערן און ווי אַזוי זיי קאָנען געווינען. ער האָט גערעדט פון אייניקייט, פעסטקייט, „איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם". ער האָט גערעדט פון דער גרויסקייט און דער שיינקייט פון אַזאַ סטרייק — און בעני האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערהערט דאָס וואָרט „קאַמף".

בעני האָט פאַרשטאַנען אַלצדינג. בעני האָט ליב געקראָגן דעם מענטשן מיט די שוואַרצע האָר און קלינגענדיקן קאָל. דער מענטש

האָט אויפגעהויבן די האַנט און געזאָגט: „מיר שווערן", און בעני האָט אויך אויפגעהויבן די האַנט און נאָכגעזאָגט: „מיר שווערן". נאָכדעם האָבן אַלע ווידער געפּליעסקעט — און אַ צווייטער רעדנער האָט זיך געשטעלט אַף דער פּלאַטפאָרמע.

בעני איז געבליבן ביזן אָוונט און האָט ניט באַמערקט, אַז די צייט גייט. ס'האָט גערעדט איינער וועגן הילף פאַר די סטרייקער און איינער וועגן פּיקעטס און סקעבס — און בעני האָט זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין, וואָס איז אַ סקעב. ס'איז געווען איינער, וואָס מ'האָט אים גערופן „דעלעגאַט", האָט ער געזאָגט, אַז ער קומט פון אַן אַנדער שאַפּ און אַז די אַרבעטער פון יענעם שאַפּ גרייטן זיך אַרויס אין סטרייק צו העלפן די היגע ברידער — האָבן אַלע געשריען „הורא", און בענין האָט זיך געדאַכט: עס רוישט אַ ווינט ביים ברעג פונם יאַם. נאָכדעם האָבן אַלע געזונגען. נאָכדעם איז אַרויפגעגאַנגען אַ יונג מיידל אין אַ רויטער פּאַטשיילקע און האָט געלייענט אַ מייסעלע פון אַ שיינער וועלט, וואו ס'איז ניטאָ קיין אָרעם און רייך, נאָר אַלע זיינען גלייך...

אַז בעני איז געקומען אַהיים, האָט שוין די מאַמע געהאַט אויסגעוואַשן די טעלער נאָכן אָוונט-ברויט און דער טאַטע האָט געזאָגט:

— וואו ס'טו זיך אַרומגעיאָגט, לויפער איינער? ס'ט אויסוואַקסן אַ לייט, אַז אָך און וויי איז מיינע סאָנים.

אָבער בענין האָט עס שוין ניט געאַרט. בעני האָט עפּעס געוואוסט. בעני האָט געזען דעם סטרייק. עס האָט אים נאָך געקלונגען אין קאָפּ, ווי אַזוי די סטרייקער זינגען דאָס ליד פון איינקייט און קאַמף.

דער סטרייק האָט זיך פאַרצויגן. בענים טאַטע האָט געוואַרטשעט אַלץ העכער, און די אויגן אין דער מאַמעס פּאָנים זיינען געוואָרן אַלץ גרעסער. מ'האָט אויפגעהערט קויפן פּוטער. נאָכדעם האָט דער טאַטע אויפגעהערט קויפן פּאַפּיראָסן. נאָכדעם איז שוין ניט געווען קיין פּענעס אַף צו געבן די קינדער. איינמאָל האָט די מאַמע אַרויסגעטראָגן פון דער שטוב איר מאַנטל און צוריקגעקומען מיט טיי און צוקער און וואורשט און אַ לאַבן ברויט. אָבער אַז מ'האָט דאָס אויפגעגעסן, איז שוין ניט געווען אַף קיין מילך פאַר די קינדער. האָט די מאַמע גאָר ווייניק געגעסן, זי האָט געזאָגט: זי איז ניט הונגעריק, און דער טאַטע איז שפּעט געלעגן אין בעט, געהוסט, געכראָפּעט און צו קיין מיטינגען ניט געגאַנגען. בענים שיך האָבן זיך צעריסן, די פינגער האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון די לעכער, אָבער ער האָט שוין געוואוסט, אַז ער דאַרף ניט בעטן קיין נייע שיך: ס'איז ניטאָ וואו צו נעמען. אין שטוב איז געוואָרן שטיל און שווער, און בעני האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס דער טאַטע גייט ניט אין האָל,

וואו ס׳איז דאָ אַזאַ פריילעכע קאָמפּאַניע. ער וואָלט אַליין געגאַנגען, ווייסט ער דעם אַדרעס ניט — און פרעגן דעם טאַטן, וועט ער וואָרטשען.

איינמאָל איז אַריינגעקומען דער לענדלאָרד מיטן בלינדן אויגל און געזאָגט טאַטע־מאַמען, אַז טאָמער באַצאָלט מען קיין רענט ניט ביז מאָרגן צוועלף באַטאָג, וועט ער ארויסשטעלן די זאַכן אינדרויסן. האָט די מאַמע געוויינט דעם גאַנצן טאָג און געווישט די גרויסע שיינע אויגן, און אין אָוונט, ווען בעני איז געזעסן איבער אַ קיבל, רופט זיך אָפּ דער טאַטע צו דער מאַמען:

— ווייסט, בעסי, איך קאָן דאָס שוין מער ניט פאַרטראָגן. איך גיי מאָרגן צו דער אַרבעט.

האָט די מאַמע אַ קוק געטאָן מיט אירע פאַרוויינטע אויגן און רופט זיך אָפּ שטיל:

— און וואָס וועלן זאָגן די סטרייקער?

איז דער טאַטע אויפגעשפרונגען פונם אָרט, אַזש דער שאָקל־שטול האָט אַ קרעכץ געטאָן אונטער אים. דער טאַטע האָט געשריען:

— זאָג מיר ניט: סטרייקער. אין האַלז ליגן מיר דיינע סטרייקער. ביז וואַנען איז אַ שיר? וואָס וועלן זיי אויספירן, אַ כעווררע שלעפער. זיי מעגן סטרייקן פון היינט ביז איבעראַיאָר — ס׳וועט זיי העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס!

רופט זיך אָפּ בעני פון זיין ווינקל:

— איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם.

שפרינגט דער טאַטע אויף, ווי אַן אָפּגעבריטער, און ברומט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ כאָכמעס, וואָס?

שפרינגט בעני אויך אויף און זאָגט מיט אַ שאַרף קאָל:

— דו טאָרסט ניט גיין צו דער אַרבעט!

ווערט דער טאַטע רויט און שרייט:

— שטיל, דו לויפער! ווער האָט דיך אויסגעלערנט אַזאַ אַזעס?

ווערט בעני נאָך רויטער און זאָגט נאָך העכער:

— אַז מען סטרייקט, דאַרף מען שטימען אַלע ווי איינער.

טוט שוין דער פאָטער אַ טופּע:

— שטיל זאָל זיין.

זאָגט בעני מיט אַ הויך קאָל:

— איכ׳ל ניט שווייגן! מען טאָר ניט שווייגן! איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט גיין צו דער אַרבעט! ....

וואַרפט זיך דער טאַטע שלאָגן; שפרינגט בעני אַרויף אַף דער סאָפע, מאַכט מיט די הענט און שרייט:

— סקעב! סקעב! אַ טאַטע — אַ סקעב! איך וועל דיך ניט לאָזן סקעבן!

כאַפּט דער טאַטע אים אָן פאַר דער האַנט און וויל אים אַראָפּ־שלעפּן; רייסט ער זיך אויס און זאָגט פונם ווינקל:

— טאַמער גייסטו אַרבעטן, לויף איך אין האָל און זאָג דעם טשערמאַן. און איך וועל אַוועקגיין פון דיר און מיין פוס וועט דאָ קיינמאָל ניט זיין. מיט אַ טאַטן אַ סקעב וויל איך ניט לעבן.

דער טאַטע האָט אים אויפגעוואָרפן אַ פּאַטש, אָבער בעני האָט ניט געפילט, ער האָט געשריען:

— סטרייקער דאַרפן זיין ברידער! סטרייקער טאָרן ניט זיין קיין פאַררעטער.

## געפינט אויס:

1) די יוניאָן, וועלכע פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די אַר־בעטער איז — — — — — — — — —

2) די יוניאָן, וועלכע גייט האַנט־אין־האַנט מיט די באַלעבאַטים, איז — — — — — — — — — — —

3) דער טאַטע האָט ניט געשיקט בענין אין שול ווייל — — —

---

# וועגן קוילן

פון ס. באַרקאַן

כ'וועל אייך, קינדערלאַך, דערציילן,
וועגן מיינס און וועגן קוילן.
ווער עס טוט די קוילן גראָבן,
און ווער עס טוט די קוילן האָבן.

פונקט אַזוי ווי אונזער לעבן,
האָט מען קוילן אונז געגעבן.
ווער עס פלעגט דאָס דאַרפן האָבן,
פלעגט אַוועק צום גרוב און גראָבן.

איז דער רייכער גאָר געקומען
און די מינען צוגענומען.
ער גיט קיין קוילן ניט אָן געלט,
אַפילע ווען מ'שטאַרבט פון קעלט.

פרירן אַרבעטער אין שטיבער
און מיט קוילן פול די גריבער.
פּרואוו נאָר נעמען אַ קויל אַליין,
וועסטו גלייך אין טפיסע גיין.

זיינען אַרבעטער אין נויט
קליינע קינדער וויינען: — „ברויט!“
און אַז קינדער וויינען: „ברויט!“
שרעקט דעם טאַטן ניט דער טויט.

אין די טיפסטע טיפע היילן
קריכן טאַטעס גראָבן קוילן.

ניט נאָר טאַטעס גראָבן קוילן,
קינדער קריכן אויך אין היילן,
אָפטמאָל ווערן זיי פאַרשאָטן,
און ווי ווערעמלעך צעטראָטן.

און דעם רייכן איז דאָך גרינג,
ער לעבט אין רייכקייט, האָט אַלצדינג.
אין זיין וואַרעמען געצעלט
ציילט ער זיינע זעקלעך געלט.



הונגער־מאַרש פון מיינער־קינדער אין פּענסילווייניע

# אַף דער פּיקעט-ליין מיט די מיינער

## פון פ. שוואַרצמאַן

פון די בערג קומען אַן סטרייקער. עס הויבט זיך אָן אויסשטעלן א קייט, צו צוויי אין א ריי. באַם אַריינפאָר צו דער מיין שטייען דריי מאַשינען און דעפּיוטי־שעריפס מיט שטעקנס אין די הענט. אין זייערע לעדערנע גאַרטלען הענגען רעוואָלווערן. איינער פון זיי האַלט א גראַנאַט אין האַנט.

די סטרייקער מאַרשירן צום אַריינגאַנג. אַלץ מער און מער סטרייקער שליסן זיך איין אין דער פּיקעט-ליין.

עס לויפט אָן א קאַר מיט סטייט-טרופּערס. זיי זיינען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, מיט גאַז־פּיסטאָלן און מיט בלעקדזשעקס.

— פייגערן זאָלן זיי.

— פלאַצן זאָלן זיי.

— די הינטישע קנעכט...

דער צאָרן צעפלאַקערט זיך. די מיינער זיינען גרייט אַף אַלץ.

פלוצלונג דערהערט זיך א געזאַנג. דאָס זינגט די יוגנט. זיי קומען, די קינדער פון די מיינער, העלפן פּיקעטן.

„האָלד די פאָרט, פאָר ווי אַר קאַמינג,
יוניאָן מען בי סטראָנג...“

אַף די פּענימער פון די מיינער צעשפּילט זיך א שמייכל. זיי קאָנען ניט די ווערטער, אָבער דעם מאָטיוו כאַפּן זיי אויף און העלפן מיט. די גאַנצע לופט ווערט פאַרקלונגען מיט פריילעכן און מוטיקן געזאַנג.

א פאַרשפּעטיקטער סקעב קומט אָן.

— העי ביסט א גוטער יוניאָן-מאַן, — לאַכן די סטרייקער.

— וואָס טראָגסטו אין דיין פּעיל, לואיסעס אַגרימענט? — שרייט א יונגער אַרבעטער.

פאַרמאַך דאָס מויל, — צעבייזערט זיך א דעפּיוטי. — דיין יוניאָן איז בעסער?

— אַוואַדע! די נעשאַנאַל-מיינערס-יוניאָן איז אַן אַרבעטער־יוניאָן און לואיסעס יוניאָן איז א באָסישע אָרגאַניזאַציע.

„טשאַרלי“ גייט אַרוים פון דער ריי און הויבט אָן אויסטיילן די „רעליף־קאַרטס“.

צוויי דעפּיוטיס גייען צו, זיי כאַפּן אים אָן מיט זייערע שטאַרקע לאַפּעס און שלעפּן אים אַוועק. די אַרבעטער לאָזן נישט. עס הויבט זיך אָן אַ געראַנגל. נאָך דעפּיוטיס לויפן צו. זיי שלאָגן מיט זייערע שטעקנס איבער די קעפּ. „טשאַרלין“ נעמען זיי מיט זיך.

— האָב ניט קיין מורע, מיר וועלן דיך באַלד באַפרייען.

די מיינער לויפן צו זייערע באַראַקן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיינען אַלע אויף דער גאַס. די אויפרעגונג וואַקסט פון מינוט צו מינוט.

— וואָס וועט מען טאָן?

— מיר ווייסן וואָס מיר וועלן טאָן! — זאָגט אַ יונגער אַרבעטער,

— זאָל נאָר פרעדי קומען, מיר וועלן פאָרן צום קאָונטי־דזשייל און אים אַרויסנעמען.

— אַלע דאַרפן מיר פאָרן צום קאָונטי־דזשייל!

דער נעגער־מיינער, ליין, קריכט אַרויף אויף דעם לייטערל פון אַ באַראַק און ער רופט:

— כאַווײרים, הערט! כאַווײרים!

די מיינער קומען צו און רינגלען אים אַרום.

— כאַווײרים, פון שרייען דאָ וועט גאָרניט אַרויסקומען. מיין מיינונג איז, כאַווײרים, אַז מיר זאָלן אַלע אַרויף אויף די טראָקס און אויף די קאַרס און פאָרן קיין וואַשינגטאָן (דאָס שטעטל, וואו עס געפינט זיך דער קאָונטי־דזשייל) און צווינגען די באָסעס אַרויסלאָזן אונזער כאַווער.

— ריכטיק געזאָגט!

— מירן אַלע גיין! — שרייט אויס אַ פרוי.

— און צעשמעטערן די פאַרדאַמטע טורמע.

— ריכטיק! לאָמיר גלייך גיין!

באַלד האָט מען זיך אַ ריר געטאָן. מען איז געפאָרן און געשוויגן. מען איז געפאָרן איבער די פעלדער. דער שטויב האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם זאַמדיקן וועג. עס האָט זיך באַוויזן דאָס שטעטל. צוויי־גאָרנדיק הייזער מיט אַ סאַך פענצטער, מיט ברייטע גאַניקעס, איינגעטונקט אין גרינס און אין בלומען.

די קאַרס האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער אוילעם איז אַראָפּ און זיך אַ לאָז געטאָן צום אַריינגאַנג פון אַ גרויסן גרויען הויז. אַ פּאָליסמאַן האָט אַ שפּרונג געטאָן צו דער טיר און זי פאַרהאַקט.

— געלער הונט!

פון צווישן אוילעם האָבן זיך אַרויסגערוקט אַ רוסישער אַרבעטער און אַ הויכער אַמעריקאַנער. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך שטיל דורכ־

גערעדט און דער רוסישער אַרבעטער מיט דעם אַמעריקאַנער זיינען ערגעץ אַוועק.

די צוויי פון דער קאָמיטע זיינען צוריק געקומען: „כאַוויירים, — האָט דער רוסישער אַרבעטער אָנגעהויבן — דער ריכטער וועט דאָ באַלד זיין. מיר האָבן נאָר־וואָס גערעדט מיט אים אויפן טעלעפאָן. ער וועט באַלד קומען.

די טרופּערס האָבן אַ קוק געטאָן אויפן אוילעם, געזען אַז מיט דער מאַכנע וועלן זיי זיך לייכט ניט ספּראַווען.

עס איז אָנגעקומען אַן אויטאָמאָביל מיט כאַוויירים פון דער אינ־טערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס. דער אוילעם האָט זיך דערפילט שטאַרקער. די טרופּערס האָבן זיך דערשראָקן.

— אָלרייט. צוויי פון אייך קומט אַריין — מיר וועלן רעדן צום דזשאָדזש.

עס זיינען אַריין איין פאַרטרעטער פון א. ל. ד. און אַ מיינער.

ווען דער דזשאָדזש איז אָנגעקומען, האָט זיך אַרויסגעריסן בא אַלעמען אַן אויסגעשריי פון צאָרן:

— לאָז זיי פריי!

ער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף קיינעם און איז אַריין אינע־ווייניק. אין אַ צען מינוטן אַרום זיינען אַלע צוריקגעקומען און גע־בראַכט מיט זיך טשאַרלין.

אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מען האָט געשריען:

— לאַנג לעבן זאָל די נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן!

— אַרונטער מיט די באָסעס!

— לאַנג לעבן זאָל די אינטערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס!

מען האָט זיך שנעל אַריינגעזעצט אין די קאַרס און געפאָרן אַהיים. אַ געזאַנג פון זיג האָט זיך געטראָגן איבער די פעלדער.

## פראַגעס:

1) פון וועלכע גרויסע מיינער־סטרייקס האָט איר געהערט?

2) וואָס איז פאָרגעקומען אין האַרלאַן — קענטאַקי?

3) די איי. ל. ד. און וו.אי. ר. העלפן די סטרייקער מיט — — —

# דאָס ליד פון שוואַרצן שוך-פוצער

פון מ. שיפּריס

שוואַרץ איז מיין הויט.
מיין היים — אַ הינטישע נאָרע,
אויף אַ בוים איינגעשניטן אין קאָרע —
אַ שטריק איז גרייט.

פוץ גיכער, נעגער, גיך.
זאָלן גלאַנצן די שיך.
— יעס, סער.
— אַ וואָרט ניט מער.
— יעס, סער.

באַ רייכע טירן שטייט מיין טאַטע געבויגן.
גאַנצע טעג — די מאַמע אויף דילן אויסגעצויגן —
פאַרן ביסן ברויט.
ווייסער באַלעבאָס גייט פאַרביי מיט שפּאָט:
מיר, וואָס „לעבן מיט זיין גנאָד“ —
וואַשן זיין קויט.

— העי נעגער, אַביסל שנעלער,
זאָל גלאַנצן העלער!
— יעס, סער!
— אַ וואָרט ניט מער.
— יעס, סער.

אין דאָרעם אויף הייסע באַוואָל-פעלדער,
אין אַפּריקע אין זומפּיקע וועלדער —
אַרבעט, נעגער!

— העי נעגער, אַביסל שנעלער!
זאָל גלאַנצן העלער.
— יעס, סער!
— אַ וואָרט ניט מער.
— יעס, סער.

# מאַרש אַף וואַשינגטאָן

## פון אירקוטאָוו

די שטאָט וואַשינגטאָן האָט געשימערירט פונווייטן. פאַר עט־לעכע מייל האָט זיך געהערט דער טומל פון אָט־דער גרויסער שטאָט, פאַר עטלעכע מייל האָבן זיך אינדערלופטן געטראָגן שפּורן פון שטויב און רויך.

די קינדער־קאָלאָנע האָט אַרומגערינגלט אַ געדיכטער אוילעם נייגעריקע, אַזאַ אוילעם, וועלכן די קינדער האָבן אַף זייער וועג נאָך קיינמאָל ניט באַגעגנט.

די קאָלאָנע האָט זיך אָפּגעשטעלט. גלייך האָט זיך אַרום איר געשלאָסן אַ קרייז פון בלאָע מונדירן, פּאָליסלייט האָבן אָפּגעשטויסן דעם נייגעריקן אוילעם און אָפּגערייניקט אַ פּלאַץ פאַר די קינדער. אימיצער פון די אַרבעטער, וואָס איז געווען צווישן אוילעם, האָט אויסגעשריען:

— העי, אָקסן, וואָס דאַרפט איר דאָ?

— זיי היטן אָפּ די קינדער פון די אַרבעטער — האָט איינער אויסגעשריען מיט שפּאָט.

— נאַרישקייטן, דאָס היטן זיי אָפּ די אַרבעטער פון די קינדער!

דער אוילעם האָט באַגעגנט די באַמערקונג מיט אַ הילכיקן גע־לעכטער. די פּאָליסלייט האָבן פאַרגעזעצט זייער אַרבעט, און אינ־גיכן איז אין דעם געשלאָסענעם קרייז געבליבן אַזוי פיל פרייער פּלאַץ, אַז נאָך דריי קינדער־קאָלאָנען וואָלטן דאָ געקאָנט זיך אויס־שטעלן. ביל איז געשטאַנען אינמיטן, פאָכענדיק מיט אַ צייטונג.

— הערט יאַטן, איך וועל אייך עפּעס זאָגן!

— ש־ש־ש־שאַ! — האָט מען אין אוילעם, וואָס האָט זיך באַ־מיט דורכשטופּן דורך דער קייט פון די פּאָליסלייט, גענומען איינשטילן איינע די אַנדערע. ווען ביל האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט מען אים שוין געהערט אַף ביידע זייטן פון קרייז. ער האָט געפילט דאָס, וואָס עס פילט יעדערער, וואָס טרעט אַרויס צום ערשטן מאָל פאַר אַ גרויסער מאַסע צוהערער. זיינע קני האָבן געציטערט און פון צייט צו צייט געבויגן זיך.

— יאַטן! — האָט גערעדט ביל — דער פּרעזידענט האָט געזאָגט, אַז ער וועט אונז ניט אויפנעמען, ווייל ער וויל ניט נאָכגעבן די קאַפּריזן פון קינדער. מיין מיינונג איז, אַז דער פּרעזידענט האָט פּאָשעט מוירע געקראָגן פאַר אונז.

אין אוילעם האָט אימיצער אַ לאַך געטאָן. די קינדער האָבן געשריען:

— דער פּרעזידענט האָט מוירע געקראָגן!

— דער פּרעזידענט האָט זיך דערשראָקן!

די פּאָליסלייט זיינען צעטומלט געוואָרן. נאָך עטלעכע מינוט האָט איינער פון זיי, קענטיק, דער עלטסטער, זיך דורכגערוקט צו די קינדער, און באַמיענדיק זיך צוצוגעבן זיין שטים אַ ווייכקייט און גוטמוטיקייט, האָט ער געזאָגט:

— הערט יאַטן, אַזוי טויג ניט! איר אַליין ווייסט מיסטאָמע ניט, וואָס איר טוט! איר באַליידיקט דעם פּרעזידענט!

אים האָט געענטפערט מערי.

— דאָס באַליידיקן מיר דעם פּרעזידענט? און דער פּרעזידענט אונז האָט ניט באַליידיקט? איך בין אַ טאָכטער פון אַן אָרעמען אַרבעטער, נאָר ווען צו מיר קומען געסט קאָן איך זיי אויפנעמען. מיר זיינען געקומען צום פּרעזידענט פאַר אַזויפיל מייל. מיר זיינען אַזוי מיד, און ער האָט קיין בעסערס ניט געפונען, ווי ניט אויפצונעמען אונז. האָט ער דען אונז ניט באַליידיקט?

— באַליידיקט, באַליידיקט! אַזוי טוט מען ניט!

די קינדער זיינען געוועזן שטאַרק צעקאָכט.

— הערט! — איז אַרויפגעקראָכן אַף די פּלייצעס פון די כאַווײרים דער געלער דזשאָן.

— הערט אַלע! אונזערע לערער האָבן אונז געזאָגט, אַז דער פּרעזידענט איז אַ גוטער, אַז ער ווייסט ניט פון דעם, וואָס די פּאָליציי טוט אין די שטאַטן, אַז מען דאַרף אים נאָר גוט אַ בעט טאָן!

— און ער וועט אַלץ אויספירן. נאָר דאָס אַלץ איז ניט עמעס! אונזערע לערער האָבן געזאָגט ליגנס! ליגנס געזאָגט!

— ליגנס!

אַ צווייטע גרופּע פּאָליסלייט איז געקומען צוהילף. די קייט, וואָס האָט אַרומגערינגלט די קינדער, איז געוואָרן ברייטער, און דער אוילעם איז אָפּגעשטויסן געוואָרן ווייטער. ערגעץ דאָ ניט ווייט האָט זיך צעהודעט דאָס פייפל פון אויטאָמאָביל. דער אוילעם האָט זיך צערוקט אין די זייטן, און עטלעכע גרויסאַרטיקע מאַשינעס זיינען לאַנגזאַם דורכגעפאָרן גלייך צו די קינדער. אין דער סאַמע פאָדערשטער זיינען געזעסן צוויי עלעגאַנט געקליידעטע דאַמען. די איבעריקע מאַשינען, זיינען ליידיק געוועזן.

איינע פון די דאַמען האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען רעדן מיט
אַ זיסער, ליבלעכער שטים:

— איר ווייסט שוין, אַז דער פּרעזידענט וועט אייך ניט אויפנעמען, קינדער! נאָר ער האָט אונז באַפּולמעכטיקט...

די יאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די אויטאָמאָבילן און זיי
אַרומגערינגלט.

— ער האָט אונז באַפּולמעכטיקט באַגעגענען אייך, ווי געהעריק.
מיר וועלן אייך אַוועקזעצן אין די מאַשינען און אָפּפירן אין שטאָט.
דאָרט וועט איר באַקומען אַ גוטן פרישטיק, מען וועט אייך אַרומוואַשן און איבערטאָן, איר וועט איבערנעכטיקן אין ריינע און ווייכע
בעטן. און דערנאָך וועלן מיר אייך אינדערפרי מיטן אייזנבאַן אויסריכטן אַהיים.

— צוזאַמען מיט אונזערע אַרעסטירטע פאַטערס? — האָט
אימיצער אַ פרעג געטאָן.

— מיט אונזערע פאָטערס!

מיר פאָדערן!

די דאַמע האָט אויפגעהויבן די האַנט.

— רעגט זיך ניט אויף, קינדער! — האָט זי געזאָגט — מיר וועלן
וועגן אַלץ איבערשמועסן אינאָוונט.

— ניין טייקעף, זאָגט אונז צו, שוין!

— קינדער, איר דאַרפט פריער פון אַלץ אָפּרוען!

— מיר דאַרפן פריער פון אַלץ אונזערע פאָטערס!

אין דער דאַמעס קאָל האָבן זיך דערהערט טענער פון אומצופרידנקייט און פאַרוואונדערונג.

— איר זייט ניט קיין גוטע קינדער! איר זייט ניט ווערט די
זאָרג פון דעם הער פּרעזידענט, פונדעסטוועגן לייגן מיר אייך פאָר
אַן אָפּרו און שפּייז און זיסע זאַכן, אַ סאַך זיסע זאַכן!

— בעהיימע!

דאָס וואָרט האָט דייטלעך אָפּגעקלונגען, אַ שניידיקס, ווי אַ פּאַטש.
די דאַמע אין אויטאָמאָביל איז בלאַס געוואָרן און האָט פאַרביסן די
ליפּן, די פּאָליסלייט זיינען געשטאַנען, ניט ווויסנדיק, וואָס צו טאָן.

—צעשטעלט זיך אין די רייען, יאַטן! — האָט ביל אַ קאָמאַנדעווע געטאָן — שנעל!

— מיר וועלן גיין צוריק. מיר האָבן ניט וואָס צו טאָן דאָ.
און איר... — ער איז צוגעגאַנגען צום אויטאָמאָביל, אין וועלכן עס
זיינען געזעסן די דאַמען — און איר הערט אויס... וואָס האָט איר
געמיינט? אַז מיר אָרעמע, הונגעריקע קינדער, וואָס... וואָס... צוליב
אַ זיסע זאַך וועלן מיר... אַזאַ גרויסע און אַזאַ בעהיימע!...

ער האָט זיך אָפּגעקערט און רואיק פאַרנומען זיין אָרט אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע.

דערנאָך, איידערן אָפּגעבן אַ באַפעל צו לאָזן זיך גיין, האָט ער אַרומגעכאַפּט מיטן בליק די קינדערשע קאָלאָנע.

—יאַטן! — האָט ער געזאָגט רואיק און הויך, — ווער עס איז ניט איינשטימיק, קאָן פאַרבלייבן דאָ און עסן קאָנפעקטן בּאַ אָט־דער ליאַלקע.

— אַכטונג!

— קאָמוניסטישע גרופּן פאָרויס!

די קינדער האָבן אַ ציטער געטאָן, אויפגעהויבן די הענט צו די היטלען און קעפּקעס און, אַנטבלויזנדיק די קעפּ, זיינען זיי בּאַ אַ טויט־שטילן שווייגן פון דעם אוילעם אַוועק אָף צוריק.

די קייט פון דער פּאָליציי איז געוואָרן דורכגעריסן דורך די פאָדערשטע רייען. עס האָבן זיך ווי צוזאַמענגעגאָסן איניינעם צענדליקער בלאָנדע, שוואַרצע און רויט־האָריקע קעפּ; ס'זיינען געשוואומען, איינגעוויקלט אין וואָלקנס שטויב, רויטע פּלאַקאַטן־לענטעס — און עס זיינען זיך צעגאַנגען אין דער ווייטן די ווערטער פון דעם ליד:

און העל ברענט דאָרט אונזער בלוט,
אָף פּלאַטערדיקער פאָנען־גלוט!...

## פראַגעס:

1) שרייבט־אָן אַ קאָמפּאָזיציע וועגן דעם הונגער־מאַרש אין וואַשינגטאָן אין יאָר 1931.

2) וואָס דאַרפן קינדער טאָן צו אַרויסהעלפן זייערע עלטערן אין קאַמף?

3) פאַרוואָס האָט דער פּרעזידענט די קינדער ניט אויפגענומען?

# הואווער־דאַמבע

פון י. א. ראָנטש

.1

אַף די וועגן פון לאַ וועגאַס,
אין נעוואַדאַ שטאַט,
דורכן גליענדיקן מידבאָר
שלעפּט זיך מיד און מאַט
אַן אַרמיי פון אַרבעטזוכער,
צו דער דאַמב פון פּרעזידענט.
אויסגעצערט און אויסגעהונגערט,
שטרעקן דורשטיק אויס די הענט:
„פאַרבט מיט אונזער בלוט די דאַמבע רויט
פאַר אַ שטיקל טרוקן ברויט“.

אַף די וועגן פון לאַ וועגאַס
פון דער דאַמב פון פּרעזידענט,
קערט זיך אום צוריק פון שלאַכט־פעלד
אַן אַרמיי פון אַרבעט־הענט;
אַן אַרמיי פון פאַליקע,
אַן אַרמיי פון קאַליקעס.

זעכציק אַרבעטער האָט פעלז צעדרויבט,
פופציק אַרבעטער האָט שטויב געדרויבט,
צוואַנציק אַרבעטער האָט היץ געטייט...

עס וועט די הואווער־דאַמב
באַוואַסערן אַ וועלט.
עס פאַלט אַוועק דער שקלאַף באַם דאַמב,
ווייל אַ טרונק אים פעלט.

די טעמפּעראַטור איז 128 גראַד,
די לופט איז הייס און דין...
קום, אַרבעטער, אין נעוואַדאַ־שטאַט,
קום אַהער, פאַרדין...

פאַרדין דיין טויט,
פאַרליר אַ לונג,
קום אום פון היץ,
ציִ אויס די צונג!
עס ווערט געבויט
די הואווער־דאַמב —
דער שטאָלץ פון לאַנד.

.2

פערצן הונדערט אַרבעטער, וואָס שטויב און היץ
האָבן נאָך ניט פאַרצערט,
האָבן אין דער הואווער־דאַמב
אַ סטרייק דערקלערט:

פאַר אַ קאַלטן טרונק,
פאַר אַ גרעסערן שטיק ברויט,
פאַר הילף אַ פונק
אין אומגליק־נויט.

צו קענען בויען די הואווער־דאַמב,
דעם שטאָלץ פון אונזער לאַנד.

אַף די וועגן פון לאַ וועגאַס
גייט אַרמיי פון אונזער לאַנד
צו דער הואווער־דאַמב —
אָנצולערנען דעם סוינע בלאַסן,
וואָס פאַרלאַנגט האָט קאַלטע וואַסער,
באַ דער אַרבעט פון דער הואווער־דאַמב.

אַף די וועגן פון לאַ וועגאַס
ווערט געבויט אַ מאָנומענט
פון שאַנד
צום פרעזידענט
פון אונזער לאַנד:

אויסגעשטרעקטע צונגען,
צעהאַקטע פיס און הענט —
צעלעכטערטע לונגען,
אַ מאָנומענט
צו אונזער פרעזידענט.

# הונגער־מאַרש

## פון ב. מאָזער

צען אַזייגער אינדערפרי. דער דרויסן איז שיין. דער הימל, אויס־געלייטערט. די זון, נאָך האַלב, ווינטערדיק. אַף יוניאָן־סקווער שטייען שוין די הונגער־מאַרשער.

נישט קיין נעבעכדיקע אַרבעטער, וואָס גייען קיין אַלבאַני עפּעס בעטן. נישט מיט אויפגעשטעלטער האַנט נאָך אַ נעדאָווע. אין יע־דער האַנט איז אַן אויפשריפט, וואָס פאָדערט און רעדט האַרטע רייד.

— מיר ווילן ניט קיין צעדאָקע.

— מיר ווילן ניט קיין „ברעד־ליינס“.

דער מאַרש שטעלט זיך אויס. צוואַנציק קאָמפּאַניעס. יעדע קאָמפּאַניע מיט איר אָנפירער.

כאַווײרים קומען אָן. די פּענימער שיינען פאַר פרייד. זיי שרייען נאָך:

„זאָגט דעם גאָווערנאָר, ער זאָל שוין אויפהערן אַזוי פיל צו „שטודירן“. דער קאָפּ וועט אים נאָך ווײ טאָן“.

לידער. אונזערע לידער. זיי טראָגן זיך אין דער קלאָרער לופט. זיי קלאַפּן אָן אין די שויבן פון די הויכע הייזער און זאָגן אָן: „מיר גייען. מיר קומען. מיר זיינען דאָ“.

גאַנץ בראָדוויי איז אויפגעשטורעמט. די הונגער־מאַרשירער גייען מיט פעסטן טראָט. און צום טאַקט: „מיר ווילן אַרבעט. מיר ווילן אַרבעט“.

בײַ דער זיבן־און־דרייסיקטער גאַס קומען אָן אַנדערע אַרבע־טער. זיי גייען איינגעבויגן. האַלטן אין דער האַנט עפּעס און קוקן זיך אַפילו ניט אום.

דאָס זיינען די, וואָס וואַרטן יעדן טאָג, צו דריי און פיר שאָ, ביז זיי באַקומען אַ ניקל. אַרבעטסלאָזע מענטשן, וואָס שטרעקן אויס די האַנט פאַר אַ נעדאָווע.

ווען אָט־די צוויי מאַכנעס טרעפן זיך צונויף, אַפן סאַמע מיטן בראָדוויי, דערקאָנט מען גלייך: צוויי פאַרשיידענע וועלטן. איינע

פון שטאָלצע פראָלעטאריער. זיי בעטן ניט. זיי פאַרלאַנגען. די אַנדערע, גרויע געשטאַלטן, אָן מוט און אָן אַן אידייע.

די ערשטע זיינען אָרגאַניזירט פון די אַרבעטסלאָזע קאָונסילס, צו קעמפן פאַר זייער רעכט.

די אַנדערע לויפן זוכן אַ ניקל יעדער באַזונדער.

אַף דער צוויי-און-פערציקסטער גאַס קומען אָן די דרעסמאַכער, וואָס זיינען איצט אין סטרייק. זיי זאָגן:

„כאַווײרים! טראָגט אונזער פראָטעסט איבער אַלע וועגן. וויקלט אים פאַנאַנדער. לאָזט הערן אייער קאָל. דערציילט די נע-גידים און שקלאַפן-אָנטרייבער, אַז באַלד וועט נעמען אַ סאָף צו זייער הערשאַפט. מיר ווילן ניט מער בויגן אונזערע רוקנס“.

פון יוניאָן-סקווער אַף טיימס-סקווער. די דעמאָנסטראַציע האָט זיך אַ רוק געטאָן.

---

אין דעם טאָג האָבן די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען הויך גע-שריען:

— די רויטע גייען!

— ס׳איז אַ רויטער קאַראַוואַן!

— דאָס זיינען ניט קיין הונגעריקע. דאָס זיינען קאָמוניסטן גאָר.

די ראַדיאָס לאָזן וויסן: „זיי דערנענטערן זיך צו אונזער שטאָט. אין פינף מינוט אַרום וועלן זיי אַריינמאַרשירן. זיי זיינען שוין דאָ“.

און די צייטונגען: „בירגער! זייט רואיק. מיר האָבן גענוג מיליטער. אייער האָב-און-גוטס וועט מען אָפּהיטן“.

אָט-אַזוי אין איין קאָל.

אין יעדער שטאָט, פּאָליציי. אַפן גאַנצן וועג פאָרן זיי מיט, אָפּ-טיילונגען פון באַוואָפנטע היטער, מיט רעוואָלווערן און גאַז-באָמ-בעס. ס׳זעט אויס ווי אין מילכאָמע-צייט.

טעריטאָן. דאָרטן וואוינט ראָקפעלער.

איז די וואַך נאָך גרעסער. שטייען געדונגענע שקלאַפן און היטן, ס׳זאָל אים גאָרניט געשען.

— דאָ קאָנט איר זיך ניט אָפּשטעלן. איר מוזט גיין ווייטער!

— פאַרוואָס?

— ניט געפרעגט, נאָר געגאַנגען.

— עפשער האָט ראָקפעלער פאַר אונז צוגעגרייט עטלעכע דיימס?

— זאָגט אים, דעם אַלטן דאָס-בעל, אַז מיר לאָזן אים שטאַרק גריסן.

פּאָליציי בלייבט צעמישט. זיי ווייסן ניט, וואָס צו ענטפערן. אַזעל-כע אַזעסדיקע כעוורע.

זיי רעדן גאָר אַפן פּאָטערל מיליאָנער...

אינמיטן צעלאָזט מען זיך מיט אַ געזאַנג. אַזוי קרעפּטיק, אַזוי מוטיק.

— „האָלד די פאָרט, פאָר ווי אַר קאַמינג".

די לופט ווערט אויפגעטרייסלט. דער מיליאָנעןרסקער הויף לעבט דורך אַביסל שרעק. ביטערע כאַלוימעס שטערן זייער שלאָף דאָרטן, אין די ווייכע בעטן.

אומעטום שטייען נייגעריקע און קוקן. אַט־דאָס זיינען רויטע!

אַ טייל זיינען אַנטוישט. געמיינט צו זען מאָדנע מענטשן. עפּשער מיט הערנער אַף די קעפּ. און דאַ גאָר ,מענטשן.

מיר גייען פאַרביי אַ פּאַבליק־סקול. בא די פענצטער שטייען קינדער מיט געביילטע פויסטן. זיי שטעלן אַרויס די צונגען. זיי זיינען בייז. זיי שרייען אַראָפּ. מיסטאָמע האָט דער לערער היינט געהאַלטן אַ לעקציע וועגן די קאָמוניסטן, אַז זיי ווילן צעשטערן די וועלט. זיי ווילן ביי זייערע טאַטעס אַוועקנעמען דעם אויטאָמאָביל, דאָס הויז, אַלץ.... אַלץ... נו קאָנען זיי דאָס פאַרשווייגן?

## מ׳פאַרזייעט רויטע קערנדלעך.

מ׳איז ניט אַרויסגעגאַנגען מיט ליידיקע הענט. מ׳האָט מיטגענומען אַמוניציע. ליפלעטס. „דעילי־וואָירקערס". בראָשורן.

אין יעדער שטאָט אַ מיטינג. אין יעדער שטאָט אויפקלערונג. צוליב וואָס גייט מען דאָס אין דער הויפּטשטאָט פון סטייט? וואָס זיינען אונזערע פאָדערונגען? וואָס מיינט דאָס „סאָשל־אינשורענס?" פאַרוואָס האָבן מיר אַזאַ גרויסן קריזיס? ווער איז שולדיק אין דעם? דאַרף מען אין אַזאַ צייט שווייגן? קאָן מען דערלאָזן, מ׳זאָל די אָרימע פון די אָרימסטע אַרויסוואַרפן אין גאַס? פאַרוואָס זאָלן די מאַגנאַטן ניט צאָלן אַ ספּעציעלן שטייער?

פראַגעס און ענטפערס.

שטייט אַ צוויי־און־זיבעציק יאָריקער אַרבעטער. דאָס פּאָנים אָפּגעצערט. די אויגן, טיף פאַרגראָבן. און ער דערציילט מיט אַ שוואַכן קאָל: „געווען אין דער שפּאַנישער מילכאָמע. זיך געשלאָגן פאַר אַמעריקע. היינט גיט מיר אַמעריקע אַ נאַכטלעגער אין אַ „פלאָפּ־הויז" און אַביסל וואַרים וואַסער אין דער „ברעדליין". צוויי־און־זיבעציק יאָר האָבן זיי מיך גענאַרט. איצטער בין איך, ווי אַ בלינדער, וואָס איז ערשט געוואָרן זעענדיק. אויב מיר איז נאָך באַשערט צו לעבן אַף דער וועלט, ווייל איך מיין ביסל יאָרן אָפּגעבן פאַר אייך. זאָגט מיר, וואָס זאָל איך טאָן? און איך וועל אַלץ פאָלגן".

אַ צווייטער. ער איז הויך, ביז צו דער סטעליע. צום ערשטן מאָל אין לעבן קומט אים אויס צו רעדן. איז דאָס פאַר אים ניט אַזוי לייכט.

רעדט ער אָפּגעהאַקט, קורץ: „איך בין אין דער וועלט־מילכאָמע פאַרוואונדעט געוואָרן זיבעצן מאָל. פאַר וואָמען? פאַר די רייכע פּרעסער. איצטער בין איך גרייט פאַרוואונדעט צו ווערן זיבעצן מאָל זיבעצן, פאַר מיין קלאַס".

און א יונגער קאָמוניסט איז אויך פאַראַן. זיבעצן יאָר אינגאַנצן. אָבער ער וויסט שוין פון הונגער און נויט. איז דאָך פאַראַן א יאָנג־וואָירקעס־ליג. לויפט ער פאַרויס און טיילט אָפּ לינקס און רעכטס, רויטע מאַטאָנעס. אָפּ די טעלעגראַף־סלופעס זיינען שוין צעהאַנגען קאָמוניסטישע לאָזונגען. אין פאַרמערישע פּאָסט־קעסטלעך, ליגן שוין נייע ווערטער.

באַטאָג און באַנאַכט. ער רוט ניט. ער טוט אַרבעט.

אָט־אַזוי פאַרזייט מען רויטע קערנדלעך.

## אין קעפּיטאָל

באַ דער בריק טרעפן זיך צוויי דעלעגאַציעס. איינע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון ניו יאָרק, און די אַנדערע פון באָפאַלאָ.

אַזוי קאָנען זיך נאָר באַגעגענען כאַוויירים.

צו מאָרגנס איז די גאַנצע שטאָט נערוועז. וואָס וועט היינט געשען? די רויטע זיינען דאָך דאָ.

צען־דרייסיק. עס קומט אָן די ערשטע גרופּע פון צוואַנציק. זיי גייען גלייך אַריין אין קעפּיטאָל. מיט פופצן מינוט שפּעטער — די גאַנצע מאַכנע, מיט האַק און פּאַק, מיט די אויפשריפטן. זיי פאַרנעמען די גאַנצע גאַלעריע. אונטן, אויסגעפּוצטע דזשענטל־לייט. אויבן, הונגער־מאַרשירער. אונטן — קאַפּיטאַל. אויבן — אַרבעט.

דער פאָרזיצער טוט א קלאַפּ מיטן האַמער. איינמאָל, נאָכאַמאָל. דער גאַלעך קומט אַרויס מיט א טפילע אָפּ די ליפּן.

דער..."

— „מיר זיינען געקומען פאָדערן אונזער רעכט! אונזערע קינדער הונגערן!"

צוויי סטייט־טרופּערס שלעפּן דעם כאַווער אַרויס אין דרויסן.

א צווייטער כאַווער פאַנגט אָן. א דריטער. אַזוי קעסיידער. איינער נאָכן אַנדערן.

עס ווערט א טומל. די גאַלעריע רעדט. פון אויבן קומט דער פּראָטעסט: „איר וועט אונז מיט פּאָליציי ניט פאַרטרייבן. ניין. נאָך אונז וועלן קומען אַנדערע. אונזער צאָל איז גרויס.

ווערן די דזשענטל־לייט בייז. זיי פאַלן אַריין אין גרימצאָרן. פּאָליציי פאַנגט אָן אַרבעטן.

אונזערע שרעקן זיך ניט אָפּ. עס איז א האַנט־צו־האַנט געשלעג.

א שאָ דויערט די רעוואָלוציע אין „סטייט-קעפּיטאָל“. א שאָ צייט גייט אָן אַ קאַמף צווישן באוואָפנטע פּאָליציילייט און הונגער-מאַרשירער.

העלדישקייטן האָבן אונזערע אַרויסגעוויזן, געננוג.

די געזעצגעבער האָבן געזען, אַז אַזוי לייכט קומט מען אונזערע ניט ביי.

דאָס איז נאָר געווען אַן אָנפאַנג.

**געפינט אויס:**

די הונגער-מאַרשער אין אָלבאַני האָבן געפּאָדערט — — —

---

# אַף די ברייטע וועגן

פון נ. ווייסמאַן

אַף די ברייטע וועגן אַרבעטסלאָזע שפּאַנען,
הילכן פעסטע טריט: מוט גענוג פאַראַנען.

אַף די ברייטע וועגן זייערע לידער פאַלן —
אַרבעטסלאָזע גייען, פרייהייטס-לידער שאַלן!

זאָלן פעלדער הערן, זאָל דאָס לאַנד דערהערן —
אין פּאַלאַצן זאָלן ציטערן די „הערן“!

אַף די ברייטע וועגן אונזער פאָן דערהויבן —
פרייד פאַר קליינע שטיבלעך, שרעק פאַר הויכע שויבן!

גייט מען דורך די שטעטלעך אַף די ברייטע וועגן,
קומען ברידער, שוועסטער, הונגעריקע אַנטקעגן!

שטעלט מען זיך אין רייען, נעמט מען ווייטער שפּאַנען, —
הילכן פעסטע טריט: מוט גענוג פאַראַנען!

ווייסע הויט און שוואַרצע, רויטע הויט און געלע —
ברידער זיינען אַלע, טונקעלע צי העלע!...

# סטרייק-בילדלעך

## פון היטאָן וואָרס

### 1

די פיקעט-ליין האָט אַרויסמאַרשירט. די אַלטע פרוי ווענק אין מאַ גילפילין זיינען אַרומגעלאָפן צווישן אוילעם און אַלעמען אונטער-געאיילט.

— וואָס, איר גייט ניט אין פיקעט-ליין?

— מער ווי אַרעסטירן וועט מען נישט.

— אויפעסן וועלן זיי אונז נישט.

שוין צוויי טעג, אַז ס'איז ניט געווען קיין פיקעט-ליין. איצטער האָט מען מאַרשירט באַרג-אַראָפּ צו דער פאַבריק, אין אָרדענונג, מיט איינגעהאַלטענער אויפרעגונג. די צוויי אַלטע פרויען האָבן זיך מיט אַלעמען באַגריסט.

און אָט האָבן זיך דערהערט פּאָליציי-פייפלעך און דאָס טרובען פון פּאָליציי-מאַשינען.

די פּיקעט-ליין האָט זיך געלאָזט אין אַ זייטיקער גאַס. פון די דריי וועגענער זיינען אַרויסגעשפּרונגען פּאָליציסטן. זיי האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. מיט זייערע ביקסן האָבן זיי גענומען דערלאַנגען אַף רעכטס און אַף לינקס. די פּיקעט-ליין האָט זיך אָפּ-געשטעלט. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסער טומל:

— זעט נאָר וואָס זיי טוען!

— זעט, זיי שלאָגן מיט די ביקסן!

אַ פּאָליצייאישער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג. די פּאָליציסטן האָבן געשלעפּט אַ פרוי צו דער מאַשין.

— זעט נאָר, ס'איז מערי גרעהעם — האָט אויסגערופן אַ פרוי.

די פרויען האָבן אָנגעהויבן שרייען.

מערי גרעהעם האָט זיך געראַנגעלט מיט דער פּאָליציי. זיי האָבן אויסגעדרייט אירע אָרעמס. צוויי פון זיי האָבן זי פעסט גע-האַלטן און צוויי אַנדערע האָבן זי געשטופּט מיט אַלע קויכעס אין מאַשין אַריין.

פון אַלע זייטן האָט זיך דערהערט אַ מורמלען:

— מ׳וואָלט זיי באַדאַרפט דערשיסן!
— דאָס וועט זיי אַזוי גלאַט ניט אָפּגיין!
— זיי רייסן זי בא די האָר!
די צעקאָכטע מענטשן־מאַסע איז נאָך לאַנג געשטאַנען.
סאָף־כל־סאָף האָבן די פּאָליציסטן באַזיגט די פרוי. זיי האָבן זי אַריינגעשליידערט אין פּאָליציי וואָגן און זיינען מיט איר גיך אַוועק.

2

אַרום פערציק אַרבעטער זיינען געווען אין דער סטרייק־קאָמיטע.
מיימי ליוס האָט זיך אַרומגעקוקט. זי האָט געזען אַ סאַך באַקאַנטע.
די פאָרזיצערקע, אירמאַ, האָט גערופן צו אָרדענונג.
— מיר ווילן איצט אויסהערן אַ באַריכט וועגן די סקעבס. שוועסטער מאַ גילפּילין האָט דאָס וואָרט.
מאַ גילפּילין האָט זיך אויפגעשטעלט. אירע דינע ליפּן האָבן געציטערט. איר טונקל־ברוין, צעקנייטשט פּאָנעם האָט אויסגעזען הונדערט יאָר אַלט, אָבער זי האָט געפונקעלט מיט לעבן.
— שוועסטער און ברידער — האָט זי אָנגעהויבן. — ס׳זיינען פאַראַן אַזוינע כעוורע־לייט, וואָס גאַנווענען זיך אַריין אין פאַבריק, און קיינער וואָלט זיי אפילו ניט כוישעד געווען. היינט אינדערפרי האָב איך דערזען ליכט אין מערי ענס פענצטער. האָב איך זיך שטיל אַרויסגעגאַנוועט און אָנגעהויבן האַלטן אַן אויג.. נו, גיב איך אַ קוק און וועמען מיינט איר זע איך? מעריענס טעכטערל, נענסי, מיטן יונגן דזשאָן שאַרן זיך אַרום שטילערהייט פון שטוב און גייען הינטעראַרום צו דער פאַבריק.
— וואָס דענקט איר דאַרף מען טאָן, — האָט די פאָרזיצערן געפרעגט.
— ס׳איז דאָ נאָר איין זאַך צו טאָן, — האָט מאַ גיליפּין אָפּגעענטפערט, — עטלעכע יונגען זאָלן זיי גוט אָנברעכן די ביינער, אַז ס׳זאָל זיי שוין מער זיך ניט גלוסטן צו גיין סקעבן.
אירמאַ האָט געפאָדערט דעם באַריכט פון דער פּיקעט־קאָמיטע.
שלעכט! שרעקלעך! שווער צו קריגן מענטשן צו דער פּיקעט־ליין, זינט די דעפּיוטים האָבן זיך באַוויזן מיט די באַיאָנעטן. אָ, ווען אונזעריקע זאָלן קאָנען קריגן זייערע ביקסן און האָבן אַ ביקס קעגן אַ ביקס, וואָלט געווען אָ־רייט. — אַ מורמל פון צושטימונג האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן צימער.
— אויב זיי האָבן ביקסן, פאַרוואָס קאָנען מיר נישט האָבן? דאַרפן מיר צוזען, ווי אונזערע ווייבער ווערן אַרומגעיאָגט פון שיקערע דעפּיוטים מיט באַיאָנעטן און נישט הויבן קיין האַנט?

— אויב מיר וועלן זיך איינמאָל שטאַרק אַוועקשטעלן, וועלן זיי אונז לאָזן צורו... — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

3

אין דער הילף־קראָם האָט הענרי אַזוי געזאָגט צו דאַריסן:

—'האָב שוין באַקומען אַ צעטעלע צו גיין פון דירע.

הענרי איז אַלט געווען זיבעצן יאָר, אָבער מ'האָט אים געקאָנט געבן ניט מער ווי אַ יאָר פערצן.

— יעס. — האָט ער געזאָגט, — איך בין דער שפּייזער פון דער מישפּאָכע. מיין טאַטע אַרבעט נישט. ער איז שוין קראַנק אַ לענגערע צייט.

— וויפיל אַרבעט איר דאָרטן?

— איך מיט מיינע שוועסטער. זיי זיינען עלטער פון מיר. מיר האָבן פאַרדונגען איין האַלבע־שטוב צו די טורמאַנס. אַז מען וועט אונז אַרויסוואַרפן, וועט מען זיי אויך נאָכוואַרפן. זיי זאָגן, אַז אונז וועט מען די ערשטע אַרויסשטעלן, דערפאַר, ווייל ווען מ'האָט אָנגעהויבן סטרייקן. האָט די יוניע בא אונז אין הויז געהאַלטן אירע מיטינגען.

עס האָט טאַקע ניט גענומען לאַנג און אַלע זאַכן זיינען געלעגן אַף דער ערד, ווי נאָך אַ פּאָגראָם. אַ קאָמאָד האָט זיך קוים געהאַלטן, ווי אַ שיקער, אַף איין זייט פונם הויז האָט מען נאָך אַלץ געטראָגן זאַכן.

דריי קינדערלעך זיינען געשטאַנען אין אַ זייט. זיי האָבן גע־קוקט מיט גרויס שטוינונג אַף די אַלע זאַכן, וואָס האָבן זיך איצט געוואַלגערט אַפן גראָז.

דער קאָמפּאַני־דאָקטאָר, אַ שווערער מענטש מיט אַ קאָליר פון רוי פלייש, איז געשטאַנען און זיך געבלאָזן, ווי אַ אינדיק, צווישן אַלע זאַכן וואָס זיינען געווען צעזייט איבערן גאַנצן הויף.

— וויפיל מענטשן ווילט איר היינט אַרויסשטעלן?

— כ'דענק, אַרום אַכט־צען פאַמיליעס. פריער וועלן מיר זיך אַ נעם טאָן צו די יוניאָן־פירער. מיר וועלן זיי צעוואַרפן איבערן גאַנצן באַרג, זאָלן זיי זען ווי מען רעכנט זיך אָפּ מיט זיי. עס וועט פאַר זיי זיין אַ גוטע לעקציע. געדולד קאָן דאָך אויך פּלאַצן.

אָבער באַלד האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די געדולד פון די אַרבע־טער האָט טאַקע געפּלאַצט. (אידיש: א. פרינץ)

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס אָרגאַניזירן זיך אַרבעטער אין אַ יוניאָן?

2) רעכנט־אויס די מיטלען, מיט וועלכע די באַלעבאַטים פּרואוון זיך ברעכן סטרייקס.

# שיקאַגאָ

פון מ. בירנבוים

—סאַוט דירבאָרן גאַס:
אַ נעגער־פרוי זיצט פאַר אַ הויז
און לאָזט איר האַס אין טרערן אויס.
צום רייכן קלאַס.

— וואָס וויינט זי דאָרט, די נעגער־פרוי,
דעם קאָפּ צווישן דאַרע הענט ?! —

פיר ווענט און אַ דאַך,
דאָס איז ניט קיין סאַך,
יאָר־אויס און יאָר־איין;
זי פאַרעט דאָס גרעט
און שקראָבעט דעם דיל,
און פילט יעדן טאָג די שאַרפקייט פון נויט,
און האָט ניט צומאָל
אַ טרוקן שטיק ברויט.

נאָר האָסטו פאַר „לענדלאָרד"
אין צייט נישט דאָס געלט —
איז הײדאַ, מיט אַלץ וואָס דו האָסט אין פאַרמעג,
אַרויסגעשטעלט דיך
אַף אָפענעם וועג.

זיצט זי, די פרוי,
פאַרן הויז דאָ אַצינד
און ס׳ווערן פון וויינען די אויגן איר בלינד.
וואוהין זאָל זי גיין מיט אַלץ, וואָס זי האָט ?! —
ס׳וועט קיינער איר, קיינער ניט העלפן אין שטאָט!

נאָר פּלוצים —
אַט קומען אָן מענטשן מיט ווערטער פון פריינט,
און הויבן אָן טרייסטן,
און שלעפן צוריק
אין הויז אַריין זאַכן,
אַ שטיק נאָך אַ שטיק.
זי ווייס ניט:
צי איז עס אַ נעס, צי אַ שפּאַס —
צעוויגט זיך אַף איינמאָל אַרום איר די גאַס;
און מערער אַלץ מערער זיי קומען צוגיין —
שוואַרצע און ווייסע אין געשלאָסענע רייען.

סאַוט דירבאָרן גאַס:
ווינט האָט צעבלאָזן
פון פּולווער דעם דאַמף —
דריי אַרבעטער — טויטע,
געפאַלן אין קאַמף!
דריי אַרבעטער טויטע,
מיט לעכער אין לייב —
פאַר העלפן אַן אָרעם, נעגעריש ווייב!

# די מאַטאַנע

## פון כאַווער פאַווער

גייט אַ שיף איבער שוואַרצע וואַסערן גלייך קיין כינע. און מילטאָן, דער ראַדיאָ-מאַשיניסט, אַרבעט אין זיין אָפּטיילונג.

דער הימל איז הויך, דער יאַם איז טיף און די לופט איז דורכזיכטיק. אָבער אין שטיבעלע, צווישן די ראַדיאָ-אַפּאַראַטן, הערט מילטאָן, ווי אַ גאַנצע וועלט שושקעט זיך און איז אומרואיק. פאַרשטעלטע ווערטער פליען אום איבער די יאַמען און ס'שמעקט מיט רויב, פייער און אומגליק.

ער האָט געוואָלט פאַרדינען פּאַשעט אַף ברויט. שווערע צייטן היינט. ער האָט זיך פאַרדונגען אַף אַ שיף.

מען האָט אים ניט געזאָגט, וואָס פאַר אַ פראַכט מען פירט אַף דער שיף. און ער האָט גאָרניט געפרעגט. ס'האָט אים אפילו ניט געאַרט, וואָס זי גייט אין אַזאַ ווייטן לאַנד. אַ שטעלע האָט ער באַדאַרפט, און ס'איבעריקע איז אים ניט אָנגעגאַנגען. נאָר די פראַגעס, וואָס דער קאַפּיטאַן האָט אים געשטעלט, זיינען אים גאָרניט געפעלן געוואָרן.

— ביסטו אַ פּאַטריאָט?

— אַ פּאַטריאָט, — האָט מילטאָן גלייך אָפּגעענטפערט און ער האָט זיך פאַררויטלט.

— גלויבסטו אין גאָט?

— כ'גלויב, — און ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. דאָס איבעריקע איז שוין צוגעגאַנגען גלאַט. ער איז אַ „סיטיזען", אַ וועטעראַן פון דער וועלט-מלחמה און האָט אַ גוטע רעקאָמענדאַציע.

איצט טראָגט אים אַ שיף איבערן גרויסן יאַם און ער איז איינער אַף דער וועלט.

דאָ אין שטיבעלע, צווישן ראַדיאָ-אַפּאַראַטן, הערט ער ווי די וועלט ציטערט, און עפּעס שלעכטע געדאַנקען טראָגן זיך איבער די יאַמען. ער ווייסט וואָס דאָס מיינט. און ער טראַכט: וויי! וויי! אין

כינע — אַ רעוואָלוציע. מען שיסט, און דורך דער לופט שיקט מען פּאַר־שטעלטע באַפעלן. קריגס־שיפן יאָגן זיך. זיי שטרעקן אַרויס זייערע האַרמאַטן מיט לאַנגע העלזער. קאַלטע זיינען זיי און שטומע. אָבער אַז מ׳וועט אין לאָנדאָן, אָדער אין וואַשינגטאָן, געבן אַ באַפעל, וועלן זיך דידאָזיקע קאַלטע און שטומע העלזער אַ דריי טאָן אַזוי גלאַסן און גלייכגילטיק, זיי וועלן זיך אויסשטרעקן איבער אַ שטאָט און וועלן אָנהויבן שפּייען מיט פייער. וועלן זיין גרויסע געוואַלדן און געשרייען, פול מיט ווייטיק. וואָלקנס רויך וועלן זיך הויבן צום הימל.

די קריגס־שיפן לויפן, אָבער די פּראַכט־שיף, וואו מילטאָן געפינט זיך, גייט פּאַוואָליע.

באַגעגנט זי זיך מיט אַנדערע שיפן אַפן וועג, גריסן זיי זיך מיט פייפערייען און מיט געדיכטע וואָלקנס רויך. אָבער אינעווייניק, אין שיף, ליגט די סכוירע, אַזאַ שרעקלעכע, און וועט אָנטאָן אַזויפיל צאָרעס.

מילטאָן ווייסט שוין אַלץ. קוילן־וואַרפער פירט די שיף. ביקסן און גראַנאַטן. ערגעץ אין אַ שטאָט, וואָס שטייט באַם יאַנגטזע־טייך, וועט מען אויסלאָדן די סכוירעס. ווייסט שוין מילטאָן, אַז אַ כינע־זישער גענעראַל האָט דאָס באַשטעלט, און אָט־דער גענעראַל איז אין קאַמף מיט די רויטע. ער ווייסט אויך, אַז די כינעזישע אַרבעטער און פּויערים גייען פאַרויס מיט רויטע פאָנען און מיט גרויסן גלויבן.

ער קאָן ניט עסן פון זאָרג. ער קאָן ניט שלאָפן. נאָר דער קאַפּי־טאַן איז זיך גאַנץ רואיק. מילטאָנען דאַכט זיך, אַז ער פירט גאָר די שיף. ער פירט זי גלייך צום גענעראַל אין די הענט אַריין. ער וועט דאַרפן איבערגעבן די קוילן־וואַרפער, די גראַנאַטן, די ביקסן און זאָגן:

— שיס, טויט מיינע כאַווירים אַרבעטער און פּויערים. און מיר? מיט אונזערע אייגענע הענט מאַכן מיר דידאָזיקע ביקסן און באָמ־בעס, און מיט דידאָזיקע הענט גיבן מיר דאָס איבער.

דעם לעצטן אָפּדערנאַכט איז דאָס געווען. פאַרטאָג דאַרף שוין די שיף אָנקומען צום פּלאַץ. אין שטיבעלע צווישן די דראָטן און לעמפּעלעך זיצט מילטאָן. ער איז אַזוי אָפּגעשוואַכט. אָבער ער שרייבט, פאַרצייכנט אַלצדינג, וואָס די לופט דערציילט.

פלוצלונג — אַהאַ. דער אָפּיס פון ניו יאָרק רעדט: „באַלד זיך אויסדרייען צוריק. די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט. דער גענעראַל איז אַנטלאָפן. אַף צוריק שנעל! גיך, טראַכט ניט לאַנג״. ער האָט דאָס פאַרצייכנט, און דאָס האַרץ האָט אים אַזוי שטאַרק אָנגעהויבן צו פלאַטערן.

ער הערט טריט אַף די טרעפּ. דאָס גייט דער אָפיצער אַף דער וואַך.

— וואָס הערט זיך? — פרעגט ער.

— אָטאָ דאָס הערט זיך. אַלערליי נייעסן פון דאָ און דאָרטן.
— ווייטער גאָרניט?
— גאָרניט.
אַוועק דער אָפיציר.
און ווידער אַ באַפעל דורך דער לופט: צוריק! צוריק!
מילטאָן האָט דעם באַפעל פון די באַלעבאַטים ניט איבערגעגעבן.
די שיף האָט זיך אָפגעשטעלט. די שטאָט שלאָפט נאָך, אָבער באַם פּאָרט רודערט זיך. מען גיט סיגנאַלן. אַ פּאָר שיפלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, פון דער שיף האָט מען אַראָפּגעוואָרפן דעם לייטער. כינעזישע סאָלדאַטן מיט ביקסן און האַנט-גראַנאַטן.
דער קאַפּיטאַן מיט זיינע געהילפן ווייסן נאָך גאָרניט, שטייען זיי אויסגעפּוצטע און וואַרטן אַף די געסט. די געסט אָבער זיינען אַרויפגעקראָכן אַזוי פלינק און רירעוודיק. דער עלטסטער זייערער האָט עפּעס געגעבן אַ קאָמאַנדעווע אין כינעזיש, און באַלד זיינען אַלע געווען אַרומגערינגלט און אַרעסטירט. פון אַלע קאַיוטן און לעכער האָט מען געטריבן די מאַטראָסן אַף דער דעק, מילטאָנען אויך.
האָט דער עלטסטער זיך אויסגעצויגן פאַר די אַרעסטירטע און אַ זאָג געטאָן:
— אין נאָמען פון דער רויטער אַרמיי באַדאַנקען מיר אייך פאַר דער מאַטאָנע, וואָס איר האָט אונז געבראַכט. מיר דאַרפן האָבן טאַקע אָט די שיף, מיר נויטיקן זיך טאַקע איצט אין געווער. קיינעם פון אייך וועט אָבער ניט געשען קיין שלעכטס. איך דאַנק אייך נאָכ-אַמאָל.
איז מילטאָן געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלעמען באַרג-אַרויף, אַרומ-גערינגלט מיט רויטע אַרמייער. מיד און אָפּגעשוואַכט איז ער גע-ווען, אָבער זיינע אויגן האָבן געלויכטן פון גרויסער פרייד.

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס שיקט אַמעריקע אַמוניציע אין כינע?

2) פאַרוואָס איז יאַפּאַן באַפאַלן מאַנדזשוריע?

3) ווי אַזוי קעמפן די כינעזישע מאַסן פאַר זייער באַפרייאונג?

# דאָס זשאַבקעלע און זיין פאָטער

## פון אָסקאַר ערדבערג

היינט נאָך מיטיק, ווען די שטראַלן פון דער זון האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אין די טעלעגראַף-דראָטן, איז אונזער אַגיטיר-צוג אָנגעקומען אַף דער סטאַנציע סען-יע. פאַר אונזערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ באַקאַנט בילד: אַ קליינע סטאַנציע, גרופּעס אָפּגעריסענע סאָלדאַטן און הונגעריקע, האַלב-נאַקעטע פויערים אין שמוציקע היט.

דער קליינער לי, אָדער ווי מיר האָבן אים גערופן, זשאַבקעלע, וועמען די האַנקאָווער ביוראָ פון די יונגע פּיאָנערן האָט מיט אונז געשיקט אַף אַגיטאַציע-אַרבעט צווישן קינדער, האָט אונז געזאָגט:

— דער צוג וועט דאָ אָפּשטיין אַ גאַנצע נאַכט. איך גיי אַוועק אין דאָרף אַריין, און וועל זיך אומקערן צוריק ווי נאָר עס וועט אָנהויבן טאָגן.

מיר האָבן אים געגעבן ניט צו פאַרשפּעטיקן. מאָרגן אינדערפרי וועט אַף דער סטאַנציע דאָ אָפּגעהאַלטן ווערן אַ מיטינג, און מיר האָבן געוואָלט, אַז לי זאָל אַרויסטרעטן פאַר דער יוגנט.

— איר דאַרפט זיך ניט באַאומרואיקן, איך וועל קומען צוריק, ווי נאָר עס וועט אָנהויבן טאָגן.

נעכטן, ווען אונזער אַגיט-צוג איז געשטאַנען אַף דער סטאַנציע אַן-יאַן, האָט אונז זשאַבקעלע געפירט אין קלוב פון די אייזן-אַרבעטער, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פינצטערן שטעלכל הינטער די סטאַנציע-געביידעס. דער קלוב באַשטייט פון איין צימער. די גאַנצע פאָדערשטע וואַנט פון דעם צימער איז באַהאַנגען מיט בילדער פון אַרבעטער, וועמען וואו-פּעי-פו האָט צעשאָסן, ווען ער האָט אונטער-דריקט דעם אייזנבאַן-סטרייק. אַ טייל פון זיי זיינען פאָטאָגראַפירט געוואָרן ביים לעבן, אַנדערע ווידער — שוין נאָך דער הינריכטונג: מיט פאַרבלוטיקטע פּנימער און געהאַקטע גלידער.

דאָרט האָט אונז זשאַבקעלע געציייגט דאָס בילד פון זיין פאָ-טער: אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און דרייסיק, אין די קליידער פון אַ מאַשיניסט. מ'האָט אים דערהאַרגעט אין יענעם מאָמענט, ווען ער

האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך אָוועקצופירן דעם לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז באַשטימט געווען אַריבערפירן די אַרעסטירטע פירער פון סטרייק. דער מערדער, אַן אָפיציר פון וואו־פּעי־פּוס אַרמיי, איז דערנאָך גע־קומען דורכצופירן אַ הויז־זוכונג צו זיי אין הייזל, און האָט געזאָגט זשאַבקעלען:

— דיין פאָטער איז געווען אַ באַנדיט. אויב דו וועסט גיין אין זיינע וועגן, דערוואַרט דיך אויך דער טויט. דאַן וועט ניט זיין ווער ער זאָל זיך זאָרגן וועגן די נעשמאָעס פון דיינע עלטערן.

זשאַבקעלע איז דאַן אַלט געווען 11 יאָר. נאָר ער האָט געהאַט גענוג סייכל צו ענטפערן:

— איך וועל זיך סטאַרען אויספילן דעם כוויו פון קיבעדאַוו (ערן מיין פאָטער).

זשאַבקעלע האָט אונז דערציילט, אַז די קינדער פון די פופציק הינגעריכטעטע אַרבעטער לערנען זיך אין שול, טאַקע אָט־אָ־דאָ, אַף דער סטאַנציע סיאַן־יאַן. די שול האָט זיך געגרינדעט אַף די מיטלען פון דעם פאַריין פון אייזנבאַן־אַרבעטער. דער עלטערער ברו־דער לי האָט זי שוין פאַרענדיקט. ער אַרבעט אַצינד אַף דער אייזנ־באַן.

— מיר זיינען אַלע קאָמוניסטן. סון־יאַט־סענס פאַרטיי איז פאַר סאָכרים און אָפיצירן. לענינס פאַרטיי — פאַר אונז. — ער האָט מיר געצייגט זיין קאָמיוגישן צייכן, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין די פאַלדן פון זיין העמד.

אינדערפרי זיינען די פויערים פון די אַרומיקע דערפער צוזאַ־מענגעקומען צום צוג. מיר האָבן זיך געאיילט דורכצופירן דעם מי־טינג, אויסנוצנדיק די קילקייט, אַף איין זייט זיינען געווען — מיר, מענטשן פון שטאָט. אַף דער צווייטער זייט — זיי, די אָרימע פויערים.

אין יענעם מאָמענט, האָבן מיר אַלע דערזען, ווי פון באַרג לאָזט זיך אַראָפּ אַ גרופּע פויערים מיט אַ טראָג־בעטל, איינגע־דעקט אין אַ בלויער לייוונט. מיט געלאַסענע טריט האָבן זיי זיך דער־נעענטערט צום פּלאַץ פון מיטינג, שווייגנדיק אַנידערגעשטעלט דאָס טראָג־בעטל אַף דער ערד, און איינער פון זיי, אַ האַלב־גרויער מאַן, איז אַרויף אַף דער באַנק, וואָס איז געווען אונזער טריבונע. פינף פויערים, וואָס זיינען מיט אים געקומען, האָבן אים אַרומ־געריגלט און זיך אָנגעשפּאַרט אַף זייערע ביקסן. דריי אַנדערע האָבן הויך איבער די קעפּ פון דער מאַסע אויפגעהויבן דאָס טראָג־בעטל. דער אַלטער האָט אַרונטערגעריסן דאָס בלויע לייוונט, און מיר האָבן דערזען אונזער קליינעם לי, אַ טויטן.

— ברידער! מיר זיינען רויטע פּיקעס פון דער פויערים אָפּ־טיילונג. דער יונגער כאַווער לי איז צו אונז געקומען נעכטן ביינאַכט,

קעדיי צו דערציילן וועגן די שטאַטיקע אַרבעטער. ווען מיר האָבן זיך געקליבן אָפּזאָגן די טפילע „דער גרויסער לערער פון די קוען־לון בערג", האָט ער דערזען אונזער לערער הואַן און האָט געזאָגט: אָט־אָ דער מאַן האָט צוריק מיט פיר יאָר דערהאַרגעט מיין פאָטער. ער איז אַן אָפיציר און אויף זיינע הענט איז דאָס בלוט פון אונזערע ברידער..." איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט צו ענדיקן, האָט הואַן אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און טאַקע דאָ, אין געבעט־הויז, האָט ער אים דערשאָסן. דעמאָלט האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין: „אויב דאָס אינגל האָט רעכט, פאַרדינט דער דאָזיקער מענטש דעם טויט". און איך האָב אויסגעשאָסן אין זיין קאָפּ און ברוסט אַלע קוילן פון מיין רעוואָלווער. ער איז געשטאָרבן, ווי אַ הונט. בא אים אויפן ברוסט האָבן מיר געפונען אַ באַפעל פון זיין שטאַב, פול מיט סינע און פאַלשקייט צו אונז. דאַן האָבן מיר באַשלאָסן ברענגען אַהער דעם קערפּער פון דעם קליינעם לי און אייך פרעגן: וואו זאָלן מיר זיך אויסלערנען צו פאַרשטיין אייער לערע?

און מיר האָבן דערזען ווי פון די ערשטע רייען פון דער מאַסע, וואָס איז געשטאַנען ווי אַן ענגער רינג מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם, איז אַרויסגעלאָפן אַ יונגער אַרבעטער און האָט אויסגעשריען:

— אין קלוב פון די אייזנבאַנער, אויף דער סטאַנציע סיאַן־יאַן!

טרערן האָבן אים געשטיקט. שטיקנדיק זיך און ציטערנדיק, האָט ער ווידער אַמאָל אויסגעשריען:

— בא די אייזנבאַנער אין סיאַן־יאַן!

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טראָג־בעטל, דאָס איז געווען לי'ס עלטערער ברודער.

# באָטווינס טויט

פון א. קאָוונער

„שוועסטער קליינע,
וויין ניט;
ניין, מען דאַרף ניט!
שוועסטערקע, דאַרפסט פילן און פאַרשטיין:
נאָר דעריבער גייען מיר איצט שטאַרבן, —
ס'זאָלן אַנדערע דערנאָך צום טויט ניט גיין . . .“

שטילער!
ס'הילכן טריט. די וועכטער קומען.
קרעכצט דער שלאָס, די טיר צעקרעכצט זיך שווער.
— „מאַמע! ס'איז דיין רואיקייט פאַרשטומטע
בעסער פון אַ קוש און פון אַ טרער“.

„סט'זיין אַ צייט. דער טאָג ווערט נעענטער, מאַמע“.
„זאָל מען איצטער הענגען אָן אַ סאָף“.
„אָבער“ . . .
ס'עפנט זיך די טיר פון טפיסע־קאַמער
און מיט ווייכע טריט קומט דער ראָוו.

ב אָ ט וו י ן האָט זיך פלינק פון אָרט געהויבן.
ס'איז זיין קאָל פון ליידן ניט פאַרשלאָפט —
— „גייט אַוועק! אין אייער גאָט איך גלויב ניט“ . . .
„גאָט איז קנעכטשאַפט“ . . .
„איך בין ניט קיין שקלאַף“.

זייגער שלאָגט.
פּאַמעלעך, שווער און טרויעריק.
ס׳עפנט קאָרידאָר אַ מויל פון בלייַ.
— „זייט געזונט! ... איך בין אינגאַנצן רואיק״.
ס׳קומט די שאָ, —
אַ לעבן איז פאַרביי.

לעם טפּיסע רוישט אַ יאַם פון אַרבעטער און ברומט.
פאַר אַלעמען גיט איינער דאָרט זיין לעבן אָפּ.
אַף שטיינער פאַלט און קלינגט אַ דורכגעלעכערט קאָפּ,
און שטיינער קאָנען אויך שוין מער ניט בלייבן שטום...
און סינע ברויזט
ביילט אויף באַ יעדערן אַ פויסט.
פאַר איינעם
שווערן טויזנטער:
„נעקאָמע קומט!“

# אַף דעם אינזל קובאַ

פון מ. עפּשטיין

קינדער!

ווען איר וועט אַ קוק טאָן אין אייער געאָגראַפיע־בוך, וועט איר זען, אַז קובא געפינט זיך צום דאָרעם־מיזרעך פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איר וועט אויסגעפינען, אַז קובא איז אַן אינזל אין די וועסט־אינדיעס. די וואַסערן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן, דעם גאָלף פון מעקסיקא און טיילווייז פון דעם קאַריבייען־יאַם, וואַשן זיינע ברעגן.

דאָס לערנבוך וועט אייך דערציילן וועגן דער לאַנדשאַפט פון קובא; איר וועט לייענען וועגן די שפּאַנישע פּאַלאַצן מיט זייערע באַלקאָנען, שמאָלע, לאַנגע פענצטער און אָפענע הויפן; וועגן אַלטע פעסטונגען, וואָס די שפּאַניער האָבן געבויט מיט הונדערטער יאָרן צוריק; וועגן ים־פּיראַטן, וואָס פלעגן אָנפאַלן אַף שיפן אין די בוכטעס פון קובא, וועגן די פּאַלאַצן און רייכע ווילעס, שיינע

בולוואַרן, פּאַלמען און אָרלאַנדאָ־ביימער, וואָס באַפּוצן די רייכע קוואַרטאַלן אין דער הויפּט־שטאָט, האַוואַנאַ.

דער רייכער טוריסט פאָרט אין קובאַ ווינטער־צייט צו געניסן פון זונען ליכט, וואַרעמען קלימאַט און פרייליכקייט. עס קאָן זיך דאַכטן, אַז קובאַ איז אַ גאַן־איידן אויף דער וועלט, אַ פּלאַץ, וואו אַלע מענטשן לעבן גליקלעך, און פאַרברענגען אונטערן שאָטן פון הויכע און שלאַנקע פּאַלמען.

די געאָגראַפיעס און די אויסגעצאַצקעטע ביכלעך ווייזן נאָר איין זייט. די צווייטע איז צוגעדעקט. קובאַ איז טאַקע שיין. ווינטער, ווען בײַ אונז שנייט און פראָסטיקע ווינטן נעמען דורך די ביינער, הערשט דאָרטן אַ וואַרעמער, מילדער וועטער. רייכע אַמעריקאַנער אַנטלויפן פון דעם קאַלטן נאָרד — אין קובאַ. פאַר זיי איז טאַקע קובאַ אַ פּלאַץ פאַר שפּיל און אַמוזירונג. פאַר זיי זיינען אויסגעפלאַסטערט געוואָרן אַטאָמאָביל־וועגן, פאַרפלאַנצט מיט טראָפּישע ביימער און בלומען. פאַר זיי זיינען אויסגעבויט בולוואַרן, און שיינע הייזער.

אָבער ד י ק ו ב אַ איז נאָר אַ הייפל. אין דער עמעסער קובאַ געפינען זיך דריי און אַ האַלב מיליאָן נעפאַשעס. דער גרעס־טער טייל פון זיי באַשטייט פון אַרבעטער און פאַרמער, וואָס האָרע־ווען שווער צו מאַכן אַן אָרימען לעבן.

קובאַ איז נאָר אין נאָמען אַ פרייע לאַנד. אין דער ווירקלאַכקייט געהערט זי צו די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן. ביידע הויפּט־אינדוסט־ריעס — צוקער און טאַבאַק, זיינען דאָס אייגנטום פון אַמעריקאַנער. די שיפן, וואָס פירן מענטשן און פראַכט — זיינען אַמעריקאַנישע. די ווערהייזער אין די האַפנס זיינען אַמעריקאַנישע, די באַנקען גע־הערן צו אַמעריקאַנער, אַלע וויכטיקע זאַכן ווערן אַריינגעבראַכט פון אַמעריקע.

די אַמעריקאַנער רעגירונג האַלט־אויף אין קובאַ אַן אָפּטיילונג פון איר קריגס־פלאָט. דער פּרעזידענט פון דער קובאַנער רעפּובליק איז נאָר אַ פּופּע אין די הענט פון די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן. ער רעגירט מיט אַ בלוטיקער האַנט איבער דער אַרבעטער באַפעל־קערונג. ווען ניט די אַמעריקאַנער קריגס־שיפן, וואָלטן די אַרבעטער און פאַרמער פון קובאַ שוין לאַנג אומגעוואָרפן זיין רעגירונג, וואָס איז איינגעטונקט אין דעם בלוט פון די בעסטע אַרבעטער־קעמפער.

אין אַזאַ הייסן קלימאַט, איז דער אַרבעטס־טאָג צען שטונדן, זעקס טעג אַ וואָך. די פאַרדינסטן זיינען זייער קליינע. אַ פּאַשעטער אַרבעטער פאַרדינט ניט מער ווי אַ דאָלער און אַ האַלב אַ טאָג. פון אַזאַ נישטיקן לוין דאַרף זיך נערן אַ גאַנצע פאַמיליע.

פאַראַן אין קובאַ אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער באַוועגונג, וואָס

ווערט געפירט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די רעגירונג באַנוצט אַ שטאַרקן טעראָר קעגן די אַרבעטער. פירער פון יוניאָנס ווערן באַפאַלן אין שטילע געסלעך און ווערן דערמאָרדערט. אָפט ווערן די אַרבעטער־קעמפּער פּלוצלונג פאַרשוואונדן און קיינער ווייסט ניט, וואו זיי זיינען אהינגעקומען. מיט צוויי יאָר צוריק זיינען אַרעסטירט געוואָרן צוויי אַרבעטער — אַ קובאַנער און אַ אידישער — וואָס האָבן אויסגעטיילט פּראָקלאַמאַציעס קעגן מאַטשאַדאָס טעראָר־רעגירונג. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס מיט זיי איז געוואָרן. מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט אַ פישער געכאַפּט אַ שאַרק ניט ווייט פון האַוואַנאַ. ווי עס פירט זיך בא פישער, איז דער שאַרק אויפגעשניטן געוואָרן צו זען, וואָס טוט זיך בא אים אינעווייניק.

צום פישערס שרעק, איז אין בויך פון שאַרק געלעגן אַ מענטשלעכע האַנט. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. איידער די רעגירונג האָט געקאָנט באַהאַלטן די זאַך, האָט די יונגע פרוי פון דעם קובאַנער אַרבעטער דערקאַנט די האַנט פון איר מאַן, לויט די קנעפּלעך אין דעם אַרבל פון דער אויבער־העמד. די רעגירונג האָט פאַרבאָטן די צייטונגען שרייבן אַ וואָרט וועגן דעם.

וואָס האָט מאַטשאַדאָ געטאָן? ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז פישער טאָרן ניט כאַפּן קיין גרויסע פיש לעבן די ברעגן פון האַוואַנאַ. דער פאַרבאָט איז אין קראַפט ביז היינטיקן טאָג.

לעבן רייכקייט און פּוץ געפינט זיך נאַקעטע אָרעמקייט, וואָס קאָן זיך פאַרגלייכן מיט דער אָרעמקייט פון די שוואַרצע אין דער סאַוט. די קינדער פון רייכע לערנען אין פּריוואַטע שולן. די קינדער פון אָרעמע גייען אין די רעגירונגס־שולן, וואָס זיינען אָפּגעלאָזן און פינצטער.

קובאַ איז אַ קאָלאָניע פון די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן.

## געפינט אויס:

1) אויב קובאַ געהערט צו אַמעריקע?
2) פאַרוואָס האַלט דאָרטן אַמעריקע אַן אָפּטיילונג פון אירע קריגס־שיפן?
3) אין וועלכע לענדער פון צענטראַלער־ און דאָרעם־אַמעריקע באַלעבאַטעוועט די אַמעריקאַנער רעגירונג?
4) ווי אַזוי קעמפן דאָרט די אַרבעטער פאַר זייער באַפרייאונג?

# ווער איז געווען קאַרל מאַרקס

פון זשורנאַל „פריידּ“

שוין אַרום פופציק יאָר צייט קאַרל מאַרקס איז געשטאָרבן, נאָר זיין נאָמען לעבט אין אַלע לענדער פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן. זיין נאָמען איז אַ פאָן פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אין זיין קאַמף.

קאַרל מאַרקס איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן מאי, 1818 יאָר, אין דער דייטשער שטאָט טריר. נאָך גאָר אַ יונג קינד, האָט ער



קאַרל מאַרקס

שוין אַרויסגעוויזן זעלטענע פייאיקייטן. די לערער פלעגן זיך כידעשן פון זיינע קענטענישן און פאַרשטאַנדיקייט. צו 17 יאָר האָט ער די גימנאַזיע געענדיקט און איז אַריין אין אוניווערסיטעט.

צו 23 יאָר איז ער אַ דאָקטאָר געוואָרן. נאָר לערנען האָט ער ניט אויפגעהערט אַזוי לאַנג ווי ער האָט געלעבט. ער האָט געקאָנט פיל שפּראַכן: דייטש, איינגליש, פראַנצויזיש, שוועדיש, איטאַליעניש, רוסיש און האָט געהאַט ברייטע ידיעות אין פאַרשיידענע וויסנשאַפטן.

דאָס האָט קאַרל מאַרקס דער ערשטער אויסגערופן די ווערטער:

„פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער,
פאַראייניקט זיך!"

אַלע זיינע קענטענישן, דעם גאַנצן קויעך פון זיין גייסט, דאָס גאַנצע לעבן זיינס, האָט מאַרקס אַוועקגעגעבן דעם אַרבעטער־קלאַס. נאָך ווען ער איז אַ יונגער סטודענט געווען, האָט קאַרל מאַרקס אָנגעהויבן שרייבן אין די צייטונגען אַרטיקלען קעגן דער דייטשער פּאָליציי. פון דענסטמאָל אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין שווערער וועג פון אַ רעוואָלוציאָנער. ער האָט אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט זיינע אייגענע אינטערעסן און מיט זיין שאַרפער מוטיקער פען גענומען אַ מילכאָמע פירן קעגן דער בורזשואַזיע. די פּאָליציי האָט מאַרקסן ניט געלאָזט רוען און געיאָגט און געטריבן אים פון איין לאַנד אינם צווייטן: פון דייטשלאַנד קיין פראַנקרייך, פון דאָרטן קיין בעלגיע, פון בעלגיע קיין ענגלאַנד. אַזוי האָט מאַרקס זיין גאַנץ לעבן געוואַנדלט פון איין לאַנד צום אַנדערן. נאָר אומעטום האָט ער קיין רעגע ניט אויפגעהערט זיין קאַמף פאַר די אינטערעסן פון אַרבעטער קלאַס.

אין אָנהויב יאָר 1848 האָט מאַרקס אינאיינעם מיט זיין כאַווער פרידריך ענגעלס אַרויסגעלאָזט אַ בוך מיטן נאָמען „קאָמוניסטישער מאַניפעסט". אין דעם בוך דערקלערט מאַרקס, וואָס וויל דער קאָמוניזם און ער רופט דעם אַרבעטער־קלאַס ניט פאַרלאָזן זיך אויף קיינעם, נאָר אַליין זיך באַפרייען מיט זיין אייגענער אָרגאַניזירטער קראַפט.

דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" ענדיקט זיך מיט די ווערטער:
„זאָלן די הערשנדיקע קלאַסן ציטערן פאַר דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַריער קאָנען אין איר פאַרלירן נאָר זייערע קייטן; געווינען אָבער וועלן זיי די גאַנצע וועלט.

„פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!"

דער אַרבעטער־קלאַס איז נעגאַנגען נאָכן רוף פון זיין גרויסן לערער. אין יאָר 1864 איז געשאַפן געוואָרן דער אינטערנאַציאָנאַל, די ערשטע פאַראייניקונג פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער און פעלקער. קאַרל מאַרקס איז געוואָרן דער פירער פונם אינטערנאַציאָנאַל.

שפּעטער האָט קאַרל מאַרקס אַרויסגעלאָזט זיין גרויס ווערק „קאַפּיטאַל". אין דעם ווערק ווערט געגעבן אַ טיפע וויסנשאַפטלעכע כאַראַקטעריסטיק פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפטס־אָרדענונג

און פון דעם שאָדן, וואָס אַט די אָרדענונג ברענגט דעם אַרבעטער־קלאַס און דער גאַנצער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. ביז היינטיקן טאָג לערנען דאָס ווערק אַלע קעמפער פאַר די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס, דאָרטן געפינען זיי ענטפערס אַף זייערע וויכטיקסטע פראַגן.

אַזוי האָט קאַרל מאַרקס זיין גאַנץ לעבן מוטיק, מיט פאַרשטאַנד און מיט וויסנשאַפט, געלערנט דעם אַרבעטער די וועגן פון קנעכט־שאַפט צו באַפרייאונג.

געלעבט האָט מאַרקס זייער אָרעם, אַז בײַ אים איז איינמאָל אַ קינד געשטאָרבן, איז דאָס עטלעכע טעג געלעגן טויטערהייט אין צימער, ווייל סאיז ניט געווען קיין געלט אַף באַהאַלטן. טאָמער ניט דערעסן, ניט דערטרונקען. טאָמער געטריבן פון איין לאַנד צום אַנדערן, פיל מאָל אַרעסטירט און אין טורמע געזעסן, האָט מאַרקס נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן און צו קעמפן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. פערציק יאָר נאָכאַנאַנד האָט מאַרקס דעם קאַמף געפירט. טאָג נאָך טאָג אין אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון 9 אַזייגער אינדער־פרי ביז 3—2 אַזייגער באַנאַכט. אַזוי האָט ער געאַרבעט ביזן טויט, און ניט אין בעט איז ער געשטאָרבן. נאָר בײַם שרייב־טיש. מאַרקס איז געשטאָרבן דעם 14טן מאַרט 1883טן יאָר.

דער אַרבעטער־קלאַס וועט שטענדיק געדיינקען זיין גרויסן לע־רער און מוטיקן פירער. ער האָט די אַרבעטער די אויגן געעפנט, געוויזן זיי דעם וועג צום זיג.

# געפלאַסטערטע וועגן

פון ל. גויטקאָ

פריער גראָבט מען און מען גראָבט,
נאָכדעם שטיינער שפּאַלט מען, שאָבט,
און מען טעסעט, טעסעט ריין,
און עס לייגט זיך שטיין צו שטיין.
ברוינע הענט מיט האַמערס ריין,
קלאַפּן אויס אַ ליד אַף שטיין:
קלינג—קלאַנג—ציר! קלינג—קלינג—ציר! —

גייט דער פלאַסטער, גייט און גייט,
ביז ער קומט צו אַנדערע שטעט, —
בינדט דער פלאַסטער נאָכאַנאַנד
שטאָט מיט שטאָט אין גאַנצן לאַנד,
און ער גייט נאָך ווייטער, ווייט:
שליסט איין לאַנד אין צווייטן איין.
רופט די אַרבעטער צום גאַנג.
קלינג—געקלאַנג—קלאַנג, קלינג—געקלאַנג—קלאַנג.

טרעטן פעסט, טרעטן פעסט
פּיאָנערן, —
ווער מיר שניי, וואָס מיר פרעסט! —
און די קלענסטע אפילע
קאָנען ניט פאַרבלאָנדזשעט ווערן. —
טרעטן פעסט! טרעטן פעסט!

# דער פינפיאָריקער פּלאַן פאַר קליין און גרויס

פון מ. אילין

## צוויי לענדער

### 1. אַרבעט לויט אַ פּלאַן.

דער פינף־יאָריקער פּלאַן איז אַ פּראָיעקט ניט נאָר פון איין פאַב־ריק, נאָר פון צוויי טויזנט און פיר הונדערט פאַבריקן, און ניט נאָר פון פאַבריקן, נאָר אויך פון שטעט, פון עלעקטרישע סטאַנציעס, פון בריקן, פון שיפן, פון אייזנבאַנען, פון מינען, פון מעלוכע־פערמעס, פון דאָרפישע קאָמונעס, פון שולן, פון ביבליאָטעקן. דאָס איז אַ פּראָיעקט פאַרן ווידערבויפבוי פון גאַנצן לאַנד. ער איז צוגעגרייט געוואָרן ניט פון איין מענטשן, אָדער פון צוויי מענטשן. עס האָבן אַף אים געאַרבעט טויזנטער געלערנטע. צו דער אַרבעט זיינען געקו־מען ניט קיין צענדליקער, נאָר מיליאָנען אַרבעטער. אַלע ווילן צו־לייגן אַ האַנט און העלפן דורכפירן דעם פינף־יאָר פּלאַן.

צום ערשטן מאָל איז דער פּלאַן דיסקוטירט געוואָרן אין דע־צעמבער, 1927, אַף דעם פופצנטן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי.

דעם ערשטן אָקטאָבער, 1928, האָט מען אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַף אים.

און נאָך דער ענדע פונם יאָר 1929, איז קלאָר געוואָרן, אַז דער פּלאַן וועט דורכגעפירט ווערן, ניט אין פינף יאָר, נאָר אַ סאַך שנעלער.

אַמעריקע פאַרמאָגט אַ סאַך גרויסע פאַבריקן. אָבער ווי אַזוי אַרבעטן אָט־די פאַבריקן? איר שטעלט זיך געווים פאָר, אַז לויט אַן אַלגעמיינעם פּלאַן? ניין. זיי אַרבעטן אָן אַן אַלגעמיינעם פּלאַן.

### 2. וואָס עס פּאַסירט ווען זיי אַרבעטן אָן אַ פּלאַן.

מיסטער פאָקס האָט געקראָגן געלט, לאָמיר זאָגן, איין מיליאָן דאָלער. אָבער געלט מוז ברענגען פּראָפיטן. מיסטער פאָקס ניש־

טערט אין די צייטונגען, ער אייצעט זיך מיט פריינט, ער שטעלט אָן אַגענטן. פון אינדערפרי ביז נאַכט זוכן זיי אַרום איבערן שטאָט און פרעגן זיך נאָך: וואָס טוט מען מיט מיסטער פּאַקסעס געלט?

ענדלעך האָט מען געפונען אַ געשעפט, הוטן! אָט צו וואָס מען דאַרף זיך נעמען. הוטן פאַרקויפן זיך; מענטשן ווערן רייך.

מיסטער פּאַקס בויט אַ הוטן־פאַבריק.

פונקט דער זעלביקער געדאַנק פאַלט איין, אין דער זעלביקער צייט, מיסטער באַקסן, מיסטער קראַקסן און מיסטער נאַקסן.

און אַלע שטעלן זיך בויען הוטן־פאַבריקן צו דער זעלביגער צייט.

אין אַ האַלב יאָר אַרום זיינען שוין איבערן לאַנד פאַראַן עט־לעכע נייע הוטן־פאַבריקן. די קראָמען זיינען געפּאַקט מיט הוט־שאַכטלען ביז דער סטעליע. די ווערהייזער זיינען איבערגעפּאַקט מיט פאַרטיקע הוטן. אומעטום וואַרפן זיך אין די אויגן אַפּישן, שילדן, אַנאָנסן: הוטן, הוטן, הוטן. מען מאַכט אַ סאַך מער הוטן וויפיל מען באַדאַרף־האָבן — צוויי מאָל אַזוי פיל, דריי מאָל אַזוי פיל. און די פאַבריקן האַלטן אין איין אַרבעטן אָן אַן אָפּשטעל.

און דאָ טרעפט עטוואָס, וואָס ניט מיסטער פּאַקס, ניט מיסטער באַקס, ניט מיסטער נאַקס און ניט מיסטער קראַקס האָבן דערוואַרט — דער עולם הערט אויף קויפן הוטן. מיסטער נאַקס לאָזט אַרונטער דעם פּרייז אַף צוואַנציק סענט; מיסטער קראַקס פערציק סענט; מיסטער פּאַקס פאַרקויפט די הוטן פאַר אַ קלענערן פּרייז, ווי עס קאָסט אים אַליין, אַבי פּאָטער צו ווערן פון דער סכוירע. אָבער די געשעפטן ווערן אַלץ ערגער און ערגער.

אין אַלע צייטונגען גיבן זיך אַ ווייז אַנאָנסן:

„אַ מענטש קאָן האָבן נאָר איין קאָפּ, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז ער דאַרף טראָגן נאָן איין קאַפּעליוש. יעדער אַמעריקאַנער דאַרף האָבן צו דריי קאַפּעליושן. קויפט אייערע קאַפּעליושן באַ מר. פּאַקס“.

מיסטער נאַקס אַנאָנסירט אַן אויספאַרקויף:

„בלויז אַף איין טאָג! באַנוצט זיך מיט דער געלעגנהייט!“

אָבער עס העלפט ניט. מיסטער פּאַקס שניידט די סכירעס באַ זיינע אַרבעטער, אַ דאָלער אַ וואָך. מיסטער קראַקס שניידט די סכירעס אַף צוויי דאָלער אַ וואָך. די געשעפטן ווערן וואָס אַמאָל אַלץ ערגער און ערגער.

מיטאַמאָל — סטאָפּ! מיסטער פּאַקס שליסט צו זיין פאַבריק. מען צערעכנט די צוויי טויזנט אַרבעטער און מען הייסט זיי גיין וואוהין זיי ווילן נאָר. אַפן צווייטן טאָג שליסט זיך מיסטער נאַקס' פאַבריק. אין אַ וואָך אַרום שטעלן זיך אָפּ קימאַט אַלע הוטן־פאַבריקן. טויזנטער אַרבעטער גייען אַרום אָן אַרבעט. נייע מאַשינען ווערן פאַרזשאַווערט. געביידעס ווערן פאַרקויפט אַף ברוך.

עס גייען אַוועק אַ פּאָר יאָר. די הוטן, וואָס מען האָט געקויפט בײַ נאַקסן, באַקסן און קראַקסן טראָגן זיך אָפּ. דער אוילעם הויבט ווידער אָמאָל אָן קויפן הוטן. הוטן ווערן טײַערער אין פּרייז.

איצט איז דאָס שוין ניט מיסטער פאַקס, נאָר אַ געוויסער מיסטער דודל. עס פאַלט אים אײַן צו נעמען זיך בויען אַ הוטן־פאַבריק. דער זעלביגער אײַנפאַל קומט אָפן געדאַנק צו נאָך קלוגע און געשעפטס־מעסיקע מענטשן — מיסטער בודל, מיסטער פודל און מיסטער נודל. און די אַלטע געשיכטע כאַזערט זיך איבער.

דאָס זעלביקע פּאַסירט מיט שיך, מיט צוקער, מיט רוי־אײַזן, מיט קוילן, מיט קעראָסין. פאַבריקן ווערן אויפגעבלאָזן פּונקט ווי זייף־בלעזלעך און פּלאַצן. מען קאָן דענקען, אַז די מענטשן זײַנען אַרונטער פון זינען.

## 3  אַ מעשוגענע לאַנד.

דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1920, איז פון וואַשינגטאָן אַרויס־געגאַנגען אַ צוג: אַ לאָקאָמאָטיוו מיט 30 וואַגאָנעס. די וואַגאָנעס זײַ־נען געווען אָנגעלאָדן ביז אַרויף מיט קאַווענעס (וואַטערמעלאָנס). די מעלאָנען זײַנען געווען גוט און געשמאַק, און יעדער איינער האָט געקאָסט 25 סענט. דער צוג האָט זיך געטראָגן שנעל צום צאָפן.

באַם ברעג פונם פּאָטאָמעק־טײַך, וואו די רעלסן גייען פאַרבײַ אַ פעלז, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט. אַרבעטער האָבן זיך גע־טומלט אַרום איין וואַגאָן.

און מיטאַמאָל פּלוסק, פּלוסק! איין וואָטערמעלאָן איז אַרײַנ־געפאַלן אין וואַסער, אַ צווייטער, אַ דריטער. אַ גאַנצער שטראָם פון מעלאָנען האָט זיך געטראָגן איבערן פעלז אונטן אין טײַך אַרײַן. זיי זײַנען געשפּרונגען ווי קראָקעט־באַלן, האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן און האָבן זיך צעבראָכן אויף שטיקלעך. ניט ווײַט פונם ברעג אין וואַסער איז פון די מעלאָנען געוואָרן אַ מין גרינער שווימענדיקער אינזל. און די מעלאָנען האָבן געהאַלטן אין איין שטראָמען. נאָכן ערשטן וואַגאָן האָט מען זיך גענומען צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן. די אַרבעט איז געגאַנגען ווי געשמירט: אַ וואַגאָן אין צוויי מינוט; דרײַסיק וואַגאָנעס אין אַ שטונדע.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ פײַף געטאָן, די מענטשן האָבן פאַר־נומען זייערע פּלעצער אין די וואַגאָנעס און דער צוג איז פאַרשוואונדן געוואָרן. די וואַסער־מעלאָנען זײַנען געשוואומען פאַוואָלינקע מיטן שטראָם איבערן פּאָטאָמעק־טײַך.

אין 1920 זײַנען טויזנטער גאַלאָנען מילך אַרויסגעגאָסן געוואָרן אין די טײַכן פון דאָרעם אילינאָי.

אין אָקטאָבער, 1921, זיינען אַף די וועגן פון די מיטל-מיירעוו־דיקע שטאַטן אויסגעשטעלט געוואָרן פּלאַקאַטן, אין וועלכע מען האָט געאייצעט די פאַרמערס, אַז אַנשטאָט קוילן זאָלן זיי ברענען קאָרן.

דעם 24טן יוני, 1924, זיינען טויזנטער זעק מיט אוגערקעס און אַנדערע פרישע גרינסן געוואָרן אַרויסגעוואָרפן אין אָפּפאַל.

אַף די באַוול-פּלאַנטאַציעס האָדעוועט מען אויס אַ שעדלעכן ווערימל, קעדיי עס זאָל פאַרניכטן די באַוול-גערעטעניש.

אויטאָמאָביל-פאַבריקאַנטן גיבן אויס מיליאָנען דאָלאַרן אויפ־קויפן געניצטע אויטאָמאָבילן, וואָס מען צעשטערט זיי שפּעטער. שיף-קאָמפּאַניעס צעשטערן הונדערטער פון די נייסטע דאַמף־שיפן.

וואָס מיינט עס? זיינען די מענטשן אַרונטער פון זינען, אָדער מיט זיי האָט עפּעס אַנדערש פּאַסירט? פאַרוואָס פאַרברענט מען קאָרן און מ'גיסט אויס מילך און מען צעשטערט שיפן? ווער גע־ווינט דערביי?

די פּאַקסעס מיט די באָקסעס געווינען דערפון. מיסטער פּאַקס פאַרברענט עטלעכע צוגן טוואוע, קעדיי צו העכערן די פּרייזן אַף קאָרן. מיסטער באָקס הייסט אויסגיסן צענדליקער טויזנטער פלעשער מילך אין טייך אַריין, קעדיי זיי זאָלן ניט פאַרקויפט ווערן ביליק.

און אין דעם זעלביקן לאַנד, צו דער זעלביקער צייט, גייען אום טויזנטער מענטשן הונגעריקע.

## סאָוועטן-פאַרבאַנד

אַלע גרויסאַרטיקע מאַשינען געהערן ניט צו אַלע אַמעריקאַנער, נאָר צו אַ קליינעם הייפעלע מענטשן. נאָר איין „אויטאָמאָביל קע־ניג", פאָרד, פאַרמאָגט זעכציק פאַבריקן אין אַמעריקע, און אַכט־און-צוואַנציק אין אַנדערע לענדער. ער האָט זיינע אייגענע אייזנ־באַנען, שיפן, מינעס, וועלדער, בערג, טייכן. ווען אַלע אַרבעטער אין זיינע פאַבריקן מיט זייערע פאַמיליעס, זאָלן זיך צוזאַמענקומען אַף איין פּלאַץ, וואָלט מען געהאַט אַ באַפעלקערונג פון דריי מיליאָן מענטשן.

דערפאַר וואָס איין מענטש פאַרמאָגט די מאַשינען, מוזן מיליאָנען אַרבעטן פאַר אים.

אַרבעטער ווילן ניט צעברעכן קיין אויטאָמאָבילן; זיי ווילן ניט אויסגיסן קיין מילך אין טייך אַריין; ווילן ניט הייצן מיט קאָרן, אַנ־שטאָט קוילן, און פאַרניכטן זעק מיט אוגערקעס. אַרבעטער פאַר־שטייען, אַז אויטאָמאָבילן, מילך, קאָרן און אוגערקעס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך שווערער אַרבעט. זיי ווייסן, אַז אויב מען וויל האָבן אַן אויטאָמאָביל, מוז אים אימיצער פריער מאַכן. פאַרוואָס-זשע זאָל מען טאָקע פאַרשווענדן פאַר גאָר ניט צייט און אַרבעט?

סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט אַ פּלאַן.
אין אַמעריקע אַרבעטן זיי אָן שום פּלאַן.
סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט אַ פֿאַרזיי־קאָמפּאַניע.
אין אַמעריקע פֿאַרניכטן זיי גערעטעניש.
סאָוועטן־פֿאַרבאַנד פֿאַרגרעסערט די פּראָדוקציע.
אין אַמעריקע פֿאַרקלענערן זיי די פּראָדוקציע און פֿאַרגרעסערן די אַרבעטסלאָזיקייט.
סאָוועטן־פֿאַרבאַנד מאַכט אַלץ, וואָס איז נייטיק.
אין אַמעריקע פֿאַרברויכן הונדערטער פֿאַבריקן רויע מאַטעריאַלן ענערגיע קעדיי צו מאַכן זאַכן, וואָס זיינען אַבסאָלוט נוצלאָז.
סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בויט פֿאַבריקן, קעדיי עס זאָל מער ניט זיין קיין אָרעמקייט, ניט קיין שמוץ, ניט קיין קראַנקהייט, ניט קיין אַרבעטסלאָזיקייט, ניט קיין איבעראַרבעטן זיך — קעדיי דאָס לעבן זאָל זיין שענער און בעסער. ער בויט פֿאַבריקן קעדיי ער זאָל האָבן אַזוי־פֿיל מעכאַנישע העלפֿערס ווי מעגלעך. ער מאַכט מאַשינען קעדיי די דאָזיקע מעכאַנישע העלפֿערס זאָלן געהערן צו אַלעמען. אַרבעטן פֿאַר זיי צוגלייך. עס בויט זיך אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אַ נייע סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

(אידיש: מ. סיגאַלאָווסקי)

## געפֿינט אויס:

1) וואָס זיינען די אורזאַכן פֿון אַרבעטסלאָזיקייט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער?

2) פֿאַרוואָס איז ניטאָ קיין אַרבעטלאָזיקייט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

3) שרייבט־אָן אַ קאָמפּאָזיציע וועגן דעם נייעם פֿינף־יאָריקן פּלאַן.

# דער מישפּעט

## פון באַביצקי

פּיאָנערן־קלוב. פּיאָנערן לויפן אַרום איבערן זאַל. נאָך דער געלט־זאַמלונג. ס'לויפט אַריין סידני, פאַרסאַפּעט, און שרייט:

סידני:

כאַווײרים, כאַווײרים, זאָל זיין שטיל! איר ווייסט וואָס ס'איז פאָר־געקומען? בעני האָט געגאַנוועט געלט פון זיין פּושקע!

סעם:

ס'א ליגן.

צווייטער פּיאָנער:

ניט עמעס!

דריטער פּיאָנער:

ווער האָט עס געזען?

סידני:

איך!

וועלוועל:

איך אויך!

סידני:

איך גיב מיין פּיאָנעריש ערן־וואָרט, אַז איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען, ווי בעני האָט אַרויסגעצויגן געלט פון זיין פּושקע.

(אַלע קוקן אַף בענין. בעני זיצט אַף אַ שטול אין אַ ווינקל. זיין פּאָנעם איז רויט).

ביטרים:

(גייט צו צו בענין) איז דאָס עמעס?

בעני:

(שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פּלוצלונג הויבט ער אויף זיין קאָפּ און זאָגט פאַרצווייפלט): יאָ, ס'איז עמעס.

ביטרים:

(ציטערט פון אויפרעגונג) האָסטו דאָס געלט געגאַנוועט?

בעני:

יאָ.

ביטרים:

וויפיל?

בעני:

25 סענט. (ער לאָזט ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ).

ביטרים:

ווי אזוי האָסטו עס געקאָנט טאָן?

סידני:

אויסשליסן!

אַלע:

אויסשליסן!

סידני:

רייסט אים אַראָפּ דעם פּיאָנערן־טיכל! ער האָט אונז אַלע פאַרשעמט!

(די פּיאָנערן רינגלען אים אַרום. עטלעכע הויבן אויף פויסטן).

סידני:

(וויל אַראָפּרייסן דאָס פּיאָנערן־טיכל פון בעניס האַלז).

ביטרים:

(קויפּט צו בלאָזן אין אויפגערעגט). נאָר אַ מיטינג קאָן באַשטימען. איצט האָט קיינער ניט קיין רעכט אים אָנצורירן. (סי׳וועדט שטיל אַ ווײַלע).

סידני:

רופט אַ מיטינג!

ביטרים:

דער אָנפירער פעלט.

סידני:

מיר קאָנען אָן אים אויך.

ביטרים:

מירן רופן דעם מיטינג מאָרגן. און ס׳איז ניט גוט צו האָבן אַ מיטינג אַף איין פוס.

סידני:

ניין. אַזאַ זאַך קאָן מען ניט אָפּלייגן. בעני קאָן קיין פּיאָנער ניט פאַרבלייבן.

ביטרים:

ווער וועט זיין פאָרזיצער?

סידני:

דו, ביטרים. אַלע זיינען פאַר ביטריסן. ווער איז פאַר ביטריסן?

אַלע:

(הויבן אויף די הענט. זעצן זיך אויס).

בעני:

(זיצט איינגעהויקערט. עס זעט אויס ווי ער וואָלט געוואָרן קלענער).

ביטרים:

כאוויירים, מיר אַלע קאָנען בענין. ער האָט פאַרבראַכט מיט אונז אין פּיאָנערן־קעמפּ 6 וואָכן. ער איז געווען איינער פון די בעסטע פּיאָנערן. איצט האָט בעני גענומען א שרעקלעכע זאַך. ער האָט ארויסגענומען פון א פּושקע געלט, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן פאַר די ארבעטער־קינדער. בעני, וויפיל האָסטו גענומען?

בעני:

25 סענט.

ביטרים:

האָסטו נאָך דאָס געלט?

(שאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין).

ביטרים:

וואָס האָסטו געטאָן מיטן געלט?

בעני:

(שווייגט).

ביטרים:

בעני, זאָג דעם עמעס. דו ביסט דאָך נאָך א פּיאָנער.

בעני:

(שטאַמלט). כ'האָב געקויפט ברויט מיט וואורשט.

(טלעכע פּיאָנערן צעלאַכן זיך).

ביטרים:

כאוויירים, איך בעט. האַלט זיך רואיק!

(סיוועדט שטיל).

פאַרוואָס האָסטו עס געטאָן?

בעני:

כ'בין געווען הונגעריק. פון אינדערפרי אָן האָב איך געזאַמלט, און גאָר־ניט געגעסן.

ביטרים:

האָסט דאָך געקאָנט גיין אהיים עפּעס עסן.

בעני:

(הויבט צום ערשטן מאָל אויף דעם קאָפּ און קוקט די פּיאָנערן אין די אויגן אַריין) כ'האָב ניט קיין היים.

(צווישן די פּיאָנערן ווערט אומרואיק).

ביטרים:

וואו וואוינסטו?

בעני:

בא אַן אַלטן מאַן וואוין איך.

ביטרים:

האָסטו עלטערן?

בעני:

ניין.

ביטרים:

קיין פריינט אויך ניט?

בעני:

ניין.

ביטרים:

גייסט אין שול?

בעני:

ניין.

ביטרים:

לייענסטו ביכער?

בעני:

(מיטן קאָפּ: ניין) אפן מארק קאָן איך ניט לייענען. אינדערהיים איז קיין ליכט ניטאָ. דער אַלטער איז א קארגער. אזוי גיך ווי איך קום פון קלוב, מוז איך זיך גלייך לייגן שלאָפן.

ביטרים:

ווייסטו וואָס דו האָסט געטאָן? דו האָסט צוגענומען געלט פון די הונ־געריקע ארבעטער־קינדער. פון וועמען האָסטו דאָס געלט געקראָגן? דו ווייסט דאָך אַליין, אז דאָס געלט האָבן געגעבן די ארבעטער. זיי האָבן פון זייערע אייגענע קינדער אָפּגעשפּאָרט. און דו, א פּיאָנער, האָסטו צוגענומען דאָס געלט צו קויפן ברויט מיט וואורשט.

אַלע:

אויסשליסן! מיר ווילן אים מער ניט האָבן!

ביטרים:

(קלאַפּט אין טיש) ווער ס'וועט שטערן דעם מיטינג, וועט פארלאָזן דעם זאַל. בעני, וואָס ווילסטו זאָגן, קעדיי זיך צו פארטיידיגן?

בעני:

(שווייגט. בייסט מיט די ציין זיין פּיאָנערן־טיכל. ס'איז אים שווער צו רעדן אָבער ער נעמט זיך אָן מיט מוט): איך האָב געוואוסט, אז עס זיינען דאָ א סאָך הונגעריקע ארבעטער־קינדער. מיר האָבן א סאָך געלט געזאַמלט. כ'האָב געטראכט, אז ווען מ'נעמט נאָר 25 סענט, וועט פאר די קינדער גאָרנישט אויספעלן. און איך... כ'בין געווען אזוי הונגעריק.

ביטרים:

איצט קריגט דאָס וואָרט כאַווער בערנאַרד.

בערנאַרד:

כאַווירים, בענים פארטיידיגונג איז ניט קיין גערעכטע. עס איז קיין אונ־

טערשייד ניט, צי דו האָסט געגאַנוועט 1,000 דאָלער צי 25 סענט. געניווע בלייבט געניווע. עמעס, מיר האָבן אַ סאַך געלט געזאַמלט. אָבער פון וואָס? פון סענטן. בעני האָט געבראַכן די פּיאָנערישע־שעוואוע. ער קאָן קיין פּיאָנער ניט זיין.

סידני:

אויסשליסן!

וועלוול!

אויסשליסן!

ראָזע:

(הויבט זיך אויף פון אָרט. זי ווערט אינגאַנצן רויט) כאַווײרים, איך בעט אַ וואָרט.

ביטרים:

רעד.

ראָזע:

איך וויל זאָגן אַזוי: בעני איז שולדיק. אָבער פאַרוואָס האָט קיינער ניט געוואוסט, אַז בעני האָט קיין היים ניט? אַז ער גייט ניט אין שול? מיר האָבן פאַרבראַכט מיט אים אַ גאַנצן זומער אין פּיאָנערן־קעמפּ. קיינער האָט אים אָבער ניט געפרעגט פון וואַנען און ווי אַזוי ער לעבט אינדערהיים. קיינער האָט אַפילו ניט געוואוסט, אַז ער איז אַ שיך־פּוצער.

אַ פּיאָנער:

איך האָב יאָ געוואוסט.

ראָזע:

איז עס נאָך ערגער. דו האָסט געוואוסט און קיינעם ניט דערציילט. בעני לעבט איינער אַליין. ער וואָלט עס עפּשער קיינמאָל ניט געטאָן, ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי איינזאַם. ס'איז זייער שלעכט, כאַווײרים, מיר ווייסן אַזוי ווייניק איינער פון דעם אַנדערן. איך גלויב דעריבער, אַז מיר אַליין זיינען אַ סאַך שולדיק אין בענים פאַרברעכן. טאָרן מיר בענין ניט אויסשליסן. בעני האָט געטאָן זייער אַ מיעסע זאַך. אָבער ביז איצט איז ער געווען אַ גוטער פּיאָנער און אַ גוטער כאַווער. זאָלן מיר אים פאַרלאָזן? אויב מיר וועלן אים העלפן, וועט ער זיך פאַרבע־סערן. איך בין דערפאַר, אַז מ'זאָל בענין ניט אויסשליסן.

(אין זאַל ווערט אַ טומל. ביטרים קלאַפּט אין טיש).

ביטרים:

וויל נאָך אימיצער אַ וואָרט? ניין! טאָ הערט:

עס זיינען דאָ צוויי פאָרשלאָגן: איין פאָרשלאַג, מ'זאָל בענין אויסשליסן און דער צווייטער פאָרשלאַג, מ'זאָל נעמען אין אַכט בענים לאַגע און ניט אויסשליסן.

ראָזע:

(רוקט זיך ווידער אַרויס) כאַוויירים, איך מאַך אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן גלייך אויסקלייבן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל זאָרגן פאַר בענין.

ביטרים:

ווער איז פאַר ראָזעס פאָרשלאַג? (אַלע הויבן די הענט) איצט וועלן מיר שטימען, צי בעני זאָל פאַרבלייבן אַ פּיאָנער. ווער איז דערפאַר?

(אַלע הויבן אויף די הענט).

ביטרים:

(שרייט אויס) קיינער איז ניט קעגן? כאַוויירים, דער מיטינג איז גע־שלאָסן. בעני, דו האָסט געהערט? דו בלייבסט מיט אונז!...

בעני:

(צעוויינט זיך).

(באַארבעט פון ב. פרידמאַן)

# 18טער מערץ, 1871

פון כאַשטשעוואַצקי

... אין נאָך אַ שאָס פון דעם פאַרעטערישן מאָנמאַרטר,
אַ לעצטער פייער־שפּיי, אַ דונער אַ געשטיקטער.
און אומגעוואָרפן און צעטראָגן ליגט ער —
פּאַריז פון רויטן אַכצנטן מערץ.

עס וועלן קאָמונאַרן זיין נאָך האַרט און איינגעשפּאַרט.
סיווי איז שוין ניטאָ קיין אויסוועג, קיין צוריקער.
עס האָט ווערסאַל, פון בלוט אין זיגן שיקער,
אַרומגעכאַפּט שוין גאַנץ פּאַריז מיט טויטן גאַרטל.

# ווי עס האָבן געקעמפט די קליינע רעוואָלוציאָנערן

### פון ז. לילינאַ

באַ אונז שרייבט מען אַ סאַך ביכער וועגן קאַמף פון די דערוואַקסענע אַרבעטער און אַרבעטערנס, אָבער וועגן קאַמף פון די קליינע אַרבעטער און אַרבעטערנס איז קימאַט גאָרניט באַוואוסט.

די קינדער האָבן ניט בלויז געאַרבעט, זיי האָבן אויך געקעמפט.

און קעמפער זיינען זיי געווען דרייסע, מוטיקע; ס'האָט זיי ניט אָפּגעשראָקן קיין קלעפּ, קיין אַרעסטן, אַפילע דער טויט ניט.

קליינינקע, אומבאַוואוסטע העלדן זיינען געווען אַ סאַך, זייער אַסאַך.

זיי האָבן מוטיק געקעמפט און זיינען געשטאָרבן פאַר דער אַרבעטער-זאַך.

אין פראַנקרייך, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון 1848טן יאָר, אין קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, איז עס געקומען צו באַריקאַדן-שלאַכטן.

אַף די פּאַריזער באַריקאַדן האָבן געקעמפט ניט נאָר דערוואַקסענע, נאָר אויך יוגנטלעכע.

אָט איז געפאַלן דורכגעלעכערט פון אַ קויל דער אָנפירער פון דער באַריקאַדע.

אַף זיין אָרט באַווייזט זיך אַף דער באַריקאַדע אַ מיידל, אַ יוגנטלעכע. זי נעמט אַרויס פון דעם שטאַרבנדיקנס האַנט די פאָן און מיט אַ מונטערן צורוף ציט זי אַריין אין שלאַכט די פאַרטיידיקער פון דער באַריקאַדע.

זי איז אָבער ניט קיין איינציקע. זי פאַלט. איר פאַרבייט אַן אַנדער מיידל, וועלכע קאָן אויך, אַזוי ווי זי, לעבן און שטאַרבן פאַר דער פרייהייט.

— „ברויט אָדער טויט!", „לעבן אַרבעטנדיק, אָדער שטאַרבן אין שלאַכט!" — דאָס איז דער שלאַכט-געשריי פון די באַריקאַדן-קעמפער.

די אַרבעטער זיינען צעקלאַפּט, די בורזשואַזיע איז זיך נויקעם.

מען אַרעסטירט, דערהאַרגעט, צעשיסט ניט נאָר דערוואַקסענע אַרבעטער, נאָר אויך יוגענטלעכע און קינדער.

אין 20 יאָר אַרום הויבט זיך דער קאַמף ווידער אָן. און ווידער שטייען די קינדער ניט אָפּ פון די דערוואַקסענע אַרבעטער.

באַזונדער העלדיש האָבן געקעמפט פאַריזער יוגנטלעכע אַרבע־טער אין דער צייט פון דער פאַריזער קאָמונע אין יאָר 1871.

די יוגנטלעכע קאָמונאַרן זיינען די גאַנצע צייט געווען אַף די גאַסן פון פאַריז.

זיי היטן די האַרמאַטן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. זיי גיבן אַכטונג באַנאַכט. ....

זיי באַטייליקן זיך אין די גאַסן־שלאַכטן.

אין איין אָרט העלפן זיי בויען אַ באַריקאַדע.

אין אַ צווייטן — רייסן זיי שטיינער פון ברוק און פאַרוואַרפן מיט דעם דאָס ווערסאַלער מיליטער.

אין אַ דריטן — טראָגן זיי פאַנאַנדער ליטעראַטור, האַלטן־אונטער די פאַרבינדונג צווישן די טיילן.

פאַראַן אויך אַזעלכע, וועלכע באַוואָפּענען זיך מיט ביקסן און שלאָגן זיך העלדיש.

מוטיק האָט געקעמפט די יוגנט פון דער פאַריזער קאָמונע, און גרויזאַם האָט זיך אין זיי נויקעם געווען די זיגנדיקע בורזשואַזיע.

העכער 13 טויזנט קינדער אין עלטער ביז 16 יאָר זיינען אומ־געקומען אין דער צייט פון דער פאַריזער קאָמונע בלויז אין פאַריז אַליין.

פאַרן געריכט זיינען פאָרגעטראָטן 15 קינדער פון פאַריז. דעם עלטסטן פון זיי איז 16 יאָר. דער אינגסטער איז אַזוי קליין, אַז מען זעט אים קוים אַרויס פון הינטער די גראַטעס, הינטער וועלכע די באַשולדיקטע קינדער זיצן. אים איז עלף יאָר. אַלע זיינען זיי אין בלויע בלוזעס און מיליטערישע היטלען. אַלע זיינען זיי קינ־דער פון אַרבעטער.

— „הרוע, — פרעגט דער סאָלדאַט, — מיט וואָס באַשעפטיקט זיך דיין פאָטער?"

— „ער איז געווען אַ מאַשיניסט".

— „פאַרוואָס זשע האָסטו ניט געאַרבעט אויך אַזוי ווי ער?"

— „איך האָב ניט געהאַט קיין אַרבעט".

— „בואוועראַ, פאַרוואָס ביסטו געוואָרן אַ קעסטניק פון דער קאָמונע?"

— „איך זאָל האָבן וואָס צו עסן".

— „פאַרוואָס ביסטו אַוועק פון דיין פאַמיליע?"

— „ווייל בא אונז איז קיין ברויט ניט געווען“.
— „אסאך שאָסן האָסטו געגעבן?“
— „ארום פופציק“.
— „לעסקא, פאַרוואָס ביסטו אַוועק פון דיין מוטער?“
— „ווייל זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס מיך צו דערנערן“.
— „וויפל קינדער זייַנען בא אייך געווען?“
— „דריי“.
— „דו ביסט געווען פאַרוואונדעט?“
— „מיט אַ קויל אין קאָפּ“.
— „לאַמאַר, דו ביסט אויך אַוועק פון דער פאַמיליע?“
— „יאָ, מיין הער, צוליבן הונגער“.
— וואו האָסטו זיך דערנאָך אויפגעהאַלטן?“
— „אין קאַזאַרמע. איך האָב געוואָלט זיך פאַרשרייבן אין סאָלדאַטן“.

דידאָזיקע אַלע קינדער האָט מען פאַרמישפּעט צו טויט־שטראָף, דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט עסן און געוואוסט, ווי אַזוי צו קעמפן.

געקעמפט האָבן פאַר דעם ארבעטער־קלאַס ניט בלויז די קינדער פון פראַנקרייך, — ס׳האָבן געקעמפט די קינדער פון דער גאַנצער וועלט.

## פראַגעס:

1) וואָס דאַרף אַ קינד טאָן צו זיין אַ גוטער רעוואָלוציאָנער?

2) וואָס דאַרפן קינדער־קעמפער ניט טאָן?

3) דערציילט, פאַרוואָס האָט מען העררי אייזמאַנען ארויסגעשיקט פון אַמעריקע?

# די פּאַריזער קאָמונע

## פון זשורנאַל „פרייד"

דעם 18טן מערץ 1871טן יאָר האָט דער פּראָלעטאַריאַט פון פּאַריז געמאָלדן אין שטאָט אַ פרייע קאָמונע. געשטיצט פון דער אָרעמער באַפעלקערונג און פון אַרמיי־טיילן, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיטן אויפגעשטאַנענעם פאָלק, האָט ער פאַרטריבן די פאַרהאַסטע בורזשואַזע רעגירונג און אויפגעהויבן איבערן ראָטהויז די רויטע פאָן. אין אַכט טעג אַרום זיינען אין פּאַריז פאָרגעקומען די וואַלן אין דער קאָמונע. ס'זיינען אויסגעקליבן געוואָרן 90 מאַן, ס'ראָוו אַרבעטער און אָרעמע קליינבירגער. אַ פרייד האָט פאַרהילכט די גאַסן: „לעבן זאָל די קאָמונע!"

אין איר מאַניפעסט צו אַלע בירגער פון לאַנד האָט די קאָמונע דערקלערט: „אַזוי וויל פּאַריז — ערד פאַר די פּויערים, פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר די אַרבעטער, אַרבעט פאַר אַלעמען. קיין רייכע און קיין אָרעמע. ניט אַז איינער זאָל אַרבעטן אָן אָפּרו, און אַנדערע זאָלן שטענדיק רוען און גאָרנישט טאָן".

די קאָמונע איז גלייך צוגעטראָטן אַרויסגעבן געזעצן צו באַוואָרענען די אַרבעטער פון עקספּלואַטאַציע, עפענען פאַבריקן פאַר אַרבעטלאָזע, שולן פאַר גרויס און קליין.

איבער צוויי כּ אַדאָשים האָט זיך די קאָמונע געהאַלטן. אַפן 72טן טאָג איז זי געפאַלן.

די אַרבעטער זיינען צו יענער צייט געווען נאָך שוואַך אָרגאַניזירט. זיי האָט געפעלט געניטשאַפט אין קאַמף. די אָנפירער זיינען געווען צעריסן אַף פאַרשיידענע פּאַרטייען און האָבן ניט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך. זיי האָבן ניט אָנגענומען באַצייטנס קיין מיטלען צו פאַרגרייטן שפּייז און געווער, באַפעסטיקן די שטאָט, פאַרבינדן זיך מיטן גאַנצן לאַנד. אין דער אייגענער צייט איז די בורזשואַזע רעגירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין דער שטאָט ווערסאַל, געקומען צו זיך. זיי האָבן צונויפגעקליבן אַ שטאַרקע אַרמיי, באַלאַגערט



פּלאַץ, וואו ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די פּאַריזער קאָמונע

פאַריז און אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט. העלדיש האָבן די קאָמונאַרן פאַרטיידיקט זייער קאָמונע, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. געשטריטן. זיי זיינען אָבער געווען צו קליין אין צאָל און שלעכט פאַרזאָרגט און באוואָפנט. טראָט נאָך טראָט האָט די זאַטע ווערסאַלער אַרמיי אָפּגענומען בא די קאָמונאַרן איין גאַס נאָך דער צווייטער, איין באַריקאַדע נאָך דער צווייטער, ביז דער לעצטער קאָמונאַר אַף דער לעצטער באַריקאַדע איז געפאַלן.

די ווערסאַלער סאָלדאַטן צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע האָבן דאַן גענומען זיך נויקעם זיין אין די קאָמונאַרן. 35 טויזנט מאַן, יונג און אַלט, פרויען און קינדער זיינען אָן שום מישפּעט דערהאַרגעט געוואָרן אַף די גאַסן, אין די הייזער, אין די קאַזאַרמעס. 45 טויזנט געפאַנגענע האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמעס.

די קאָמונאַרן זיינען געפאַלן, אָבער זייער זאַך איז געבליבן. ראַטן־רוסלאַנד האָט זי איבערגענומען. אַרומגערינגלט מיט סאָנים, האַלט דער אַרבעטער־קלאַס פעסט און מיט קלוגשאַפט די מאַכט אין זיינע הענט. ער וועט זי ניט אַרויסלאָזן ביזן ניצאָכן פון דער אַלוועלטלעכער קאָמונע.

## געפינט אויס:

וואָס האָבן געלערנט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן פון די קאָ־נאַרן?

# פּערליאַשעז

פון א. כאָריק

יעדער שניט פאַרגייט מיט נייע הויטן.
יעדער בראָך פאַרציט מיט גראָז די ערד.
געווען אַמאָל אַן אויסברוך און אַ ווייטיק,
הילכט ער אָפּ ווי העלער קאָל אַף בערג.
איך וואַרף אַריין מיין האַנט אין אָפּגעברענטן נעכטן,
און נעכטן קומט אַרויף און העלט אויף, ווי אַ נעס.
ברידער — דאָס בין איך מיט אייך געפאַלן אַ גערעכטער
אַף שטיינער און אַף בלוט פון פּערליאַשעז.

דאָס האָב איך מיט אייך, אונטער הימלען פולע פייער,
די וועגן צו פּאַריז מיט ברוסט פאַרשטעלט,
און ווידער שטייען מיר היינט הויכע און באַנייטע,
און אַקסלען טראָגן שוין די לאַסט פון נייער וועלט.

# די העלדישע קאָמונאַרן

## פון בוך „דעם קאָמונאַרס אייניקל“

אַראָפּ די היטלען!
כ׳וועל רעדן וועגן די העלדן פון דער קאָמונע.
וויפל זיינען זיי געווען?
קיינער וועט זיי ניט איבערציילן.
טייכנווייז האָט זיך בלוט געגאָסן.
ווער־זשע זיינען געווען די מענטשן, וואָס די בורזשואַזיע האָט זיי אויסגעהאַרגעט?
אייניקע נעמען שווימען אַרויף איבער די בלוטיקע כוואַליעס
וו א ר ל ע ן.

געבוירן אין יאָר 1839, אין אַן אָרימער פויערשער פאַמיליע. צו 13—14 יאָר אָנגעקומען קיין פּאַריז פאַר אַ לערנאיינגל צו אַן איינבינדער. אין דער צייט פון רו, אַליין זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן.

וואַרלען האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער קאָמונע. גערעדט האָט ער ווייניק, דערפאַר געטאָן זייער אַ סאַך. זיין יונגער, שיינער קאָפּ, אין וועלכן ס׳האָבן זיך שוין אָנגעהויבן דורכוואַרפן גרויע האָר, דער טיפער בליק פון זיינע שוואַרצע אויגן, האָבן אַרויסגערופן צו זיך גרויסן דערעכערעץ.

אַז די ווערסאַלער זיינען אַריין אין פּאַריז, האָט ער העלדיש געקעמפט ביז דער לעצטער מינוט און איז צום סאָף גענומען געוואָרן געפאַנגען פון די זיגער.

אַ געבונדענער, מיט די הענט אַהינטער, אונטער אַ האָגל פון קלעפּ און קלאָלעס פון בורזשואַזע אויסוואורפן, איז ער אַרומגעפירט געוואָרן איבער די גאַסן פון מאָנמאַרטר, דעם אַרבעטער־קוואַרטאַל פון פּאַריז, העכער צוויי שאָ, קעדיי צו פאַרלענגערן און פאַרגרעסערן זיינע ליידן.

ער האָט אָבער שטאָלץ און מוטיק דאָס אַלץ אַריבערגעטראָגן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ.

ביז אַ קויל פון אַ ביקס האָט געמאַכט אַ סאָף צו זיינע ליידן.

## לואיזאַ מישעל

צו צוואַנציק יאָר האָט זי אוים עקזאַמען אַף אַ לערערין און לערנט אין פּאַריז אינם אַרבעטער-קוואַרטאַל מאָנמאַרטר. אין יאָר 1871, האָט זי גענומען אַ שטאַרקן אַנטייל אין דער פּאַריזער קאָמונע. זי איז געווען דער קאָמאַנדיר איבער דעם פרויען-באַטאַליאָן און האָט זיך געשלאָגן אַף די באַריקאַדן. דערפאַר האָט מען זי געמישפּעט און פאַרשיקט אין אַ ווייטער געגנט.



לואיזאַ מישעל

ביים מען האָט זי געמישפּעט, האָט זי געהאַלטן אַ מוטיקע רעדע פאַר די ריכטער און געפאָדערט מען זאָל זי אויך, ווי אַלע אַנדערע קאָמונאַרן, מישפּעטן צום טויט.

„איך געהער אינגאַנצן — האָט זי געזאָגט — דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און בין גרייט צו ענטפערן פאַר מיינע מייסים... איך וואָלט אַפילע אַף אַ רעגע זיך ניט געוואַקעלט צו שיסן אין די טאַליאַ-נים פון פאָלק... שיקט מיך אַהין, וואו עס זיינען געפאַלן אונזערע ברידער... יעדעס האַרץ, וואָס קלאַפּט פאַר דער פרייהייט, האָט רעכט אַף אַ שטיקל בליי. איך פאָדער מיין ביילעק. אויב איר זענט ניט קיין פּאַכדאָנים, האַרגעט מיך. אויב איר וועט מיך לאָזן לעבן, וועל איך ניט אויפהערן צו שרייען וועגן נעקאָמע".

נאָר די ריכטער זיינען געווען פאַכדאָנים און האָבן זי פאַר־מישפּעט צו אַ לאַנגזאַמען טויט אין פאַרשיקונג.

דאָך האָט לואיזע מישעל אין אַסאַך יאָרן אַרום זיך אומגעקערט קיין פראַנקרייך און האָט ווייטער געפירט דעם קאַמף אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן.

געשטאָרבן איז זי אין עלטער פון 75 יאָר.

## פּעררע

מ׳קאָן נישט פאַרגעסן זיין בלייכע, דאַרע, ענערגישע געשטאַלט. אָט דאָס פּאָנעם, אָט די שוואַרצע אויגן מיט זייער שאַרפן, שטריינגען בליק. טאָמער אַ רואיקער, אַ שווייגנדיקער, האָט דער מענטש



פּעררע

פאַרמאָגט אין זיין שוואַכן קערפּער אַן אייזערנעם ווילן און דעם מוט פון אַ העלד.

שטייענדיק פאַרן קריגס־ראַט, וואָס האָט אים פאַרמישפּעט צום טויט מיט די גרעסטע באַליידיקונגען דערצו, איז פּעררע געווען גרויס אין זיין קאַלטער רואיקייט און אין זיין פאַראַכטונג צו די טאַליאָנים.

ער האָט געזאָגט:

„ווי אַ מיטגליד פון דער קאָמונע, בין איך איצט אין דער מאַכט פון די זיגער. זיי ווילן מיין קאָפּ — זאָלן זיי אים נעמען. כ׳וועל קיינמאָל ניט זוכן צו ראַטעווען מיין לעבן מיט דער הילף פון נידערטרעכטיקייט. כ׳האָב געלעבט, ווי אַ פרייער מענטש, און ווי אַ פרייער וויל איך שטאַרבן. און נאָך וועל איך זאָגן: ציייטן בייטן זיך. דער צוקונפט גיב איך איבער, צו זאָרגן וועגן מיין אָנדיינק, און נעקאָמע צו נעמען פאַר מיר".

## יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי

געבוירן אין יאָר 1838 אין רוסלאַנד, געווען אַ רוסישער אָפיציר. ער האָט גענומען אַן אַנטייל אין פּוילישן אויפשטאַנד און איז דערפאַר פאַרמישפּעט געוואָרן אויף 15 יאָר קאַטאָרגע.

שפּעטער איז ער אין פראַנקרייך און שפּילט אַ גרויסע ראָל אין פּאַריז, באַם אָרגאַניזירן די מיליטערישע פאַרטיידיקונג פון דער



יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי

אויפגעשטאַנענער שטאָט. דאָמבראָווסקי איז באַשטימט געוואָרן קאָמאַנדיר פון צאָפן-מירעווודיקן פראָנט. אונטער זיין אָנפיר האָט אַ קליין הייפל גיבוירים פאַרהאַלטן דעם צענמאָל שטאַרקערן סוינע

ביזן 20טן מאַי. יעדע שטוב, יעדער גאָרטן איז ופאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט־פעלד. אין די סאַמע געפערלעכסטע מאָמענטן איז ער געווען רואיק, זיך ניט פאַרלאָרן און אָפּגעווענדט די סאַקאָנע פון די קעמפער. נאָר ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער קאַמף איז פאַרשפּילט, האָט ער ניט געוואָלט איבערלעבן די שרעקלעכע מאַ־פּאָלע און ער האָט זיך אַליין דערשאָסן.

ער איז געווען פון די קאָמונע־קעמפער, וואָס זיינען געקומען צו קוואורע מיט קאָוועד, באַגלייט מיט רויטע פאָנען פון דער פּאַריזער קאָמונע.

# זאָל לעבן די קאָמונע

## פון בוך „דעם קאָמונאַרס איניקל"

פון פרימאָרגן אָן פלאַצן היינט באָמבעס איבער גאַנץ פּאַריז. דער הימל איז איינגעהילט אין רויך, די זון איז פאַרשטעלט.

— צום געווער, קאָמונאַרן!

איבער די בולוואַרן גייען מאַכנעס אַרבעטער, אַרבעטער־פרויען. אַלע זיינען באַוואָפנט, ווער מיט ביקסן, פּיסטאָלעטן, ווער מיט גראָב־אייזנס און שטאַנגען צו בויען באַריקאַדן.

די פּענימער פון די אַרבעטער — ניט אויסגשלאָפן. זיי זיינען גרוי ווי שטויב. דורך די צעריסענע בלוזעס קוקט אַרויס דאָס הוילע לייב. זיי גייען מיט אַ רויטער צעלעכערטער פאָן, צעשאָסן פון קוילן, און זינגען:

אַלע פעלקער זיינען ברידער,
די טיראַנען — אונזערע פיינט.

מען פירט דורך פאַרוואונדעטע. זייערע פאַרבונדענע קעפּ בלוטן און די ווייסע באַנדאַזשן זיינען רויט. זיי קרעכצן און שרייען:

— צום געווער! אַף די באַריקאַדן!

— מיר וועלן פאַרטיידיקן יעדן טראָט ערד!

— געווער פאַר אַלע אַרבעטער־הענט!

איינער פון זיי שטייט אַף די קני. ער האַלט אָפן זיין פאַר־בלוטיקט מויל און שרייט: „זאָל מען מיר אַרויסנעמען די קויל פון שאַרבן, איך וויל גיין צוריק צו די באַריקאַדן. צו וואָס פירט מען מיך אין שפּיטאָל?" ער שרייט און פאַלט.

אַפן ווייסן פּלאַץ בויען אַרבעטער אַ באַריקאַדע. אַף אַ האַרמאַט איז אַרויף אַ פרוי מיט בלאָנדע, קימאַט רויטע האָר. זי שטייט און רופט:

— פאַריזער פרויען! פרוען פון אַרבעטער, טעכטער פון אַרבע־טער! מיר קעמפן פאַר דער צוקונפט. מאַמעס, שיקט אייערע זין. שוועסטער — אייערע ברידער. פרויען — אייערע מענער!

די מאַכנע כאַפּט זי אינדערלופטן, טראָגט זי אַוועק. אירע האָר פלאַטערן, ווי זיי וואָלטן ברענען. פון ווייטן הערט מען נאָך איר קאָל:

— פאַריז וועט זיך ניט אונטערגעבן. מיר וועלן ניט לעבן אין קנעכטשאַפט. מיר וועלן שטאַרבן ווי פרייע מענטשן!

— קאָמונאַרן, צום געווער!

די ווערסאַלער האָבן זיך אַריינגעריסן אין עטלעכע אַרבעטער־קוואַרטאַלן. כאַווער אסי מיט צוויי הונדערט קאָמונאַרן זיינען פאַר־נומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

— מיר וועלן זיגן אָדער שטאַרבן. זאָל לעבן די קאָמונע!

---

פיר אַזייגער באַגינען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן געקלאַפּט האַר־מאַטן. די שטאָט ברענט. איך זיץ הינטער די באַריקאַדן אַף אַן אָפּ־געבראָכענעם שטיק ראָד. מיין האַנט פאָלגט מיך קוים. כ'האָב אָפּגע־שלאָגן 12 אַטאַקעס, כ'געדיינק אַליין ניט ווי אַזוי.

פיר אַזייגער אינדערפרי. דער סוינע איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער ברוק איז פאַרגאָסן מיט בלוט. פאַרוואונדעטע קרעכצן — מ'עט באַלד קומען נאָך זיי. דער הימל איז רויט, די זון איז אויפגעגאַנגען.

אַ צעבלוטיקטער כאַווער, וואָס איז אַנטלאָפן פון געפאַנג־שאַפט, קומט אָן. ער דערציילט, אַז זיי צעשיסן די געפאַנגענע.

קיין איין קאָמונאַר, זאָגן זיי, וועט ניט בלייבן. קיין שאָלעם ווילן זיי ניט.

דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר פון מידקייט. עס גיסט זיך מיר בליי אין די אָדערן.

— צום געווער, פאַראורטיילטע! עס לאַכט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער.

---

די קאָמונאַרן קעמפן. געביידעס שטייען אין פלאַמען.

— זאָל לעבן די קאָמונע!

אַ פרוי לויפט. זי וואַרפט מיך שיר אום. זי האַלט אַ טויטן קער־פּער פון אַ קינד און שרייט „מיט איין קאָמונאַר ווייניקער. געטויט

איז מיין לולו, זעט, דערהאַרגעט איז לולו. נאָך מיט איין קאָמונאַר וויניקער —

כאַוועס דאָמבראָווסקי איז געפאַלן. די קאָמונאַרן זיינען אים מעקאַבער.

מאָנמאַרטער איז גענומען...

איך געדיינק ניט דעם נאָמען פון דער גאַס, וואו איך בין איצט מיט מיין כאַוועס. די גאַס איז פוסט, די לאָדנס פאַרמאַכט.

— מיר לעבן?

די וואַנט, צו וועלכער איך האָב זיך צוגעשפאַרט, איז אַ פייכטע, אַ קאַלטע. מיין כאַוועס קלאַפּט מיט די פויסטן אין דער וואַנט און שרייט זינלאָז:

— די קאָמונע איז טויט. די קאָמונע איז ניטאָ. די קאָמונע איז געפאַלן.

איך נעם אַרויס דעם רעוואָלווער פון קעשענע.

— עפשער שוין צייט, כאַוועס?

ער קוקט אַף מיר, נעמט אָן מיט זיין הייסער האַנט מיין האַנט מיטן רעוואָלווער.

— וואַרט. אונזערע לעבנס וועלן נאָך עפשער צונוץ קומען. די קאָמונע איז צעשלאָגן אין פּאַריז. זי וועט נאָך אָבער אויפלעבן אין אַנדערע ערטער, דאָרט, וואו די אַרבעטער זוכן פרייהייט.

ער איז גערעכט. די קאָמונע איז צעשלאָגן, די שלאַכט גייט נאָך אָן...

---

מיט אַ בלויזן קאָפּ, מיט אַ פּאָנעם פול מיט בלאָטע, גיי איך איבער די גאַסן פון דער אומריינער שטאָט. איך ווייס ניט וואו איך גיי. פאַר אַ קאָמונאַר זיינען אַלע טויערן פאַרשפאַרט. פאַרוואָס אַרעסטירט מען מיך ניט?

עס ווערט טאָג. סאָלדאַטן שלעפּן פרויען, מענער, קינדער, אַלטע לייט. דער האַמוין ווילדעוועט און שרייט:

— דער האָט זיך געשלאָגן אַף די באַריקאַדן.

— שיסט אָט זי. זי פלעגט פאַרבינדן די פאַרוואונדעטע.

מען כאַפּט און מען בינדט צונויף צו 5, צו 10, צו 15 מענטשן. די שטאָט ווערגט זיך מיט בלוט.

איך בין פאַרמאַטערט, איך בין צעפּייניקט.

צוויי סאָלדאַטן שלעפּן אַ יונגנמאַן. זיין פּאָנעם איז פאַרשטיי־נערט. מען דערהאַרגעט אים איניינעם מיט די איבעריקע.

מען גראָבט גלייך אויס קוואָרים, מען וואַרפט אין זיי דער־

האַרגעטע, נאָך ניט אינגאַנצן קיין אויסגעגאַנגענע. מען פאַרשיט די קוואָרים. די ערד אַף די קוואָרים רירט זיך נאָך.

דער זיגער טיער האָט געזאָגט:

— די סאָלדאַטן האָבן געטאָן אַ גרויסע טויווע דעם פאָטערלאַנד. די סאָלדאַטן, די סאָלדאַטן! קינדער פון פאָלק...

---

איך קום אָן צום אַלטן זייגערמאַכער, באַ וועמען איך האָב אין דער יוגנט געאַרבעט. ער נעמט מיך אַריין.

איך וויים, ער פרייט זיך מיט טיערס זיג. אָבער ער האָט זיך אָפּאָנעם דערמאָנט אין די אַמאָליקע יאָרן, און זיין געוויסן האָט אים אַ ריר געטאָן.

דאָ איז אַלץ ווי געווען. דאָסזעלביקע הויז. דיזעלביקע זייגערס. אין דעם הינטערשטן קאַמערל, וואו איך זיץ אַצינד, איז נאָך אַפילע פאַראַן דערזעלביקער מאַטראַץ, אַף וועלכן איך בין אַמאָל געשלאָפן.

דער זייגערמאַכער איז געוואָרן אַלט און שוואַך. ער קומט צו צו מיר, אָנגעשפאַרט אַף זיין הילצערנעם שטעקל, ער וואָרטשעט:

— דערטאַנצט זיך ליבינקער, — שאָקלט ער מיטן קאָפּ, — נו, קריך־זשע איצטער אונטערן מאַטראַץ ווי אַ האָז. אָבער איך פריי זיך מיט דער איצטיקער אָרדענונג.

ווען ער גייט ענדלעך אַוועק, וואַרף איך זיך אַנידער אַפן מאַט־ראַץ און שלאָף גלייך איין.

מיין שלאָף איז אַ שווערער, אָן כאַלוימעס.

איך כאַפּ זיך אויף פאַרנאַכט. דורכן פענצטערל קוקט אַריין די פאַרגייענדיקע זון. איך הער פון פאָדערצימער מענער־שטימען. זיי ווערן אַלעמאָל פאַרשטיקט. איך הער דעם זייגערמאַכערס קאָל:

— ער איז דאָ. אַ קאָמונאַר. אינגלוווייז האָט ער באַ מיר געלערנט. איך האָב שוין דאַמאָלט געוואוסט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ רויבער. היינט אינדערפרי איז ער געקומען צו מיר. מיילע, טראַכט איך מיר, וועל אים באַהאַלטן. וועט קומען דער קאַפּיטאַן, וועל איך אים אַרויס־געבן. אַ לעבעדיקן אַרויסגעבן. פּאָשעט. קלאָר.

איצט דאַרף מען זיך פאַרקעמען די האָר. פאַרן טויט וועל איך בלויז אַ מינוט פאַרמאַכן די אויגן און זיך פאַרשטעלן די פּענימער פון מיינע נאָענטע און ליבע. דעם טויט וועל איך באַגעגענען מיט אָפענע אויגן.

קאָמונאַרן קאָנען לעבן, קאָמונאַרן קאָנען זיך שלאָגן, קאָמונאַרן קאָנען שטאַרבן.

— זאָל לעבן די קאָמונע!...

# אייזשען פּאָטיע

(פּראָפעסאָר פון „אינטערנאַציאָנאַל")

## פון קאַלמען מאַרמאָר

1

די פּאַריזער קאָמונע איז געווען דערטרונקען אין בלוט. אַרום הונדערט טויזנט אַרבעטער זיינען געלעגן צעשאָסענע, אָדער גע־פוילט לעבעדיקערהייט אין די טפּיסעס פון דער בורזשואַזיע.

אין אָט דעם מאָמענט האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ געזאַנג, וואָס האָט גערופן די באַזיגטע מאַסן ווידער זיך אויפצוהויבן אין קאַמף, צום „לעצטן שטרייט".

דאָס מוטיקע געזאַנג איז געקומען פונם אונטערערדישן פּאַריז. דאָס האָט געזונגען אַ פּאַריזער קאָמונאַר אייזשן פּאָטיע, עטלעכע



פּאָטיע

טעג נאָך דער שרעקלעכער מאַסן־שכיטע פון 28טן מאַי, 1871. זיינע אויגן האָבן געזען טויט און פאַרניכטונג. זיין לעבן איז געווען אין געפאַר, נאָר זיין מוט איז ניט געווען געבראָכן און ער האָט געזונ־גען דאָס געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל.

אייזשן פּאָטיע איז געווען אַ קינד פונם אָרימען פאָלק. געבאָרן (אין 1816) בײַ אַ טאַטן אַ באַדינער, האָט ער שוין אין זיין יוגנט געמוזט אַרבעטן שווער. נויט און עלנט, הונגער און פּיין זיינען אים געווען באַקאַנט ניט פונם בוך, נאָר פונם לעבן.

די יולי רעוואָלוציע, פון 1830, האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אַף דעם פופצן־יאָריקן פּאָטיע. ער לייענט און לערנט אַסאַך און ווערט אויך אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער ווערט אַ שאַנסאָן — אַ זינגער פון מעלאָדישע צייט־לידער. זיין ליד איז זיין וואָפן אינם קלאַסן־קאַמף. ער באַנוגנט זיך אָבער ניט בלויז מיט זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער. ער קעמפט אַף די באַריקאַדן און שטעלט איין זיין לעבן אין פרייהייט־קאַמף. ווען עס גרינדעט זיך דער ערשטער „אינטערנאַציאָנאַל" ווערט דער פופציק־יאָריקער פּאָטיע איינער פון זיינע טעטיקע מיטגלידער און באַטייליקט זיך אין דער פּאַריזער קאָמונע.

ווען די פּאַריזער קאָמונע ווערט פּראָקלאַמירט (דעם 18טן מערץ, 1871), ווערט פּאָטיע איינשטימיק דערוויילט פאַר אירן אַ מיטגליד. ער איז זייער טעטיק. ער אַרבעט אַף עטלאַכע געביטן: אַרמיי, וואוינונג־פּראַגן, בילדונג. ער פאַרלאָזט ניט זיין פּלאַץ, ביז וואַנען יעדער פּראָלעטאַרישער ווידערשטאַנד איז געבראָכן און די בורזשואַזיע איז צוריק אין מאַכט. ער באַהאַלט זיך דאַן אַ ווייל אין פּאַריז, וואו ער שרייבט אָן, אָנהויב יוני, 1871, זיין ליד „דער אינטערנאַציאָנאַל". ער ווערט פאַראורטיילט צום טויט, נאָר אים געלינגט זיך צו ראַטעווען קיין אַמעריקע.

דער אַלטער קאָמונאַר איז אויך טעטיק אינם נייעם לאַנד. ער איז איינער פון די אַקטיווע טוער אין דער אַמעריקאַנער יוגנט־לעכער אַרבעטער־באַוועגונג. ער זינגט זיינע רעוואָלוציאָנערע לידער אין גראַווסענד (ברוקלין), ניו יאָרק, נוארק, באָסטאָן, פּעטערסאָן א. אַ. וו. זיינע לידער אין פראַנצויזיש ווערן אַרויסגעגעבן פון אַמע־ריקאַנישע קעמפערישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. ער האָט אַ גרויסן איינפלוס אַף די פראַנצויזישע אימיגראַנטן און ער ווירקט, זיי זאָלן ווערן טיכטיקע קעמפער פאַרן אַרבעטער־קלאַס.

די אַמנעסטיע פאַר די קאָמונאַרן אין 1881 האָט ניט שטאַרק אַפּעלירט צום אַלטן קלאַסנקעמפער. נאָר דאָס האַרטע לעבן אין אַמעריקע האָט זיך שווער געלייגט אַף דעם 64־יאָריקן קאָמונאַר, און די בייַנקשאַפט אַהיים איז געווען שטאַרק. אייזשן פּאָטיע האָט דערפאַר אָנגענומען דעם סוינעס כעסעד און צוריקגעקערט זיך אין פּאַריז.

אַנשטאָט דעם יונגן, פייערדיקן זינגער פון די 48ער יאָרן, איז געשטאַנען פאַר זיינע פריינט אַ גרייז־גרויער אַלטיטשקער, האַלב פּאַראַליזירט און שרעקלעך פאַראָרימט.

דער פאַרשטייער פונם אַרבעטער־פאַריין האָט דאַן געשטעלט דעם אַלטן רעוואָלוציאָנערן שאַנסאָן די פראַגע — וואָס וויל ער בעסער, צי מען זאָל אים שאַפן אַ סומע געלט צו פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ, אָדער עפּענען אַ פאָנד אַרויסצוגעבן זיינע לידער?

— אייזשן פּאָטיע האָט גלייך געענטפערט:

„זאָל מען ליבער אַרויסגעבן מיינע ווערק, אפילו ווען איך זאָל דאַרפן אויסגיין פאַר הונגער!"

פּאָטיעס פריינט האָבן אַרויסגעגעבן זיינס אַ בוך לידער, נאָר דער אַלטער דיכטער האָט דערמיט ניט פאַרענדיקט זיין דיכטערישע קאַריערע. אינם עלטער פון 70 יאָר האָט אייזשן פּאָטיע אויפגעשריבן אַ שטאַרק קאַמף־ליד, „די קאָמונע איז ניט טויט!" ער האָט עס געווידמעט די איבערגעבליבענע קעמפער פון דער פּאַריזער קאָמונע.

---

# פּעטער דעזשעיטיע

(פאַרפאַסער פון דער מעלאָדיע צום „אינטערנאַציאָנאַל")

## פון קאַלמען מאַרמאָר

היינט זיינען פאַראַן אַסאַך אַרבעטער־לידער. נאָר מיט פופציק יאָר צוריק זיינען זיי געווען אַ זעלטנהייט. בא די אַרבעטער־געזאַנג־פאַריינען אין יענער צייט איז דערפאַר געווען אַ גרויסע סימכע, ווען זיי האָבן אַריינגעקראָגן אַן עכט אַרבעטער־ליד.

אַזאַ סימכע איז פאָרגעקומען אינם אַרבעטער־געזאַנג־פאַריין פון דער שטאָט ליל, פראַנקרייך, אין יאָר 1882. ליל איז אַן אינדוס־טריעלער צענטער, און זיין אַרבעטער־געזאַנג־פאַריין איז באַשטאַנען פון רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער. אויך דער דיריגענט פונם אַרבעטער־געזאַנג־פאַריין אין ליל איז געווען אַן אַרבעטער — דער וועבער פּעטער דעזשעיטיע. אָט דער מוזיקאַלישער וועבער־אַרבעטער האָט אין יענעם יאָר (1889) געקראָגן לייענען דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד „אינטערנאַציאָנאַל" פון דעם קאָמונאַר אייזשן פּאָטיע. פּעטער

דעזשעיטיע איז שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן פון דעם ליד און אין פאַרלויף פון אַ פּאָר טעג האָט ער געשאַפן מוזיק צו פּאָטיעס פערזן. דעמזעלביקן יאָר האָט דער אַרבעטער־געזאַנג־פאַראיין פון ליל געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל" מיט דער מעלאָדיע, וואָס איז איצט באַקאַנט איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר דעמאָלט האָט מען ווייטער פון ליל ניט געוואוסט פון דעם נייעם רעוואָלוציאָנערן ליד. ערשט מיט צען יאָר שפּעטער איז דער אינטערנאַציאָנאַל באַקאַנט גע־וואָרן צווישן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון אַלע לענדער.



דעזשעיטיע

דער אינטערנאַציאָנאַל איז באַקאַנט געוואָרן אויף דעם קאָנגרעס פון פראַנצויזישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין יאָר 1899. צום שלוס פון אָט דעם קאָנגרעס האָט אַ דעלעגאַט פון ליל, אַ מיטגליד פונם דאָרטיקן אַרבעטער־געזאַנג־פאַראיין, זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ טיש און גענומען זינגען מיט זיין שיינער שטים דעם „אינטערנאַציאָנאַל". די דעלעגאַטן און געסט זיינען געוואָרן מיטגעריסן און נאָכן דריטן פערז האָבן זיי שוין אַלע מיטגעזונגען דעם צושפּיל:

„דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט;
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט־אויף, איר אַרבעטס־לייט!"

אַ יאָר שפּעטער האָט מען שוין דעם „אינטערנאַציאָנאַל" געזונ־גען אין אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־קרייזן פון פראַנקרייך. זייערע דעלעגאַטן האָבן עס געזונגען אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָ־ציאַליסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1900. פון דאָרט האָט זיך פּאָטיעס ליד מיט דעזשעיטיעס מעלאָדיע פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

ווען דער קאָמפּאָזיטאָר פונם „אינטערנאַציאָנאַל" איז אַלט גע־וואָרן 70 יאָר און האָט מער קיין קויעך ניט געהאַט צו אַרבעטן, האָט ער געליטן גרויס נויט. נאָר אַזוי גיך ווי די פּאַריזער קאָמוניסטישע

אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי אים באַשטימט אַ קליינע מאָנאַטלעכע פּענסיע.

אויף דעם פראַנצויזישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1924, אין ליאָן, האָט מען אַוועקגעזעצט דעם אַלטן פּעטער דעזשעיטיע אויבנאָן באַם פּרעזידיום. מען האָט אים מעכאַבעד געווען מיט אַ רעדע. נאָר דאָס אַלטע האַרץ איז געווען איבערגעפילט, און ער האָט בלויז געקאָנט מאַכן מיט די הענט, נאָר ניט באַוועגן די צונג. דער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט דערביי אויסגערופן:

— „אונזער כאַווער דעזשעיטיע איז מער מוזיקער ווי רעדנער. מיר ווילן פון אים ניט אַוועקנעמען דאָס וואָרט, ווען מיר ווילן בעטן דעם אָרקעסטער שפּילן זיין „אינטערנאַציאָנאַל“.

דער אַרבעטער־אָרקעסטער פון ליאָן האָט אָנגעהויבן שפּילן דעם „אינטערנאַציאָנאַל“. דער אוילעם האָט געזונגען דעם צושפּיל. פּעטער דעזשעיטיע האָט געזעסן פאַרווירקלעכט דעם שענסטן כאָלעם פון זיין אָרעמען אויסגעזויגענעם לעבן. ער איז געווען בלייך און זיינע אויגן האָבן געזעען ווייט, ווייט.

באַלד נאָכדעם האָט אים די סאָוועטן־רעגירונג איינגעלאַדן צו קומען קיין מאָסקווע. ניט געקוקט אויף די שוועריקייטן פון אַזאַ ווייטער רייזע פאַר אַן אַלטן, שוואַכן מאַן, איז ער אַהין אַוועקגעפאָרן. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט ליבשאַפט. ער איז פאַרבליבן וואוינען אין מאָסקווע ווי אַ גאַסט פון דעם פּראָלעטאַרישן פאָטערלאַנד.

# דער אינטערנאַציאָנאַל

שטייט אויף, איר אַלע, וועמען מע האָט צעשלאָגן,
אין הונגער לעבן, מוז, און נויט!
דער גייסט — ער קאָכט, ער רופט צום וואָפן,
אין שלאַכט אונז פירן איז ער גרייט.
די וועלט פון גוואַלדהייטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר און דאַן,
פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גאַנײידן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטס־מאַן.

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט,
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף, איר אַרבעטס־לייט!

ניין, קיינער וועט אונז ניט באַפרייען,
ניט גאָט אַליין און ניט קיין העלד.
מיט אונזער אייגענעם קלייזאַיען
אַ רעטונג ברענגען מיר דער וועלט.
אַראָפּ דעם יאָך! גענוג געליטן,
גענוג פאַרגאָסן בלוט און שווייס;
צעבלאָזט דאָס פייער, לאָמיר שמידן,
כּל־זמן דאָס אייזן איז נאָך הייס!

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט,
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף, איר אַרבעטס־לייט!



# שטאָט

ערשטער טייל פון דער באַוועגלאַכער כרעסטאָמאַטיע
פאַר'ן דריטן לערן־יאָר פון עלעמענטאַרע שולן.

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער־קאָמיסיע.



פאַרלאַג:
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן.
הויפּט פאַרקויף: 32 יוניאָן סקווער,
ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1930

„שטאָט“ איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג און מיט דער גוטהייסונג פון דער פּראָגראַם־קאָמיסיע פון די אידישע קינדער־שולן באַם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן.

אין העסקעם מיט דער פּראָגראַם פון די שולן גייען דאָ אַריין מאַטעריאַלן און אַרבעטן פאַר די ערשטע 5—6 וואָכן פונ׳ם לערן־יאָר.



Myold Printing Co., Inc. 161 Grandt St., New York

# שטאָט

פאַרטאָג. אין פריער שאָ פון זיבן
ווערט אימפעט פון דער שטאָט צענויפגעקליבן
און צעשיקט דורך בריקן, שיפן און טונעלן
צו פאַבריקן, גריבער, שטאָלענע געשטעלן.

ווי מיט קישעף עפנט שטאָט איצט אויף טירן,
און עס שטייען גרייט די באַנען קוויאַך צו צעפירן, —
ס׳וואַרט די שטאָט מיט אָפּגעקילטן אייזן פון מאַשינען,
אַף אַכטער שאָ פון יעדן וואָכיקן באַגינען. — — —

איז גוט, ווען פלעשער מילך באַגריסן אַף די שוועלן,
ווען קינדער קענען זיך אַף שטייפע פיסלאַך שטעלן, —
ווען פון טאָג געזונט, פאַרלוירן באַ מאַשינען,
ווען פון טאָג געזונט כאָטש קינד אין היים געווינען. — — —

ווען ס׳גריסן אָבער ליידיקע די שטיגן,
און מאַמע דאַרף דאָס קינד מיט פראָסטן טרינק־וואַסער פאַרוויגן, —
ווען פונ׳ם טאָג געזונט, פאַרלוירן באַ מאַשינען,
ווען פונ׳ם טאָג געזונט בלויז באַלעבאָס געווינען. — — —

שווערע ווערטער    האַרעוואַניע — שווערע אַרבעט.

# אַך, וואָס פאַר אַ שטאָט!

טרראַך טאַרעראַך־טאַך־טאַך־טאַך! טאַך! דזין־דזין־דזין־גלין־גלאָן! הו־האַ! דו־דו־דו־דו־דו! פ־יו! אַי־אַי־אַי־אַי־אַי־אַי! און ווידער אַמאָל — טראַך טאַררעראַך־טאַך־טאַך־טאַך! — אָט דאָס זיינען געוועזן די קוילעס מיט די געוואַלדן, וואָס מיר האָבן דערהערט אין דער ערשטער מינוט, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין ניו יאָרק.

אַך, וואָס פאַר אַ שטאָט! און וואָסערע הויכע הייזער! זעקס עטאַזשן איז אַ געלעכטער. פאַראַן הייזער פון צוועלף עטאַזשן און פון צוואַנציק, און פון דרייסיק, און פון פערציק, און נאָך העכער. און פענצטער! טויזנט פענצטער!...

היינט די באַנען אין שטאָט! איר האָט זיך נאָר וואָס אַריינגעזעצט אין וואַגאָן — אַהאַ! איר פליט שוין, ווי די אָדלערס, אין דער הויך, איבער אַ לאַנגן שמאָלן בריק אַף צו דערהאַרגעט ווערן. ווערט דאָס אָנגערופן באַ זיי „עלעווייטעד". מיינט איר, אַז איר זייט שוין פאַרטיק? האָט צייט אַביסל. איר קריכט אַרויסעט פונ׳ם „עלעווייטעד" און איר זעצט זיך איבער אין אַן אַנדער וואַגאָן, און איר לאָזט זיך אַראָפּ ווי אין אַ קעלער אַריין, און איר לויפט אונטער דער ערד מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס שווינדלט אייך אין די אויגן. דאָס ווערט שוין באַ זיי אָנגערופן „צאָבהיי" (סאָבוויי — אונטערערדישע באַן). פאַרוואָס הייסט דאָס „עלעווייטעד" און דאָס „צאָבהיי"? — זאָגט מיין ברודער עליע, אַז „עלעווייטעד" נעמט זיך פונ׳ם וואָרט „לייטער". און „צאָבהיי" זאָגט מען באַ אונז אויך, אַז מען טרייבט אָן אַ פּאָר אָקסן. לאַכט פון אים אונזער כאַווער פיניע מיט סאַקאָנעס. ער זאָגט: ס׳אַ מאָשל אַקעגן אַ טאָרבע פלעקער! אָקסן, זאָגט ער, קוים וואָס זיי קריכן, און אָט דאָס פליט! ענטפערט אים דערויף עליע: „דערויף איז דאָס אַמעריקע, ס׳זאָל פליען"... מישט זיך אַריין מיין שוועגערין בראָכע און זאָגט, אַז מער פאָרט זי שוין ניט, אַן עק! ניט מיט׳ן „עלעווייטעד", ניט מיט׳ן „צאָבהיי" — זי זאָל וויסן גליקלאַך ווערן. זי וועט בעסער, זאָגט זי, שוין גיין צופוס. איידער אַזוי מעשוגענערהייז פליען הענדום־פענדום איבער דער כמאַרע, אָדער לויפן אונטער דער ערד. דערביי האָט זי געזאָגט אַ ווערטל: „הויב

מיך ניט און ווארף מיך ניט"... אַ מאָדנע אידענע, מיין שווענערן. באַ מיר וואָלט איר, פאַרקערט, געפּויעלט. איך זאָל אַרומפאָרן מיט'ן „עלעווייטעד" און מיט'ן „צאָבהײ" אַ גאַנצן טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט. מיין כאַוער מענדל — אויך דאָס אייגענע.

אַנו — טרעפט: ווער רעדט עס:

(1) אַ קינד, אַ דערוואַקסענער?
(2) אַ גרויס־שטאָטישער, אַ קליינשטעטלדיקער.
(3) אַן אמעריקאַנער, אַן אַריבערגעקומענער אַהער.

# אין סאָבוויי

גאָלד איז די צייט אין דעם גאָלדענעם לאַנד.
גיט מען אַ קלונג און אַ הייב מיט דער האַנט,
קלאַפּן זיך טירן צו הילכיק און שנעל,
פליט דער עקספּרעס דורכן שוואַרצן טונעל.
שנעלער פון ווינט און געשווינדער פון בליק.
פליען פאַרביי מיט דער וואַנט אַף צוריק
שטערן נאָך שטערן אין גרין און אין רויט, —
גרין איז דאָס לעבן, און רויט איז דער טויט.
לאָזט אַ סיגנאַל פאָרויס זיך אין געיעג,
וואַרפט ער און שליידערט ער אַלץ אַפּ'ן וועג;
רודערן רעדער אין ווילדן געלויף,
טראָגן זיך באַנען אַראָפּ און אַרויף,
ליכטיק ווי בליצן פאַרביי נאָכאַנאַנד —
גאָלדענע פייגל פון גאָלדענעם לאַנד.



# באַ אַ סאַבוויי־אַריינגאַנג

האַרט נעבן די טרעפּ פון סאַבוויי־אַריינגאַנג זיצט אַף אַ קעסטל אַ מענטש, דעם קערפּער איינגעהויקערט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, אָנגעטאָן אין שמאַטעס. ער האַלט אַ בלעכענעם טעפּעלע און קלינגט מיט די עטלאַכע סענטן. ווען ער גיט אַ הויב דעם קאָפּ, דערזעט מען אַ קויל־שוואַרצן גלאַנצנדיקן פּאָנים, גלאַט ווי שוואַרצער סאַמעט. די בלינדע אויגן זיינען מיט ברילן באַדעקט. אַ בלינדער מיטל־יאָריקער נעגער. ער זיצט אַפ׳ן נידעריקן קעסטעלע, און זיינע גראָבע ליפּן שעפּטשען:

— העלפּ עי בלאַינד מען...

די עטלאַכע סענטן אין טעפּעלע ליגן ווי שטומע איידעס.

— פאַרוואָס זיצסטו דאָ, ברודער, און בעטסט נעדאָוועס? ביסטו געבוירן אַזוי אַ בלינדער, אָדער האָט עפּעס מיט דיר געטראָפן? דערצייל, ברודער, וואָס האָט פּאַסירט?

— אָ, מאַי דיר מען, יעס־יעס, העלפּ עי בלאַינד מען! נאָסער! ניט געבוירן אַזוי. ניט לאַנג, בלויז עטלאַכע יאָר אין דעם, אַ סאַך יאָרן אָפּגעאַרבעט אַף דער כעמישער פאַבריק... אָט אַף יענער פאַבריק דאָרטן... עטלאַכע טויזנט מענטשן האָבן געאַרבעט... אַ סאַך פרויען און מיידלאַך. נו, ברודערל, איז דאָס געווען אַן אויפרייס!... יעס־יעס, איך בין אויך שיר אַף יענער וועלט אַוועק.

— האָט מען דיר אַ סאַך געלט באַצאָלט ?

— יעס־יעס, ברודערל, באַצאָלט !... אַי האָבן זיי באַצאָלט... זיך גענוג געמישפּעט. אַזוי פיל, האָבן זיי געזאָגט, איז גענוג פאַר אַ פּאָר אויגן...

אַרבעט :

1. ווער וואָלט געדאַרפט פאַרזאָרגן אַן אַרבעטער, ווען ער ווערט אַ קאַליקע בײַ דער אַרבעט ?
2. געפינען אויס, וואָס עס מיינט : „וואָירקערס קאָמפּענסיישן".
3. געפינען אויס, וואָס די אַרבעטער, באַקומען פון דעם.

# אַף אַ באַן־סטאַנציע

מענטשן, פאַרשטויבטע,
אָנגעקליידט אין אויבער־הויזן,
קאַטשען וועגעלאַך און שטויסן,
שלעפּן פּעק און וואַרפן.
לאָדן אויס וואַגאָנען,
פילן אָן וואַגאָנען.

אָרימע פאַריאָגטע,
פּענימער פאַרזאָרגטע,
דאַכט זיך שלעפּן זיי די צאָרעס
אויפצופּאַקן אַף די באַנען,
ערגעץ ווייט אַוועקצופאָרן...

אינגלאַך קליינע לויפן, שלעפּן
פּעקלאַך צייטונגען אונטער די אָרעמס
און זיי רופן, און זיי שטרעקן אויס די הענטלאַך,
און די אייגעלאַך בעטן : „קויפט ! "

שרייבן : אַ סצענע אַף אַ באַן־סטאַנציע.




# דאָס געזאַנג אין סאָבוויי

זונטיק פרימאָרגן. אויסגערוטעטע, אָנגעפּוצטער אוילאַם אַף טראָטואַרן, אין קאַרס, אין סאָבווייס, יאָנטעוודיק.

איך שטייג אַרויס פון סאָבוויי־וואַגאָן, וואַרטן אַף אַן אַנדער באַן. איך דריי זיך אַרום אַף דער האַלב־פינצטערער פּלאַטפאָרמע אַן אומגעדולדיקער, אַן אומצופרידענער, וואָס כ׳דאַרף איינאָטעמען דעם טוכלען רייאַך פון דער קעלער־לופט.

פּלוצלונג דערטראָגט זיך פון ערגעץ־וואו אַ געזאַנג. ניין, ניט פון דער פּלאַטפאָרמע קומט דאָס געזאַנג. די איבעריקע וואַרטנדיקע פּאַסאַזשירן אַף דער פּלאַטפאָרמע זיינען, אַזוי ווי איך, נייגעריק צו וויסן פון וואַנען עס קומט.

פון וואַנען דאָס געזאַנג? איך גלויב זיך אַליין ניט: עס קומט פון שטאָק־פינסטערן טונעל, פון וואַנען עס וועט מיסטאָם באַלד אָנפליען מיין באַן.

מיין בליק דרינגט אַריין אין דער פינצטערניש פון לאַבירינט, מיין אויער איז אָנגעשפיצט. איך דערזע ענדלאַך אין דער געדיכטער פינצטערניש —

א פונק. דער פונק ווערט גרעסער און גרעסער; דאָס פּייערל וואַרפט זיך אַהין און אַהער און דערנענטערט זיך פון הייל אַרויס, צו דער פּלאַטפאָרמע.

דאָס פּייערל ברענגט מיט זיך דאָס געזאַנג. וואָס גרעסער דאָס פּלעמל, אַלץ שטאַרקער און קלינגענדיקער דאָס געזאַנג.

דאָס פּייערל איז שוין גאָר נאָענט. ס'איז אַ לאַמטערן. פון טונעל אַרויס באַווייזט זיך אַ הויכע פיגור, נאָך איר נאָך איינע און נאָך.

דאָס גייען פינף מענער, סאָבוויי־ריינינקער. זיי זיינען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. זייערע קעפּ אַראָפּגעטיפּט צו דער ערד. מיט פּיקעס קלייבן זיי צונויף די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן, מיט בעזימער רייניקן זיי די שינעס.

זיי קוקן ניט צו אונז, אויף דער האַלב־באַלויכטענער פּלאַטפאָרמע. זיי זיינגען פאַרטיפט — אין דער אַרבעט און נאָכמער — אין זייער זינגען.

שוואַרצהאָריקע, לאַנגנאָזיקע און שפּיציק־פּאָנימדיקע. גריכן צי אַר־מענער.

דאָס געזאַנג הערט אויף אַ ווײַלע אויף. אָבער באַלד פאַנגט איינער אָן סאָלאָ, אין אַ לירישן טענאָר, און די איבעריקע פיר כאַפּן אונטער, מיט האַרץ.

פינף סאָבוויי־ריינינקער, פרעמדבאָדנדיקע, פינף אַמעריקאַנער שקלאַפן זינגען פון די פינצטערע הייל̄ן אַרויס זייער ליד פון צאַר און ווייטיק. אין אַ זונטיק־פרימאָרגן, אין טאָג פון רו.

# סאָבוויי־אַרבעטער

די טויזנטער אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אויף די סאָבוויס, עלעווייטעדס און טראַמוואַי־ליניעס, ווערן עקספּלואַטירט אויפ'ן ערגסטן אויפן פון די קאָמפּאַניעס, וועלכע קאָנטראָלירן דעם פאַרקער. זייער אַרבעט איז אָפט אַ געפערלאַכע, ווייל די קאָמפּאַני'עס אַנטזאָגן זיך איינצופירן פאַרשיי־דענע פאַרזיכערונגס־איינריכטונגען. די סאָבוויי־אַרבעטער ווערן געצוואונ־גען צו אַרבעטן אונטער אַזעלכע אומסאַניטאַרע באַדינגונגען, אַז עס איז שעדלאַך פאַר'ן געזונט. די אַרבעטער האָבן אָפט געקעמפט קעגן זייערע באַלעבאַטים, אַז עס זאָלן איינגעפירט ווערן פאַרשיידענע פאַרזיכערונגען פון לעבן און געזונט. אַט־די אַרבעטער קריגן אַזעלכע קליינע סכירעס, ווי 69 סענט אַ שאָ פאַר מאָטאָרלייט און 58 סענט אַ שאָ פאַר סוויטשלייט. און קעדיי צו קענען פאַרדינען גענוג אייפצוהאַלטן זיך און זייערע פאַמיליעס, מוזן די סאָבוויי־ און „על"־אַרבעטער אָפט שקלאַפן 84 שאָ אַ וואָך.

# קאַמפּן

אַט־די אומדערטרעגלאַכע באַדינגונגען האָבן געפירט צו דעם גרויסן סטרייק פון 1926, וואָס איז גערופן געוואָרן דעם דריטן יולי. 752 מאַטאָר־לייט און סוויטשלייט האָבן געוואָרפן די אַרבעט און זיינען אַרויס אין סטרייק. זיי האָבן אָנגעפירט אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף צו צווינגען זייערע באַלעבאַטים נאָכצוגעבן זייערע פאָדערונגען. די באַלעבאַטים האָבן אַף שנעל צוזאַמענגעקליבן סקעבס. אינעווייניק, אין די קאָמפּאַניע־הייזער, האָט עס אויסגעזען ווי אין אַ קריג־צושטאַנד. הונדערטער אויפשטעל־בעטלאַך זיינען געבראַכט געוואָרן, ווי פאַר אַ קליינער אַרמיי סאָלדאַטן. דאָס איז געווען ווייל די סקעבס האָבן ניט געוואַגט זיך צו באַווייזן אינדרויסן אויס מוירע פאַר די סטרייקערס. זיי האָבן געלעבט, געסקעבט און געגעסן אונטער דער שוץ פון באַוואָפנטע וועכטער און דעטעקטיווס, וואָס זיינען געשטאַנען בא דער טיר.

נאָר דאָ האָט זיך באַוויזן די אַמעריקאַן פעדערייישאָן אָוו לייבאָר אין אַן אָפענער אַנטי־יוניאָן און סטרייקברעכערישער ראָלע. די רעאַקציאָנערע לייבאָר־ביוראָקראַטן האָבן אַנטזאַגט די אַרבעטער די שטיצע פון דער פעדעראַציע. דער באַיקאָט פון דער אַ. פ. אָוו ל. האָט געפירט צו דעם, אַז דער סטרייק זאָל פאַרלוירן גיין.

דער סטרייק פון די סאָבוויי־אַרבעטער אין יולי 1926 איז נישט געווען דער ערשטער און וועט זיכער נישט זיין דער לעצטער.

# קאָמפּאַניע־יוניאָנס

אין 1916 האָט די קאָמפּאַניע אָרגאַניזירט די באַרימטע קאָמפּאַניע־יוניאָן — די בראָדערהוד אָוו אַי. אַר. טי. אַרבעטער, די ערגסטע סטרייקברעכערישע אָרגאַניזאַציע, וואָס אַ קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָט ווען עס איז אויסגעטראַכט. יעדער אַרבעטער אַף די סאָבווייס ווערט געצוואונגען צו זיין אַ מיטגליד פון דער קאָמפּאַניע־יוניאָן און אונטערשרייבן דעם טרויע־ריק־באַרימטן „יעלאָו־דאָג“־קאָנטראַקט, וואָס לייענט זיך טיילווייז אַזוי :

„אין איינקלאַנג מיט דעם שטאַנדפּונקט, אָנגענומען פון דער בראָדערהוד, און מיט דער צושטימונג פון דער קאָמפּאַניע, און אַלס אַ באַדינג פון באַשעפּטיקונג, בין איך פולקאָם איינשטימיק און שטים צו אויסדריקלאַך, אַז איך וועל בלייבן אַ מיטגליד פון דער בראָדערהוד פאַר דער צייט, וואָס איך בין באַשעפּטיקט פון דער קאָמפּאַניע און בין פּאַסנד פאַר מיטגלידערשאַפט ; און וועל ניט ווערן פאַרבינדן אין קיין הינזיכט מיט דער אַמאַלגאַמייטעד אַסאָ־

סיאיישאָן אָוו סטריט און עלעקטריק רעילוויי עמפּלאָאיס אף אַמעריקאַ אָרעד מיט אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע פון סטריט רעילוויי אַרבעטער."

ס'איז פֿאַראַן אַ שטאַרקע שפּיאָנען סיסטעם צווישן די אַרבעטער אף די סאָבוויים, קעדיי נישט צו דערלאָזן צו קיין אויסדרוק פון נישט־צופרידנקייט פון די אַרבעטער. דערפֿאַר קומט אויס, אַז ווען מען פרעגט אַ סאָבוויי־אַרבעטער וועגן די אַרבעטס־באַדינגונגען, וועט ער ענטפערן, אַז אַלץ איז גלענצנד און אַז עס קאָן גאָר נישט זיין בעסער.

1. פאָרש אויס און באַריכט: ווי אַזוי מען פאָרט באַ דיר אין שטאָט.
2. פאַרוואָס איז אַזוי ענג אין די סאָבוויים? ווי וואָלט מען געקאָנט מאַכן, עס זאָל זיין גראַם און באַקוועם צו פאָרן.
3. פאַרוואָס ווערט עס ניט געטאָן?
4. פאַרוואָס קומען פאָר די גרעסטע טייל אומגליקס־פאַלן אין די סאָבוויים.
5. שרייב אַ קאָמפּאָזיציע:
וואָס וואָלט געווען אין שטאָט, ווען אַלע טראַנספּאָרט־אַרבעטער סטרייקן.
6. אַרבעט אויס אַ פּלאַן, ווי אַזוי די פאַרקער־מיטלען וועלן זיין איינגע־אָרדנט באַ אַן אַרבעטער רעגירונג.

# פון אַ דאָקטאָרס נאָטיץ־בוך

## 1. אונזער אויוון־הייצער.

דער אויוון־הייצער פון דעם הויז, וואו איך וואוין, איז געווען קראַנק און איז געקומען צו מיר, איך זאָל אים אונטערזוכן. ער איז געווען אַ נעגער, אָבער נאָך טונקעלער, ווי זיין נאַטירלאַכער קאָליר איז ער געווען, צוליב קוילן און שוויים.

ער האָט געהאַט היץ, און איך האָב אים געראָטן גיין אַהיים. אָבער ער האָט עס ניט געקאָנט טאָן, ווייל ס'איז ניט געווען, ווער ס'זאָל אים פאַרבייטן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער אַרבעט זעכצן שאָ אין מעס־לעס, שלאָפט אין קעלער, און איז פריי איינמאָל אין צוויי וואָכן — אַ האַלבן טאָג.

„איך ווייס, פון וואָס איך בין קראַנק", האָט ער דערקלערט. „דער צימער, וואו דער קעסל שטייט, איז פול מיט וואַסער. איך ווייס ניט פון וואַנעט עס קומט. דערווייל מוז איך שטיין אַ גאַנצן טאָג מיט מיינע פיס אין וואַסער..."

## 2. אַ גערוימע דירע.

ס׳איז נאָך ניט אַזוי שלעכט. מיר האָבן גענוג אָרט. מיין זון שלאָפט אין קיך. ס׳איז אים וואַרים. מיין מאַן און איך שלאָפן אין גאַסט-צימער. און די טאָכטער שלאָפט אין שלאָפצימער. נאַטירלאַך, די בייבים, די דריי קלענערע, שלאָפן מיט אונז אין גאַסט-צימער. און מיין מוטער, איר פאַרשטייט, איך האָב אַן אַלטע מוטער, זי דאַרף זיין אין שלאָפצימער מיט מיין פלאָרען. און דאַן האָבן מיר „באָר־דערס“.

וויפיל?

אינגאַנצן צוויי. מיר מוזן זיי האַלטן, אַניט וואָלטן מיר ניט געקענט צאָלן אונזער דירע-געלט.

וואו שלאָפן זיי?

נאַטירלאַך, מיט׳ן זון, אין קיך. די קיך איז דער בעסטער צי־מער, פאַרשטייט איר מיך. ס׳איז כאָטש לופטיק. דער ערגסטער פלאַץ איז דער שלאָפצימער. ס׳איז קליין און פינצטער. אָן אַ פענצ־טער. אָבער דערפאַר שטיל — ס׳קומט ניט צו דער טומל. פלאָרע דאַרף האָבן כאָטש אַביסל רו, נאָך אַ טאָג-אַרבעט אין איר דעפּאַרט־מענט-סטאָר.

נו, טאָ איז וויפיל זייט איר צוזאַמען?

אוי-וויי, עס קלעקט!

א ר ב ע ט :

1. ווי גרויס איז דיין דירע — — — — — —

2. וויפיל מענטשן וואוינען אין איר — — — —

3. באַשרייב די דירע פון דעם „דזשעניטאָר“ פון דעם הויז, וואו דו וואוינסט.

# הייס וואַסער

אַ זעקס־שטאָקיק הויז. פון דרויסן — ווי מערסטע איסט־סאַידער הייזער: אָפּגעקראָכענע ציגלנע ווענט, שוואַרצע אייזערנע גאַניקעס, און פון די גאַניקעס אַראָפּ ציען זיך טרעפּ. אויף די גאַניקעס זיינען אָנגעשטעלט טעפּ, פלעשער פון מילך, שמאַטעס.

אַז מ׳קוקט אַריין אין קאָרידאָר פון יענעם הויז, טוט באַלד אַ שלאָג אין דער נאָז אַ שלעכטער רייאַך. זומער אין די גרעסטע היצן יאָגט דאָרט אַ דומפּיקע קילקייט, ווי פון אַ הייל. די פאַרזשאַווערטע גאַז־רערן אויף די ווענט זיינען איידעס, אַז זיי האָבן דאָ געקאָפּטשעט יאָרן־לאַנג, טאָג ווי נאַכט. און דער דינער רויך האָט פאַרסאַזשעט די ווענט און די סטעליע. זייער אָרט פאַרנעמען איצט עלעקטרישע לעמפּלאַך, וואָס שיינען מיט אומעטיקער ליכט.

אַלטע הילצערנע שטיגן, פאַרהילט אין פינצטערניש, פירן אַרויף. מען דערפילט זיך דאָ, ווי מען וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן פינצטערן גרוב: ס׳פאַלט אָן אַ שרעק. שווערקייט לייגט זיך אויפ׳ן געמיט.

אויף יעדער גאָרן־טירן. אין יעדער טיר אַ פאַמיליע. אינעווייניק צו דריי־פיר צימערן, קליינע, שמאָלע, טונקעלע. אַ גאַנצן טאָג די עלעקטריע — מ׳נעמט זיך די אויגן אַרויס. דווירעס האָבן אין דעם הויז אָפּגעוואוינט, גע־שטאָרבן, און נייע זיינען געבוירן געוואָרן. אַ סאַך פרייד און טרויער איז שוין דאָרט אוועקגעשוואומען אין דער אייביקייט אַריין. מ׳האָט דאָ קינדער געהאָדעוועט, דורך די נעכט האָבן מאַמעס זיי אומעטיקע לידער געזונגען.

דאָן זיינען די קליינינקע אויף די שמוציקע גאַסן אַרומגעלאָפן; אונטער־געוואַקסן, האָבן זיי אין באַל געשפּילט.

אין דעם הויז איז דאָ איין צאָרע — נישטאָ קיין הייס וואַסער.

הייס וואַסער איז אַפילו דאָרט יאָ פאַראַן, נאָר דער לענדלאָרד גיט נישט. אַמאָל, מ׳ריכט זיך נישט, מ׳טוט אַ דריי דעם קראַן — ס׳לויפט הייס וואַסער!

דעמאָלט צערעדן זיך די ווייבער:

— גיב נאָר אַ קוק, דער „לענדלאָרד“ איז מעשוגע געוואָרן...

זומער־צייט, ווען ליידיקע דירעס זיינען לעראָוו, האָט דער לענדלאָרד מוירע, אַז זיינע איינוואוינער קאָנען זיך נאָך כאָלילע צעלויפן — נו, „דעלי־ווערט“ ער... פון „סינק“ זעצט אַזש אַ הייסע פאַרע. האַרבסט און ווינטער — כאַטש שטאַרב אוועק פאַר אַ טראָפּן... אַז ער קומט נאָך רענט, טוט מען צו אים אַ זאָג:

—גאָלט ווייסט איר ווי צו נעמען, אָבער הייס וואַסער — דאָס נישט!

צונעמענדיק דאָס געלט, ענטפערט דער לענדלאָרד:

—איך האָב אָנגעזאָגט דעם „דזשעניטאָר“, אַז ער זאָל אָנהייצן די קעסלען. וואָס בין איך שולדיק?...

— נו, דעם מאָנאַט וועט עס שוין זיכער זיין פאַרזאָרגט. — אָבער „וואָרט“ האַלט ער ניט.

די מערסטע געוואַלדן מאַכט דאָרט אַ ליטוואַטשקע. וואָס זי צערעדט דאָס אַף אים, וואָס זי צעשעלט דאָס דעם לענדלאָרד.

— ניטאָ קיין היישע וואַשער! — שרייט זי — היישע וואַשער!

אַז די ליטוואַטשקע גייט צו צום סינק, טוט אַ דריי דאָס הענטל און — ס'איז נישטאָ קיין הייס וואַסער, צעשרייט זי זיך הויך, אַז דער מאַן אירער זאָל דערהערן (און וויפיל מאָל, מיינט איר, האָט ער עס געהערט?):

— אַן אויסכאַפּעניש אַף אים! ניטאָ קיין היישע וואַשער! אַז איך וועל אים נישט פאַרשעלטן, וויים איך שוין נישט!

זומער וועסטו זיך קענען אָפּפאַרען — דעמאָלט האָט דער לענדלאָרד מוירע, מ'זאָל אים נישט פאַרלאָזן.

צו די שכיינעס טיינעט זי:

— אַז מ'האָט היישע וואַשער, זאָג איך אייך, איז גאָר אַנדערש. גרינ־געך אַ טעפּל צוצוסטעלן, וואַסן דאָש געסיר. און וואָש האָט דאָש „די ווערט“ אַז מ'ווייקט זיך אוים די פיש פאַר'ן סלאָפן? ס'איז דאָך אַ „כיעש“! דאָש לעבן באַקומט זיך אַנדערש!

איינמאָל איז צו דער ליטוואַטשקע אַרונטערגעפאַלן אירער אַ לאַנדסמאַן. זיך צערעדט מיט אים, ביז זי איז אַרויסגעקומען וועגן איר לענדלאָרד און וועגן דער איינציקער פראַגע: הייס וואַסער.

— וואָס הייסט? — האָט דער לאַנדסמאַן געזאָגט — היינט דאַרף מען אויך ליידן? נישטאָ אַמאָליקע צייטן! אָ, נאָ. איצט קאָן מען אָנקלאָגן אַ לענדלאָרדה, אַז די כאַלערע זאָל אים כאַפּן. שוין געזען? אַזעלכע נאַרישע לייטע! מען שטעלט אים צו אַ בענקל אין „קאָורט“, ס'זאָל אים פינצטער ווערן אין די אויגן. אָ—נאָ! היינט גייט דאָס שוין נישט. מ'רייסט פון זיי די הויט! אויב איר ווילט, וועל איך אייך אַרויסהעלפן אין דעם.

— אַזוי? — האָט די אידענע איבערגעפרעגט. — נו, וועל איך אים שוין „אויפפיקסן“. כ'זאָג אייך, ס'ברענט מיך ווי פייער...

— אוואָדע קען מען אים מאַכן די קלאָג, — האָט דער לאַנדסמאַן איר אויפגעמונטערט.

באַנאַכט איז זי אַרומגעגאַנגען צווישן די שכיינים, געטיינעט מיט נעצאָכן:

— איר הערט, מ'קאָן דאָך אים צווינגען צו געבן היישע וואַשער! מען דאַרף אים לייגן אין דער ערד אַריין. מ'עט אים אָנקלאָגן „אין קאָורט“!

אַף מאָרגן האָבן אַ קופּע ווייבער באַ איר אין שטוב אָפּגעהאַלטן אַ מי־טינג... ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אונזער ליטוואַטשקע זאָל אַוועקגיין צו אַ לאָיער, ער זאָל אַריינגעבן די קלאַגע אין „קאָורט“ (געריכט) אַריין.

אין עטלאַכע וואָכן אַרום איז צו אַלע פאַמיליעס, און אויך צום לענד־לאָרד אָנגעקומען בריוו: בעכיין, דעם און דעם טאָג זאָל מען קומען אין

קאָורט אַריין... אַז דער לענדלאָרד האָט אַזאַ ברִיוו דערהאַלטן, איז אים די מאַיסע נישט געפעלן געוואָרן... און ער איז געפאַלן אַף אַ פּלאַן: אַזוי ווי ער „וואָוט" פאַר די „דאָמיקראַטן"... און ער קען זיך מיט אַ פּאָליטישן, וועט ער זיך בּאַראַטן מיט אים. דער פּאָליטישן האָט אים געטרייסט: אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג, נישט געשראָקן זיך, איר'ט דערלאַנגען די פּאָר דאָלער, ס'עט אַוועק אַ גאַנג...

אינדערפרי האָבן זיך אַ צוואַנציק ווייבער אויסגעקליבן גיין אין קאָורט אַריין. און דערביי האָבן זיי דעם לענדלאָרד אַריינגעשאָטן קלאָלעס, וואָס זיי מוזן איבערלאָזן אַליין דאָס הויז...

— שלעפּ זיך גאָר אין קאָורט אַריין...

קומענדיק אין קאָורט, האָבן זיי שוין דאָרט געטראָפן זייער לענדלאָרד.

— זע נאָר, זע! — האָט די ליטוואַטשקע געמאַכט צו אַ צווייטער אידענע, — ער איז זשיך געקומען דער ערסטער... און טוט נאָר אַ קוק אַפ'ן „דזשאָדזש" — עפּעס געפעלט ער מיר ניסט. אַ סטרענגער גוי...

דער לענדלאָרד, אַ דאַר אידל, אַ לעבעדיקס, מיט אַ פּאָר שוואַרצע קליינע אייגעלאַך, איז זיך געזעסן אין דער זייט, און קוקנדיק אַף זיינע „טענענטס", האָט זיך הארצן באַ אים אָנגעזאַפּט אַ סאַך געלעכטער. געקוקט אַף זיי מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע, ווי איינער רעדט:

— ווייבערוקעס, יאַכנעס! מיט מיר האָבן זיי זיך אָנגעפאַנגען! הע — מיט מיר!...

די ווייבער זיינען געזעסן אויסגעזעצט אַף די בענק, געוואַרט דער „טריי־על" (מישפּעט) זאָל זיך אָנפאַנגען.

קעגן זיי איז געזעסן דער ריכטער, איינגעהילט אין אַ שוואַרצער ברייטער פּעלערינע, ווי אַ גאַלעך. גלאַט ראַזירט מיט אַ בלאַסלאַך פּאָנים, אַ הויכן, ברייטן שטערן, אַ לענגלאַך שטייפע מאָרדע, דינע צונויפגעפּרעסטע ליפּן. ער האָט אויסגעקוקט ערנסט, געלאַסן. אויסגעזען האָט ער ווי אַ פּרעזידענט אַף די בילדער...

— ווער איז דער אָנקלאָגער? — האָט ער געפרעגט.

אַזוי ווי די ווייבער האָבן ווייניק ענגליש פאַרשטאַנען, האָבן זיי זיך אומגעקוקט און אָנגעשטעלט אַפ'ן ריכטער פרעגנדיקע, נייגעריקע אויגן.

דער ריכטער, זעענדיק מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, האָט ער באַפוילן זיין איבערזעצער, ער זאָל פרעגן און ענטפערן.

— ווער איז דער אָנקלאָגער? — האָט דער איבערזעצער איבערגע־פרעגט אין פּראָסטן אידיש.

— איך! — האָט זיך אויפגעהויבן די ליטוואַטשקע. נישט נאָר איך, מיר אַלע קלאָגן אָן דעם „לענדלער".

— וואָס איז אייער טיינע קעגן אים?

— אָט ער־אָ, דער לענדלער, — האָט זי אָנגעוויזן מיט די פינגער אַף

אים, — האָט אונז צוגעזאָגט היישע וואַשער און גיט אונז נישט. רענט
ווייסט ער ווי אַזוי צו נעמען און —

— זיצט! — האָט איר דער איבערזעצער באַפוילן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט אויפגעפּלאָמטע באַקן.

מ'האָט אויסגערופן דעם לענדלאָרד.

— וואָס האָט איר וועגן דעם צו זאָגן?

— איך? וואָס קאָן איך זאָגן? עס איז אַ ליגן! עס גייט דאָרט אין
הויז טאָג ווי נאַכט הייסע וואַסער. אַמאָל קאָן זיך מאַכן דער דזשעניטאָר
ווערט קראַנק און הייצט נישט איין אונטער די קעסלען... נו, גייען זיי אַרום,
שרייען, מאַכן געוואַלדן.

— זאָגט איר דעם עמעס?

— וואָדען? כ'קען שווערן דערויף.

— זיצט!

דער ריכטער האָט זיך מיט אים דורכגערעדט, דאַן עפּעס געשריבן אין
די ביכער, דערנאָך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— „דיסמיסד!"

דער איבערזעצער האָט איבערגעזאָגט: די קלאַגע ווערט אָפּגעוואָרפן...
אינדרויסן האָבן די ווייבער צווישן זיך געשריען: „גיי זוך גערעכטי־
קייט... דיסמיסד..." און די ליטוואַטשקע האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ קרעכץ:

— אוי, דער אָרימאַן, דער אָרימאַן, ניין איילן אין דער ערד ליגט ער.
ווער ס'האָט די מייע, דער האָט די דייע...

די ווייבער זיינען אַנטשוויגן געוואָרן און זיי האָבן זיך געשאַרט אַהיים,
ווי שטילע טויבן...

אַ ר ב ע ט ן: שרייב:

1. דער לענדלאָרד קומט נאָך דירע־געלט.
2. ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעטריבן אַן אַרבעטער פון זיין דירע.
3. מיט וועמעס הילף געווינט דער לענדלאָרד.

א ר ב ע ט ן:

גיי זיך דורך איבער דער איסט־סייד, אָדער פאָר צו אַהין. אויב דו
וואוינסט ניט אין ניו־יאָרק, קלייב אויס יענע טיילן פון שטאָט,
וואָס איז ענלאַך צו דער איסט זייט.

גיב אָפּ אַ באַריכט וועגן דעם:

(1) אַף דער איסט־סייד וואוינען מייסטנס: איינגעבאָרענע אַמע־
ריקאַנער, אימיגראַנטן.

(2) אין מיין שטאָט הייסט די ענלאַבע טייל פון שטאָט — — — —

(4) מייסטנס זיינען די איינוואוינער דאָרטן: פאַרמערס, אָרימע
אַרבעטער. בעסער באַצאָלטע אַרבעטער, קליינבירגער (פּעדלער,
קרעמער), רייכע מענטשן, באַלעבאַטים — — — — — — — —



אַף דער „איסט־סייד“

# זומער אין שטאָט

## זומערדיקע נעכט

אין איינעם אַ זומער. ס'איז געווען פֿיינלאַך צו אָטעמען. אַ גאַנצן טאָג האָט די זון געשטראַלט מיט טויטלאַכע פלאַמען. באַנאַכט איז אַ געדיכטע פּאַרע ארויפגעגאַנגען פון די געטאָ־שטיינער, ווי אין אַ ריזיקער שוויץ־באָד.

איך פלעג זיך אויפכאַפּן אינמיטן נאַכט און פלעג הערן, ווי דער גאַנצער „טענעמענט“ קרעכצט און קאָרטשעט זיך אין די שלאָפצימערן. מענטשן האָבן זיך ארומגעשלייכט און האָבן אַרומגעזוכט אביסל שלאָף, ווי עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם אויצער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי, ווי געשפּענסטער מיט אויסגערונענע אויגן, אַרומגעוואָגלט איבער די גאַסן. די וועלט האָט זיך געפּרעגלט אין היץ.

אָפטמאָל, אין אַזעלכע נעכט, פלעגט מיין מאַמע אויסשפּרייטן דאָס בעטגעוואַנט אַפ'ן טראָטואַר באַם הויז; בעאיים זי און מיין טאַטע פלעגן

זיך איינמאַשטשען אַפּ'ן גאַניק און באַלאַקען מיט די שכנים, פלעג איך און מיין שוועסטער, עסטער, שלאָפן אַף דער גאַס.

## קוני־איילאַנד אָדער בראָנקס פּאַרק ?

יעדן זונטיק אינדערפרי, דורכן זומער, פלעגט מיין טאַטע ריידן וועגן אַרויספאָרן ערגעץ אויסערן שטאָט. ער פלעגט ניט וועלן בלייבן צווישן די אָנגעגליטע ווענט אין זיין איינאונאײנציקן פרייען טאָג. ער פלעגט פאָרן אין קוני־איילאַנד זיך באָדן. די מאַמע איז קיינמאָל ניט מיטגעפאָרן. זי האָט פיינט געהאַט צו שלעפּן זיך צוזאַמען מיט אַ מיליאָן צעווילדעוועטע, האַלב־מעשוגענע מענטשן.

— ס'איז דאָך אַן עמעס מעשוגאָים־הויז, — פלעגט זי זאָגן. — מוז איך טאַקע זיך באָדן מיט אַ גאַנצער וועלט כוליגאַנעס, בלויז דערפאַר, וואָס היינט איז זונטיק ? איך וועל זיך בעסער אָפּרוען, זיצנדיק דאָ אַף מיין אייגענעם גאַניק.

דער טאַטע פלעגט פון אירע ווייד אויפגערעגט ווערן. ער האָט ליב געהאַט זיך צו באָדן.

— אָבער ס'קאָסט דאָך בלויז אַ ניקל, — פלעגט ער טיינען. — וואו־זשע אַנדערש קען מען פאָרן פאַר אַ ניקל ?

— אז איך וויל ניט, — פלעגט זי זיך ווערן. — ס'איז דאָך אַ מעשוגאָים־הויז. מאַלפּעס דאַרף מען אַהין פאַרטרייבן.

— באַ, — פלעגט מיין טאַטע שוין שפּאָטן, — ביסט אַן אַלטע באַבעצע ; וואָלסט נאָר אַ גאַנצן טאָג געזעסן הינטערן אויוון.

— ניין, — פלעגט זי רואיק ענטפערן. — אָט אַמאָל, אין אונגאַרן, פלעג איך יאָ גיין שפּאַצירן ; כ'פלעג גיין אין פעלד, אין וואַלד.

— נו, אויב אַזוי, — האָט איינמאָל מיין טאַטע געזאָגט, — טאָ לאָמיר גיין אין וואַלד. כ'ל איבעראַכטאָג זונטיק אייך נעמען אין בראָנקס פּאַרק.

## דער וועג צום פּאַרק

יענער זונטיק. די מאַמע האָט, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, באַשלאָסן זיך אָוועקצולאָזן אין בראָנקס פּאַרק. זי איז אויפגעשטאַנען זעקס אַזייגער אינדערפרי, קעדיי צוצוגרייטן זיך אין וועג אַריין. זי האָט אויסגעפּרעסט אַ קליידעלע פאַר עסטערן, אַ העמדל פאַר מיר. זי האָט אויסגעלאַטעט אונזערע זאָקן, און האָט איינגעפּאַקט ברויט, וואורשט, זויערע אוגערקעס, טאָרט, מאַראַנצן און נאָך זאַכן. דערנאָך האָט זי אויפגעראַמט אין שטוב, צוגעגרייט פרישטיק און האָט אונז אויפגעוועקט.

— נו, שטייט אויף, — האָט זי געצויגן אונזערע ליילעכער.

— וואָס עפּעס אַזוי פרי ? — האָט דער טאַטע געפרעגט פאַרשלאָפן.

— מיר פאָרן דאָך אין דיין בראָנקס פּאַרק, — איז די מאַמע באַשטאַנען, — דו'סט פאַרגעסן ?

אין דעם „עלעווייטער" האָט זיך דער מאַמעס פּנים געררויטלט פאר קאַס. און טאַקע: דער וואַגאָן האָט מער געפּאַסט פאר בעהיימעס ווי פאר מענטשן. ער איז געווען איבערגעפּאַקט און פון דער שטיקעניש פלעגט באַפאַלן אַ ניט־גוטקייט. אויפגערעגטע מאַמעס האָבן געקוויטשעט. טאַטעס האָבן זיך אין דרייען געבויגן אונטער שווערע קאַשיקעס מיט עסנוואַרג. קינדער האָבן געטומלט און האָבן זיך געפּלאָנטערט יעדן איינעם אונטער די פיס. אַן אַלטער, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, האָט זיך געקריגט מיט'ן קאָנדוקטאָר. אַ כעוורע צעלאָזענע קינדער, אין בייזבאָל־קאָסטיומען, האָבן ניט אַנדערש נאָר געוואָלט זיך הוידען אויף די לעדערנע הענגערס. הונדערטער פאַרשוויצטע קערפּערס האָבן זיך געוויגט און איינע די אַנדערע געשטויסן. הענט און פיס האָבן זיך אומגעלומפּערט געפּלאָכטן. מ'האָט געהוסט, געגאָסן, געשפּיגן, זיך געקריגט און געזידלט. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער וואַגאָן איז אַ מעשונעדיקע „טענעמענט"־הויז אויף רעדער.

מיר פאָרן אין די בראָנקס. אויף יעדער סטאַנציע האָט אַ פרישער צעווילדעוועטער האַמוין, באַלאָדן מיט קאַשיקעס עסנוואַרג און קליינוואַרג, זיך אַרורכגעריסן דורך די טירן. ס'איז שוין מער קיין ברעקל אָרט ניט געווען. נאָר מ'האָט זיך פאַמעשטשעט אפילע אויף אונזערע פיס.

דער טאַטע האָט זיך געזידלט יעדן מאָל, ווען אַ פעטע אידענע האָט זיך אַרויפגעדריקט אויף אים, אָדער האָט אים אָנגעטראָטן אויף די הינער־אויגן.

זומערדיקע זונטיקס אין שטאָט! אַלע באַנען און טראַמוואַיען זיינען אַזוי איבערגעפּאַקט. זיבן מיליאָן מענטשן אין געיעג נאָך אַביסל פרישער לופט! „פע!" — האָט דער טאַטע פּראָטעסטירט.

די מאַמע איז וואָס ווייטער אַלץ פרייליכער געוואָרן. זי האָט אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענצטער; און אַ שמייכעלע פלעגט אַלץ אָפטער זיך ווייזן אויף איר פּאָנים. אונטן זיינען פון די גאַסן פאַרשוואונדן די געדיכטע „טענעמענט"־פּאַליסאַדן. עס זיינען פאַרבײַגעשפּרונגען קליינע הייזלאַך, איינגעפּאַסט אין גרינע גראָזן; און דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין אויך געוויזן ביימער.

## אין פּאַרק

מיר זיינען אָנגעקומען אין בראָנקס פּאַרק. דער טאַטע האָט אונז געקויפט „פּאָפּקאָרן" און רויטע באַלונען. נאָכדעם האָבן מיר שפּאַצירט איבער גרינע פעלדער. די מאַמע האָט זיך געקוויקט, איינזאַפּנדיק אין זיך די מילדע אָנגענעמע לופט.

— אַך, — האָט זי גערעדט, — פּונקט ווי אין אונגאַרן! ס'איז דאָ אַזוי פריי; און דער הימל איז דאָ אַזוי גרויס און בלוי! דאָ קען מען טאַקע אָטעמען.

אַזוי האָבן מיר שפּאַצירט, ביז מיר זיינען צוגעקומען צום זאָאָלאָגישן גאָרטן. מיר האָבן דערזען אַ שטייג מיט מאַלפּעס. זיי האָבן זיך אַרומגע־

שפילט. מיר האָבן זיי געגעבן סטאַשיקעס (פּינאַטס) און האָבן זיך צוגע־קוקט ווי געשיקט זיי שיילן עס. נאָכדעם האָבן מיר געזען אַ לייב, צוויי טיגערן, אַ ווייסן בער, שלאַנגען, פייגלען אַלערליי און אַ העלפאַנט. מיר האָבן זיי אַלעמען געטיילט סטאַשיקעס.

מיר זיינען צוגעקומען צו אַ גרויס ליידיק פעלד. פון איין זייט האָט זיך געזען אַ וואַלד. מיר האָבן נאָכגעקוקט, צי עס זיינען דאָ ברעטלאַך מיט אויפשריפטן: „טרעט ניט אַף׳ן גראָז״. אַז מיר האָבן אַזעלכע ברעטלאַך ניט געפונען, האָבן מיר זיך געלאָזט טיף אין וואַלד אַריין, ביז מיר האָבן דערזען אַן אויסערגעוויינלאַך שיינעם בוים. מיר האָבן אים דערקלערט פאַר אונזערן.

דאָ אונטערן בוים האָבן מיר אויסגעשפּרייט צייטונגען. די מאַמע האָט געגרייט מיטאָג. נאָך דער לאַנגער רייזע און שפּאַציר זיינען מיר געווען זייער הונגעריק. מיר האָבן געגעסן וואורשט־„סענדוויטשעס“, טאָרט און אַנדערע גוטע זאַכן.

1. פאַרוואָס האָט די מאַמע זיך אַזוי מעכאַיע געווען מיטן פּאַרק?
2. שרייב:
   ווי מיר זיינען אַרויסגעפאָרן אין פּאַרק.
   שלוימעלע קלייבט זיך אַריבער אין בראָנקס.
   אין אַ הייסער זומער־נאַכט אַף דער איסט־סייד.
   אַ שפּריץ אין מיטן גאַס.

# דער סוועט־שאַפּ

עס רוישן אין שאַפּ אַזוי ווילד די מאַשינען,
אַז אָפטמאָל פאַרגעס איך אין רויש, וואָס איך בין;
איך ווער אין דעם שרעקלאַכן טומל פאַרלוירן,
מיין איך ווערט דאָרט באָטל, איך ווער אַ מאַשין;
איך אַרבעט און אַרבעט, און אַרבעט אָן כעשבן,
עס שאַפט זיך און שאַפט זיך, אָין שאַפט זיך אָן צאָל;
פאַר וואָס? און פאַר וועמען? איך ווייס ניט, איך פרעג ניט, —
ווי קומט אַ מאַשין צו דענקען אַמאָל.

אַ ר ב ע ט:

1. געפין אויס און באַריכט: וואָס הייסט אַ סוועט־שאַפּ.
2. וועגן וועלכן אַרבעטער קען מען זאָגן, אַז ער איז אַ מאַשין.

# אין אַ וועשעריי

ווייט, אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אין מיזראך זייט פון בראָנקס, שטייט אַ צוויי-שטאָקיקע געביידע. זי קוקט אויס ווי איינגעזונקען אין דר׳ערד. געפלאַסטערט פון רויטע ציגל. די פענצטער פאַרשמירט מיט קאַלך, מיט בלאָטע. ווען ניט דער גרויסער קוימען, וואָס זעצט מיט שוואַרצן רויך און פילט אָן די לופט מיט סאַזשע, וואָלט מען געקענט דענקען, אַז דאָס איז אַ פאַרלאָזן הויז.

אָבער ווען מ׳קומט צו נענטער, דערזעט מען, אַז דאָס איז אַ פאַבריק, וואו מ׳וואשט און מ׳פּרעסט וועש. פונ׳ם קעלער ביז אַרויף שטייען אַרבעטער און שוויצן אַ גאַנצן טאָג.

ס׳איז פאַרנאַכט. די לופט איז אַ שטיקנדיקע. אַ גאַנצן טאָג האָט געברענט ווי אין אַ קאַלך-אויוון. אַפּ׳ן הימל שווימען גראָע וואָלקנס, וואָס זאָגן צו אַף רעגן.

אַף די טרעפּ פון דער געביידע באַווייזן זיך אַרבעטער, מערסטנס נעגער-פרויען. זיי ווישן דעם שוויס פון זייערע שוואַרצע פּענעמער, וואָס גלאַנצן ווי צעלאָזטע סמאָלע. עס קומט אַרויס אַ יונג שוואַרץ מיידל, פול מיט כיין. זי טאַנצט אַביסל אונטער; אָטעמט אָפּ שווער און שרייט אויס: אַך, ווי גוט!

— וואָס איז גוט? — פרעגן איניקע מיידלאַך.

— די לופט! — ענטפערט מערי מיט אַ שמייכל. זי קוקט זיך אום, צי קיינער הערט זיך ניט אונטער, און זאָגט:

— עפּעס אַ קלייניקייט אָפּצושטיין אַ הייסן זומער-טאָג און פּרעסן העמדער און אַריינזאַפּן אין זיך די נאַסע פּאַרע.

— נו, און צו שטיין אַ גאַנצן טאָג און אַרויסשלעפּן האַנטעכער פון דער מאַנגל-מאַשין איז גוט? — זאָגט אַ צווייטע.

— יאָ, מיר אַרבעטן אַלע שווער, און דערצו אַרבעטן מיר פאַר אומזיסט, — זאָגן אַלע מיטאַמאָל, פּונקט ווי עמיצער האָט זיי אָרגאַניזירט.

אין דער פאַבריק. אַ גאַנצן טאָג הערט מען נאָר דאָס זידן און קאָכן פון די קעסלען, וואָס וואַרפן פיבעריש אַרויס טויזנטער שטיקער וועש אין אַ טאָג. עס קלאַפּן די פּרעסלאַך. עס הודזשען די מאָטאָרס.

טראָקס קומען צו און גייען אַוועק: ברענגען שמוציקע וועש און פירן אַוועק פּעק מיט ריינע.

די מאַשינען שלינגען איין יעדן מענטשלאַכן קאָל, אַזוי אַז די אַרבעטער שטייען שטיל באַ דער אַרבעט, זאַפּן אין זיך אריין די צע־פּאַרעטע לופט. אומעט זעט מען אין אַלעמענס אויגן. דווירעסדיקן אומעט פילט מען אין יעדער באַוועגונג זייערער.

די איינציקע, וואָס ברענגט אַריין אַביסל לעבן אין דער פאַבריק, איז מערי. זי שטייט ניט רואיק באַ דער אַרבעט. טאַנצט אונטער, שעפּטשעט עפּעס אין דער שטיל: דאָס זינגט זי.

די מינוט, וואָס מ׳לייגט אַוועק די אַרבעט — מעג דאָס זיין מיטאָג־צייט אָדער אין אָוונט — מערי צעזינגט זיך אַפּ׳ן קאָל.

די אַרבעטער עסן אין דער פאַבריק. זיצן אַף שמוציקע היל־צערנע קעסטלאַך, עסן „סענדוויטשעס", פאַרטרינקען מיט וואסער. די קליינע שוואַרצע דזשענעט זיצט און בורטשעט, שטיקט זיך מאַמעש מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט.

איינמאָל האָט די היץ אַ גאַנצן טאָג געברענט ווי אַ העליש פייער. עס איז אוממעגלאַך געווען צו אַרבעטן. טייכן שוויים איז פון אַלעמען גערונען. דער פאָרמאַן האָט פּאָשעט געריסן די אַרבעט פון די הענט. יענעם טאָג האָט אַפילו מערי צו קיינעם זיך ניט איבער־געוואונקען. אַלע זיינען געשטאַנען צוגעשמידט צו זייערע פּלעצער. מ׳האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז דער טאָג זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן און מ׳זאָל קענען אַרויסגיין אין גאַס, זיך אָפּקילן פון דעם געהע־נעמדיקן שווערן לעבן.

פאַר׳ן אַהיימגיין האָט דער פאָרמאַן באַפוילן, אַז מ׳מוז בלייבן אַרבעטן „אָווערטאַים"—איבערצייט. דאָס האָט אַלעמען אויפגע־ברויזט. דאָס בלוט האָט געקאָכט. מ׳האָט געקריצט מיט די ציין און אַ מינוט געשוויגן. מערי האָט זיך ווי אין אַ קאָנוואולסיע גע־וואָרפן און האָט אַ געשריי געטאָן:

מיר אַרבעטן ניט!

דער פאָרמאַן האָט גאָרניט געזאָגט, איז באַלד אַוועק צום באַלע־באָס אין אָפיס און געזאָגט:

— די שוואַרצע בונטעווען זיך שוין אויך!

— וואַרף זיי אַרויס! זיי האָבן זיך שוין באַ מיר אָנגעפּרעסן,

ריידן זיי שיין. מיר ווען קריגן הונגעריקע, וועלן זיי זיין צופרידן, אַז מ'וועט זיי הייסן אַרבעטן!... — ער האָט געשריען הויך אפ'ן קויל, קעדיי די אַרבעטער זאָלן דאָס הערן.

די אַרבעטער זיינען אַרויס אין גאַס. עס האָט אַ זעץ געטאָן פון זיי מיט קאָכיקן שוויים. זיי האָבן אָפּגעאָטעמט פריי און גע־שמייכלט איינע צו דער צווייטער, אַזוי ווי איינער זאָגט: מיר האָבן געוואָגט צו זאָגן „ניין“...

## אַ ר ב ע ט:

מאַכט אַן עקסקורסיע מיט'ן גאַנצן קלאַס אין אַ וועשעריי. זייט גרייט צו באַריכטן:

1. ווי גרויס איז די פאַבריק — — —
2. וויפיל אַרבעטער — — —
3. ווער אַרבעט מייסטענס: פרויען, מענער, יונגע אַרבעטער, עלטערע, נעגערס, ווייסע
   (שטרייך אונטער ריכטיקן ענטפער).
4. צי זיינען די אַרבעטס־באַדינגונגען סאַניטאַריש. שרייב גענוי, מיט וואָס יע, אָדער ניט.
5. צי האָט מען אייך געלאָזט רעדן מיט די אַרבעטער.
6. צי זיינען די אַרבעטער אָרגאַניזירט.

# שאַפּ און בראָדוויי

סיידי, מיין שאַפּ־כאַווערטע, האָט מיך מיטגענומען אין „ראָקסי“־טעאַטער. ס'איז ליכטיקער אַף בראָדוויי באַנאַכט, ווי באַ אונז אין שאַפּ באַטאָג.

טויזנטער עלעקטרישע ליכט, שילדן, פינקלען ווי שטערן. מענטשן שפּאַצירן אַזוי פיל און געדיכט, ווי עס גייען אינדערפרי אַרבעטער צו די שעפּער.

נאָר די בראָדוויי־שפּאַצירער טראָגן רייכע קליידער. זיי יאָגן זיך ניט, שטופּן זיך ניט. זיי דאַרפן ניט קומען פּונקט אַכט אַזייגער אין שאַפּ אַריין.

„ראָקסי“־טעאַטער איז אַזוי רייך, ווי אַ קעניגלאַכער פּאַלאַץ. איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען אין אַזאַ פּאַלאַץ. אָבער איך האָב אַ סאַך געלייענט וועגן דעם. די לערערס אין פּאָבליק־סקול האָבן דערציילט מאַיסעס וועגן קעניגן און פּאַלאַצן.

איך טראַכט טאַקע איצט:

פאַרוואָס האָבן די לערערס פון דער אידישער אַרבעטער־שול דערציילט וועגן אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערן, שעפער און רעוואָלוציעס און די לערערס פון פּאָבליק־סקול — וועגן קעניגן און פּאַלאַצן ?

אין „ראַקסי" ליגן טעפּיכער אויסגעשפּרייט אַף דילן און אַף טרעפּ. מען גייט אַזוי שטיל, אַז מען הערט ניט דעם טראָט. אַף די ווענט הענגען בילדער פון גרויסע מאָלער. אויבן, לעבן סטעליע, איז אויסגעשניצט אַ שטיבל מיט הויכע שפּיצן, ווי פון אַ קירך. די מענטשן ריידן טאַקע דאָ עפּעס אַזוי שטיל, ווי דאָ וואָלט טאַקע געווען דער פּלאַץ זייער הייליק.

אינעווייניק זיצן טויזנטער מענטשן אַף ווייכע שטולן, און ס'איז אַזוי שטיל, ווי קיינער וואָלט דאָ ניט געווען. אָט עפנט זיך אַ פּליושענער פאָר־האַנג. עס הייבן זיך אַרויס פון אונטער דער ערד דריי באַגילדעטע פּיאַנאָס. איינער פון דער אַנדערע פריי. לעבן זיי זיצן שפּילער. און אַז איך דאַרף זיך אויפהייבן יעדן טאָג אַף דעם זעכצנטן שטאָק צו מיין שאַפּ, מוז איך זיך שטיקן אין אַ קליין צימערל פון הויב־מאַשין (עלעוויטאָר), וואָס איז גרויס ווי אַ פּעסל.

זיי שפּילן אַזוי שיין אַף די פּיאַנאָס, אַז עס גלוסט זיך מיר כאָלעמען. דערנאָך קומען אַרויס זינגערס און טענצערס, וואָס פירן דורך וואונדערלאַכע נומערן. מען ווייזט בילדער, און כאָטש איך גיי אין די מואוויס פון יאָרן שוין, האָב איך איצט דאָס ערשטע מאָל געטראַכט, פאַרוואָס מען ווייזט שטענדיק דאָס לעבן פון די רייכע מענטשן, פאַרוואָס ווייזט מען ניט דאָס לעבן אין די שעפער, דאָס יאָגן זיך צו און פון דער אַרבעט, דאָס שטיקעניש אין סאָבוויי.

טראַכט איך וועגן די צוויי באַזונדערע וועלטן: שאַפּ און בראָדוויי.

אַ ר ב ע ט:

1. בעט מען זאָל דיך אין אַן אָוונט מיטנעמען אַף בראָדוויי (אָדער אַן ענלאַ־כער גאַס אויב דו וואוינסט אין אַן אַנדער שטאָט). באַשרייב וואָס דו האָסט געזען; לויט דעם פאָלגענדן פּלאַן.

(1) דער אוילאָם אַף די גאַסן.

(2) די אויסשטעל־פענסטער פון די קראָמען.

(3) די גרויסע עלעקטרישע שילדן.

(4) אַ טעאַטער.

2. פאַרוואָס זאָגט דאָס קינד, אַז דער שאַפּ און בראָדוויי זיינען צוויי וועלטן?

# אין אַ פאַבריק־געביידע

די טיר פאַרמאַכט זיך הינטער אונז, און מיר בלייבן שטיין אין אַ האַלב־פינצטערן קאָרידאָר. מיר קומען צו טרעפּ און מיר גייען אַרונטער. אַ שטיקנדיקע היץ נעמט אונז אַרום. „דאָ צעלאָזט מען אייזן, מען נעמט אַרוים פון דעם די אומנויטיקע מינעראַלן און מען מאַכט שטאָל צו בויען הייזער", דערקלערט מיר מיין באַגלייטער.

איך קוק זיך אַרום — האַלב־נאַקעטע מענער מיט גרויסע מוס־קולן שטייען באַ די גרויסע אויוונס, שיטן קוילן — אַנדערע שטייען איבער ריזיקע קעסלען און מישן... אַ גאַנצן טאָג מישן זיי. נאָך אַנדערע דאַרפן רעגולירן די היץ פון די אויוונס; טאָמער פאַרפעלן זיי צו זען, צי די אויוונס זיינען צו הייס — קאָנען די מישערס ווערן בלינד פון דעם צעלאָזטן אייזן. זייערע קערפּערס זיינען ברוין און רויט, און דער שווייס רינט אַראָפּ פון הענט און פּנים.

מיר גייען דורך דער גאַנצער לענג פון דער פאַבריק. עס עפנט זיך אַ טיר, און מיר זיינען אין אַ פאַבריק, וואו מען מאַכט די בוכ־שטאַבן פאַר ביכער און צייטונגען. דאַרע, בלאַסע מענער זיצן איינ־געבויגן באַ טישן און שטעלן צונויף פּיצלאַך בליי פאַר בוכשטאַבן. די פענצטער גייען אַרויס אַף אַ טונקעלן הויף — גלייך אַף דער ערד, מוז מען אַרבעטן באַ עלעקטרישער ליכט — גייען אַלע אָנגעטאָן אויגנגלעזער. אַ גראָבער פאַרשוין גייט אַרום און פּאַסט אויף, אַז קיינער זאָל אַף אַ מינוט ניט אויפהייבן די אויגן, זיי אָפּרוען. ניין, אַרבעטן מוז מען... נו־זשע, שנעלער, א־ב־ג־ד־ה־, קליינטשיקע. עס זיצט אַן אַלטער מאַן, קימאַט אינגאַנצן בלינד, און פּיקט אויס אויסיעס אַף בליי. ער זיצט שוין יאָרנלאַנג באַ דעם זעלבן טיש, אַף דער זעל־בער באַנק, און שניצט אויס בוכשטאַבן פאַר צייטונגען. אין אַ קור־צער צייט וועט מען אים זאָגן: „איד, דו ביסט צו אַלט, גיי אַהיים צו דיין ווייב און קינדער און רו זיך אָפּ, ביסט שוין מיד."

מיינע אויגן זיינען ניט צוגעוואוינט צו דער אומנאַטירלאַכער ליכט, זיי הייבן מיר אָן ווייי־צו־טאָן. איך וואונדער זיך, ווי מענטשן קאָנען זיצן באַ אַזאַ ליכט — איינגעבויגן באַ טישן און אויספּיקן קליינע אויסיעס.

די פאַרמאַנעס גייען אַרום, הענט אין קעשענעס, און באַלע־באַטעווען.

— קום שוין עס ווערט שפּעט, — זאָגט הערי. — די פאַבריק איבער אונז איז אויך אינטערעסאַנט, און דו וועסט נאָך זען מער עקספּלואַטירטע אַרבעטער ווי דאָ.

— וואָס פאַר אַ פאַבריק איז דאָס? — פרעג איך זיך באַ מיין כאַווער.

— מען אַרבעט דאָרט אויס אונטערוועש, — ענטפערט ער. — עס אַרבעטן מערסטנטייל מיידלאַך און פרויען; זיי זיינען ניט אָרגאַניזירט און האָבן די ערגסטע באַדינגונגען. מען האָט זיי אַמאָל פּרובירט רופן אין סטרייק, זיינען זיי דאַווקע אַרונטער, נאָר די איטאַליענערקעס (עס אַרבעטן אַ סאַך איטאַליענער באַ אונטערוועש) זיינען זייער אָרים, איז נאָך דריי טעג סטרייקן זיינען זיי צוריק אַרויף פאַר די זעלבע סכירעס, און מען האָט נאָך אַראָפּגעהאַקט אַ פאָר סענט.

מיר קומען אַריין אין אַ גרויסער פאַבריק. עס דערפילט זיך אַ רייאַך פון הונדערטער קערפּערס. קיין פענצטער ניט אָפן, די לופט איז שרעקלאַך. אין שאַפּ איז אַזאַ טומל, אַז מען קאָן שיר פאַרריקט ווערן. די מאַשינען, די געשרייען, דאָס ריידן. איך הייב אָן אַרומגיין און קוק זיך צו צו די אַרבעטער. זעסט דאָרט, אין יענעם ווינקל? דאָרט איז אַ באָבע, אַ מאַמע און צוויי טעכטער. די באָבע איז שוין מער ווי זעכציק יאָר אַלט און זי זיצט נאָך באַ דער מאַשין; דאָס אינגסטע מיידל איז דרייצן יאָר אַלט. באַ די איטאַליענער אַרבעטן אַלע: מאַן, ווייב און קינדער. ווי אַ קינד ווערט צען אָדער עלף יאָר אַלט, מוז עס גיין אַרבעטן.

מיטאַמאָל הערט זיך אַ געשריי — אַ מיידל האָט זיך אַריינגעשטאָכן אַ נאָדל אין פינגער. זי האָט מיסטאָמע געוואָלט אַרויסגעבן מער אַרבעט, האָט זי דורכגעשטאָכן דעם פינגער. עס ווערט מער טומל, מען נעמט זי אַרויס, און די אַרבעט גייט ווייטער אָן.

די דורכשניטלאַכע סכירעס פאַר אַזעלכע אַרבעטער איז צווישן 12 און 20 דאָלער אַ וואָך. פאַר דעם אַרבעט מען 48 שאָ אַ וואָך, און מען דאַרף זיך יאָגן אַזוי שנעל, גלייך אין קייוועך אַריין.

פון איין טייל פון פאַבריק הערן זיך צוויי צעקאָכטע שטימען. צוויי מיידלאַך רייסן זיך איבער אַ „באָנדל“ סכוירע. „ס׳איז מיינס,

איך האָב עס געגומען פריער; איך האָב אַ קליין קינד, וואָס איך דאַרף דערנערן."

— וואָס בין איך עפּעס, אַ שטיף-קינד? דאָס פּעקל איז מיינס און איך וועל עס דיר ניט אָפּגעבן

זיי הייבן זיך אָן קריגן. איך טראַכט: ווען אָנשטאָט זיך קריגן צווישן זיך, וואָלטן זיי אַלע צוזאַמען געקעמפט פאַר בעסערע באַדינ־גונגען, דאַן וואָלטן ניט געווען נויטיק אַזעלכע מיעסע קריגערייען.

איך גיי שנעל אַוועק. איך גיי צו צו אַ מיידל און קוק נאָך ווי זי אַרבעט. אַלעמאָל די זעלבע באַוועגונג. פון דער רעכטער זייט — דיסכוירע, בייגט דאָס איין אין העלפט, מאַכט אַ נאָט באַ דער מאַשין, אַף ביידע זייטן, און וואַרפט די סכוירע אַריין אין קעסטל באַ דער לינקער זייט. אַ גאַנצן טאָג: רעכטס, אין העלפט, נאָט נאָך אַ נאָט און לינקס; נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. דאָס מיידל, וואָס אַרבעט, איז זייער יונג, זי איז 16 אָדער 17 יאָר, אָבער איר פּאָנים איז שוין בלאָס און געל; די הענט דאַרע און די אָדערן סטאַרטשען אַרויס פון אונטער דער הויט גרויסע, בלויע; די אויגן מידע, די ליפּן צונויפגעפּרעסטע.

מיר גייען אַרויף העכער.

— לאָמיר דאָ אַריינגיין.

די טיר עפנט זיך, מיר קומען אַריין אין אַ קליינער פאַבריק. דאָ מאַכט מען גרויסע ביליקע זייגערס. די אַרבעט באַצאָלט זיך ניט און די באַדינגונגען זיינען זייער שלעכטע. ספּעציעל האָט מיך פאַר־כאַפּט די אַרבעט פון אַ פּאָר מיידלאַך, וואָס זיינען געזעסן באַ טישן און געפּאַרבט די נומערן אַף די זייגערס מיט ראַדיום. זיי האָבן באַנוצט קליינע בערשטלאַך, וואָס זיי האָבן אַריינגענומען אין מויל אַלע פּאָר מינוט, — זיי אויסצוגלייכן, אַז זיי זאָלן קאָנען שמירן דין. דער ראַ־דיום איז זייער שעדלאַך; די מיידלאַך, וואָס אַרבעטן דערביי, שטאַרבן פון דעם ראַדיום-סאַם, אויב זיי בלייבן באַ דער אַרבעט אַ לענגערע צייט.

דערווייל האָט זיך הערי אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער מוז צוריקגיין צו דער אַרבעט. מיר זיינען אַרויס פון דער פאַבריק-געביידע.

אַרבעט:

1. רעכן אויס: וויפיל און וועלכע שעפער האָט עסטער געזען אין דער געביידע.

2. באשרייב די ארבעטס־באדינגונגען אין די שעפּער.
די לופט — — —
די גרויס פון שאַפּ — — —
וויפיל טאָג־ליכט איז אין שאַפּ — — —
צי די ארבעט איז שעדלאך — — —
צי עס ארבעטן קינדער — — —
צי די ארבעטער זיינען אָרגאַניזירט — — —
3. געפין א געלעגנהייט צו באַזוכן א שאַפּ און באשרייב עס. ענטפער אף די זעלבע פראגעס.
4. געפין אויס דאָס אָרט, וואו עסטער דערציילט וועגן דער ארבעט איבער ראדיום.
באַקען זיך מיט דער געשיכטע פון די ראדיום־קארבאָנעס אין ניו־דזשוירזי.

# הונגער שאַרט שניי

שטאָט איז איבער נאַכט וויים געוואָרן.

געלייגט האָט זי זיך אַ פאַררויכערטע, אַ גרויע, און אויפגע־שטאַנען איז זי מיט פאַרשנייטע דעכער איבער׳ן קאָפּ, מיט הורבעס שניי פון ביידע זייטן גאַס, אונטער׳ן געקלאַפּ פון גראָבאייזנס, שאַר־מאַשינעס, לאָמען, רעדלדיקע פאָרגעצייג און אַנדערע שאַר־אינסטרו־מענטן.

וואו מען וואַרפט אַן אויג — „גענגס" און „גענגס". גיין גייט מען צו עטלאַכע אין אַ ריי. אַפּ׳ן אַקסל — אַ גראָבאייזן, אַ לאָם אָדער אַ „שאָוול". אַ לאַנגע פראָצעסיע. אַלטע לייט, אינגערע מיט לייכטע רעקלאַך און אויסגעקרימטע שיך. און יעדער איינער — מיט אַ בלעכל אַף דער ברוסט: נומער אַזוי פיל און אַזוי פיל...

מאַרשירט אַ מאַכנע — נומערן. אין פראָנט פון דער פראָצעסיע מאַרשירט אַ מענטש מיט אַ וויים היטל און אַ מעשן בלעכל. אַ היטער פון דער שטאָט. ער איז קייסער. וואָס ער הייסט, דאָס טוט מען. אָט בלייבט מען שטיין. גראָבאייזנס און „שאָוולס" גיבן זיך אַ רודער. מ׳שניידט זיך אַריין מיט שטאָלענע געצייג אין די הורבעס שניי, וואָס הייבן זיך אַרויף פון ביידע זייטן גאַס, און מ׳פליקט שטיקער. און דער היטער שטייט בא דער זייט. קאָמאַנדעוועט און טרייבט אַרום

די מענטשן אַהין און אַהער, ווי זיי וואָלטן שטיקער שטאָל און אייזן געווען...

אַף זייטיקע געסלאַך קוקט זיך קיינער ניט אַרום. עס, קליינ־געסל קאָן וואַרטן. פריער דאַרף מען באַוואָרענען, אַז דער טעאַטראַ־לישער קוואַרטאַל זאָל, כאָלילע, ניט געקריוודעט ווערן; אַז פיינע הערן און דאַמען, וואָס פאָרן אין טעאַטער, זאָלן קאָנען פאָרן פראַנק־און־פריי. פריער דאַרף מען אַ טראַכט טאָן וועגן דער פינפטער עוועניו און ריווערסאַיד־דראַיוו, וועגן פאַרק עוועניו און בראָדוויי.

געוויס, פאַר בראָדוויי האָט מען אָפּשיי. דאָרט איז גראָבאייזן אַף מאַשין פאַרביטן געוואָרן. דאָרט האָט „שאָוול" אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאַר שטאָלענע שניי־שאַרער מיט ברייט־פאַנאַנדערגעעפנטע מיי־לער און שאַרפע שפּיציקע ציינער. דאָרט דאַרף דער מענטש בלויז שטיין און אַכטונג געבן, אַז שטאָלענע קאַמען זאָלן זיך ווי עס דאַרף צו זיין אַריינשניידן אין שניי. דאָ און דאָרט שטייט אַ „גענג" און קראַצט אָפּ דעם אַספאַלט פון אייזיקן שיכט, נאָר די עמעסע אַרבעט טוט שטאָל און אייזן, געזאָלין און מעכאַנישער גווילעם...

אַף פאַרק עוועניו זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן שטאָלענע שניי־שאַרער, וואָס פאַרבייטן גראָבאייזנס. אונטן, באַ'ם סאַמע ראַנד, אין פראָנט פון דער מאַשין, ציען זיך שאַרפע מעסערס, ווי אַקעראייזנס, וואָס שאַרן דעם שנייאיקן צודעק ביז'ן סאַמע אַספאַלט. איין־און־איינציקער מענטש טוט דאָ די גאַנצע אַרבעט. ער שטייט באַ'ם מעכאַ־ניזם, קירעוועט עס אַף אַלע זייטן און שאַרט צענויף הויכע הורבעס שניי האַרט לעבן טראָטואַר. אַוועקנעמען דעם שניי — דאָס איז שוין אַ נייער עטאַפּ, וואָס קער זיך מיט אים ניט אָן.

אין די זייטיקע געסלאַך איז ניט דורכצוקריכן. דאָרט איז דער שניי אויסגעמישט מיט אַש, סאַזשע און מיסט. דאָרט איז גראָבאייזן דער קעניג. דאָרט ווייסט מען ניט פון מאַשינען און מאָטאָרן. שטייט מען אַף די טראָטואַרן, אין פראָנט פון די קרעמלאַך און טענעמענטן, און מ'גראַבלט אַראָפּ דעם שניי פון טראָטואַר אַראָפּ. ווער טראַכט וועגן רעדלדיקע שיידים? איסט־סאַיד האָט צייט.

30,000 מענטשן שאַרן שניי אין ניו יאָרק. הונגער האָט זיי אַף דער גאַס אַרויסגעטריבן. הונגער האָט זיי גראָבאייזנס און „שאָוולס" אין די הענט אַריינגעשטעקט און זיי געהייסן שניי שאַרן. פון די

צדאָקע־שטיבלאַך האָט מען זיי צונויפגעטריבן. פון די טענעמענטן האָט מען זיי אַף דער גאַס אַרויסגעפירט. גאַס איז פאַר׳ן רייכן פּאַריץ. גאַס דאַרף זיין ריין און ציכטיק. דאַרף דער הונגעריקער מענטש אויפשטיין אַ שפּראָץ אַף טאָג, שטיין לעבן די אָפיסעס, וואו מ׳רעקרוטירט שניי־שאַרער, און אויסבייטן זיין שוויים אַף צעבראָכענע פּרוטעס...

30,000 מענטשן שאַרן שניי אין ניו יאָרק!

אינדערהיים האָט מען איבערגעלאָזן ווייב־און־קינד. אינדערהיים הענגט דער הונגער אין דער ל׳פּט. כאַדאָשים אַרום די צדאָקע־שטיבלאַך זיך געשלייכט. אין דער ריי געשטאַנען און אַף ברויט מיט טיי געוואַרט. איצט איז — יאַנטעוו אַף דער וועלט. שניי וועט שאַפן ברויט. שניי וועט זעטיקן אַ הונגעריק קינד, אַ קראַנק ווייב, אַ פּאַראַליזירטע מאַמע.

הונגער שאַרט שניי.

אַרבעטן:

1. דער שניי־שאַרער אַף מיין גאַס.
2. שניי אַף די אָרימע און די רייכע גאַסן.

# זיי באַטראַכטן די וועלט...

זיי באַטראַכטן די וועלט ווי אַ טייך,
וואו דאָס פאָלק איז די פיש, וואָס זיי פאַנגען,
און זיי ווערן פון פאָלק ניט נאָר רייך,
דער פיש מוז נאָך די נעץ זיי דערלאַנגען.

זיי באַטראַכטן די וועלט ווי אַ וואַלד,
וואו זיי יאָגן די מענטשן ווי האָזן,
און זיי האַלטן פאַר רעכט די געוואַלט,
פאַר אַן אומרעכט — זיך שינדן ניט לאָזן.

ווער זיינען די „זיי“?

# שטאָט־כאַיעס

## דער כאַזער

אָרימע גאַסן פאַרטאָג. די אָנגעכמורעטע, פאַרשלאָפענע „טענעמענט"־געביידעס שטייען שוין פאַרפוצטע: צוויי קאַנען לעבן יעדן אריינגאַנג. אַמאָל הענגט נאָך אַף אַ „סטופ"־פאַרענצע אַן אָנגעשטאָפּט שמוץ־זעקל אַלס אַ צו־גאָב. פון צייט צו צייט כאַפּט זיך ארויס אַ בעריע אַ באַלעבאָסטע, פראַלט אויף אַ דעקל פון קאַן און שטאָפּט אָן נייע אָפּפאַל־פעקלאַך. דער צעפוילטער רייאַך שניידט זיך שאַרף אַריין אין דער אָפּגעפרישטער לופט פון פרימאָרגן, פאַרסאַמט זי און קערט דאָס גאַל צום איבל און ברעכן.

פלוצלונג צעקייקלט זיך איבער די גאַסן פון שטאָט, ווי אַ געשריי פון שטיינער, אַ געוויש פון שווערע אָנקומענדיקע רעדער. אַ וואָגן שטעלט זיך אָפּ לעבן יעדן הויז. עס קריכט ארויס אַ מאַן. כאַפּט די קאַנען און פעקלט זיי מיט פליקייט און בעריעשאַפט צו זיך אין וואָגן אריין. עס האָגלט מיט אָפּפאַל — שטיקער פון פלייש, פיש, געגריזשעטע ביינער, סאַרדין־קעסטלאַך, געפייגערטע קעץ, אַש, זאַמד און וואָס ניט. אָפּגעטאָן זיין ארבעט, כאַפּט זיך דער מאַן צוריק ארויף אַף דער קעלניע, אַ שמיץ די פערדלאַך און „היידאַ" ווייטער צו אַנדערע קאַנען.

דער וואָגן טראָגט זיך ווייטער. אַ געפייגערטער שטינק־רייאַך גייט נאָך און באַגלייט דעם וואָגן מיט זיין מאַסע. דורכגייער פאַרשטאָפּן די נעזער, רויטלען זיך פון שאַנד און ווייסן ניט וואו אהינצוטאָן זיך פון עקל און פאַרפצווייפלונג. דער מאַן אַף דער קעלניע זיצט זיך קאַלט און אויפגע־לייגט. עס גלאַנצט שפּיגלדיק זיין אויסגעשמירטער פעטער פּאָנים. ער פאַרריכט די וואָנצעס און פייפט אויס אַ ליד פון צווישן די ציינער.

ער אַרבעט פון באַגינען, קלייבט צונויף דעם אָפּפאַל פון שטאָט, פאַר־דינט זיין ברויט מיט פוטער, דער שמוץ־ראַמער, דער שטאָטישער כאַזער.

אַ ר ב ע ט ן :

וועלכע נאָך אַרבעטן האָסטו באַמערקט אַף די גאַסן פון שטאָט?
פאַרבערענג אַף דער גאַס עטלאַכע שאָ, קוק זיך צו און באַריכט אין קלאַס.
וועלכע אַרבעטן ווערן געמאַכט אַף דער גאַס.

## די הענדלאַך

אַ צייטונגס־רעדאַקציע אין שטאָט. לעבן הויז ליגן אויפגעוויקלטע פּאַפּיר־קנוילן, ווי ריזיקע ווייסע ציגאַרן. ארבעטער גייען ארום, קייקלען אריין די רונדיקע פאַקן אין קעלער פון הויז, פון וואַנען ס'דערטראָגט זיך אַ הודזשענדיקער טומל און קלאַפעריי פון מאַשינען.

אין רעדאַקציע איז „ביזי“: ס׳ווערן אויפגעכאַפּט דורך דראָטן ספּעציעלע שלוכעס און אויסשניטן פון אַלערליי צייטונגען, נייסן פון גאָר דער וועלט. מאָרדן, גנייוועס, פייער־בראַנדן, וואסער־פאַרפלייצונגען, וועלט־ און פּעלקער־פּאָליטיק — אַלץ ווערט אויפגעקליבן צוזאַמען, אַרויפגעצויגן, ווי פּערל אַף אַ שנור און אַרויפגעזעצט אַפ״ן בלאַסן אומשולדיקן פּאַפּיר...

די מאַשינעס שלינגען איין די ריזיקע פּאַפּיר־קנוילן, באַפאַרבן זיי מיט שורעס פּעטינקע, דראָבנע אויסיעס, צעבראָקן, צעפּערטלען און שליידערן זיי אַרויס אַף צוריק. אַלע מאַיסעלאַך זיינען שוין אויסדערציילט אַפ׳ן פּאַפּיר און דאַרפן באַלד דערזען די וועלט.

אַף דער גאַס שטייען די צייטונגס־פאַרקויפער, יונגע איינגלאַך און וואַרטן. אַלע זיינען אומגעדולדיק פון׳ם געצוואונגענעם ליידיק־שטיין און זוכן זיך אויס באַשעפטיקונגען: אייניקע שיסן „קרעפּס“, אַנדערע „מעטשן“ מאַטביייעס, אַ פּאָר כעוורעלייט קלאַמערן זיך איין צוזאַמען און ווילן אוועקשליידערן איינער דעם צווייטן אַף דער ערד. נאָר אָט קומען אַרויס מענער מיט אָנגעלאָדענע פּעק צייטונגען אַף די אַקסלען. די איינגלאַך וואַרפן גלייך אַוועק זייערע פריערדיקע באַשעפטיקונגען, פליען, ווי יונגע האַסטיקע הענדלאַך צו אָנגעשאָטענע קערנער. זיי ליאַרעמען, געוואַלדעווען, שלעפּן איינער פון דעם צווייטן, טראָגן פאַנאַנדער די בערג צייטונגען און לויפן אַוועק, אַוועק...

עס קוויטשען אַף אַלע גאַסן יונגע הילכנדיקע הענדל־קעלעכלאַך.

אַראַנזשירט אַן עקסקורסיע אין אַ צייטונג און באַקענט זיך מיט דער אַרבעט באַשרייבט עס.

# דער מויערער

— מויערער, מויערער, אין פאַרטוך, אין העלן,
וואָס ביסטו, דערצייל, וואוהין גייסטו?
— עך, שטער ניט, זעסט, כ׳אַרבעט מיט מיינע געזעלן —
מיר בויען אַ טפּיסע פאַרשטייסטו.

— מויערער, מויערער, זאָג, אָקאָרשט גלייכער —
ווער וועט זיינע טעג דאָרט דערשטיקן?
— אַוואַדע נישט דו, נישט דיין ברודער, דער רייכער.
איך קאָן אויך אַן גנייוועס באַגליקן.

— מויערער, מויערער, ווער וועט ניט שלאָפֿן
אין טפּיסע דאָרט, נעכט זיצן, קלערן?
— אַן אַרבעטער, עפּשער, מיין זון אויך, צו האָפֿן —
מיר האָבן אַ לעבן, אַ שווערן.

— מויערער, מויערער, ט'ער ניט אין צאַפּל
דערמאָנען ווער'ט שטיינער געטראָגן?
— פֿונ'ם מויער אַוועק, ס'אַ סאַקאָנע, ניט פּלאַפּל,
מיר ווייסן, אונז דאַרפֿסטו ניט זאָגן.

אַרבעטן:
1. גיב איבער דעם געשפּרעך מיט דיינע אייגענע ווערטער.
2. מאַך אַ שפּיל פֿון דעם.

# האַפֿנס

אין ניו יאָרק קומען יעדן טאָג אָן ריזיקע פּאַסאַזשיר־שיפֿן, וואָס ברענגען טויזנטער מענטשן, און פֿראַכט־שיפֿן, וועלכע מ'דאַרף אויסלאָדן. דאָס אָנקומען פֿון אַזאַ שיף שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גרויסן טאַראַראַם. אין „בעי" געפֿינען זיך אַ גרויסע צאָל שלעפּ־שיפֿלאַך, וואָס ברענגען אַריין די ריזן. ווען די שיף קומט אָן אין דאַק, וואַרטן שוין הונדערטער האַפֿן־אַרבעטער, גרייט צו טאָן די שווערע אַרבעט פֿון אויסלאָדן און אָנלאָדן.

עס הערשט אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די האַפֿן־אַרבעטער, צוליב דער ראַציאָנאַליזאַציע אין דער האַפֿן־אינדוסטריע. עלעקטרישע מאַשינען פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון הונדערטער הענט.

ווען עס קומט אָן אַ שיף, ווערט זי באַלאַגערט פֿון הונדערטער אַרבעטער, ווען עס זיינען אינגאַנצן נויטיק אַ צען. אַזוי וואַרטן די אַרבעטער אין די האַפֿנס גאַנצע טעג.

אַרבעט:

מאַכט אַן עקסקורסיע צום „וואָטער־פֿראָנט" פֿון דיין שטאָט, באַמערקט און זייט גרייט צו באַריכטן:

(1) וועלכע גרויסע פֿאַבריקן האָסטו געזען.

(2) וועלכע פאכן־ארבעטער האָסטו באמערקט, וואָס האָבן זיי געטאָן.
(3) ווי זעען אויס ארבעטער־קווארטאלן, וועלכע דו ביסט דורכ־געגאנגען אף דיין וועג.
(4) באשרייב די בארזשעס און שיפן, וועלכע דו האָסט געזען ביים ברעג.
(5) געפין אויס אויב די האפן־ארבעטער זיינען אָרגאניזירט אין א יוניאָן? אין וועלכער?



דער „וואסער־פראָנט“

# דער נאַכט־יאַריד

אַרום 12 אַזייגער באַנאַכט ווערט לעבעדיק אין אַלע שפּייכלערס לעבן די דאָקס און פּירס. די לופט איז פול מיט מענטשלאַכע שטי־מען און מיט מעטאַלענעם געבריאַזג פון רעדער און רעדלאַך. טרע־גער, פּאָרטערס, לויפן אום ווי פאַרסאַמטע הינטער שווער־געלאָדענע האַנט־וועגעלאַך. מען צעשטעלט די קאַסטנס איינע אַף די אַנדערע.

פּונקט דריי אַזייגער קומען די גרויסע סאָכרים, אָפּצונעמען זייער סכוירע. ביז דעמאָלט טאָר קיין זייטיקער מענטש ניט איבערטרעטן די שוועל פון די שפּייכלערס.

האַלב נאָך 3 קלינגט אַ גרויסער גלאָק. אַ פרעמדער מענטש וואָלט געמיינט, אַז דאָס איז אַ פייער־אַלאַרם. דער קלונג איז אַ סיג־נאַל, אַז מען זאָל אַריינלאָזן די קוינים.

אַ מענטשן־וואַנט גיט זיך אַ שפּאַר, וואָס דערמאָנט אָן די סאָב־וועים אין „ראָש“.

די אַטמאָספערע ווערט געשפּאַנט. די גרויסע סאָכרים רופן אויס זייערע פּרייזן; די קויפערס מאַכן זייערע פאָרשלאָגן. מען דינגט זיך אַביסל, אָבער קורץ און שאַרף. אין אַ האַלבער שטונדע איז שוין נאָכ׳ן יאַריד.

די סצענע בייט זיך. די סכוירעס זיינען שוין איינגעקויפט. פּאַמעלאַך עפענען זיך די אייזערנע טויערן, וואו עס שטייען שוין גרייט אין דער ריי טויזנטער טראָקס און וועגענער צו צעפירן די סכוירעס איבער גאַנץ ניו יאָרק.

די גאַסן ווערן באַלעבט. מען לאָדט די סכוירעס. עס צעבלאָזן זיך אויטאָמאָביל־סירענעס און „היידאַ“.

ש ו ו ע ר ע  ו ו ע ר ט ע ר :

יאַריד — אַ באַזאַר, אַ מאַרק.

1. וואוהין ווערן די אַלע סכוירעס געפירט?
2. פון וואַנען קומען די סכוירעס.
3. ווער קאָנטראָלירט און שטעלט איין די פּרייזן פאַר די פּראָדוקטן, וועלכע מיר קויפן?

געפין אויס און שרייב: ווי אַזוי קומט אָן עסן אין אונזער שטאָט.

# האַפּן־אַרבעטער

העי, העי, מיין ברודער! בראַווער טרעגער!
זאָג, וואָס טראָגסטו, וועלכע לאַסטן?
שלעפּסט מיט מאַטער פון די שיפן!
שלעפּסט מיט אָנשטרענג פון דעם האַפּן!

העי, אַ ברודער, פרוכט פון דאָרעם!
טוך פון צאָפן! האָלץ פון מיזרעך
לויטער גוטע, שווערע לאַסטן!!
יאָ, דאָס טראָג איך פון דעם האַפּן!

העי—העי, ברודער! בראַווער טרעגער!
זאָג, צו וועמען טראָגסטו די לאַסטן?
טראָגסטו זיי דאָ צו דיין שאָכן?
טראָגסטו צו דיין ווייב זיי עפּשער?

צו די קרעמער! צו די רייכע
טראָג איך אַלע שווערע לאַסטן!
טראָג זיי פון די גרויסע שיפן!
טראָג זיי — ביז דער טאָג וועט קומען!

העי—העי, ברודער! בראַווער טרעגער!
צו די קרעמער? צו די רייכע
און דיין שאָכן ליידט גאָר הונגער!
הונגער ליידט דיין ווייב און קינדער!

העיאָ, ברודער! יאָ, איך וויים עס!
און אַמאָל, ווען רויטע פאָנען
וועלן פלאַטערן און ווייען,
וְועְל איך זיי אַהיים דאַן טראָגְן!

טראָגן צו מיין פרוי און קינדער!
טראָגן צו מיין פרוי און קינדער!
צו מיין פאָטער! צו מיין כאַווער!
ווען עס ווייען רויטע פאָנען!

שווערע ווערטער:
האפן — וואו עס קומען אָן די שיפן.
לאסט — שווערע מאסע.
טוך — מאַטעריע, וואַרע.

ארבעט:
שרייב עס איבער ווי א געשפּרעך.

# באַרג ארויף

מארקאָ האָט געהאט א קיידער אין אַן אלט-הילצערן הויז נית ווייט פון פּאָרט, וואו ער האָט געארבעט. אינעווייניק — א פּאָר בילדער, א פּאָר ביכער פון „דזשעק לאָנדאָן" האָבן פארנומען דעם אויבנאָן. קוק איך אף די ביכער און דערנאָך אף מארקאָן. א זון-פארברוינט פּאָנים, ברוינע האָר, און די פּלייצעס, ברייטע, ריזיקע, די הענט שווערע, ווי אייזערנע שטאַנגען.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין געווען בא דעם פּאַסי-פישן ברעג; דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען אזוי פיל פּרוכט-גערט-נער, אזא בלוי-ווייסן הימל, אזוי פיל פּאַלמעס און בלומען, און אינמיטן דעם אַלעם א וועלט מיט נויט און הונגער. עס איז געווען אזוי טראַגיש צו וואַנ-דערן פון איין טייל שטאָט צו דער אַנדערער. ספּעציעל בא דעם וואַסער-ברעג, וואו ארבעטסלאָזע קומען זוכן עפּעס צו פאַרדינען און האַלב-שטאַרבנ-דיקע פּלעגן זיך טויזנטער וואַלגערן בא די ברעגן.

מארקאָ האָט פאַר מיר געקראָגן ארבעט מיט אים צוזאַמען. די ארבעט איז געווען א שווערע, אַן אוממענטשלאַכע. צען שטונדן פון הייבן און שלעפּן. א סאַך מאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די מוסקולן פון מיינע אָרעמס וועלן פּלאַצן. די פאַרדינסטן זיינען געווען קליינלאַכע, די באַהאַנד-לונג א הינטישע! און איך האָב זיך נאָך געוואונדערט, ווי אזוי די ארבעטער קענען דאָס לאַנג אויסהאַלטן? פאַרביטערט זיינען זיי געווען, פּלעגן שילטן איינע די אַנדערע. עס איז נית געווען א טאָג, עס זאָל נית זיין א געשלעג. די ריזן פון פּראַצע האָבן אויסגעלאָזן זייער ביטערניש איינע צו די אַנדערע. און מארקאָ פּלעגט ריידן מיט ביטערניש וועגן זייער לאַגע:

„ווי הינט רייסן מיר איינע די אַנדערע און זעען ניט ווי די וועלף פאַר־צוקן אונז. פאַר וועמען אַרבעטן מיר? ווער טרייבט אונז אַזוי ווי אַ סטאַדע שעפּסן? דאָס פרעגן מיר קיינמאָל ניט! אַנדערע טראַכטן, לעבן פאַר אונז! און מיר זיינען מער ניט געבוירן געוואָרן אין אַ פינצטערער מינוט. די ערד האָט אונז אַרויסגעוואָרפן פון אירע געדערים און מיר קריכן, ווי ווערים אויף איר הויט.“

אין אָוונט האָבן מיר זיך באַגעגנט אין סאַלון.

מאַרקאָ האָט ליב געהאַט צו דערציילן געשיכטעס פון „דזשעק לאָנדאָן“, און די ריזן פון פּראַצע פלעגן זיצן שטום און הערן. אַ סאַך זאַכן האָט ער זיי דערציילט וועגן שטעט און לענדער, וועגן מענטשן, וועלכע פרייידיקן אַן אַנדער לעבן.

אין דער גאַס, וואו אונזער כיידער איז געווען, איז ניט ווייט געווען אַ מיסיאָנערן־הויז. מאַטראָזן און היימלאָזע האָבן דאָרטן געפונען אַ פּלאַץ צו איבערנעכטיקן. מאַרקאָ האָט אויסגעמיטן דאָס הויז, ווי איינער מיידט אויס אַ פּעסט; מיר האָט ער אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל ניט וואַגן גיין אַהין. ער וועט מיר דעם קאָפּ צעברעכן, אויב איך וועל אַמאָל אַריינשטעלן מיין פוס אַהין. זיין אָנזאָג איז געווען איבעריק, ווייל איך האָב בעסער ליב געהאַט פאַרברענגען באַם פּאָרט.

פּריוויטיק האָבן די פּרוכט־קאָמפּאַניעס געלאָזט וויסן דורך פּלאַקאַטן, אַז דאָס געהאַלט פון די אַרבעטער וועט געשניטן פינף סענט אַ שטונדע. די אַר־בעטער, וואָס זיינען שוין פון פריער געווען אומרואיק, זיינען איצט געוואָרן אויפגערעגט. אַ גאַנץ רעדל האָט זיך אַרומגעקליבן אַרום מאַרקאָן, געוואָלט הערן, וואָס ער וועט זאָגן. מאַרקאָ האָט שטיל אָנגעזאָגט, אַז מאָרגן נאָך דער אַרבעט זאָלן אַלע זיך פאַרזאַמלען באַ דעם פּוסטן פעלד ניט ווייט פון וואַסער, און דאָרטן וועט מען באַשליסן וואָס צו טאָן.

פול מיט פּולווער איז יענעם טאָג געווען די לופט. האָט איינער פון די אויפזעער זיך פּאַטשעפּעט מיט אַן אַרבעטער, האָט דער אַרבעטער אים דערלאַנגט אַ זעץ אונטער דער מאָרדע — די אַרבעטער זיינען געווען צערייצט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אויסצוגיסן זייער צאָרן.

פאַרנאַכט איז מען אַהיים ניט געגאַנגען. דורך פאַרשיידענע וועגן האָט מען דערגרייכט דאָס פּוסטע פעלד. איך מיט אַנדערע אַרבעטער זיינען גע־גאַנגען דורך „וואָטער סטריט“. מאַרקאָ איז געווען מיט אונז. אינמיטן גאַס, ניט ווייט פון מיסיאָנערן־הויז, איז געשטאַנען דאָס גאַנצע בינטל. איך האָב געזען מאַרקאָס צוזאַמענגעדריקטע פויסטן; די פּייקלאַך האָבן געקלאַפּט, אַ קליינער אָרגל האָט געשפּילט און זיי האָבן געזונגען.

„נענטער, מיין גאָט, צו דיר
נעם מיין נעשאָמע אין די הימלען צו...“

מארקא האט שנעלער געשפאנט, ווי ער וואלט געוואלט אנטלויפן פון די קלאנגען, נאר די טענער האבן אלץ דערגרייכט:

„איך גיב מיין הארץ צו דיר, מיין גאט!
פאר דיר, מיין גאט, פאר דיר!“

ווען מיר זיינען אנגעקומען, איז שוין דער פוסטער פלאץ געווען פול. ווי א ווינט האט די מאסע געברומט. ווען מארקא האט דערגרייכט דאס הילצערנע קעסטל, און זיין קאפ איז אויסגעוואקסן איבער דער מאסע, האט דאס ברומען מיטאמאל זיך א ריס געטאן, ווי א שטורעם וואלט צעריסן די ערד. איך האב געטראכט: ווען די גרויסע מאסן וועלן זיך אוועקרייסן פון זייער מידקייט, צעשפרייטן זייערע ארעמס, געבן א געשריי איבער די שטעט, פעלדער און וועלדער — איבער אלץ, וואס זייערע הענט און קעפ האבן באַשאפן, — ווער וועט קענען איינהאלטן דעם שטראם פון זייער צארן? וויי צו די, וואס האבן דערצערנט די גרויסע שעפערישע קראפט; וויי צו די, וואס רייסן די פרייד פון דער וועלט!

איך בין געשטאנען צו ווייט צו הערן, וואס מארקא האט גערעדט. איך בין געווען צו פארנומען מיט די מאסן ארום מיר. דערנאך האב איך זיך אליין פארלוירן; איך בין געווארן צוזאמענגעוואקסן מיט דעם גרויסן שטורעם ארום מיר. איך געדענק, איך האב געשריען, צוזאמענגעדריקט די פויסטן. האט האס געשטראמט פון מיין הארצן; מיינע צעוויטאגטע מוסקולן האבן זיך געריסן צום הימל! איך בין מער ניט געווען, עס איז געווען אלע! איינער — אלע!

וואס איז ווייטער געווען, ווייס איך ניט. א שווערע זאך איז געפאלן איבער מיין קאפ; עמיצער האט שווער געטראטן איבער מיינע נעדערים; פייער האט געבליצט פאר מיינע האלב־פארמאכטע אויגן; דערנאך שווארצ־קייט מיט שווערע כאלוימעס.

ווען איך האב אויפגעוואכט, זיינען שוין פיל טעג אוועק. א סאך האבן מיר דערציילט וועגן דעם בלוטיקן קאמף. די הערשער פון דעם לעבן האבן געוואלט דעם קאמף אין בלוט דערטרינקען. מארקא איז געלעגן אין דעם צווייטן בעטל — א קויל האט דורכגעלעכערט זיין רעכטן אקסל; ער איז נאך געווען פיבערדיק.

אבער די ארבעטער האבן געזיגט. איך האב גערעדט מיט מארקאן: „דאס איז דער אנהייב, די ארבעטער האבן דערפילט זייער קראפט; זייער ליד וועט אנדערש קלינגען; די צייט וועט ווייזן, אז מיר גייען בארג־ארויף, צו די ברייטע פעלדער פון מארגן, צו די בלויע בערג פון מענטשלאכן גליק.“

מיך האט מען ארעסטירט און ארויסגעשיקט אלס „וועגראנט (היימ־לאזער). מיט מיין פעקל אויף דער פלייצע, דורך גרינע פעלדער, בין איך געגאנגען, מיין יונג הארץ מיט ביטערניש פארזייט. געטראכט האב איך,

אַז פאַרדינט האָב איך ניט די הערשערס שטראָף, נאָר איצט וועל איך זען דאָס צו פאַרדינען. וועגן אומעטום. מיין וועג איז באַרג־אַרויף!

אַ ר ב ע ט ן :

1. דאָ דערציילט זיך וועגן אַרבעטער, וואָס אַרבעטן באַ — — — — — — — — — — —
2. באַשרייב זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען — — — — — — — — — — — — — —
3. וועלכע פון זיי פלעגן ווערן הוּמלאָז — — — — — — — — — — — — — — —
4. מאַרקאָ האָט ניט געלאָזט זיין נייעם פריינד גיין אין מיסיאָנערן־הויז. ער איז געווען גערעכט, צו ניט? דיסקוטיר די פראַגע. שרייב אָן דיין מיינונג — — — — — — — — — —
5. געפין דאָס אָרט, וואו עס גיט זיך אַ בילדל פון „סאלווישן אַרמי“? דיסקוטיר די פראַגע: וועלכע מיטלען העלפן בעסער דעם אַרבעטער: מארקאָס מיט זיינע כאַוויירים, צי די מיטלען פון „סאלווישן אַרמי“?
6. דער אַרבעטער. מיטינג איז באַפאַלן געוואָרן פון — — — — — — — — — (1) — — — — — — — — — — — — — (2)
7. וואָס מיינט דער אווטאָר מיט די ווערטער: „מיין וועג איז באַרג אַרויף“.

ש ר י י ב : ווי אַזוי אַ טרעמפּ איז געוואָרן אַ באַוואוסטזיניקער אַרבעטער.

# האָדסאָן

ס׳ליגןביידע לענגען פונ׳ם האָדסאָן  
איינגעשמידט אין רינגען.  
ס׳איז האָדסאָן־טייך  
אַ שוואַרצער פּאַס  
פאַר שוואַרצער אַרבעט  
פון די ברידער פון מיין קלאַס — — —

כ׳וועל ניט באַזינגען האָדסאָנס גרין און בלוי,  
נאָר באַרזשעס און שיפן  
און הייצערס אין די פייערדיקע טיפן.  
כ׳וועל באַזינגען  
האָדסאָנס ביידע לענגען  
איינגעשמידט אין רינגען  
מיט פלעקן פונ׳ם אויל  
אין יעדער פּערים מויל.

אַ ר ב ע ט ן :

1. וועלכער טייך פליסט אין אייער שטאָט?
3. וועלכע אַרבעטן ווערן געטאָן אף אייער טייך?

# שער און אייזן. נאָדל און מאַשין

אין האַרץ פון ניו יאָרק, אַף די צוואַנציקער און דרייסיקער גאַסן, הייבן זיך צום הימל הויכע מויערן. פון דרויסן קוקן די פענצטער אַרויס שיין און שטאָלץ, נאָר אינעווייניק, אַף די פופצענער און צוואַנציקער שטאָקן, געפינען זיך קליידער־פאַבריקן. אין יעדן שאַפּ זיצן יונגע און אַלטע שניידער, נייער און שטעפּער, שטייען פּרעסער און מאַכן קליידער פאַר די מענטשן פון ניו יאָרק און פאַר׳ן גאַנצן לאַנד.

מיט געבויגענע פּלייצעס, הענט און קאָפּ אַריינגעטאָן אין דעם מאַטעריאַל, טרייבן זיי די ניי־מאַשינען, וואָס פרעסן אַרויס פון זיי דעם מאַרך און דאָס בלוט. זיצן איטאַליענישע און אידישע און נעגערשע מיידלאַך און ציען מיט די נאָדלען, שלענגלען אַריין און אַרויס די פאָדימס, מ׳פאַרענדיקט, מ׳נייט אָן קנעפּלאַך. שטייען סלאַווישע און אידישע און איטאַליענישע פּרעסערס און פירן מיט די שווערע הייסע אייזנס, פּוצן אויס יעדן מאַלביש. פּוצן די גריכישע אַרבעטער די פּעלעכלאַך פון די כאַיעס, שניידן זיי אויס און נייען צענויף וואַרימע קליידער פאַר די רייכע הערן און דאַמען.

און פינצטער און דומפּיק איז שמוציק איז אין די שעפּער. און מ׳אַרבעט לאַנגע שטונדן, און מ׳יאָגט אַרויס די נעשאָמע דורך „שטיק־אַרבעט“. און נאָך עטלאַכע וואָכן נייען און שטעפּן און פּרעסן לאָזט זיך אויס די אַרבעט, און מ׳דאַרף ווידער וואַרטן אַפּ׳ן „סעזאָן“.

האָבן זיך די נאָדל־אַרבעטער גוט אָרגאַניזירט און אַרויס אַף די גאַסן פון ניו יאָרק און געפירט אַ אָפענעם קאַמף קעגן די באָסעס. אין די צענדליקער טויזנטער האָבן זיי ניט איינמאָל געסטרייקט אין יאָרן 1925—1930.

ג ע פ י ן  א ו י ס :

1. וועלכע יוניאָן פירט אָן מיט די רעוואָלוציאָנערע סטרייקס פון די אַרבעטער?

2. ווי הייסט די אָרגאַניזאַציע פון אַלע רעוואָלוציאָנערע יוניאָנס?

3. וואָס פאַר אַ ראָליע שפּילט די „אַמעריקאַן פעדערייישאָן אָף לייבאָר“ אין די קאַמפן?

# די „פּיקעט־לאַין"

צווייוווייז,
פירווייז
גייען זיי,
שפּאנען זיי
טריט נאָך טריט —
סטרייקער.
מארשירן זיי
אַ מאכנע די גרויס ;
אַלערליי פּענימער,
אַ פּעלקער־געמיש
אין וואוקס און אין שפּראַך —
מישט זיך אויס,
שפּינט זיך אויס
אין איין ציל —

קומען אָן,
קומען צו,
ריי נאָך ריי
זייד־וועבער סטרייקערס.
היטן זיי
יעדן אריינגאנג און ארויסגאנג
פון די זייד־פאבריקן ;
ריידן אָפּ,
שלאָגן אָפּ,
טייטלען נאָך :
סטרייקברעכער !

סטרייקברעכער !
שטייען בא טירן, טויערן
אָרדנונגס־היטער,
שפּילנדיק מיט „קלאָבס" אין
די הענט —
היטן זיי
זייד־פאבריקן,
זייד־פאבריקאנטן,
פּאָלגן אויס באפעלן ;
בליקן נאָך
אריינגייענדיקע,
ארויסגייענדיקע ;
היטן זיי די, וואָס שפּאנען פארביי,
לאָזן זיך נאָך זייער ריי,
שטויסן זיי אוועק,
טרייבן זיי,
דראָען זיי,
ווארפן זיך מיט „קלאָבס"
אַף דער „פּיקעט־לאַין".

# אַף די „פּיקעט־לאַינס"

צוקומענדיק צו דער 36טער גאַס, האָב איך נאָך פונדערווייטנס דערזען, ווי ס'איז צוגעקומען צום ראָג אַן אויטאָמאָביל. אין איין אויגנבליק איז דער אויטאָמאָביל באלאגערט געוואָרן פון אַ הונדערט ארבעטער־סטרייקער, און די לופט איז פול געוואָרן מיט אויסגעשרייען :

— סקעבס ! גענגסטערס !

פון אויטאָמאָביל זיינען ארויסגעשפּרונגען אַ פּאָר „שטארקע" מיט פאר־קוועטשטע ליפּן, מיט ברענענדיקע אויגן, ווי בא וועלף. זיי זיינען געווען אַפּאָנים זיכער, אַז מיט דער הילף פון די ארומיקע פּאָליסלייט וועט זיי גע־

ליגנען פאנאנדערטרייבן די מאכנע סטרייקערס; נאר זיי האבן נעבאך געהאט א גרויסן טאָעס: די סטרייקערס זיינען ניט אפגעטראָטן, אַלץ שטייפער ארומגערינגלט דעם אויטאָמאָביל, וואָס פון זיינע פענצטערלאך האבן ארויס־געקוקט צעשראָקענע פּענעמער. די „שטאַרקע" האבן פארלאָרן זייער מוט און צוריק אין אויטאָמאָביל זיך אריינגעכאפּט. אונטער הילכיקע אויסגע־שרייען „סקעבס!" האָט זיך דער אויטאָמאָביל א ריס געטאָן פון אָרט און איז פארשוואונדן.

ארבעטער און ארבעטערינס מארשירן פּאָרוייז הין און צוריק לעבן גרוי־סער שאָפּ־געביידע. דריי באוואכן דעם אריינגאנג. בא דער זייט פון גאס שטייען פּאָליציאנטן און דרייען אין די הענט די פלעקלאך.

פלוצלונג ווערט לעבעדיק צווישן די סטרייקערס אף דער פּיקעט־לאַין: מ'קוקט צום קעגנאיבערדיקן ראָג, וואו עס קומען אָן א גרופּע סקעבס אונטער דער באגלייטונג פון גענגסטערס.

די גענגסטערס אין ברעכערישער פרעכקייט. איין האנט האלטן זיי אין טאש, מיט דער אנדערער פּאַכען זיי, ווי אונטערטרייבנדיק די סקעבס, וואָס גייען אינדערמיט ווי א סטאדע שאָף.

די סקעבס גייען אראָפּגעלאָזט די קעפּ, ווי פארשעמטע, ווי שולדיקע. זיי פארשטייען, קאָנטיק, אז זיי טוען א פארברעכן קעגן זייערע ברידער־ארבעטער, וואָס בלוטיקן אין קאמף. די גענגסטערס גייען שטאָלץ און זיכער: זיי ווייסן גוט, אז זיי באשיצט דאָס „געזעץ" פון דעם „דעמאָקראטישן" לאנד: זיי זיינען א טייל פון דער הערשנדיקער מאשין, אירע טרייע קנעכט...

די האנט, וואָס איז פארגראָבן אין טאש, האלט א געווער: זאָל נאָר ווער זיך פּארמעסטן צוטרעטן צו די סקעבס מיט א טאדל, מיט א וואָרנונג, — וועט יענער אוועקגיין מיט א צעשפּאָלטענעם קאָפּ...

די פּאָליסלייט און די פּיקעטס האלטן אויג, און די גענגסטערס פירן צו די גרופּע סקעבס — איטאליענער און נעגערקעס — צום אריינגאנג פון דער געביידע, וואו עס סטרייקט א שאָפּ. די גענגסטערס לאָזן דורך די סקעבס אינעווייניק. אָן עקלהאפטער שמייכל איז צעשפּרייט איבער זייערע פאר־גרעבטע, צעקנייטשטע פּענעמער. פארענדיקט דעם „דזשאב", לאָזן זיי זיך גיין צוריק צום ראָג גאס, וואו זיי בלייבן שטיין.

א ר ב ע ט ן:

1. די גענגסטערס ווערן גענוצט פון — — — — — — — — —
2. זיי זיינען נויטיק אף צו — — — — — — — — —
3. די פּאָליציי אַרעסטירט: די גענגסטערס, די סקעבס, די פּיקעטס.
4. די יוניאָן וועלכע פירט אָן מיט די רעוואָלוציאָנערע סטרייקס פון די נאָדל אַרבעטער הייסט — — — — — — — — —
5. די יוניאָן געהערט: דער אַמעריקאַן פעדערייישאָן אף לייבאָר, דער טרייד יוניאָן יוניטי ליג.

שטרייכט אונטער דעם ריכטיקן ענטפער.

# דעם פּאָליסמאַנס „קלאָב"

דזשאָ האָקינס איז אַ געניטעטער טאָקער.

ער שטייט בײַ אַ טאָקער־מאַשין אַכט שאָ אַ טאָג און מאַכט פּאַרטיק וועלשענע „קלאָבס" פֿאַר פּאָליסלייט.

אַכט שאָ אַ טאָג קלייבט ער אויס גלייכע, פּאָלירטע שטיקער האָלץ, לייגט זיי אויף דער מאַשין אַרויף, שטעלט אָן די מעסערס און לאָזט לויפֿן די עלעק־טריע.

אַכט שאָ אַ טאָג דרייען זיך די העלצער, זשומען די מעסערס, ווערן פֿאַרטיק די שטעקנס. און דאָס זשומען פֿון די מעסערס איז ווי מוזיק אין זיינע האָריקע אויערן.

פּופּציק קליידער־אַרבעטער פּיקעטן אַ סוועטשאָפּ אויף דער ניו יאָרקער איסט־סייד. זיי טראָגן פּלאַקאַטן וועגן דער יוניאָן, סבירעס, שאָען פֿון אַר־בעט. זיי גייען אויף און אָפּ און ריידן צו קיינעם ניט.

אַ טוצן פּאָליסלייט באַווייזן זיך פּלוצים און מיט זידלערייען וואַרפֿן זיי זיך אַרויף אויף די סטרייקערס און שלאָגן זיי מיט זייערע „קלאָבס" איבער קעפּ און קני. און די גוואַלדן פֿון די סטרייקערס איז ווי מוזיק אין זייערע ווילדע אויערן.

ווען די פּאָליסלייט זיינען פֿאַרטיק מיט זייער אַרבעט, ווישן זיי אָפּ דאָס בלוט פֿון זייערע שטעקנס און זיי זיינען שטאָלץ מיט דער שוואונג און דער קראַפֿט פֿון זייערע שטעקנס און די ראָלע וואָס זיי שפּילן צו היטן דאָס געזעץ און האַלטן אָרדנונג.

# פון יוניאָן סקווער אַ ראַדיאָ צו דער וועלט

(די לעוואַיע פון סטיוו קאַטאָוויס).

פון יוניאָן סקווער
אַ ראַדיאָ
צו דער גאַנצער וועלט!
אַ  ה ע ל ד
געפאַלן איז אין  ק אַ מ ף!
אַף יוניאָן סקווער,
היינט, דינסטיק, אינדערפרי,
האָט רוף
זיך צעטראָגן;
אָנזאָגן:
— אָפּגעלייגט זאָל אַרבעט
ווערן!
זיינען אַרבעטער געקומען
שווערן:
— ס'עט די קויל ניט אָפּשטעלן
אונזער קאַמף!
ס'עט דער קלאַפּ
אַף אונזער קאָפּ
ניט מינדערן,
ניט לינדערן
דעם האַס!
האָט רוף דערגרייכט
צו יעדן שאַפּ;
האָט רוף דערגרייכט
צו יעדן האַרץ!
איז אַרבעט אָפּגעלייגט געוואָרן!
אינמיטן אַרבעטס־טאָג
איז אַלט און יונג,
איז פרוי און מאַן
— געקומען אָט־אָ־דאָ —
אַף יוניאָן סקווער:

איך שווער!
מיר שווערן!
— ענגער די רייען פאַרבינדן!
אַ פייער אַ רויטן אָנצינדן!
פופציק טויזנט שטימען
ש ו ו ע ר ן!
אונטער לענינס פאָן
א י י ן  ט אָ ן!
שטייען די שטראָמען
פאַרצאַמט:
אַ צאַם פון פּאָליציי אַף פערד,
אַ צאַם פון פּאָליציי אַף ערד!
— שטייט אויף איר אַלע
ווער ווי שקלאַפן!
און זעט:
די רויטע פאָן;
די לענין־פאָן
באַדעקט די טרונע
פונ'ם העלד
ק אַ ט אָ וו י ס!
פ ו ן  י ו נ י אָ ן  ס ק ו ו ע ר
— — — — — — — — —
אַ  ר אַ ד י אָ
צו דער
ג אַ נ צ ע ר  ו ו ע ל ט:
אַ  כ אַ ו ו ע ר  ה אָ ט  ז י ך
אָ פּ ג ע ש י י ד ט!
ש ט י י ע ן
פ ו פ צ י ק  ט ו י ז נ ט
אַ נ ד ע ר ע  כ אַ ו ו י י ר י ם
ג ר י י ט!

# שווייצאַרן

זיי באַוואַכן פרעמדע טירן ווי געטרייע הינט,
ווי זעלנער האַלטן זיי די קערפּערס אויסגעצויגן;
טאַמעוואַטע שמייכלען רוען אַף זייערע ליפּן,
און נעבעכדיק קוקן זייערע אויגן.
מיט שטייפע קראַגנס, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך דערווערגן,
האָבן זיי די העלזער אויסגעצירט;
אין פאַלשן זייד און פּליוש, ווי גרויסע ליאַלקעס,
זיינען זייערע לייבער איינגעהילט.
אַלע טאָג, פון בלויען מאָרגן ביז דער שפּעטער נאַכט,
שטייען זיי ווי איינגעגראָבן באַ די טירן:
טראַכטן פון די ברודנע היימען און אויסגעדאַרטע קינדער...

שווערע ווערטער:
שווייצאַר: דער וואָס שטייט אין טיר פון אַ רייכן הויז
טאַמעוואַטער: טעמפּ, נאַריש.

אַרבעטן:
1. ווי אַזוי ווערט באַשריבן דאָ אַ שווייצאַר?
ניב איבער מיט דיינע ווערטער — — — — — — — — — — — —
2. פאַרוואָס מוזן זיי אויסזען אַזוי טאַמעוואַטע? — — — — — —
3. באַ אַ שווייצאַר אין דער היים — — —

# שוואַרץ און ווייס

אין רעכטן מיטן טאָג אַף דילענסי סטריט ווירבלט; אויטאָמאָבילן, טעקסיס, מאַסע־וועגענער, טראַמווייען, שטופּ־וועגעלאַך, מענטשן באַפּעקלטע, מענטשן איילנדיקע, קריכנדיקע, גלייכגילטיקע, אַלץ אין איין פּלאָנטער.

אין מיטן פּלאָנטער שניידט זיך אַן איילנדיקע דורך עסעקס סטריט...

שטייט אין מיטן קעסל־גרוב דער מענטש־אין־בלאָ, אין מויל דאָס פייפל, די הענט אין דער לופט און מאַנעווורירט: אָט שטעלט ער אָפּ מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, עסעקס סטריט, און הייסט מאַכן וועג פאַר דילענסי סטריט און אָט פאַרקערט.

דאָס מאָל האָט דילענסי סטריט באַדאַרפט דורכלאָזן עסעקס סטריט.
אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, נאָר די שווערע רעדער פון

גרויסן „טראַק“, געפירט פון אַ נעגער, האָבן אַ איבריקן דריי געטאָן און דערפאַר האָט דער ערשטער מענטש, וואָס האָט זיך געאײַלט מער פון אַלע־מען, שיר געכאַפּט אַ קלאַפּ.

ער איז אָפּגעשפּרונגען און אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, דערזען צוויי שוואַרצע פּנימער, איז ער פול מיט כוצפּע צוגעלאָפן צו דעם, וואָס באַם רעדל און געסטראַשעט מיט אַ קולאַק אין דער לופט:

— „גאָד דעמיט“, האָסט קיין אויגן ניט!

דער נעגער איז אַראָפּגעשפּרונגען, זיך שטאָלץ, ווי אַ גערעכטער, צע־שריען:

— ס'איז דײַן שולד. האָסט זיך געאײַלט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווערטער־שלאַכט צווישן צוויי גלײַכע מענטשן. דער הויכער, ברייטביינערדיקער ווייסער, האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ. דער נעגער גלײַך מיט אים.

ס'האָט זיך צונויפגעקליבן אַן עולם.

די טעקסי־פירערס האָבן זיך שמייכלענדיק איבערגעקוקט און אָנגע־שטעלט נײַגעריקע, אַרויסרופנדיקע בליקן אַפ'ן נעגער.

דער נעלעכטער האָט זיך געהעכערט, געוואָרן הירזשענדיקער.

דער ווייסער האָט עס דערפילט און געוואָרן כוצפּעדיק, דרייסטער.

דער נעגער נאָכגעבנדיקער, ווייכער.

אַן אומבאַהאָלפענער האָט ער געקוקט אַף די שצירנדיקע ציין אַרום זיך. יענער פון אויבן האָט זיך אײַנגעדרייט אין זײַן ווינקל.

— יו דוידי ניגער!

די אויגן באַם ניגער האָבן זיך איבערגעדרייט, די ווייסלאַך זײַנען פאַר־נאָסן געוואָרן מיט בלוט, די הענט האָבן זיך קראַמפּהאַפּט געצאַפּלט, די ליפּן האָבן געציטערט.

— יו... יו.... באָ.... סי..., ס'איז ניט מײַן שולד.

דער עולם האָט זיך צעהירזשעט.

ער האָט זיך אײַנגעבראָכן, ווי מען וואָלט אַרויפגעלייגט אַ שווערע משא אַף זײַן רוקן.

ס'האָט זיך דערהערט אַ שנײַדנדיקער פּייף.

דער עולם איז זיך צעלאָפן, יעדער מיט זײַן שטיקל לעבן.

אונטער שטעכיקע שפּיזלען איז דער נעגער אַרויף אַפ'ן „טראַק“.

דער קעסל־גרוב האָט צוריק אָנגעהויבן צו זידן.

אַ ר ב ע ט ן:

1. איז באַ אייך אין שטאָט פאַראַן אַ נעגער־קוואַרטאַל?
2. באַמערק, מיט וואָס ער איז פאַרשיידן פון דעם קוואַרטאַל אין וועלכן דו וואוינסט.
3. באַ וועלכע אַרבעטן זײַנען נעגערס מייסטן פאַרנומען באַ אונז אין שטאָט.

# אינהאַלט:

# אמעריקע

ערשטער טייל פון דער באַוועגלאַכער כרעסטאָמאַטיע
פאַר'ן פערטן לערן־יאָר פון עלעמענטאַרע שולן.

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער־קאָמיסיע.



פאַרלאַג:
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן.
הויפט פאַרקויף: 32 יוניאָן סקווער,
ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1930

„אַמעריקע“ איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג און מיט דער גוטהייסונג פון דער פּראָגראַם־קאָמיסיע פון די אידישע קינדער־שולן באַם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן.

אין העסקעם מיט דער פּראָגראַם פון די שולן גייען דאָ אַריין מאַטעריאַלן און אַרבעטן פאַר די ערשטע 5—6 וואָכן פון׳ם לערן־יאָר.



Myold Printing Co., Inc. 161 Grandt St., New York

# אין גאָלדענעם לאַנד

— צי דען וואָלסטו, מאַמע, מיר גלויבן געוואָלט,
אַז אַלצדינג בא אונז ווערט פארוואנדלט אין גאָלד;
אַז גאָלד ווערט פון בלוט און פון אייזן געמאַכט,
פון בלוט און פון אייזן בייטאָג און ביינאַכט?

— מיין זון, פאַר אַ מאַמען באַהאַלט מען זיך ניט,
אַ מאַמע דערקענט. און אַ מאַמע פילט מיט.
מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט קיין ברויט צו דער זאט
אויף דאָרט, אין דעם גאָלדענעם לאַנד ניט געהאַט.

— אוי מאַמע, מיין מאַמע! צי פאַלט עס דיר איין,
אַז ברויט ביי אונז וואַרפט מען אין וואַסער אריין,
דערפאַר וואָס עס גיט אונז אַזוי פיל די ערד,
אַז ס'הייבט אָן פארלירן דעם גאָלדענעם ווערט?

— איך וויים ניט, מיין זון, נאָר עס וויינט אין מיין האַרץ:
דיין פּאָנים זעט אויס ווי די נאַכט אַזוי שוואַרץ,
און שלעפערדיק פאַלן די אויגן דיר צו,
אַזוי ווי ביי איינעם וואָס כאַלעשט נאָך רו.

— אוי מאַמע, מיין מאַמע, דו האָסט דאָך געהערט
פון באַנען, וואָס יאָגן זיך אונטער דער ערד.
פאַרטאָג שלעפּט די באַן פון געלעגער אַרויס,
און שפּעט אויף דער נאַכט ברענגט זי ווידער אין הויז.

— איך וויים ניט, מיין זון, אָבער טיף איז מיין וואונד:
איך האָב דיך אַוועקגעשיקט יונג און געזונט, —
מיר דאַכט זיך, אַט נעכטן ערשט איז דאָס געוועזן.
און היינט מוז איך ווידער אַזוי אַ דיך זען.

אַ ר ב ע ט ן:

1. מאַך פון דעם אַ סצענע.
2. שרייב נאָך דעם: דאָס לעבן פון אַן אַרבעטער אינ'ם „גאָלדענעם לאַנד".

# דער אַמעריקאַנער גאַניידן

מען איז אָפט נענויגט צו מאָלן דאָס ארבעטער־לעבן אין אַמעריקע ווי א גאַניידן.

אַזוי דערציילט מען, לעמאָשל, אַז אין אַמעריקע קומט אוים איין אַוטאָ־מאָביל אַף זעקס איינוואוינער, און אַז שיר ניט יעדער אַרבעטער האָט זיין איינענעם אַוטאָמאָביל.

אַוואַדע וואָלט אַף יערע זעקס איינוואוינער פון אַמעריקע אויסגעקומען איין אַוטאָמאָביל, ווען די אַוטאָמאָבילן וואָלטן צעטיילט געוואָרן אַף גלייך. ליידער אָבער איז דער פאַקט אַזאַ, אַז איייניקע האָבן צו עטלאַכע אַוטאָ־מאָבילן, און דער גרעסטער טייל קאָן זיך ניט דערלויבן דעם לוקסוס ניט נאָר צו האָבן, נאָר אַפילע צו פאַרזוכן דעם טאַם פון פאָרן אַף אַן אַוטאָמאָביל.

אַ רעגירונגס־קאָמיסיע, וואָס האָט געפאָרשט די פראַגע, האָט פעסט־געשטעלט, אַז דאָס קלענסטע, וואָס אַן אַרבעטער דאַרף פאַרדינען, כּדי צו לעבן אין אַמעריקע, איז 2,400 דאָלאַר אַ יאָר, אָדער 50 דאָלאַר אַ וואָך. אָבער אַזעלכע פאַרדינסטן דערגרייכן בלויז אַ קליינעם טייל אַרבעטער.

דער נעגערישער אַרבעטער אין אַמעריקע אַרבעט אויס פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע העכסטנס פון 8 ביז 10 דאָלאַר אַ וואָך, די טעקסטיל־אַרבעטער פאַרדינען פון 12 ביז 18 דאָלער אַ וואָך, ווען זייערע פרויען און קינדער העלפן זיי. די קוילן־גרעבער און די גוט־אָרגאַניזירטע נאָדל־אַרבעטער פאַרדינען טאַקע, עמעס, פון 40 ביז 65 דאָלער אַ וואָך, איז אָבער די צאָרע, וואָס זיי אַרבעטן בלויז קורצע סעזאָנען. ווען מיר זאָלן צעטיילן די וואָכן, וואָס זיי אַרבעטן און פאַרדינען, אַף דעם גאַנצן יאָר, וואָס זיי מוזן לעבן, וואָלטן זייערע פאַרדינסטן געווען גאָר ניט קיין גרויסע.

אַ ר ב ע ט ן:

1. שטעל צוזאַמען אַ טאַבעלע פון סכומים פון די פאַכן:

טעקסטיל־אַרבעטער — — — —

שטאָל־אַרבעטער — — — — —

נעגער־אַרבעטער — — — — —

נאָדל־אַרבעטער — — — — —

קוילן־גרעבער — — — — —

2. שרייב צו צו דער טאַבעלע נאָך אַנדערע פאַכן, וועגן וועלכע דו האָסט אינפאָרמאַציע.

# די וועבער

די פינסטערע אויגן, זיי טרערן שוין ניט:
מיר זיצן ביים וועבשטול און זינגען א ליד:
„גאָלד־לאַנד, מיר וועבן טאַכריכים פאַר דיר,
אַ דריי־פאַכע קלאָלע, אין זיי וועבן מיר —
מיר וועבן! מיר וועבן!...

אַ קלאָג צו דעם אָפּגאָט, צו וועלכן מיר בעטן
אין שרעקלאַכע קעלטן, אין הונגער און נויטן,
מיר האָבן אומזיסט נאָר געהאָפּט און געוואַרט,
ער האָט אונז געפּירט פאַרן נאָז און גענאַרט —
מיר וועבן! מיר וועבן!...

אַ קלאָג צו דער רעגירונג פון די געווירים,
וואָס דעם אַרבעטערס צאַר קאָן גאָר ניט רירן,
וואָס רייסט פון אונז קריע, די הויט פון אונז שינדט,
און לאָזט אונז דערשיסן, דערשיסן ווי הינט.
מיר וועבן! מיר וועבן!...

אַ קלאָג צו דעם פאַלשן צוואָויאַקישן לאַנד,
אין וועלכן סע בליט ביזאָיען און שאַנד,
וואָס האָדעוועט ווערים און פוילקייט און מיסט,
און וואו יעדער בלום איז פאַרוועלקט און פאַרוויסט —
מיר וועבן! מיר וועבן!...

ס'פליט אום דאָס שיפל, דער טיש טאַראַראַכט;
מיר וועבן, מיר וועבן דורך טאָג און דורך נאַכט.
אָ גאָלד־לאַנד! מיר וועבן טאַכריכים פאַר דיר!
אַ דרייפאַכע קלאָלע אין זיי וועבן מיר —
מיר וועבן! מיר וועבן!..."

ש ווערע ווערטער:

אָפּגאָט — געץ.
צוואָויאַק — היפּאָקריט.
טאַכריכים — טויטן־קליידער.

# טעקסטיל-אינדוסטריע

אין דער אינדוסטריע זיינען באַשעפטיקט באַ אַ מיליאָן אַרבעטער. לויט דער צאָל אַרבעטער איז דאָס איינע פון די גרעסטע אינדוסטריעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די אינדוסטריע איז צעשפרייט איבערן גאַנצן לאַנד, אָבער מערסטנס איז זי קאָנצענטרירט אין די דאָרעמדיקע, נאָרט און מיטל אַטלאַנטישע שטאַטן..

די אַרבעטער ווערן געצוואונגען אריינצוטרעטן אין קאָמפּאַני-יוניאָנס, וועלכע פאַרהיטן די אינטערעסן פון די באַלעבאַטים. אַ טייל פון די טעקסטיל אַרבעטער זיינען מיטגלידער אין דער „יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן“, וואָס געהערט צו דער „אַמעריקאַן פעדערייישאַן אָף לייבאָר“

די „אַמעריקאַן פ. אָף ל.“ זוכט אויסצוגלייכן אַלע קאָנפליקטן צווישן אַרבעטער און באַלעבאַטים לעטוויוועס די באַלעבאַטים. זי איז קעגן סטרייקס און ביכלאַל קעגן יעטוועדן קאַמף, וואָס די אַרבעטער אונטערנעמען. וואו נאָר די „א. פ. אָף ל.“ איז פאַרמישט, פאַרלירן די אַרבעטער זייערע פאָדערונגען. די יוניאָנס, וועלכע געהערן צו דער „א. פ. אָף ל.“ פאַרנעמען זיך בלויז מיט קלייבן דיוס פון זייערע מיטגלידער און אָף אזא אויפן זיינען זיי אויך קאָמפּאַני-יוניאָנס.

פאַר די לעצטע עטלאכע יאָר האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אָרגאַניזירט אַ קעמפנדיקע יוניאָן, וואָס פירט אָן מיט אַלע זייערע קאַמפן. די יוניאָן הייסט „נעשאָנאַל טעקסטיל-וואָירקערס יוניאָן“ (פונקט אַזוי ווי די מיינערס האָבן אַ „נעשאָנאַל מיין וואָירקערס יוניאָן). די יוניאָן געהערט שוין צו דער „טרייד יוניאָן יוניטי ליג“.

די קעמפנדיקע יוניאָן פון די טעקסטיל-אַרבעטער האָט שוין אָנגעפירט מיט עטלאכע העלדישע קאמפן פון די טעקסטיל-אַרבעטער: אין פּאַסייק, גאַסטאָניא, ניו-בעדפאָרד.

# מיר, די מיל־אַרבעטער

(דערציילט פון אַ גאַסטאָניער סטרייקער)

## אין מיל

איך בין געבאָרן געוואָרן אין די בערג פון נאָרד קאַליפאָרניא. מיינע עלטערן זיינען געשטאָרבן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, און איך האָב זיך געהאָדעוועט בײַ מיין זיידן און באָבען. זיי זיינען געווען פאַרמערס אויף אַ געדונגענעם שטיק לאַנד.

איך האָב זייער יונג כאַסענע געהאַט. איך מיט מיין מאַן האָבן אויך געדונגען אַ שטיקל לאַנד און מיר זיינען געוואָרן פאַרמערס. ס׳לעבן איז געווען שווער; מיר האָבן געהאַט וואָס צו עסן, אָבער ניט גענוג אויף צו קליידן זיך. דערפאַר זיינען מיר אַוועק אַרבעטן ווינטער־צייט אין די קאַטן־מילן. אַלע בערג־לייט האָבן אַזוי געטאָן: ווינטער געאַרבעט אין מיל, פאַרדינט אויף קליידער און שיך און זומער צוריק אַוועק אויפן פאַרם.

די באַלעבאַטים פלעגן אַרויסשיקן זייערע מענטשן איבער די בערג־שטעטלאך און פאַרמס און איינריידן דעם עולם צו גיין אַרבעטן אין די מילן. זיי האָבן געזוכט איבערהויפּט גרויסע פאַמיליעס, ווייל דאַמאָלסט וועלן זיי האָבן אַ סאַך קינדער־אַרבעטער. זיי האָבן צוגעזאָגט פרייע באַן־הויצאָעס, אָבער די רייזע הויצאָעס האָבן זיי נאָכדעם פון דער ערשטער וואָך סכירעס אַרונטערגערעכנט. אַפריער האָבן די פאַרמערס ניט געהאַט קיין כיישעק צו פאַרלאָזן זייער ערד. די, וועלכע זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָט מען געגעבן אַ צונעמעניש „אָרימער שמוץ“. אָבער די לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער ערגער און דאַמאָלסט האָבן שוין אַלע גענומען פירן אין די מילן.

זיבן יאָר האָב איך געאַרבעט אין די לאָריי־מילן. פריער בין איך געווען אַ שפּינערן, אָבער דער טומל און היץ אין שפּין־צימער האָבן מיר קראַנק געמאַכט, און איך האָב געמוזט אויפגעבן מיין אַרבעט. די באַלעבאַטים האָבן מיך ניט אָפּגעלאָזט; זיי האָבן מיר געגעבן אַ נייע אַרבעט אין דער שפּול־אָפּטיילונג. דאָרטן האָב איך אָפּגעאַרבעט צוויי יאָר. איך האָב געשפּולט, אויסגעפּלאָנטערט פּאָדים און פאַרדינט 12 דאָלאַר אַ וואָך.

מיינער אַ אינגל האָט אויך געאַרבעט אין מיל. די ערשטע צייט האָט ער זיך צו דער אַרבעט ניט געקענט צוגעוואוינען; ער איז געוואָרן בלאַסער און שוואַכער. האָב איך אים געהייסן זוכן אַן אַנדער אַרבעט; ער האָט אַ פּאָר יאָר געאַרבעט אין אַ שפּייז־קראָם. אָבער נאָכדעם האָט ער געמוזט גיין צוריק אין מיל.

אַלע האָבן געאַרבעט פון שטיק. יעדע ווײַלע האָט זיך די אַרבעט פאַרהאַלטן, האָט מען געדאַרפט אָניאָגן, אַרבעטן שנעלער און שנעלער, צו פאַרדינען די וואָך סכירעס. ס׳האָבן דאָרטן געאַרבעט אַ סאַך קליינע קינדער.

איך האָב אליין געזען אַרבעטער־אינגלאַך, ניט עלטער פון צען יאָר, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען שוין פערצן. די קינדער האָבן אויך געאַרבעט 12 שאָ א טאָג.

מאַמעס מיט זויג־קינדער אַף די הענט זיינען אויך געגאַנגען צו דער אַרבעט. די קאָמפּאַניע האָט אויפגעבויט א ספּעציעלן צימער, וואו איבער־צולאָזן די פּיצלאַך קינדער. די מאַמעס האָבן געמוזט פאַרלירן צייט אַף אָנצוזויגן זייערע אויפעלאַך; די באַלעבאַטים האָבן יעדע פאַרלאָרענע מינוט אויסגערעכנט אַף געלט און אַרונטערגערעכנט פון די סכירעס.

מען האָט גענומען איינפירן די אויסצי (סטרעטש־אַוט) אָרדענונג. צוויי קנויל־אינגלאַך האָבן געטאָן די אַרבעט פון זיבן. מ׳האָט איינגעפירט נייע מאַשינען; מ׳האָט אַוועקגעשטעלט אויטאָמאַטישע שפּולערס און קריי־צערס. 12 נייע קרייצערס האָבן שוין געקענט טאָן די אַרבעט פון 72 אַלטע. פאַר נייע מענטשן איז געוואָרן שווער צו קריגן אַרבעט. מיר — די מיל־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן רעדן שטילערהייט וועגן א סטרייק.

צום ערשטן מאָל בין איך באַקאַנט געוואָרן מיטן אַרבעטער־קאַמף. ווען צו מיר איז צוגעקומען א קרייצער־אַרבעטער און מיך געפרעגט, אויב איך וויל זיך אָנשליסן אָן א יוניאָן, ער האָט מיר געגעבן אונטערצובאַסמענען א קאַרטל און פאַרזאָגט, אַז איך זאָל קיינעם גאָרנישט דערציילן.

יענעם שאַבעס בין איך געגאַנגען צו אָן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג און מאָנטיק האָט בא אונז אויסגעבראָכן א סטרייק.

## דער סטרייק

פיר אַזייגער אין אָוונט האָט שוין קיינער ניט געאַרבעט; מיר האָבן געוואַרט אַפן פאַבריק־פייפל און נאָכדעם זיינען מיר אַרויס אין גאַס.

אַרום די מילן איז געשטאַנען א ריזיקער אוילעם אַרבעטער; בלויז איינציקע געציילטע זיינען אַריין אינווייניק צו דער אַרבעט. צווישן זיי איז געווען א מיידל, וועלכע האָט פאַרנומען מיין אָרט. איך האָב זי גענומען איינרעדן ניט אַריינצוגיין, האָט זי מיר קיין וואָרט ניט געענטפערט. איך וואָלט זי דאַמאָלסט צעריסן אויף שטיקער.

מיטוואָך האָט מען אונז שוין ניט געלאָזן פּיקעטן. מ׳האָט אונז אָפּגע־צאַמט מיט א שטריק און ניט צוגעלאָזן צום פאַבריק־טויער. נאָכדעם זיינען אָנגעקומען סאָלדאַטן פון דער נאַציאָנאַלער וואַך און זיי האָבן אונז ניט דער־לויבט צו גיין נענטער, ווי צוויי גאַסן פון די מילן.

איינמאָל האָב איך געפּרוּווט אַריינגיין אינעווייניק אין מיל, רעדן מיט אונזער פאַרוואַלטער וועגן דער יוניאָן. איך בין אַריין מיט דער באַ־גלייטונג פון צוויי סאָלדאַטן. אָבער דער פאַרוואַלטער האָט מיך ניט אויפ־גענומען, ער האָט אַרויסגעשיקט אָנזאָגן, אַז אויב עס איז יוניאָן געשעפטן, וויל ער מיך ניט זען.

אַ נאַכט שפּעטער איז אַף אונז אָנגעפֿאַלן אַ באַנדע פֿון 100 מיל־אָנגעשטעלטע און פּאָליציי־לייט און זיי האָבן צעבראָכן אונזער יוניאָן־קאַנטאָר אַף פּיצלאַך; נאָכדעם זיינען זיי באַפֿאַלן די קראָם פֿון דער וו. א. ר. (וואָירקערס אינטערנעשאָנאַל רעליף) אויסגעהאַקט די שויבן, אַרויסגעשליידערט די שפּייז אין מיטן גאַס און צעשמעטערט דעם גאַנצן בנין. שפּעטער האָבן מיר געפֿונען אין די אָנגעשליידערטע קופּעס, פּאָליציי־בענדלאַך, דובינעס און פֿאַרשיידענע געצייגן פֿון דער מיל.

אונזערע פּיקעט־ליינס פֿלעגן גלייך אָפּגעבראָכן ווערן. די סאָלדאַטן פֿלעגן טרייבן דעם עוילעם מיט זייערע ביקסן און באַיאָנעטן און די פּאָליציי האָט געשלאָגן און אַרעסטירט. איך געדענק איין אָוונט, ווען מ'האָט אונז פֿאַרטריבן פֿון דער פּיקעט־ליין ביז צו אַ קראָם. איך האָב זיך דאָרט אַרויפֿגעכאַפּט אַף אַן אַלטן מאַן, וועלכער האָט געטאַינעט, אַז ער האָט גאָרנישט ניט געטאָן. זיי האָבן אים צונויפֿגעדרייט די הענט און אַריינגעשליידערט אין אַן אָטאָמאָביל. דער פּאָליציי־„טשיף“ האָט געהאַלטן אין איין שרייען: „קלייב זיך, צום טייוול, אַרויס פֿון דאַנען!“ לעבן מיר איז געשטאַנען אַן אַלטע פֿרוי און אַ דעפּיוטי־פּאָליציימאַן האָט זי געשטאָכן מיט זיין באַיאָנעט. איר פּלייצע איז געווען באַגאָסן מיט בלוט; נאָכדעם האָבן זיך דריי פּאָליציי־לייט אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף איר, צונויפֿגעדרייט איר די הענט און אַוועקגעשלעפּט זי אין טפּיסע. דאָרטן האָט מען זי שטאַרק צעשלאָגן; ס'איז געווען אַ שרעק צו קוקן אַף איר, ווען זי איז פֿון דאָרטן אַרויס.

אָבער אַלע פֿאַרפֿאָלגונגען האָבן בלויז פֿאַרשטאַרקט דעם גייסט פֿון די סטרייקער. אַרבעטער פֿון אַרומיקע מילן זיינען צוגעשטאַנען צו אונזער יוניאָן. מען האָט מורא געהאַט אונז פֿאַרדינגען אַ דירה פֿאַר אַ הילף־קראָם, אָדער פֿאַר אַ יוניאָן־אָפֿיס, די קאָמפּאַניע־לייט זאָלן די דירה ניט אונטערצינדן. די קאָמפּאַניע האָט אונז אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפֿן פֿון די הייזער. אונזערע זאַכן האָבן זיך געוואַלגערט אינמיטן גאַס; אַנדערע סטרייקער האָבן דאָרט אויפֿגעשטעלט זייערע בעטן און געקאָכט אין גאַס דאָס ביסל שפּייז, וואָס מען האָט געקראָגן פֿון דער וו. א. ר. די ערשטע זאַך האָבן מיר נעזען צו באַזאָרגן די פֿרויען און קינדער. די וו. א. ר. האָט אונז צוגעשיקט ביידלאַך, האָבן זיך אַהין אַריינגעקליבן אונזערע פֿאַמיליעס.

איינמאָל באַדערנאַכט איז דער קאָמיטעט פֿון 100, פֿון די קאָמפּאַניע־לייט, אָנגעפֿאַלן אַף אונזער פֿאַרזאַמלונג און פֿאַרוואָרפֿן אונזערע רעדנער מיט פֿוילע אייער. די פּאָליציי האָט קיין איינעם פֿון זיי ניט אַרעסטירט.

## אַרעסטן און פּאָליציי־ברוטאַליטעט

די סטרייקער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ פּיקעט־ליין, מאַרשירן צו די מילן. די פּאָליציי האָט דעם מאַרש אָפּגעבראָכן. ס'האָט זיך פֿאַר־

שפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער פּאָליציי־טשיף מיט זיין אוילעם פּלאַנעוועט אַן אָנפּאַל אַף אונזער יוניאָן־צענטער. אַ גרופּע סטרייקער האָבן דעם פּלאַץ באַוואַכט. באַלד איז אָנגעקומען פּאָליציי אין אַוטאָמאָבילן און אָנגעהויבן גלייך צו שיסן. פּאָליציי־קוילן זיינען געפלויגן אין אַלע זייטן. אין יענעם אָנפּאַל איז דער פּאָליציי־טשיף געהאַרגעט געוואָרן. ווער עס האָט אים געשאָסן ווייס קיינער ניט ביז היינטיקן טאָג.*)

אונזער אוילעם איז פאַריאָגט געוואָרן. דער מאָב איז אָנגעפאַלן און צעריסן אַלע יוניאָן־ביכער און צעשליידערט דאָס ביסל שפּייז, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. פון דאָרט זיינען זיי אַוועק צו אונזער געצעלטן־קאָלאָניע; די מענער האָט מען אַרעסטירט און די פרויען האָט מען באַפוילן זיך אָפּצוטראָגן וואָס גיכער. אַנדערע פרויען, מיט קינדער אַף די הענט, האָבן געדאַרפט גיין מיילן־ווייט אין יענער נאַכט.

די געצעלטן האָט דער מאָב צעוואָרפן און די דילן האָט מען אויפגעריסן; דאָס ביסל מעבל האָט מען צעשליידערט אויף אַלע זייטן און מיר האָבן עס קיינמאָל ניט געקענט געפינען.

אַף מאָרגן בין איך מיט אַ כאַווערטע געגאַנגען איינקויפן שפּייז פאַר די הונגעריקע סטרייקער. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ רעסטאָראַן אויסטרינקען אַ קאַפע. פּאָליציי איז אַף אונז דאָרטן אָנגעפאַלן און מ'האָט אונז ביידן אַרעסטירט.

מ'האָט אונז אַריינגעפּאַקט, פיר אַרעסטירטע, אין אַ קליינעם צעל. קיין וואַסער, אַף צו וואַשן זיך, האָט מען אונז ניט געגעבן. עסן האָבן מיר געהאַט: צוויי „סענדוויטשעס“ אינדערפרי און צוויי אין אָוונט. וואַסער האָבן מיר אַלע געטרונקען פון אַ פאַרזשאַווערטער קאַן.

שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, האָבן מיר געהערט, ווי די פּאָליציי איזדיעקעוועט זיך איבער אונזערע מענער. מיר האָבן געהערט, ווי מען שליידערט זיי אַף אַלע זייטן, און זייערע הענט־קייטן קלינגען. מיר האָבן געזען, ווי מען פירט זיי אין געריכט. איינעם האָט מען געפירט אַ צעשלאָגענעם, אינגאַנצן איינגעשמירט אין בלוט.

אין אונזער פרויען־אָפּטיילונג האָט מען איינמאָל, באַדערנאַכט, אַריינגעוואָרפן דורכ'ן פענסטער אַ טרער־באָמבע. די גאַז איז אַריין צו אונז אין די אויערן, אין די אויגן און אין מויל; די אויגן האָבן מוירעדיק געשמאַרצט. מיר האָבן זיך איבערגעדעקט מיט אַלע קאָלדרעס, כדי צו קאָנען אָטעמען און אַנטשלאָפן ווערן.

די קלאַגע געגן מיר איז געווען: כ'האָב אַרומגעטראָגן מיט זיך וואָפן, מיט דער קאַוואָנע צו האַרגענען. אפן פינפטן טאָג האָט מען מיך באַפרייט.

# מיר, די מיל־אַרבעטער.

דער סטרייק וואָלט זיך נאָך לאַנג געצויגן, ווען ניט דער הונגער צווישן די קינדער. אַ סאַך פון זיי ליידן פון פעלאַגראַ (אַ קראַנקהייט, וואָס קומט פון עסן נאָכאַנאַנד איין סאָרט שפּייז). אין די בערג האָבן מיר ניט געהאַט קיין קליידונג, עסן איז אָבער אַלעמאָל געווען. צייטנווייז טראַכטן אונזערע, גיין צוריק אין די בערג; אָבער איינמאָל אריין אין מיל, איז שוין שווער פון דאָרט אַרויס.

מיר אַרבעטן פון זעקס אינדערפרי ביז זעקס פאַרנאַכט; פאַר די לעצטע צוויי יאָר האָב איך דורכגעלאָזן בלויז אַ טאָג און אַ האַלב פון דער אַרבעט. מיר אַרבעטן אויך אין די יאָנטעוודיקע טעג, אַפילו דעם פערטן יולי האָבן מיר געאַרבעט ביז זעקס פאַרנאַכט. נאָכדעם האָט די קאָמפּאַניע געשאָסן פייערווערק פון אַ פּאַרק.

מיר זיינען איצט צוגעוואוינט צו אַן אַנדער סאָרט לעבן; איך דענק, אַז דער גרעסטער טייל פון אונז וועט שוין קיינמאָל ניט גיין צוריק אין די בערג. מיר זיינען מיל־אַרבעטער.

*) אין דעם אָנפאַל פון דער פּאָליציי אויף דעם יוניאָן צענטער זיינען נענדליקער אַרבעטער פאַרוואונדעט געוואָרן. דער טשיף פון פּאָליציי איז אַליין אויך פאַרוואונדעט געוואָרן און אַף מאָרגן איז ער געשטאָרבן פון וואונדן. קיינער ווייס ניט, ווער עס האָט אים דערהאַרגעט.

פונדעסטוועגן זיינען הונדערט סטרייקערס אַרעסטירט געוואָרן און דרייצן פון זיי, די פירער, האָט מען געשטעלט אונטער דער קלאַגע פון מאָרד. דאָס האָט געמיינט פאַר זיי פאַרברענט צו ווערן אויפן עלעקטרישן שטול!

די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער שוץ (אַי. על. די.) האָט אָרגאַניזירט אַ העלדישע פאַרטיידיקונג, גרויסע אַרבעטער מיטינגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, טויזנטער אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט.

די באַלעבאַטים האָבן זיך דערשראָקן פאַרן צאָרן פון די אַרבעטער און באַפרייט אַלעמען, אַחוץ זיבן. די זיבן זיינען פאַרמישפּעט געוואָרן פון 17 ביז 20 יאָר טפיסע. דער פאַל איז ניט דער איינציקער. פאַר דעם פאַל און זינט דאַמאָלסט זיינען פאָרגעקומען נאָך אַזוינע און ענלאַכע געשעענישן.

אַ ר ב ע ט ן:

1. רעכן אויס די מיטלען, וועלכע די באַלעבאַטים נוצן אויס אין קאַמף קעגן סטרייקער.
2. רעכן אויס פון וועלכע עלעמענטן באַשטייט דער „קאָמיטעט פון 100“.
3. די מערסטע מיל־אַרבעטער אין דאָרעם זיינען פריער געווען — — — — —
4. זיי האָבן פאַרלאָזן זייער פריערדיקע באַשעפטיקונג ווייל — — — — — —
5. די סטרייקערן, וועלכע שרייבט די געשיכטע, זאָגט, אַז מערסטע פון זיי וועלן שוין צוריק אין די בערג ניט גיין.

וואָס זאָלן זיי טאָן, קעדיי צו פאַרבעסערן זייער לעבן:

1. גיין צוריק אין די בערג — — — — — — — —
2. אָנפירן אַ קאַמף, קעדיי צו פאַרבעסערן זייער לעבן באַ דער מיל — — — — — — — — —

דיסקוטירט די פראַגע. שטרייכט אונטער דעם ריכטיקן ענטפער.

# עלא מעי וויגינס

(אַ טעקסטיל־אַרבעטערן אין גאַסטאָניא.)

איך וועל אייך אַ מאַיסעלע, קינדער, דערציילן.
די מאַיסעלע וויל איך מיט אייך זיך טיילן.
און וועט איר עס לייענען, וועט איר עס הערן —
קען זיך נאָך טרעפן, איר'ט אומעטיק ווערן.
קאָן זיך נאָך טרעפן, אַ טרער וועט זיך שטעלן
בא איינעם; און איינער וועט גלויבן ניט וועלן.
עס איז אָבער עמעס, עס האָט זיך געטראָפן,
און אָט ווי די מאַיסעלע האָט זיך פארלאָפן: —
אַ שטעטל פאַראַנען אין „נאָרט קאַראָליינאַ",
אַ שטעטל אַ קליינע, אַ שיינע, אַ פיינע.
מיט בערגלאַך און ביימלאַך, און בלומען אפילע...
און עלאַ מעי וויגינס, אַ בלום אויך, אַ שטילע,
אַ מאַמע מיט קינדערלאַך פינף אין איר שטיבל,
אַ שטיבל — ניט גרעסער פון אָט אזא גריבל.
און האָרעווען פלעגט זי פון פריען באַגינען
פאַר אירע פינף קינדער אף ברויט צו פאַרדינען.
און האָרעווען פלעגט זי באַם וועבשטול, און וועבן,
און פלעגט זיך פאַרדינען קוים קוים אויף צום לעבן.
און וועבנדיק, שפינענדיק, פלעגן זיך שפינען
געדאַנקען און לידער בא איר אינם זינען.
געדאַנקען פון ביטערער נויט אין איר שטיבל,
איר שטיבל — ניט גרעסער פון אָט אזא גריבל.
און לידער פון אייגענער נויט, און פון פרעמדער
פון די וואָס זיי וועבן געוואַנטן און העמדער,
געוואַנטן אף בעט־צייג און טייערע בגאָדים
פון זייד און פון וואָל, און פון פלאַקסענעם פאָדים.
וואָס וועבן פון פריען באַגינען ביז אָוונט,
און ווערן דורך נויט און דורך פראַצע זיך נאָענט.
נאָענט ווי אייגענע שוועסטער און ברידער,
נאָענט ווי ווערטער, וואָס וועבן־אויס לידער;
נו זיינען די לידער געוואָרן אויך נאָענט
בא וועבער וואָס האָרעווען שווער ביז אין אָוונט.
ווייל יעדער פלעגט פילן, און יעדער פלעגט הערן
אין קלאַנג פון די לידער — זיין גורל זיין שווערן.

און זינגענדיק פלעגן זיך שטאָלן געמיטער
אַזוי ווי דער סערפּ אין דער האַנט פון׳ם שניטער.
און לידער פון נויט ווי דער שאַרפער קלייזאַיען
פלעגט קלינגען מיט מוט און מיט פרייד פון באַפרייען.
און וואונדער... עס פלעגן געבויגענע שקלאַפן
וואָס ליידן און וועבן, וואָס ליידן און שאַפן —
מיט איינמאָל ווי העלדישע שטאָלצע רעבעלן
נעקרעפטיקט, געאייניקט אין רייען זיך שטעלן,
און זאָגן: „מיר וועלן פאַר אייך מער ניט וועבן
און שטאַרבן פון הונגער, — מיר ווילן אויך לעבן!״
דאַן פלעגן פאַרציטערטע בלייבן די גראַפן,
די וועבער־באַראָנען, פאַר זייערע שקלאַפן.
ווייל שטיל פלעגן בלייבן די רעדער וואָס וועבן
פאַר זיי אַ גאַניידן פון גליקלאַכן לעבן,
ווייל שטיל פלעגן בלייבן די שוואַרצע פאַבריקן,
וואָס פלעגן פון שקלאַפן, אַ גאָלדשטראָם אויסדריקן.
און עלאַ מעי וויגינס, די מאַמע, פלעגט קוועלן
ווי ס׳ווערן דערשלאָגענע שקלאַפן — רעבעלן.
און דאָס האָט די גראַפן, די שלעכטע, פאַרדראָסן.
און זיי האָבן עלאַ מעי וויגינס דערשאָסן.

— — — — — — — — — — — — — — —

דערשאָסן אינמיטן דער גאַס אויף אַ וואָגן,
און ס׳האָבן די וועבער געבראַכט איר צוטראָגן
מיט קעפּ אָנגעבויגן, צום שוועל פון איר שטיבל,
איר שטיבל, — ניט גרעסער פון אָט אַזאַ גריבל.
און פינף קליינע קינדערלאַך, עלנט געבליבן,
ווי האַרבסטיקע בלעטלאַך פון שטורעם געטריבן,
זיי האָבן געיאָמערט און האָבן געשריגן,
ביז ס׳האָט זיי פאַרשלעפּערט דער שלאָף אין די וויגן.

— — — — — — — — — — — — — — —

דער טאָג איז אַ כמורנער געווען, און אַ נאַסער,
נאָר בלוט קאָן ניט שווייגן, און בלוט איז ניט וואַסער,
און ס׳האָבן דאַן פויסטן גענומען זיך בײַלן,
און שאַרף האָבן ווערטער געשאָסן ווי פײַלן,
דורך ליפּן פאַרביסן, דורך ציינער פאַרקריצטע,
דורך אויגן וואָס ברענען מיט פלאַמען צעבליצטע.
און ווער קאָן דען שווייגן? עס האָט דאָך פאַרדראָסן
פאַר אומשולדיק בלוט וואָס מ׳האָט דאָרט פאַרגאָסן.

עס גייען אום פריי דאָרט אין גאַס די גאַזלאָנים
פון עלאַ מעי וויגינס, אָן שאַנד אפן פּנים.

— — — — — — — — — — — — — — —

די מאַיסעלע לאָזט זיך נאָך וועבן און וועבן...
נאָר דאָס וועט גענוג זיין איך, קינדערלאך, כ'לעבן.

— — — — — — — — — — — — — — —

דערציילט דאָס מיט דיינע אייגענע ווערטער. שרייבט עס אָן.

# פאַרוואָס?

די אַרבעטער פון דער וואונסאַקעט רעיאָן קאָמפּאַני דאַרפן טראָגן קאַרטלאַך מיט זייערע פאָטאָגראַפיעס, וועלכע זיי דאַרפן ווייזן באַם אַריינגאַנג אין דער טעקסטיל-פאַבריק. אַלע טויערן אין דער פאַבריק ווערן שטרענג באַוואַכט און קיין מענטש אָן אַ פאַספּאָרט ווערט ניט אַריינגעלאָזן.

די אַרבעטער ווערן אויפגעפאָדערט צו עסן זייער מיטאָג אין פאַבריק. די אַרבעטער פאַרבלייבן געפאַנגען גאַנצע צען שאָ אַ טאָג. די אַרבעטשטונדן זיינען 54 שאָ אַ וואָך. די פאַבריק באַשעפטיקט אַרום 400 אַרבעטער.

אנו, קינדער, טרעפט, פאַרוואָס דאָס איז איינגעפירט געוואָרן.

# וועבער-ליד

צוויי אייזערנע דאַמפשטולן,
איך וועב און איך וועב,
אין לונג ווערט אַ שפאַרע —
מיט שטויב זי פאַרקלעפּ.

איך וועב אוים מיין סכוירע,
זי גייט שוין גאָר וויט;
נאָר סיי ווי וואָס קריג איך —
איך שעם זיך פאַר לייט.

# ווידענע שטאָט

I

שטאָט.
שטאָט פון וועב־מאַשינען און פון זייד.
אומעטום, אויף אַלע דיינע גאַסן שטאַרן דיינע רויטע קוימענס.
אין דער הויך
פון די רויטע קוימענס קנוילט זיך און וויקלט זיך, צו פרי, צו שפּעט,
דער רויך.

II

פולע גאַסן זייד־פאַבריקן.
הענגט דער אומעט אף די גאַסן.
דורך די גרויע מויערן הערט זיך אַ געזשום פון זייד־מאַשינען
דורך די פענסטערלאך, די מאַטע, זעט מען וויקלען זיך די רימענס
אף די שויבן קריכן שטיקלאך שאָטנס שפּיגלען עפּעס אָפּ
פון אינווייניק.
דאַכט זיך: שאָטנס קריכן און דערציילן
מייסעלאַך פון אַרבעט,
פון הונגער און פון קאַמף.

# דער קראַנקער אַרבעטער

דזשיימס קראָפּאָרד האַלט באַם שטאַרבן.
אין אימפּיריאַל, פּענסילווייניע, צווישן די „וואוינונגען“ פון די סטרייקנדע מיינערס, לעבן אַ זומפּ, שטייט אַ „הייזל“, אַ נאָרע, אויסגעקלעפּט פון ליים. אינעווייניק אין אַ פינצטערן ווינקל, ליגט דזשיימס קראָפּאָרד און גויסעט.
וואָס האָט זיך געטראָפן מיט'ן אויסגעהאָרעוועטן קוילן־גרעבער?
דער ענטפער איז: הונגער.
קראָפּאָרדס ווייב, שאַרלאָט, אַלט און גרוי פאַר דער צייט, שטייט אַריבערגעבויגן איבער'ן בעט פון איר שטאַרבנדיקן מאַן.
וועט ער אויך אַוועק פון איר?

פאַר'ן סטרייק האָט שאַרלאָט געהאַט כוין אַ געזונטן מאַן, אויך פינף קינדער און טויבן, און קראַליקעס, און כאַזיירים. ווען דער סטרייק איז דערקלערט געוואָרן, מיט זעכצן כאַדאָשים צוריק, האָט די פּאָליציי, וועלכע שטייט אין דינסט פון די מאַין־אייגנטימער, אָנגעהויבן בושעווען. די קראָפּאָרדס האָט גראַד קיינער ניט געטשעפּעט ביז מיט עטלאַכע כאַדאָשים צוריק. זייער ריי איז אָבער געקומען.

דער „קאָנסטייבל“, דזשאַן משעסבאַראַ, האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם ליימענעם הייזל און אַרעסטירט דזשיימסן. סטאַם אַזוי. דערנאָך איז טשעסבאַראַ געקומען און האָט צוגענומען די צוויי כאַזיירים, צוועלף קראַליקעס, עטלאַכע הינער און עטלאַכע טויבן — דאָס גאַנצע פּאַרמעגן.

שאַרלאָט זאָגט, אַז צווישן די מאַינערס פון איר געגנט איז דאָס ניט קיין נייעס. די פּאָליציי אַרבעט פאַר די מאַין־אייגנטימער און זי טוט, וואָס זי וויל. אָבער כוין די קראַליקעס, די כאַזיירים און די טויבן האָט מען אויך צוגענומען אַלע פינף קינדער — פון דער אינגסטער, צוויי־יאָריקער, מערי, ביז דעם עלטסטן זון. צוגענומען און אַוועקגעפירט אין אַן „אינסטיטושאַן“.

דזשיימסן האָט מען פאַרקלאָגט פאַר אַרומשלאָנדערן זיך. אָבער דער „סקווייר“ ס. ב. בוירנס, וועלכער אַרבעט פאַר דער קאָמפּאַניע, האָט געזאָגט:

— דזשיימס, גייסט צו דער אַרבעט, לאָז איך דיך אַרויס!

האָט דזשיימס געענטפערט:

— אַ סקעב ווערן? קיינמאָל נישט!

איז דזשיימס געזעסן צוואַנציק טעג אין טורמע. ווען ער איז אַרויסגעקומען, איז ער געווען קראַנק, זייער קראַנק. די זאָרג פאַר די קינדער און דער הונגער האָבן געמאַכט פון אים אויס מענטש. אין טורמע האָט מען אים קימאַט ניט געגעבן קיין עסן. שאַרלאָט איז שיר ניט מעשוגע געוואָרן, אַרומלויפנדיק וועגן די קינדער. קיין געלט צוצופאָרן אין דער „קאַונטי“ האָט שאַרלאָט ניט געהאַט. ווען זי האָט דערזען דזשיימסן, האָט זי שוין פאַרגעסן אָן די קינדער און האָט זיך גענומען ראַטעווען איר מאַן.

שאַרלאָט איז אַוועק אין אָפיס פון דער נעשאָנאַל מאַינערס רעליף אין אימפּעריאַל. די רעליף־טוערן איז געקומען אין דעם ליימע־

נעם שטיבל, וואָס לעבן זומפּ. די מאַינערס האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייער רעליף, קעדיי די קראָפּאָרדס זאָלן האָבן מער מילך און אַנדערע שפּייז. אָבער דער דאָקטאָר שאָקלט מיט׳ן קאָפּ.

וועט דזשיימס שטאַרבן?

וועט שאַרלאָט קריגן אירע קינדער?

וואו וועט שאַרלאָט נעמען געלט? וואו וועט זי נעמען שפּייז פאַר די קינדער, ווען זי וועט זיי שוין קריגן?

קענט איר, קינדער, ענטפערן אַף די פראַגן?

# די קוילן־גרעבער אין קאָלאָראַדאָ

די קוילן־גרעבער פלעגן אַרבעטן 11־10 שאָ א טאָג. די סכירעס זיינען דורכשניטלאַך געווען 2 דאָלער מיט 61 סענט אַ טאָג און אין אַ סאַך פאַלן 1 דאָלער מיט 71 סענט אַ טאָג. קינדער אונטער 16 יאָר פלעגן גיין אַרבעטן. די קלעגלאַכע סכירעס האָבן די קוילן־גרעבער ניט געקראָגן אין מעזומען. די קוילן־גרעבער האָבן געמוזט וואוינען אין די הייזלאַך, וואָס די קאָמפּאַני׳ע האָט פאַר זיי געבויט, קויפן אין זייערע קראָמען און געשעפטן.

די מאַין־אַרבעטער פון קאָלאָראַדאָ האָבן געמאַכט אַ סאַך פאַר־זוכן אויסצוקעמפן אַ בעסערן לעבן. די געשיכטע פון זייערע קאַמפן זינט דעם יאָר 1903 איז אַ העלדישע און אַ בלוטיקע. די שוידערלאַכ־סטע געשיכטע פון זיי אַלע איז די געשיכטע פון לודלאָוו 1914־1913.

דעם 22טן סעפּטעמבער 1913 זיינען 11,232 מאַינערס אַרויס אין סטרייק. די קאָמפּאַני׳עס האָבן זיך גלייך באַזאָרגט מיט דעטעקטיווס, אונטער דער פירערשאַפט פון דער דעטעקטיוו־ביוראָ באָלדווין־פעלטס. ערעוו דעם סטרייק האָבן די דעטעקטיווס דערשאָסן דעם אָרגאַנייזער פון סטרייק אין מיטן גאַס פון טרינידאַד. די מאַינערס זיינען אַרויס־געוואָרפן געוואָרן פון די הייזער.

## די מיליץ אין דינסט פון די ראַקעפעלערס.

דער גאָווערנאָר אמאנס פאַראָרדנט די מיליץ צו פאַרנעמען דעם סטרייק־געגנט. די סטרייקערס האָבן געגלויבט, אַז די מיליץ וועט זיין אומפּאַרטייאיש, האָבן זיי זיך אַנטוואָפנט.

אין איין שיינעם פרימאָרגן איז צוגעפאָרן דער „טויט-ספעשל“, דאָס איז געוועזן אַ געפּאַנצערטער אויטאָמאָביל פון דער „קאָלאָראַדאָ אייראָן ענד פיועל קאָ.“, צו דער „פארב קאָלאָניע“. אַ געדונגענער באַנדיט אונטער אַ וויסער פאַן איז אַרויס פון אויטאָמאָביל און גענו־מען שיסן פון אַלע זייטן אַף די סטרייקערס. די מיליין איז צוגעשטאַ־נען צו דער אַרבעט.

אַט וואָס עס דערציילט אַן 11־יאָריק אינגעלע, יעסקענסקי: זיין מאַמע איז אַוועק, זיין טאַטע איז אַ קאַליקע, זיין פוס האָט ער פאַר־לוירן אין אַ מאַין־איפריים. די מיליין האָט זיך אַריינגעריסן אין הויז און האָט אָנגעהויבן פאַגראַמירן. זיי האָבן איפגעעפנט אַ קופערט און האָבן אַרויסגענומען די 200 דאָלער, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן אָפּגע־שפּאָרט פאַר יאָרן־צייט.

מיליציאָנערן האָבן געהייסן גראָבן קוואָרים פאַר די סטרייקערס. קיין לעבעדיקע זיינען זיי שוין פון דאָרט ניט אַרויס.

טעראָר פון מיליץ האָט דערגרייכט דעם קלימאַקס אין דעם פּאָ־גראָם פון דער לודלאָוו־קאָלאָניע. זונטיק, דעם 19טן אַפּריל 1914, איז געווען אַ באָמבע־אויפריים ניט ווייט פון מאיאָר העמראַק. עס איז געווען ווי אַן אָפּגערעדטער סיגנאַל אָנצוהייבן די אַרבעט. קוילן האָבן גענומען האַגלען פון אַלע זייטן.

„פון איינעם פון די גרובן“, שרייבט די „וואָירלד“, 5טן מאַי 1913, „לויפט אַרויס דער 11־יאָריקער פרענק סניידער. ער וויל נעמען אַביסל וואַסער פאַר זיין אָפּגעשוואַכטער מאַמען און שוועסטער. אַ קויל טרעפט אים אין קאָפּ. ער פאַלט צוריק אַריין אין גרוב אַ טויטער.“

טיקאָס, אַ גריכישער מאַינער־אַרבעטער, שטעלט איין זיין לעבן און אונטערן האַגל פון קוילן לאָזט ער זיך צום מאיאָר העמראַק, ער זאָל אָפּשטעלן די מערדעריי. ער ווערט געפאַנגען, און מען באַשליסט אים הענגען. דער בלוטדורשטיקער מיליציאַנט קען זיך ניט דער־וואַרטן. ער גיט אַ זעץ מיט זיין שטעקן איבער׳ן מאַינערס קאָפּ און לייגט אים אַוועק אַ טויטן.

קיין דאָקטוירים און נוירסעס זיינען ניט צוגעלאָזט געוואָרן צו די פאַרוואונדעטע מאַינערס. פּויל דזשאלי, אַ נוירס, דערציילט, אַז איינינקע „רויטע קרייצן“ האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו לינ־דערן די וואונדן פון די אומגליקלאַכע. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט

צו שיסן אין דער פאָן פון רויטן קרייץ. די טויטע האָט מען באַגאַנ־וועט. קינדער זיינען פאַרברענט געוואָרן. 11 קינדער און 2 מוטערס זיינען אונטערגעצונדן און פאַרברענט געוואָרן. ווען אַן אייזנבאַן־אַרבעטער איז פאַרבייגעגאַנגען און געזען ווי אַ קינד ברענט, האָט ער עס געוואָלט ראַטעווען, אָבער די מיליציאַנטן האָבן אים ניט געלאָזט.

אָט אַזוי האָט ראָקעפעלער דערטרונקען דעם סטרייק אין טייכן בלוט.

אַ ר ב ע ט:

1. רעכן אויס די מיטלען, וואָס די באַלעבאַטים האָבן אויסגענוצט אין קאַמף מיט די סטרייקערס.
2. איר האָט, מיסטאָמע, געהערט, אַז ראָקעפעלער און אַנדערע גרויסע קאַפּיטאַליסטן גיבן גרויסע סומען געלט פאַר פילאַנטראָ־פּיע (טשאַריטי). זיי עפענען האָספּיטאַלן, קינדערהיימען א. אז. וו.
   (1) פון וואַנען גייען די גרויסע סומען געלט?
   (2) פאַרוואָס טוען זיי דאָס?
   (3) וואָס וואָלט געווען אייער פאָרשלאַג וועגן דעם?



ארויסגעטריבן.

# אַרויסגעטריבן

א גאנצן טאָג האָט זיך געוואָרעט צווישן די צעקרימטע הילצערנע הייז־לאך. דורך צעפראַלטע טירן האָט מען געשלעפּט פּעקלאך. דאָס געסל איז פאַרליינט געוואָרן מיט מעבל, קליידער, בעטגעוואַנט און קיך־געשיר.

אייניקע האָבן זיך געאַקשנט. שווער געווען צו רירן. יאָרן דאָ אָפּגע־לעבט. קינדער אויסגעהאָדעוועט, געוויינט און געפרייט זיך. ס׳רירט זיך ניט אזוי.

די באַראַקן, שנעל צונויפגעקלאַפּטע, זיינען שוין געווען פאַרפולט, אי־בערגעגאַנגען מיט א װערך.

און נאָך און נאָך זיינען געקומען מיט די אָרימע בעבעכעס.

די אַקשאָנים האָבן זיך ניט געוואָלט רירן.

ביל איז געווען צווישן זיי. פאַראַקשנט, מיט פאַרביסענע ליפּן, מיט שטעכיקע בליקן.

געקוקט אף דער בלייכער פרוי מיט פאַרטריקנטע ברענענדיקע ליפּן און געטראַכט: א טויטן וועלן זיי מיך פון דאַנען אַרויסטראָגן.

* * *

ס׳איז געווען א האַרבסטיקער טאָג. ס׳האָט זיך געזיפּט א שטעכיק רעגנדל. דאָס שוואַרצע געסל איז געווען בלאָטיק און אומעטיק. דורכ׳ן פענצטער האָט ביל געזען דאָס אָנקומען פון צוויי וועכטער. זיי האָבן זיך דערנענט צום הויז. נאָך זיי זיינען געגאַנגען צוויי מענער מיט סטאָליער־געציינג.

ס׳האָבן זיך דערהערט כוצפּעדיקע קלעפּ אף דער טיר.

איינער פון די וועכטער מיט א גאָרילאַ־פּאָנים איז אַרויס פאָרויס:

— מיר גייען אַרונטערנעמען דעם דאַך, די קאָמפּאַניע וויל איבערבויען דאָס הויז.

— דאָס הויז קאָסט מיך מער פון דער קאָמפּאַניע.

דער, וואָס מיט׳ן גאָרילאַ־פּאָנים, האָט א וואונק געטאָן, און זיי זיינען אַרויס.

באַלד האָט זיך דערהערט דאָס טרעשטשען פון דאַך. העק האָבן טעמפּ געהילכט איבער׳ן פאַרפוילטן האָלץ. שטויב האָט זיך זשמעניעס־ווייז גע־שאָטן, און באַלד זיינען שפּענער געפאַלן.

דאָס הויז האָט ווייטיקדיק געקרעכצט אונטער די שטאַרקע קלעפּ.

די קראַנקע האָט זיך אין היץ געדרייט אף אַלע זייטן און געגעצט מיט א שפּיץ פון ווייסן צונג די פאַרברענטע ליפּן.

ביל האָט דערפילט שטעכיקע טראָפּנס אפ׳ן פּאָנים. די טראָפּנס האָבן אָנגעהויבן צו שמייסן איבער׳ן בעט פון דער קראַנקער.

מיט פאַרביסענע ליפּן האָט ער געצוימט דעם צאָרן אין זיך, געשטייפּט די מוסקולן פון די פּיס, ער זאָל די טריט פון דיל ניט קענען אָפּרייסן. מיט־אמאָל זיך א ריס געטאָן אפּ׳ן גאַס. צוויי גאָרילאַ־פּענימער האָבן אים, ווי צערייצטע הינט, געוויזן שטעכיקע ציינער און מיילער פון ביקסן.

ער האָט גענומען זיין מאַנטל, אַריבערגעוואָרפן איבער׳ן בעט און מיט ברעטלאַך אימפּראָוויזירט אַ דעכל איבער דער פרוים פּאָנים.

דאָס גאַנצע בלוט פון זיין פּאָנים איז פאַרשוואונדן און זיינע הענט האָבן פיבערדיק געציטערט.

אַ פּאָר שכיינים זיינען אַריינגעקומען, געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ, גערעדט אָפּגעהאַקטע רייד און אים געבעטן:

— אָט, ביל, ביסט דאָך אַן אונזעריקער, אַקשן זיך ניט, קום מיט אונז.

ביל האָט פאַרביסן געשוויגן און געטראַכט.

פאַרנאַכט־צו האָט ביל געזען דורכ׳ן פענצטער, ווי די פאַרבליבענע אַקשאָנים שלעפּן זיך מיט די פּעקלאַך.

דאָס זעלביקע פערדל, דאָס פאַרשלאָפענע, האָט געשלעפּט דאָס ווייב זיינס מיט די קלימעקעס צו די באַראַקן.

דער לעצטער פון געסל איז אַרויס ביל.

אַ ר ב ע ט ן:

געפין אויס:

1. ווי אַזוי נעמען זיך די באַלעבאַטים דאָס רעכט אַרויסצוואַרפן די אַרבעטער פון די הייזער?
2. ווער קומט די באַלעבאַטים צו הילף?
3. וועלכע אָרג. העלפט די אַרבעטער?

# דאָס שטאָלענע שטעטל

שטייען אַלטע איינגעפאַלענע הייזלאַך און דערציילן פון גרויסער נויט. די שמאָלע געסלאַך זיינען פול מיט שמוץ און אָפּפאַל. דאָ האָבן די זיבן טויזנט שטאָל-אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס. זיי שאַפן שטאָל פאַר באַנען און רעלסן און מאַשינען, נאָר פאַר זיי האָט מען אָפּגעטיילט אַ טייל פון פאַרלאָזטן שטעטל ד ו ק י י ן, פון שטאַט פּענסילווייניע.

פרעמד געבוירענע, פון די סלאַווישע לענדער, האָט מען זיי אַהער צוגעפירט (?) צו מאַכן דאָס לאַנד. שטייען זיי געבויגענע אין די גליענדיקע פאַבריקן צו צען שטונדן אַ טאָג און גיסן שטאָל פאַר פיר־און־פערציק סענט אַ שעה. ברענגען דאָרט אויס קינדער זייערע יונגע טעג פאַר צוויי און צוואַנציק סענט א שטונדע.

און דערפאַר האָבן די שטאָל-מאַגנאַטן אויסגעשטעלט סאַלונס אַף יעדן ראָג אָפּצונאַרן און פאַרשיקערן די שטאָל-שאַפער, זיי זאָלן ניט טראַכטן, ווער ס׳האָט זיי פאַרשקלאַפט. און דערפאַר האָבן די שטאָל-פאַבריקאַנטן אַ סאַך קלויסטערס אויסגעבויט, אַז גאָט און דער גאַלעך זאָל זיי העלפן צו פאַרטומלען די אַרבעטער די קעפּ, זיי זאָלן זיך ניט באַקלאָגן אַף דעם שווערן לעבן.

די באַלעבאַטים האָבן זיך דאָרטן שטאַרק פאַרזיכערט מיט דער מאַכט. דער מעיאָר, דער ריכטער, דער פּאָסט-מייסטער און אַלע עלטסטע זיינען אַליין פאַבריקאַנטן. די גערעכטיקייט איז שטענדיק אַף זייער זייט. יעדער אַרבעטער, איידער ער שטעלט זיך שקלאַפן, מוז דורכגיין אַ דאָקטאָרס עקזאַמען. יעדער אַרבעטער מוז זיין אַ מיטגליד אין אַ קלויסטער און רעקאָמענדירט ווערן פון אַ „קו-קלוקס-קלעניק“, אַ געשעפטסמאַן אין שטעטל.

אַף יעדן שריט און טריט האָבן די באַלעבאַטים אָנגעשטעלט פּאָליציי און שפּיאָנען, אַכטונג צו געבן אַף די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן דינען געטריי די פאַבריקאַנטן.

און שנעל און פּיבערדיק מוז מען אַרבעטן. מע טרייבט, מע יאָגט וואָס מער שטאָל אויסצואַרבעטן. די טייוואָלים, די נייע יאָג-מאַשינען, די באָסישע היטערס, פּרעסן אַרויס און פּרעסן אויף די קויכעס, מאַרך און בלוט פון די שעפער. ווערט מען שוואַך און קראַנק און אַלט אין די יונגע יאָרן. לאַכן זיך אויס די קאַפּיטאַליסטן פון זיי. ניטאָ קיין פאַרזיכערונג פאַר אַ קראַנקן אַרבעטער, פאַר אַ פאַרוואונדעטן אין פאַבריק. מע וואַרפט אים אַרויס אַף שמוץ און הפקר.

פאַר די יונגע אַרבעטער אָרגאַניזירן די באַלעבאַטים קלובן, פאַר די קינדער — „באָי-סקאַוט“-גרופּעס. און די פאַבריקאַנטן פירן מיט זיי אָן, דערציען זיי צו זיין גוטע פּאַטריאָטן פאַרן אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם און גיין אַף מילכאָמעס פאַר׳ן פאָטערלאַנד.

נאָר אויבן, אפן שיינעם באַרג, אַנטקעגן דעם אַרבעטער קוואַר-טאַל, איז שיין און רייך דאָס שטעטל. דאָרטן וואוינען די פאַרוואַלטער פון די שטאָל-פאַבריקן, די געערטע מיטגלידער פון דער „קאַרנעגי סטיל קאָרפּאָריישן“, די שנאַפּס-שמוגלער, גאַלאָכים און דעטעקטיווס.

דאָרטן שטייען שיינע ווילעס ארומגערינגלט מיטביימער און

בלומען. פון די פענסטער טראָגן זיך טענער פון מוזיק און פריילאכער געלעכטער. זיי איז גוט, די שטאָלענע קוימענס ברענגען פאַר זיי פרייד און גליק. נאָר פאַר די שעפער פון שטאָל האָט מען אָפגעטיילט איינגעפאַלענע הייזלאך, וואָס דערציילן פון גרויסער נויט אין דעם שטאָלענעם שטעטל.

שווערע ווערטער:

מאַגנאַט — גרויסער געוויר.

אַרבעט:

1. וועלכע מיטלען נוצן אויס די שטאָל מאַגנאַטן, קעדיי מער צו פאַרשקלאַפן די אַרבעטער:
2. געפין אויס, ווער עס זיינען די „קו־קלוקס־קלען".

# וואַש־צימער „פאַר קאָלירטע"

אָקלאַהאַמאַ סיטי, די הויפּט־שטאָט פונ׳ם שטאַט אָקלאַהאַמאַ, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט רייכסטע אויל־קוואַלן און אָרימסטע נויט־קוואַלן.

דער אויטאָבאָס גיט אַ פאָר אַריין אינ׳ם־גרויסן סטאַנציע־הויף. פּאַסאַזשירן שטייגן אויס, ציען זיך אויס, גלייכן זיך אויס די ביינער.

איך טשעק מיין באַגאַזש און לאָז זיך אין וואַש־צימער זיך אַרומוואַשן. אַ נעגערישער באָכער פאַרהאַלט מיך אינ׳ם קאָרידאָר:

— יו קענ׳ט גאָ אין הי׳אה, סאָ׳ה.

....

— ווהאַי?

— ביקאָז דיס הי׳אה וואשינג־רום, סאָ׳ה, איז דזשאָסט פאָר קאָלאָרד, סאָה.

אַ וואַש־צימער בלויז פאַר „קאָלירטע".

זיינע גרויסע ווייסלדיקע אויגן האָבן געקוקט אַף מיר מיט אַזאַ איבערצייגנדיקן ערנסט און זעלבסטפאַרשטענדלאַכקייט, אַז איך האָב זיך פאַרשעמט — פאַר זיך אַליין.

און מיט דער זעלבער נאַטירלאַכער נאַאיווער מינע האָט ער מיר אָנגעוויזן אַ וואַש־צימער „פאַר ווייסע".

איצט האָב איך שוין געוואוסט, אַז איך געפין זיך אין דער סאַוט.

1. פאַרוואָס האָט זיך דער שרייבער פון די שורעס פאַרשעמט?
2. דער נעגער אַליין האָט זיך באַצויגן צו דעם —




בלויז פאר די „ווייסע“.

# „רייבן עלנבויגנס“

ס'איז געווען אויפ'ן וועג צווישן אקלאהאמא סיטי און דאלאס, טעקסאס. אין לעקסינגטאן, אקלא., האט באדארפט ארויפשטייגן א שווארצע פרוי, א נעגערטע. דער אויטאבאס איז געווען קימאט פול. בלויז צוויי פלעצער פון דער הינטערשטער ריי, וואס באשטייט פון פיר זיץ־פלעצער, זיינען געבליבן נישט פארנומען. א נייעם פאסאזשיר איז אויסגעקומען זיך צו זעצן לעבן די צוויי שוין איינגעארדנטע פאסאזשירן. דער שאפער איז געווען אין א פאר־לעגנהייט און נישט געוואוסט וואס צו טאן. ער האט געהאלטן איר בילעט אין האנט און אים געדרייט פון אלע זייטן.

ס'איז קענטיק געווען, אז ער האט איבער דער צייט, וואס ער האט געהאלטן איר בילעט, נאכגעטראכט וואס ער זאל מיט איר טאן. אזא פאל איז אים נאך מיסטאמע קיינמאל נישט אויסגעקומען. לויט'ן געזעץ פון זיין קאמפאני, מוז ער אויפ'ן וועג ארויפנעמען יעדן פאסאזשיר, וואס האט א בילעט — אויב ס'איז פאראן ליידיקער פלאץ — אפילו שווארצע. מען זעצט זיי געוויינטלאך גאר הינטן. אבער דאס מאל איז געווען אן אומ־באקוועמע לאגע, ווייל די סאמע הינטערשטע ריי איז אויך שוין געווען האלב־

פארנומען. פון ביידע זייטן איז מען געזעסן. ווייסע מענטשן זיינען געזעסן. אין דערמיט איז געווען א שטיקל ליידיקער פלאַץ פאר נאָך צוויי.

אָבער דאָס איז די סאוט. ווייסע זיצן נישט מיט קיין שווארצע אין איין ריי. דזשים קראו האָט אזוי געזאָגט. און די סאוטערנער זיינען דזשענטל־לייט. זיי וועלן זיך נישט שטעלן קעגן דעם...

וואָס זשע זאָל דער שאָפער טאָן?

ער קוקט אפ׳ן אוילאָס, וואָס אינ׳ם אויטאָבאָס. אלע שווייגן. מ׳זיצט שטיל, פארביסן, אָנגעשטרענגט — מען הערט נישט קיין וואָרט. די שטילע, גליאיקע לינטש־געדאנקעלאך דארף מען האלטן פארשלאָסן, אין זיך.

די נעגער־פרוי איז געשטאַנען אינדרויסן מיט פעקלאך אין די הענט.

אלע מאָל האָט זי געביטן די הענט מיט די פעקלאך. איר פנים איז געווען נעבעכדיק און דערשוויצט.

דער שאָפער האָט באַשלאָסן צו מאכן אן ענדע צו דער סצענע. ער האָט זיך געווענדט צו די צוויי פאסאַזשירן, וואָס זיינען געזעסן פון הינטן:

— דענקט איר, אז ס׳וועט זיין גענוג פלאַץ פאר איר דאָרטן?

— איך דענק, אז נישט (איי דאָנ׳ט טהינק סאָו). — האָט א מיטל־יאָריקער מאן אָפגעענטפערט זייער ערלאך און סאליד, פאָרטזעצנדיק דאָס פּיפּקען פון זיין ציגאַר.

די פאסאַזשירקע פון דער צווייטער זייט פענצטערל, אן עלטערע פרוי, א גראָבלעכע, איז געווען עטוואָס אָפנהארציקער פון איר שאָכן.

— איי שוד סיי נאָט! — האָט זי אָפגעענטפערט — איי דידנ׳ט פּעי מאַי פעיר טו ראָב עלבאָוס וויט ניגערס...

(דורכאויס נישט. איך האָב נישט באַצאָלט פאר א בילעט צו „רייבן עלנבויגנס" מיט נעגערס).

דער אויטאָבאָס האָט זיך גערירט. די פאסאַזשירקע איז געבליבן.

— ווערסט מוזן וואַרטן אפ׳ן נעקסטן „באָס"! — מעלדעט דער שאָפער דער נעגער־פרוי און מאכט־צו דאָס טירעלע לעבן איר נאָז. — דאָרטן וועלן זיין גענוג ליידיקע פלעצער.

די נעגער־פרוי איז געבליבן שטיין אינדרויסן מיט די שווערע פעק. זי האָט אויסגעזען הילפלאָז און פארלוירן.

דער אויטאָבאָס האָט זיך גערירט. די פאסאַזשירן זיינען געבליבן צופרידן.

---

אַרבעט:

1. וואָס מיינט „דזשים קראוס" געזעצן?

2. וואָס האָט געדאַרפט פילן די נעגער־פרוי, וואָס איז געבליבן שטיין אין דרויסן?

# אַ שטאָט אין דער „סאַוט“

„פּאַר ווייסע“ — „פּאַר נעגערס“. אין טראַמוואַי זיינען די בענק צעטיילט. צוויי הינטערשטע פּאַר שוואַרצע — די איבעריקע פאַר די „הערן“. אַ שוואַרצער טאָר זיך ניט איבעררוקן מיט איין באַנק העכער. אין טעאַטערס, אין קינעמאַטאָגראַפן לאָזט מען ניט אַריין קיין נעגערס. פאַראַן נאָר איין „מואווי־הויז“, וואו מ'האָט פאַר זיי אָפּגעטיילט אַ ספּעציעלע גאַלעריע מיט אַ ספּעציעלן אַריינגאַנג. וואוינען מעגן זיי נאָר אין באַשטימטע גאַסן.

די גאַסן זיינען שמאָל און ניט ברוקירט. קיין טראָטואַרן זיינען ניטאָ. אַ געדיכטע ליימיקע בלאָטע לאָזט ניט אַרויסשלעפּן אַ פוס. די בלאָטע ווערט טיפער אין צענטער פון דער גאַס, און אַלץ צוזאַמען זעט אויס ווי אַ גרויסער רינשטאָק. פון ביידע זייטן שטייען הילצערנע ביידלאַך, צונויפגעקלאַפּטע ווי ניט איז פון ברעטלאַך, אַמאָל האַלב־איינגעפאַלענע, אַמאָל אָנגעבויגענע פון אַלטקייט, אַמאָל אויפגעבויט אויף סלופּעס איבער דער בלאָטע. אָט־דאָ לעבט מען; אָט־דאָ קריכן אַרום שוואַרצע האַלב־נאַקעטע קינדערלאַך מיט שעפּסענע געקרייזלטע הערלאַך; אָט־דאָ זיצן נעגערס אויף די „פּאָרטשעס“ (מ'שטיינס געזאָגט) און לאָזן זיך וואוילגיין. אָט־דאָ זיינען אָפּן די אָרימע קרעמלאַך מיט די פאַרוויילונג־פּלעצער, מיט די רעסטאָראַנען, וואו נעגערס עסן. איבעריגנס זיינען דאָ אַזוינע גאַסן, וואו נעגערס מעגן יאָ וואוינען צוזאַמען מיט ווייסע, אָבער נאָר אין די הויפן, אין הינטער־שטיבלאַך, אין ספּעציעל אויפגעבויטע קליינע לעכער. אין די פאָדערשטע הייזער פון אַזוינע גאַסן טאָרן זיי ניט וואוינען. פאַראַן אַ סאַך גאַסן, וואו אויך הינטער־שטיבלאַך זיינען פאַר די שוואַרצע פאַרבאָטן, סיידן זיי דינען טאַקע בא דעם ווייסן, וואָס וואוינט צו דער גאַס צו.

זומער־צייט, ווען אויף די קאַטן־פעלדער איז אַ דויכעק אין אַרבעט, שיקט מען אַהער גרויסע וועגענער, וואָס ווערן באַלד אָנגעלאָדן מיט אייליק־געדונגענע שוואַרצע. אַ קנאַק מיט דער בייטש, אַוועקגעפירט די שקלאַפן אַהין, וואו זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן געשוויצט.

אַרום דעם פלאַץ געפינען זיך קראָמען. די קרעמער לעבן פון די נעגערס. דער קרעמער האָט ליב צו פאַרקויפן צום נעגער, ווייל דער נעגער לאָזט זיך נאַרן.

אַלץ קויפט מען אויף אויסצאָלן: דאָס הייסט — מען גיט דעם קרעמער אַלע וואָך אַ פּאָר דאָלער, ביז ס'וועט זיך אָנזאַמלען דער פּרייז פון די קליידער, וועט ערשט דעמאָלט דער נעגער באַקומען די קליידער. אַרויסגעבן די קליידער איידער ס'איז איינגעצאָלט דער גאַנצער פּרייז, וועט ניט איינפאַלן קיינעם: דער נעגער וואָלט פאַרגעסן דעם „זיי־געזונט“, און מ'וואָלט אים מער ניט געזען אין די אויגן. הייסט עס, אַז דער קרעמער איז

פאַר אים אַ מין שפּאָר־קאַסע, וואו ער זאַמלט אָן די עטלאַכע גראָשן. פאַר דער טויווע רעכנט אים דער קרעמער פּונקט אַזאַ פּרייז, ווי אַ ווייסער וואָלט גע־דאַרפט צאָלן, ווען ער נעמט טאַקע אַף באָרג. אַזוינע גרויסע באַלטויוועס זיינען די הענדלער. אַמאָל טרעפט אַ נעס און דער נעגער פאַלט אַריין אין טורמע צוליב אַ געשלעג — זייער אָפּטי פאַלט ער אַריין אין טורמע — איז אויס געשעפט: דער קרעמער יאַרשנט די אָנגעקליבענע עטלאַבע דאָלער.

אַ ר ב ע ט :
שרייב אויס גענוי אַלע שטריכן פון ראַסן־דיסקרימינאַציע.

# לינטשעריי

1.

די אָנגעגליטע ערד האָט זיך געקילט, אָנגעפילט די לופט מיט אַ וואַרעמ־קייט, וואָס האָט געטריקנט אין האַלז, געקלעפט די אויגן. אַפּ׳ן זאַמדיקן וועג האָבן זיך באַוויזן עטלאַכע שאָטנס, געשפּרונגען איינער אין צווייטן אַריין, באַלד צעשוואומען און זיך צוריק באַוויזן.

— מען קומט, דאַכט זיך, פון פעלד, האַ ? — האָט דער אַלטער נעגער אָנגעשטעלט אַן אויער. — זאָל דאָס זיין בוקערט ?

— זיידע, דאָס איז ניט בוקערט. — האָט דאָס אייניקל פרעד אָנגעכאַפּט דעם אַלטן פאַר׳ן האַנט. — דאָס קומט אָן דער שעריף מיט נאָך עטלאַכע מענטשן.

— ווער, דער שעריף ? — האָט דער אַלטער זיך אויפגעשטעלט מיט אַ קרעכץ און גענומען רופן די טאָכטער. — קיטי, קיטי, וואָס זאָגסטו, וואָס דער שעריף קומט צו אונז אַזוי שפּעט, האַ ?

אָן איבערגעשראָקענע איז קיטי געשטאַנען. נאָכדעם איז זי מיט׳ן אַלטן אַרויס פון שטוב.

פאַר דער שטוב איז געשטאַנען דער שעריף, ניט קיין הויכער יונגערמאַן, דאַר און בייגיק ; אַפּ׳ן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ ביקס. מיט אים זיינען געשטאַנען דריי מיטליעריקע פאַרמער.

— גוד־איווונינג, דזשים ! — האָט דער שעריף וואוילעריש באַגריסט דעם אַלטן.

— גוד־איווונינג, קעפּטן ! — האָט זיך דזשים פאַרנייגט און געוויזן אַף דער אָפענער טיר. — אָנגעלייגטע געסט !

— הער זיך איין, דזשים ! — איז דער שעריף צוגעגאַנגען נענטער. — מיר זיינען געקומען וועגן „ביזנעס“. די זאַך איז די : אויב דו ווילסט ניט,

דאָס דאָרף זאָל „לינטשן“ דיין בוקערטן, טאָ גיב אים אונז גלייך ארויס; פארליר קיין צייט נישט! דאָס גאַנצע דאָרף קען יעדע מינוט אָנקומען.

די נעגערטע האָט זיך געציילעמט און געציטערט.

— טייערער, וואָס רעדט איר? וואָס האָט מיין בוקערט געטאָן? אזא שטילער, ער טשעפּעט קיין פליג נישט, מיין אָרימער „באָי“.

— בוקערט האָט מיט א שאָ צוריק באַליידיקט מעקלורס טאָכטער. מעקלור לויפט ארום מיט א געלאָדענער ביקס, ווי א מעשוגענער, רופט יונג און אלט, מ'זאָל אים העלפן נעמען דאָס געזעץ אין די אייגענע הענט. איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט?

די מוטער מיט'ן זיידן האָבן געוואוסט, וואָס דאָס הייסט; געוואוסט, אַז דער רואיקער בוקערט האָט נעקאָמע גענומען פאַר זיין שוועסטער, דער פערצן־יעריקער רעגינע, וואָס מעקלור האָט באַליידיקט. פארלוירענע האָבן זיי זיך איבערגעקוקט, אומבאהאָלפן געווינגט מיט די קעפּ און געשוויגן.

— וואָס שווייגסטו, דזשים? — איז דער שעריף צוגעשטאַנען. — זאָג מיר, וואו ער איז; כ'גיב דיר מיין ערן־וואָרט, אַז נאָך היינט פיר איך אים אוועק קיין אטלאַנטאַ, ער זאָל קריגן גערעכטיקייט; אז נישט, וועלן זיי אים לינטשן.

— בוקערט איז נאָך נישט געקומען פון דער ארבעט, — האָט דער אלטער געענטפערט. — דו קענסט מיך, אַז איך זאָג ניט קיין ליגן.

די נעגערטע איז געפאַלן דעם שעריף צו די פיס און זיך צעוויינט:

— וואָס וויל מען פון אונז, אומגליקלאַכע? מעקלור האָט באַליידיקט מיין איינציקע טאָכטער, און ער גייט ארום פראנק און פריי; און מיין בוקערט, אזא שטילער...

— וואָס וועט העלפן אייער געוויין? — האָט דער שעריף זיך ארויסגעדרייט פון אירע הענט. — געדענקט, גיט אים בעסער איבער אין מיינע הענט, אויב איר ווילט ניט, דער האמיין זאָל אים לינטשן.

דזשים האָט ארויסגעבראַכט די ביבל:

— איך שווער דיר באַ דער ביבל, אז בוקערט איז נאָך היינט נישט אהיימגעקומען, ווי איך בין א קריסט!

— כ'גלויב דיר, כגלויב דיר, דזשים, — האָט דער שעריף זיך בעסער אָנגעטאָן די ביקס אפ'ן אָרעם. — גוד־באַי!

— א גוטע נאַכט.

2.

אין די זומפּן, וואו א מענטשנס פוס איז זעלטן פארקראָכן, איז געלעגן צווישן קוסטן א זעקס־פוסיקער נעגער. ס'האָט זיך אים נעדאַכט, אז הינט בילן, און ער איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט צעעפנט זיינע גרויסע שוואַרצע

אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעפינקלט פון צווישן די צווייגן, ווי אויגן פון אַן אויסגעהונגערטער כאַיע.

דאָס איז געווען בוקערט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער ביקס, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אָן קוסט, און אָפּגעמאַכט באַ זיך, אַז מ'וועט אים קיין לעבעדיקן ניט כאַפּן. ביז דער לעצטער קויל וועט ער זיך פאַרטיידיקן.

בוקערט איז געוואָרן אַלץ טרויעריקער, געקוקט אויף דער פינצטערער נאַכט. און כאָטש ער האָט געגלויבט, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט, איז ער זיכער געווען, אַז קיין ווייסער גלויבט נישט אין אים, גייט נישט אין זיינע וועגן, און אַז מיט גערעכטיקייט קען מען אויף דער וועלט נישט פיל אויפטאָן. מעקלור נעמט צו אַלע געניייוועס, און דער גאַלעך, פאַסטאָר האַרפּער, עסט באַ אים יעדן זונטיק מיטאָג.

עס האָט זיך דערהערט אַ הירזשען פון אַ פערד. בוקערט האָט גענומען די ביקס, זי אַוועקגעשטעלט צווישן די קוסטן, אָנגעשפּיצט די אויערן און געוואַרט. עס האָבן זיך גענומען הערן קוילעס. ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט געהערט דאָס וואָרט „נעגער", נישט געוואוסט, צי דער סוינע איז טאַקע אַזוי נאָענט. און מיטאַמאָל האָט ער פאַר זיך דערזען אַ הונט. דער הונט האָט זיך צוגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס און זיך געקליבן אַ שפּרונג טאָן אויף אים. ער איז געווען גרייט אויסצושיסן; אינסטינקטיוו זיך אָבער געכאַפּט, אַז מיט'ן שיסן וועט ער זיך אַליין פאַרמאַסערן, אויסגעדרייט די ביקס און אָפּגעמאָסטן דעם הונט מיט דער הילצערנער זייט, אַז יענער האָט פאַרוואָרפן מיט די פיס און אַרויסגעלאָזט אַ כאָרכל. ס'איז געוואָרן שטיל, און בוקערט האָט געפילט, ווי ס'קלינגט באַ אים אין די אויערן, אין מויעך. ער האָט אָפּגעמאַכט אויפצוכאַפּן מיט'ן ביקס איינעם נאָכ'ן צווייטן, נישט געבן זיינע אָנגרייפער קיין געלעגנהייט אים צו באַפאַלן.

עס האָבן זיך שוין געהערט די טריט פון די פערד, דאָס טאָפּטשען אין די בלאָטעס. בוקערט איז געוואָרן אומגעדולדיק, געוואַרט, ס'זאָל שוין עמיצער אונטערקומען. מיטאַמאָל האָט אַ שיין־וואָרפער אים פאַרבלענדט די אויגן, אויף אַ רעגע בלינד געמאַכט. דער געדאַנק, אַז זיי האָבן אים אַ לעבעדיקן, האָט אים פאַראַליזירט, און ער האָט פון שרעק אויסגעשאָסן... ער האָט דערהערט אַ שטימע!

— בוקערט, דאָס בין איך, דער שעריף! כ'ווייס, דו קענסט מיך שיסן, קענסט אויך שיסן מיינע דריי שוואַגערס, וואָס זיינען מיט מיר. וואָס וועט דיר אָבער אַרויסקומען? סאָף־קאָל־סאָף וועט מען דיך כאַפּן. כ'דאַרף דיר נישט זאָגן, מיט וואָס דאָס שמעקט. פאָלג מיך און גיב זיך איבער אין מיינע הענט.

— נישט באַם לעבן! — האָט בוקערט אים איבערגעריסן.

— כ'מיין אין די הענט פון געזעץ, — האָט דער שעריף ווייטער גערעדט. — דאָס געזעץ ווייסט נישט פון קיין ווייסע, פון קיין שוואַרצע. איז

אויב דו פילסט, אז דו ביסט אומשולדיק, וועט מען דיך באפרייען... הא, וואס זאגסטו?

בוקערט איז געלעגן, ווי אין היץ. די רייד פונ׳ם שעריף האבן אים צעמישט. ער האט געפילט, אז דאס איז דער גלייכסטער וועג; אז אויב דער שעריף וויל, קען ער אים אוועקשיקן קיין אטלאנטא, און דארט איז מעגלאך, ער זאל זיך דערשלאגן צו „קריגן גערעכטיקייט“.

— וועל, וואס שווייגסטו? — האט זיך ווידער געהערט דעם שעריפס שטימע. — גיב זיך אונטער, איידער דער אוילאם קומט; דעמאלט וועט זיין שפעט.

— טא שווער מיר צו, — האט בוקערט זיך אויפגעשטעלט, — אז דו וועסט מיך ניט איבערגעבן אין זייערע הענט.

— כ׳שווער, — האט דער שעריף אויפגעהויבן א האנט, — אז נאך היינט באנאכט וועל איך דיך אפשיקן קיין אטלאנטא.

בוקערט איז ארויס פון די קוסטעס, ער האט געלאזט שטיין די ביקס און איז אונטערגעגאנגען צום שעריף:

— אט בין איך, ארעסטיר מיך.

ער האט באמערקט, אז דער שעריף האט אנגעגרייט א פאר „אייזערנע מאנזשעטן“, איז ער געווארן אנגעברויגעזט און געפרעגט:

— דאס גייט איר מיך שמידן?

— יע!

— כ׳האב זיך דאך אליין איבערגעגעבן, צו וואס דארפט איר מיך שמידן?

— אזוי פירט זיך.

דער שעריף האט פלינק אים געשלאסן די הענט.

בוקערט האט דערזען, אז ס׳קומען אן רייטער, האט ער א נערוועזן דריי געטאן מיט די הענט, זיך דערפילט אומבאהאלפן און געליטן — צו וואס האט ער זיך אונטערגעגעבן. א מינוט צוריק איז ער נאך געווען פריי, זיך געקענט אפרעכענען מיט יעדן פון זיי, און איצט קען אים יעדער באליידיקן, שלאגן...

— אט איז דער נעגער, אט שטייט ער! — זיינען די רייטער מיט געשרייען אראפ פון די פערד, און איינער האט פון גרויס פרייד אויסגע־שאסן: — הורדעי פאר׳ן שעריף!

איינציקווייז זיינען די רייטער אנגעקומען, ארומגערינגלט דעם נעגער, אים געוויזן די שטריק, אף וועלכער זיי וועלן אים הענגען; געשלאגן מיט די פויסטן אין פאנים אריין, און ער — א געשמידטער, א צעבלוטיקטער — האט נאך יעדן קלאפ געמרוקעט און געוואַרט, מען זאל אים ווידער שלאגן.

מעקלור איז ארויפגעפאלן אפ׳ן שעריף, אים גענומען קושן, זיך צע־וויינט. ער איז צוגעגאנגען צום נעגער און אים א שפיי געטאן גלייך אין פאנים אריין:

— בעסטיע! איצט וועל איך זיך אָפּרעכענען מיט דיר!

ער האָט איינגעקוועטשט די פויסטן און ווי אַ צערייצטער ביק זיך אַ לאָז געטאָן צום נעגער. דער נעגער האָט אַ הייב געטאָן אַ פוס, און מעקלור האָט זיך איבערגעקייקלט.

— נעמט אים! נעמט אים! — האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן.

דער שעריף איז אַריין אין דער מיט: בירגער, שכיינים! געדענקט, איר האָט מיר צוגעזאָגט; איר האָט מיר צוגעזאָגט העלפן אים איבערגעבן דעם געזעץ אין די הענט.

— מיר זיינען ס'געזעץ!

— אַ נעגער איז קיין מענטש ניט!

— אַ הונט!

— געהרגעט אַ הונט! און אַ מעשוגענעם הונט דערשיסט מען!

— איך אַפּעליר צו אייך אין נאָמען פון געזעץ! — האָט דער שעריף נאָך העכער געשריען. — גייט אַריין אין מיין לאַגע. צו וואָס בין איך דאָ? פאַרוואָס צאָלט מיר די רעגירונג? ס'געזעץ זאָל אָפּגעהיט ווערן. גייט אַריין אין מיין לאַגע! איך אַפּעליר...

3.

אין דער אָרטיקער צייטונג איז געווען אָפּגעדרוקט אַף דער ערשטער זייט מיט גרויסע אויסיעס:

„היינט באַנאַכט, נאָך אַ געיעג פון פינף שאָ, האָט מען אין די זומפּן געכאַפּט דעם נעגער, וואָס האָט באַליידיקט מעקלורס טאָכטער. דער מישפּעט וועט פאָרקומען מאָרגן, זונטיק נאָכמיטאָג, באַ'ם אינדיאַנער בערגל. מיר האָפן, אַז קיינער פון אונזערע שכיינים וועט ניט פאַרפעלן צו זיין אָנוועזנד. — די קאָמיטע."

באַלד נאָכמיטאָג האָבן די פאַרמערס אָנגעהויבן צונויפצופאָרן זיך אַרום דעם אינדיאַנער בערגל. געקומען זיינען זיי מישפּאָכעווייז.

מענטשן, וואָס האָבן זיך קימאַט ניט געקענט צונויפריידן, זיך אויס־געמיטן דאָס גאַנצע לעבן, זיך פיינט געהאַט, האָבן מיטאַמאָל אוועקגעוואָרפן אַלע פאָראורטיילן.

— מען פירט אים! מען פירט אים! — האָט זיך געהערט פון אַלע זייטן.

דער אוילאָם איז אויפגעשפּרונגען, זיך גענומען שטופּן נענטער צום בערגל, זיך געשטעלט אַף די שפּיץ־פינגער.

בוקערט איז געגאַנגען גלייך, געקוקט פאַר זיך, ווי ער וואָלט קיינעם ניט געזען. ער האָט אויסגעזען צו זיין רואיק.

די מענטשן, וואָס האָבן בוקערטן געבראַכט, האָבן זיך געהאַלטן אין

איין פאַרען. זיי האָבן אַראָפּגענומען פון אַן אויטאָמאָביל, שטריק, אַן אייזערנע שטאַבע, קיילעם מיט נאַפט.

מען האָט גענומען קלאַפּן די שטאַבע טיף אין בערגל אַריין; די שטאַבע האָט מען אַרומגעלייגט מיט שטיינער, צעלייגט דאָס האָלץ, און אַ האַלב טוץ מענטשן זיינען אונטערגעגאַנגען צו בוקערטן.

— פאַרטיק?

בוקערט איז צוגעגאַנגען צום בערגל, זיך אָנגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס אָן דער אייזערנער שטאַבע און גלייכגילטיק געקוקט אַפ'ן אוילאָם, אַף די מענטשן, וואָס פאָרען זיך אַרום אים.

אַ האַלב טוץ מענטשן האָבן אים צוגעבונדן צו דער שטאַבע, געדרייט און געקניפּט שטריק און קייטן אַרום זיין קערפּער. מען האָט אים אַרומגעלייגט מיט שטיקער האָלץ, טרוקענע צווייגן און אַלץ באַגאָסן מיט נאַפט.

דער אוילאָם האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן פון די פּלעצער, געוואָלט בעסער זען; אַרויפגעקראָכן אַף ביימער, אַף אויטאָמאָבילן; טאַטעס האָבן אויפגעהויבן די קינדער, און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געוואַרט, וואָס ס'וועט געשען.

מעקלור, אָנגעטאָן יאָמטעוודיק, איז אונטערגעגאַנגען מיט ווירדע. ער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און עס צוגעטראָגן צו די צווייגן.

— אָ־הַ... — איז דורך אין דער לופט, ווי אַ ווינט וואָלט געווייט. און דער אוילאָם האָט זיך נענטער אַ שפּאַר געטאָן.

איבער אַ רעגע האָט זיך בלויז געזען אַ בלוי פּלעמל; באַלד האָט זיך דער נאַפט צעפּלאַקערט, פונקען האָבן זיך געשאָטן, האָלץ האָט גענומען קנאַקן. אין איין אויגנבליק האָבן זיך בוקערטס הויזן אָנגעכאַפּט, און ס'האָט זיך געהערט אַ סמאַליע פון פלייש. ער האָט צומאָל קיין קרעכץ ניט געטאָן.

די פלאַמען זיינען פאַמעלאַך געקראָכן איבער זיינע קליידער. פונקען האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן פון אַ געדיכטן, גרויען וואָלקן רויך. בוקערט האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ. מיטאַמאָל האָט ער זיך גענומען קאָרטשען הינטער די שטריק און צום ערשטן מאָל זיך צעשריען:

— אוי, מיין גאָט! מענטשן, לאָזט מיך אָפּ! כ'בעט אייך, לאָזט מיך אָפּ!

מיט פאַרקוועטשטע פויסטן, די ציין איינגעביסן אין די ליפּן, האָט ער זיך געקאָרטשעט, באַוואויגן מיט יעדן גליד, מיט יעדן מוסקול, געקרעכצט. ער האָט זיך צעשריען מיט אויפטרייסלענדיקע קוילעס. זיינע געשרייען זיינען פאַרהילכט געוואָרן פון ווילדן האַמוין:

— מ'דאַרף מיט אַלע אַזוי טאָן!

— סמאַליע!

— כאַזער!

מעקלור איז געווען באַרוישט, זיך געוואַקלט פון גליק.

בוקערטס געשרייען זיינען געוואָרן שוואכער, ווי די קויכעס וואָלט אים פארלאָזן. ער האָט ניט געשאָלטן, בלויז געקרעכצט און זיך געבעטן:

— מענטשן, האָט ראכמאָנעס, דערשיסט מיך! מענטשן...

קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט.

דער האַמוין איז זיך פאַנאַנדערגעפאָרן. דאָ און דאָרט האָבן יונגען געשאַרט מיט שטעקנס אין אַש, געזוכט פאַר אַ זייכער ווער אַ צאָן, ווער אַן אָפּגעברענטן ביין, — די קומענדיקע דוירעס זאָלן זען, אַז זייערע פאָטערס זיינען געווען בראַווע אַמעריקאַנער.

די זון האָט זיך גענומען זעצן.

אַ ר ב ע ט:

געפין אויס:

1. צו וועלכן קלאַס געהערן די „ווייסע דזשענטל־לייט" פון די סאַוט.
2. צו וועלכן קלאַס געהערן די נעגער?
3. ווייז אָן די ערטער, וועלכע צייגן, אַז די פּאָליציי נעמט אויך אָנטייל אין די לינטשערייען.
4. צעטייל די דערציילונג אין קאַפּיטלען און גיב יעדן קאַפּיטל אַ נאָמען.
5. פּרואוו מאַכן פון דעם אַ שפּיל.

# לינטשערייען

די נעגער אין דער סאַוט שטייען אויסער דעם געזעץ. ווען אַ ווייסער באַליידיקט אַ נעגער, ווערט ער דערפאַר ניט באַשטראָפט. ווען אַ ווייסער דערהאַרגעט אַ נעגער, ווערט ער באַפרייט.

פאַר דער קלענסטער קריוודע, וואָס אַ ווייסער האָט צו אַ נעגער, ווערט דער נעגער געלינטשט. די לינטשערייען קומען פאַר אונטער פאַרשיידענע טערוצים און אויסריידן, אָבער אין דער עמעסן איז עס אַ פאָרם פון קלאַס־עקספּלואַטאַציע. די ווייסע גוט־באַזיצער און באַלעבאַטים ווילן האַלטן דעם נעגער־אַרבעטער אין שרעק, ער זאָל ניט אויפהייבן זיין קאָפּ. אַזוי וועט אים זיין לייכטער צו עקספּלואַטירן. אַ באַווייז, אַז דאָס איז אַ פאָרם פון קלאַס־אונטערדריקונג, איז, אַז גאַנץ אָפט ווערן אויך ווייסע אַרבעטער געלינטשט. זינט דעם יאָר 1885 זיינען געווען 4,250 לינטשערייען, צווישן זיי זיינען 3,205 געווען נעגערס.



אַ נעגער־שטעטל אין דאָרעם.

# דער נעגער אין דעם לאַנד פון די „פרייע“

שקלאַפעריי איז אָפיציעל פאַרניכטעט געוואָרן נאָך דעם בירגער־קריג און דער פּראָקלאַמאַציע פון עמאַנציפּאַציע. אָבער אין דער עמעסן האָט זיך די לאַגע פון די נעגערס ווייניק וואָס געביטן.

די נעגער־פאַרמערס, וואָס אַרבעטן אַף געדונגענע פאַרמס, אָדער נעגער־פאַרם־אַרבעטער, זיינען שטענדיק פאַרבאָדן אין כויוועס צו זייער באַלעבאָס אָדער לענדלאָרד. די כויוועס קענען זיי ניט באַצאָלן מיט געלט, נאָר מוזן עס אָפּאַרבעטן. דער כויוו וואַקסט, און דעם נעגער־פאַרמער קומט אַלין מער אויס צו אַרבעטן פאַר דעם לענדלאָרד אָדער באַלעבאָס און אַלין ווייניקער פאַר זיך. ער ווערט אַף אַזאַ אויפן פאַר־שקלאַפט און צוגעבונדן צו דעם עקספּלואַטאַטאָר. דער עקספּלואַטאַ־טאָר קען אויך פאַרקויפן זיין רעכט אַף דעם נעגערס אַרבעט צו אַן אַנדערן, וואָס מיינט אין דער עמעסן — פאַרקויפן דעם נעגער ווי אין די גוטע אַלטע צייטן.

אין די דאָרעמדיקע שטאַטן איז פאַראַן 9 מיליאָן נעגערס. אין צוויי שטאַטן זיינען די נעגערס אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג. פונדעסטוועגן קען מען ניט טרעפן קיין איין נעגער צווישן די שטאַט־באַאַמטע פון יענע שטאַטן. אין שטעטלאַך, וואָס זיינען באַזעצט אײנ־

גאַנצן פון נעגערס, קען מען ניט געפינען קיין איין נעגער־מעיאָר, אָדער ריכטער, אָדער פּאָליסמאַן.

די נעגער־קינדער האָבן וויניקער סקולס און ערגערע סקולס. געוויסע געגנטן האָבן אינגאַנצן ניט קיין סקולס, ווייל די ווייסע גוט־באַזיצער (לענדלאָרדס) ווילן די נעגער־קינדער זאָלן בעסער אַרבעטן אַף זייערע פעלדער. מוזן די קינדער זיך שלעפּן מיילן־ווייט אין סקול און צוריק, אַף שלעכטע וועגן, דורך רעגן און שניי.

פאַרגלייכט, וויפיל עס קאָסט אַ יאָר לערנען פון אַ ווייסן קינד און אַ נעגער קינד אין די 11 שטאַטן:

| | ווייסע | נעגער |
|---|---|---|
| אַלאַבאַמאַ — — — — — — | 26.57 | 3.81 |
| אַרקאַנזאַס — — — — — — | 13.36 | 6.48 |
| פלאָרידאַ — — — — — — | 42.01 | 7.33 |
| דזשאָרדזשיאַ — — — — — | 25.84 | 5.78 |
| לואיזיאַנאַ — — — — — | 33.73 | 5.48 |
| מיסיסיפּי — — — — — — | 25.95 | 5.62 |
| נאָרט קאַראָליינאַ — — — — | 25.31 | 7.52 |
| סאַוט קאַראָליינאַ — — — — | 27.88 | 2.74 |
| טענעסי — — — — — — | 21.02 | 11.88 |
| טעקסאַס — — — — — — | 31.77 | 20.24 |
| ווירדזשיניאַ — — — — — | 40.27 | 10.47 |

וואָס לערנען דיך די ציפערן?

# אַ „דזשענטלמען פון דער סאַוט“

די „איסטערנעס“ זיינען פאַרדאַמטע נאַראָנים. די נעגערס גייען באַ זיי אין די „ווייסע“ סקולס. די נעגערס עסן באַ זיי אין „ווייסע“ רעסטאָ־ראַנען. די נעגערס גייען באַ זיי אין „ווייסע“ מואווים... ווען איך בין איינמאָל געזעסן אין אַ ניויאָרקער רעסטאָראַן און געגעסן, איז אַריינ־געקומען אַ נעגער און זיך געזעצט פונקט לעבן מיר. אין מיר האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט. ווען איך האָב דעמאָלט מיט זיך אַ רעוואָלווער, וואָלט איך אים זיכער דערשאָסן פאַר אַזאַ האָזע, איך האָב אים בלויז געזאָגט, ער זאָל אַוועקגיין, ווייל איך קען נישט עסן צוזאַמען מיט

אַ נעגער באַ איין טיש. האָט ער מיר געענטפערט, אַז אויב ס'געפעלט מיר ניט, זאָל איך זיך איבערזעצן. האָב איך אים דערלאַנגט אַ זעץ אין דער מאָרדע, אַז ער פילט עס נאָך מיסטאָמע איצטער. ער איז באַלד פאַרגאָסן געוואָרן מיט זיין פאַרשטונקענעם בלוט. ער אָבער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיר געוואָלט צוריקגעבן. האָט אים אַ פּאָליסמאַן אַרעסטירט. די ניו יאָרקער פּאָליס איז נישט אַזוי פאַרדאַמט נאַריש, ווי די ציווילע באַפעלקערונג..

אַרבעט:

1. געפינט שטריכן פון ראַסן דיסקרימינאַציע אין אונזער געגנט.

2. וועלכער קלאַס איז פאַראינטערעסירט אין זייען סינע צווישן ראַסן?

# שרעק

„עי, אינגעלע, ווי ווייט איז צו אַגאָסטאַ?"
אַזוי האָב איך, אַ וויסער וואַנדערער,
אַ פרעג געטאָן אַ קינד פון ברוינעם שטאַם,
וואָס האָט געבאָדן זיך אין שווייס
באַ אַ ברעג פון אַ שוימענדיקן באַוול־ים
אין דעם נעגער־לאַנד, אין דזשאָרדזשיאַ.

„עי, אינגעלע, ווי ווייט איז צו אַגאָסטאַ?"
האָב איך געבעטן זיך באַם קינד פון ברוינער הויט.
נאָר ניט קיין וואָרט — אַ שמייכל אַ פאַרפרוירענער
איז געהאנגען בלויז אַף פערלדיקע ציין,
די אויגן, ברייט־צעעפנטע, פאַרשטאַרבן זיינען אים,

זיך אָפגעשפּגילט האָט אין זיי דער טויט;
און אַזוי פאַרגליווערט איז דאָס ברוינע אינגעלע
געבליבן שטיין,
ווי אויסגעהאַקט פון בראָנז.

פאַרוואָס האָט זיך דאָס קינד אַזוי דערשראָקן?



# אױף די שליאַכן פֿון דזשאָרדזשיאַ

אַף בײדע זײַטן
פֿון דעם שלענגלדיקן װעג
כװאַליען פֿעלדער זיך באַלאָדענע
מיט װײַסער מאַזל־בראָכע.

אַף יעדן פֿעלד —
אַ באַהאַנגענע מיט זעק
װאָגלט אָנגעבױגן אום
אַ נעגערשע מישפּאָכע.

פֿון באַגינען ביז אין אָװנט
שטײען הײזלאַך דאָ פֿאַרלאָזטע. —
„זעכציק פֿענים פֿאַר אַ הונדערט
צאָלט דער האַר, דער װײַסער.

פאַר׳ן באַוול קלייבן;
מוזן גיין אין פעלד:
דער טאַטע,
דאָס קינד,
די מאַמע.

אַף יעדן פעלד —
אַ באַהאַנגענע מיט זעק
וואָגלט אָנגעבויגן אום
אַ נעגערשע מישפּאָכע.

אַף די באַוול־פעלדער אַרבעטן מייסטנס נעגער־אַרבעטער. זיי אַרבעטן מישפּאָכעסווייז, ווייל דער געהאַלט פון איין מענטשן איז אַזוי נישטיק, אַז ער קען די פאַמיליע ניט אויפהאַלטן.

פאַרוואָס אַרבעטן דערביי מייסטנס נעגערס?

# ציגל

## I.

צופיסנס דעם באַרג, ווי צעשראָקענע נעגערס, האָבן זיך צוגעטוליעט קאַסטנ־שטיבלאַך, מיט פענסטער־לעכער פאַרבילמעטע מיט שמאַטעס.

אַ גרויסע ציגל־פאַבריק, האָט זיך ראַכוועסדיק צעלייגט באַ די קאַסטנס־שטיבלאַך צופיסנס דעם באַרג.

אָט דאָ גלייך פאַר די נעגער שטיבלאַך האָט מען דאָס לייס געקנאָטן, און די פאָרמס געפּרעסט. אביסל ווייטער האָבן ברייטע פלאַכע אויוונס די רויע ציגל געשלונגען און ביז רויטקייט געברענט.

ריזיקע דעבער אַף סלופּעס האָבן די רויטע ציגל פון רעגן באַשיצט.

קעסטלאַך־וואַגאָנדלאַך זיינען אַף שמאָלינקע רעלסן, ווי פאַר קינדער־באַנען, געלאָפן אַהין און צוריק. ברוינע מוסקולירטע הענט, פון זון צע־באַקענע, איינגעגעסן מיט ציגעלנעם שטויב, האָבן די וואַגאָנדלאַך אָנגעלאָדן און געשטופּט צו די פּראַכט־וואַגאָנען, וועלכע זיינען געשטאַנען עטלאַכע הונדערט פיס פון די אויוונס. אָדער צו די שווערע באַרזשן, וועלכע זיינען געשטאַנען אין קליינעם האַפן, צוגעבונדן מיט דיק־געפלאָכטענע שטריק און זיך געלאָזן וויגן פון די שטיפערישע האָדסאָן־כוואַליעס. נאָך די שווער־געלאָדענע וואַגאָנדלאַך, האָבן זיך מידע פיס אין רערן־הויזן נאָכגעשלעפּט.

איבער דער גאַנצער געגנט האָט בייז געבייטשט מיסטער סמיטה'ס בייזע שטים. און ווייל די היימען פון די נעגער־אַרבעטער זיינען געווען האַרט בײַ דער גרעניץ פון פאַבריק, קימאַט אינעווייניק — האָט זיין שטים געבייטשט ניט נאָר איבער די געבויגענע רוקנס פון די נעגער אַרבעטער, נאָר אויך איבער זייערע היימען. און האָט זיך אפילו אַרויפגעטראָגן העכער אפ'ן קאַרג פון באַרג, וואו ס'האָבן געוואוינט די קליינע צאָל ווייסע אַרבעטער.

די אַרבעט אין דער ציגעלניע איז געגאַנגען שווער. עס האָט געבאַקן די זון און די אויוונס האָבן געגליט. די הייסע לופט האָט געמאַטערט. פון איבערן ציגל־שטויב, וואָס איז געקראָכן אין מויל, אין די אויגן, אין די נאָז־לעכער און זיך איינגעעגסן אין דער הויט, איז שווער געווען צו דערקענען די ווייס־הויטיקע פון די שוואַרצע. די שווערע, האָרעפּאַשנע אַרבעט און דער שטויב האָט אַרויפגעצויגן איין הויט איבער אַלעמען. האָט אַלעמען אויס־געגלייכט.

די ברייטע אויוונס האָבן געשטרעקט פלאַמיקע צונגען און געריסן:

— ציגל, ציגל, ציגל!

און רוקנס האָבן זיך געבויגן, און ציין האָבן זיך אין ליפּן געביסן, און הענט האָבן זיך געשטרעקט:

— נאַ, פרעס און וואַרג זיך מיט דיין מיסטער סמיטה'ן צוזאַמען.

II.

וואַגאָנדלאַך זיינען געלאָפן אויף־און־אָפּ, צו און פון די באַרזשן.

דזשים, אַ הויכער, געזונטער יונג, מיט ווייסע ציין און אַ טשופּרינע בלאָנדע האָר, וועלכע איז זיך שטיפעריש צעפאַלן אפ'ן שטערן, איז געגאַנגען געבויגן אַף פאַראויס און אונטערגעשטופּט אַ וואַגאָנדל אָנגעלאָדן מיט ציגל.

אַ נידריקער, קיילעכדיקער נעגער מיט אַ צעפּלעטשטער נאָז, איז גע־שטאַנען לעבן פאַרקנאָטענעם ליים און אַריינגעשאַרט די ברעגן, וואָס האָבן זיך צעגאָסן. אַז ער האָט דערזען דזשימי'ן האָט ער זיך אויסגעגליכן, דער־פילט פון דעם אַ ווייטאָג אין די קריזשעס, צוגעשפּאַרט די לאָפּאַטע צום בייך, זיך אָפּגעווישט דעם שווייס און אַ קלאַפּ געטאָן מיט די גראָבע פליישיקע ליפּן צו דזשימי'ן:

— ס'אַ געהענעממדיקער טאָג היינט, דזשים!

דזשים האָט זיך אויסגעגליכן, אַרויפגעוואָרפן די האָר פון שטערן אפ'ן קאָפּ:

— מיסטער סמיטה'ן אַרט דאָס ניט, אַז ער קאַסט זיך אָן, לויפט ער אַוועק אין סאַלון זיך לעשן, דער טייוול.

„דאַט'ס רייט באָי" — האָט דער נעגער אַ פליעסק געטאָן מיט די ליפּן — גוט געזאָגט. הערסט דזשאַנסאָן — האָט ער אַ וואָרף געטאָן צום צווייטן נעגער וואָס האָט געהאָרעוועט דעם אויוון — און צוריק צו דזשימ'ן — און

אַז אַן אונזעריקער גייט צו צום פּאָמפּ נאָך אַן עמער וואַסער, מאַכט ער גוואַלדן אַז מען צעפּאַטערט צייט, אַזאַ הינטישער זון.

— אַז איר, נעגערס לאָזט זיך, מעג ער — האָט דזשים מיט אַ לעהאַכיס־פּייערל אין די אויגן אַ זאָג געטאָן — זייט ניט קיין גאָט־פאַרדאַמטע שקלאַפן. אָפּגעזאָגט און אַוועק מיט אַ וואַגאָנדל.

— סעי, ניגער — האָט דער נעגער אַ רוף געטאָן דזשאַנסאָנען — וואָס ביסטו ברויגעז? אַזאַ ווייסן האָב איך נאָך ניט געטראָפן, ער נעמט זיך אָן פאַר אונז ווי אַן אונזעריקער. ער לאָזט זיך ניט שפּייען אין פּאָנים אַריין און קען ניט ליידן וואָס מיר ציטערן אַזוי פאַר מיסטער סמיטה'ן.

דזשאַנסאַן איז צוגעקומען און געזאָגט מיט איינגעהאַלטענעם קאָס:

— אָט דאָס איז דאָך מיט אייך ניגערס, אַז איר דערזעט אַ ווייסן דרייט איר זיך אין דרייען.

— דזשים איז אַן אַנדערער. ער איז טאַקע אַ ווייסער, אָבער ער איז מיט אונז, אַן אונזעריקער.

עס זיינען צוגעקומען נאָך עטלאַכע ארבעטער. איינער האָט אַ זאָג געטאָן צום באַרעדעוודיקן נעגער:

— סעי, פּעט, וואָס רעדסטו וועגן אים. פאַר וואָס האָסטו בעסער ניט כאַסענע?

אַ הויכער אויסגעדאַרטער נעגער איז צוגעקומען. מיט אַן אויסגעצויגן פּרום פּאָנים, האָט ער גענומען רעדן, ווי ער וואָלט טפילע געטאָן:

— און איך זאָג ברידער, ניגערס דאַרפן ניט כאַסענע האָבן. צו וואָס ברענגען קינדער אויף דער וועלט? וואוינען אָט דאָ אין ציגל־שטויב, אונטערן באַרג אין מייז־לעכער, מיט קעסטלאַך פאַר מעבל און שמאַטעס פאַר קליידער. ליגן אין רעגנדיקע טעג אין די נאָרעס און ארויסקוקן אָפּ'ן פאַרכוישעכטן ווינקל דאָ און בעטן גאָט אויף זוניקע טעג, מען זאָל קענען ארבעטן, און מיסטער סמיטה זאָל שרייען אויף אונז ווי אויף עקעלדיקע שראָצים און זיך זייפן די הענט, נאָכדעם ווי ער דערלאַנגט איינעם פון אונז אַ קלאַפּ. איך זאָג, ניגערס, מיר טאָרן ניט כאַסענע האָבן, מיר טאָרן ניט ברענגען קיין קינדער אויף דער וועלט. גענוג וואָס די ווייסע פאַרמאַטערן אונז, אויב אונזערע קינדער קענען ניט אויפוואַקסן קיין פרייערע מענטשן פון אונז, דאַרפן זיי ניט געבוירן ווערן.

דזשים איז ראַפּטאָם צוגעקומען:

— און איך זאָג: ניין. ניט דאָס איז דער וועג, ניט אָפּשטעלן אייער לעבן. נאָר קעמפן! איר הערט, קעמפן! זאָלן זיי אָפּשטעלן, די פּאַראַזיטן. אָט פּרוּווט איינמאָל זיך ניט לאָזן שפּייען אין פּאָנים אַריין און אידוועט הערן גאָר אַנדערע רייד.

— וועט מען אַרויסוואַרפן ווי די געפּייגערטע הינט, און אַראָפּברענגען אַנדערע, פאַרלאָזט זיך אויף מיסטער סמיטה'ן.

דזשימס פּנים האָט זיך פאַרענדערט, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער־רויטע שטיקלאַך ציגל:

— ניגערס, איר זייט גאָט פאַרדאַמטע, געבוירענע שקלאַפן. האָט איר קיין ביסל שטאָלץ ניט אין זיך? באַליידיקט ווערן, וואַרטן אַף שיינע טעג ווען מ'עט קענען ארבעטן, פאַרדינען אַ קרענק און לעבן הינטיש.

— וואָס קען מען טאָן, דזשים?

— גאָר ניט טאָן, אָט זאָל ער מאַכן די ארבעט. גיסט נאָך אַזוי און אַזוי — איז גוט, אַ ניט — ארבעט מען ניט.

— וועט מען ברענגען סקעבס!

— וועט מען געבן קלעפּ. וואָס האָבן מיר צו פאַרלירן? לאָמיר ניט זיין קיין קנעכט. צוזאַמען און מיר וועלן זיגן.

פּונוויוטנס האָט איינער דערזען מיסטער סמיטה'ן. אַלע זיינען אַוועק צו זייער ארבעט.

סמיטה איז צוגעקומען. זיין ברייטן מעגושמדיקן קערפּער האָט ער געשטופּט פּאָראויס, זיין רעכטע האַנט, מיט וועלכער ער האָט געהערשט איבער די ארבעטער, איז געווען פאַררוקט אין אַ מעגושעמדיקער פויסט.

— העי, ניגערס — האָט זיין שטים געגומען בייטשן מיט אַ הייזעריקן פייף — וואָס האָט איר זיך דאַרטן צעוואָרטשעט?

די האַנט האָט אים געביסן צו פאַרפאָרן עמיצן אין מאָרדע.

אונטער געבויגענע רוקנס האָבן זיך קעפּ פאַרגראָבן אין דער ארבעט.

דזשאַנסאָן איז אַן אויפגערעגטער צוגעקומען צו דזשימין:

—נו, ווען

דזשים האָט מיט געבויגענעם קאָפּ קלוימערשט געאַרבעט פלייסיק, און אַרויפגערעדט פון אונטן אַרויף, זיינען די ווערטער אַרויפגעקומען ווי בולבעס אַף דער אויבערפלאַך פון וואַסער, פון איינעם וואָס טונקט זיך אונטער.

— גיי דערווייל צו דער ארבעט, ווען איך וועל געבן מיין סיגנאַל איז אַוועקגעוואָרפן די ארבעט און פּאַרטיק.

— „אָ קעי באָס“! — האָט דזשאַנסאָן פרייליך אַוועקגעטאַנצט.

— באַסיווע מיר וויניקער, איך בין דיר ניט מיסטער סמיטה, — האָט דזשים גוטמוטיק נאָכגעוואָרפן דזשאַנסאָנען און זיך צעלאַכט.

די ארבעט האָט פיבעריש געברענט. מיסטער סמיטה האָט געקוואָלן, נאָר קעדיי ניט צוצוגעבן דאָס האָט ער געטריבן:

— קאָם אָן, מען דאַרף היינט ענדיקן דעם „אָרדער“. גיט זיך אַ צאַפּל.

III.

אין רעכטן מיטן ברען האָט אַ הילכיקער פייף דורכגעשניטן די פאַבריק. אַלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די אויוונס זיינען געבליבן שטיין מיט אָפענע פוסטע מיילער — נאָר קיינער האָט זיך אַף זיי ניט אומגעקוקט.

בעורע האָט אַרומגערינגלט דזשים׳ן.

מיסטער סמיטה איז פון אָנהויב געבליבן שטיין, גלייך עמיצער האָט אים מיט א ציגל דערלאַנגט אין פליכעוואַטן קאָפּ. באַלד האָט ער זיך אַ צאַפּל געטאָן און מיט צענומענע הענט צו צו דער בעורע:

— וואָס איז דאָס? וואָס איז געשען?

— אָט, גאָר ניט — האָט דזשים רואיק געענטפערט, כאָטש ער האָט ביישעק געהאַט אים צו פאַרפאָרן אין אויסגעפּאַטשטן פּרעסער אַריין — אָט מען ארבעט ניט מער.

— וואָס ווילט איר?

— זאָלסט ניט הויבן קיין הענט, ניט רופן ניגער און געבן אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַ לעבן וועט מען ארבעטן.

— אזאַ מאַכער ביזטו גאָר? אפשר אַ ראַדיקאַל, צי גאָר אַ באָלשעוויק? ביסט געקומען אויפהעצן די ארבעטער? דאָס וועט דאָ ניט גיין, ניט אין דעם שטאַט, און איר ניגערס צו דער אַרבעט!

ווייס און שוואַרץ האָט זיך צוזאַמענגעמישט, געוואָרן איין פעסטער קנויל.

דזשאנסאָן האָט זיך אַרויסגעריסן:

— ערשטנס רעדט ווי אַ מענטש, ניט ניגערס, נאָר נעמען, מיר זיינען ניט קיין ציגל, נאָר מענטשן! הערסט מיסטער סמיטה, נעמען, נעמען, גאָט פאַרדאַמטער — אַ ניט כאַפּסטו אין פרעסער אַריין.

מיסטער סמיטה׳ס צונג האָט זיך ניט געקענט אַ ריר טאָן, זי איז געוואָרן שווער ווי אַ ציגל.

ער איז אַוועק אין זיין בודקע און דער טעלעפאָן האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן.

די אַרבעטער האָבן זיך צעשטעלט ווי וועכטער אַרום דער פאַבריק. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער סטרייק.

אַ פּאָר טעג איז געווען שטיל.

## IV.

אין אַ פרימאָרגן האָט זיך באַוויזן מיסטער סמיטה מיט אַ גרופּע אַר־בעטער.

דזשים מיט זיינע מענטשן האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג.

— דאָס וועט ניט גיין, מיסטער סמיטה. קיין סקעבס וועלן מיר ניט דערלאָזן.

עמיצער האָט אַ וואָרף געטאָן:

— די גאָט פאַרדאַמטע נעגערס, די שמוציקע הינט, וועלן אונז זאָגן דייעס!

— און —

ציגל האָבן גענומען פליען איבער קעפּ. און שוואַרץ און ווייס זיינען געפאַלן איבער גלאַנציקע רעלסן.

די סקעבס, מיט מיסטער סמיטה'ן פאָראויס זיינען אַוועק אין שטעטל. דעם גאַנצן טאָג איז געווען שטיל. אַ שטיקענדיקע שטילקייט.

אונטער דער שטילקייט האָט זיך געפילט אַ פאַרביסנקייט, אַ שטילקייט וואָס וועט באַלד אַ פּלאַץ טאָן און אויסשיסן מיט שטייף צעקנאָטענער ליי מיקער מאַסע.

אַ ר ב ע ט :

1. געפינן אויס און שרייב אַרויס די ערטער, וועלכע ציינן די באַדינגונגען באַ וועלכע עס קומט אויס צו אַרבעטן.
2. געפינן די ערטער, וועלכע צייגן אָן אויף דעם פּראָטעסט פון די נעגער אַרבעטער קעגן אַזאַ לעבן.
3. מאַך פון דער סטרייק סצענע אַ שפּיל.

# די פּירער

עס האַקן אויס האַסטיקע העקער

ווילדע, מאָכיקע וועלדער.

פאַרליימיקטע ברידער

ברענען אויס ציגל

אין אויוונס פון הייסע ציגעלנעס.

ברידער, ברידער און ברידער

ציען אויס רעלסן

אַף זוניקע שליאַכן,

שמידן אויס וועגן און בינדן

דערפלאַך, שטעטלאַך און קראַכן.

אין פינצטערע, גאַזיקע גרובן,

פאַרשמירט מיט'ן סאַם פון געפאַר,

בויערן ברידער די פעלזן פון ליבט
פאַר אייגענעם סוינע און האר.
שלעפן די שיפן און באַרקעס
בא ליכטיקע טייכן און פאָרטן.
פרעסן פאַר זויפער די וויינען.
באַקן פאַר פרעסער די טאָרטן.

נאָר אין יעדן זעץ פון די העק,
אין יעדן ליימיקן קלונג
הערט זיך דער שוואונג פון פלאַמיקן אָטעם,
דאָס צאָרנדיקע וואָרט
פון צעבונדענער צונג.
און פייער פון אָטעם, און צאָרן פון וואָרט
וועט פאַרברענען די מאַכט פון די הערשער,
און יאָנטעוודיק, פריי
וועלן פירן די וועלט
די וואַלדהעקער, בעקערס, די שמידער און בערשטער.

ש ו ו ע ר ע  ו ו ע ר ט ע ר :

מאָכיקע וועלדער — וועלדער באַוואַקסענע מיט מאָך — (מאָס).
צינל — בריקס.
שליאַכן — וועגן.
קראַך — שטאַט.
זויפער — אַ שיקער.

1. ווען וועלן פירן די וועלט „די וואַלדהעקער, בעקערס, די שמידער און בערשטער“?
2. ניב איבער דעם אינהאַלט מיט דיינע אייגענע ווערטער

# „אימפּעריאַל וואלי״

## (דער קייזערלאַכער טאָל)

ווייט און ברייט ציען זיך גערדיכטע פעלדער און גערטנער. די ערד אין אימפּיריאל וואלי איז אַ גוטע מאַמע. און די זון באַקט געטריי. וואַקסן דאָ לעטוס, קענטעלאָפּס און מעלאָנס אַ סאַך. אונזער גאַנץ לאַנד שפּייזט דער צענטער מיט גרינסן. יעדן טיש שטעלט מען אויס מיט די זאַפטיקע פּרוכטן פון קאַליפאָרניע.

אָבער פּרוכטן רייסן זיך אַליין נישט אָפּ; עס שטייען דאָרטן פופצן טויזנט אַרבעטער מיט פאַרשידענע הויט־קאָלירן, מיט פאַרשידענע שפּראַכן: מעקסיקאַנער, פיליפּינער, כינעזער, יאפּאנעזער און אַמע־ריקאַנער און קלייבן און רייסן פּרוכטן. די הונדערט־גראַדיקע זון באַקט און ברענט די געבויגענע פּלייצעס וואָס ברעכן זיך צוועלף שטונדן אַ טאָג. און פאַר דער שווערער אַרבעט צאָלן די קאַפּיטאַליסטן דריי, פיר דאָלער אַ טאָג.

און דער סעזאָן איז אַ קורצער. און די אַרטיקלען פאַרקויפן זיך גוט אַף די מערק איבערן לאַנד. טרייבט מען, יאָגט מען מיט דער אַרבעט. ווערן הונדערטער אַרבעטער קראַנק און צענדליקער שטאַרבן. אָבער די באַלעבאַטים אַרט דאָס נישט. פאַרקערט, זיי זיינען זייער צופרידן. זיי מאַכן אָפּ מיט די אַרבעטער אַ קאָנטראַקט אויפן גאַנצן סעזאָן. און אַז איינער ווערט קראַנק און קען נישט פאַרענדיקן די אַרבעט, אָדער ער שטאַרבט, פאַרלירט ער זיינע סכירעס פאַר דעם אָפּ־געאַרבעטן.

איז שווער פאַר אַזאַ גאָרטן־אַרבעטער צו שפּייזן זיין גרויסע פאַמיליע מיט זיינע קליינע פאַרדינסטן, ברענגט ער די קינדער צו דער אַרבעט. שטייען זיבן־אַכט יאָריקע קינדער אינגעלאַך און מיידעלאַך אונטער דער בראָטענדיקער זון און שקלאַפן צוועלף און פערצן שטונדן אַ טאָג פאַר אַ דאָלער, אַ דאָלער מיט פופציק סענט אַ טאָג.

איז שווער און גרוי דאָס לעבן פון די אַרבעטער. וואוינט מען אין איינציקע אָפּגעריבענע צימערלאַך צו זעקס און צו אַכט נעפאַשעס. וואַלגערן זיך פאַמיליעס אין שמוץ און אין פינסטערניש. ווייל קיין עלעקטרישע ליכט, קיין וואַסער־ליטונג איז אין די צימערלאַך נישט

איינגעפירט. אָן שיך, אָן קליידער, פאַרלאָזענע, העפקערדיקע, דרייען זיך אַרום די קינדערלאַך מיט שמוציקע דאַרע פּענימלאַך ווי ניט קיין מענטשלאַכע, נאָר הינטישע באַשעפענישן.

זאַמלט זיך אַ צאָרן אין די הערצער פון די אַרבעטער. סאַי ווי סאַי לעבן זיי אין הונגער און אין נויט. זיי האָבן ניט וואָס צו פאַרלירן. ברעכן אויס קריגערייען און סטרייקס פון די אַרבעטער קעגן די באָסעס. קומען די אָפּנאַרער, פאַרעטער פון אַרבעטער קלאַס, די פירער פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר“ און פאַרנאַרן זיי מיט צוזאָגן, שטילן זיי איין און פאַרקויפן זיי ווידער צו די באַלעבאַטים.

נאָר לאַנג האָבן די אַרבעטער זיך ניט געלאָזט נאַרן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן איינהערן צו די רייד פון די עמעסע רעוואָלוציאָנערן און קאָמוניסטן זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער „אַגריקולטורעלער ליג“ פון טרייד יוניאָן יוניטי ליג און אָנגעהויבן פירן אַן עמעסן סטרייק פאַר זייערע אינטערעסן.

דאָס האָט די באַלעבאַטים שטאַרק פאַרדראָסן. זיי האָבן אָנגעשטעלט פּאָליציי און שלעגערס און דעם פערצענטן אַפּריל, 1930 זיינען זיי באַפאַלן אַן אַרבעטער פאַרזאַמלונג און אַרעסטירט זעכצן סטרייקער. מע באַשולדיקט זיי בלויז אין דעם פאַרברעכן פון וועלן אָרגאַניזירן זיך און אויסקעמפן אַ בעסער לעבן. מע באַשולדיקט זיי אין קרימינעלן סינדיקאַליזם.

אַ ר ב ע ט:

אַרבעט־באַדינגונגען פון די אַגריקולטורעלע אַרבעטער.

## בײַ פּאַרדאָן

פון די 125 טויזנט אַרבעטער אין „ריווער־רוזש“ זיינען העכער 110 טויזנט נישט־קוואַליפיצירטע. וואָס דאַרף דאָ אַ מענטש קענען? אַ היים שרייפל איינטונקען אין וואַסער. אָפּפּיילן אַ שפּיין פון אַ טשוואָק, איינפעדימען אַ נעץ. יעדער שטיקל אַרבעט איז דאָך צעפּיצלט אַף דאָס קלענסטע, דאָס נישט־גסטע. יעדער סייכל אַרויסגענומען פון׳ם מענטשנס האַנט און עס איבערגעגעבן אַ מאַשין, וואָס איז אַליין אויך נישט קלוג, נישט אויפטועריש.

אַ נישט־קוואַליפיצירטער אַרבעטער קריגט 75 סענט א שאָ.

שטעלט־צו די שאָען וואָס גייען אַוועק אין פאָרן צ ו דער אַרבעט און פ ו ן דער אַרבעט (לאָמיר זאָגן פון אַ שאָ ביז אנדערהאַלבן), וועט

שוין בלייבן בלויז וועלכע 60 סענט. רעדט מיט אייער באַקאַנטן דאָקטאָר אין דעטראָיט, וואָס האָט צווישן זיינע פּאַציענטן אויך פּאָרד־ארבעטער, וועט ער אייך זאָגן, אַז ס'ראָוו אַרבעטער אין „ריווער־רוזש" קענען נישט אויסהאַלטן מער ווי העכסטנס 8 יאָר. דערנאָך — אויב זיי בלייבן לעבן לענגער — זיינען זיי מענטשנבראָך, טויגן נישט צו קיין שום ארבעט, זיינען אַ לאַסט אַפּ'ן שטאַט, אָדער אַף די אייגענע קרוויווים.

— „דזשענטללייט", — זאָגט דער פירער, און זיין טאָן איז שטאָק־פול מיט ערפאָרכט. — איז נאָר אַ חידוש, וואָס ער הייסט אונז די שיך נישט אויסטאָן, — „דזשענטללייט, מיר — קו־מען איצט צו דער בע־לט"!

אַ ר ב ע ט ן :

וועלכע אַרבעט רופט מען קוואַליפיצירטע, וועלכע ניט קוואַליפיצירטע.

1. וויפיל אַרבעטער אַרבעטן באַ פּאָרדן?
2. וויפיל זיינען קוואַליפיצירטע?
3. וויפיל פאַרדינט אַ ניט קוואַליפיצירטער אַרבעטער?

# די בעלט

.1

די „בעלט" (דער „פּאַס") איז אַ מין באַוועגלאַכע רעלסע, וואָס קריכט פון אויבן איבער די קעפּ פון די ארבעטער, דערלאַנגט צו דער האַנט, נעמט אַוועק פון דער האַנט, באַדינט שטילערהייט, זאָגט גאָרנישט, טראַכט גאָרנישט, פרעגט גאָרנישט. ערטערווייז גייט די „בעלט" אונטן אויך, צו די ארבעט־געשטעלן, די ווערקשטאַטן — אַמאָל גייען צוויי „בעלטס", איינע א ו י ב ן, די אַנדערע א ו נ ט ן.

פון צאָן־רעדער צענויפגעקייטלט, ווי אַ גאַרטל: גאַרטלט די בעלט אַרום די גאַנצע לייננג־און־ברייט פון דער מאָנטאַזיש־אָפּטייל, דער צענויפזאַמל־אָפּטייל... די אונטערשטע „בעלט" איז אַ „באַוועגלאַכע שטאָל־לענטע" — קריכט דיר אונטער די פינגער אַרונטער — בערגלדיק און טאָליק: דו מוזט אַף זיך כאַפּן פון אויבן דיין שטיקל „ווערק", אַף גיך אָפּטאָן דיינס, אַף גיך אויפהענגען קריק אַפּ'ן רונד־האַקן וואָס גייט פון אויבן, איבער דיין קאָפּ.

— „אָט־אָ אָט־אָ, אָט־טאָ"... זאָגן די קייטן פון דער בעלט... „אָטאָ־אָטאָ, אָט־אָטאָ". מער גאָרנישט.

גיך, גיך — גיב אַ מאַך מיט דער האַנט דעם זעלבן באַוועג וואָס טויזנט מיליאָן מאָל ביז איצט, און גיב אָפּ דער „בעלט" אירס.

איין מאַשין יאָגט די אַנדערע און אַלע אינאיינעם ווייסן נישט צ ו ו ו אָ ס. די בעלט — דיריגירט, האַלט טאַקט. מ'זאָל נישט פאַלן איבער די פיס, אָדער בלייבן שטיין. טאַם טע דירי, טאַם טע דירי, גלייך, גלייך, גלייך! טאַקט, טאַקט... טיק־טאַק, טיק־טאַק!... פּאָרד'ס ט אַ ק ־ ט י ק!

דאָ ווערט די „פּאָרדקאַר“ געבוירן. פאַר דיינע אויגן קריכט זי פונ׳ם מוטער־גוף אַרויס.

די „בעלט“ גייט, — מיר גייען מיט. מיר זעען: מענטשן רעדן עפּעס, טוען עפּעס. וואָסער זידט... איינער אַ „גרינער“ אַרבעטער, אַפּאָנים, לויפט נאָך דער אונטערשטער „בעלט“, קען נישט נאָכהאַלטן... עס אַנטלויפט... אַ חבר לויפט נאָך, ראַטעוועט, מוסר׳ט אים אויס. יענער זאָגט: „מ׳האָט מיך נישט געלערנט“.

.2

צום ערשטן זעסטו אַ מין רעלסע אפ׳ן „בעלט“. אויף דער רעלסע דער פונדאַמענט פון דער פּאָרד־קאַר. די אונטערשטע בלעך־שטיקער, וואָס דינען פאַר טראָט־ברעטער.

די „בעלט“ באַוועגט זיך. אַביסל ווייטער שטייט שוין איינער מיט פינף רעדער. די רעדער ווערן פון פינף מענטשן צעכאַפּט. יעדער הענגט־אָן אַ ראָד. דאָס פינפטע ראָד צוגעטשעפּעט פון הינטן אויף „מ׳זאָל נישט באַ־דאַרפן“.

אַ מענטש פּאָרט אַרום אויף אַזאַ נידריק אָפן ראָד־וועגעלע (ענלאך צו יענע, וואָס קאַליקעס אָן פיס באַנוצן). ער פּאָרט פאַראויס. ער פּאָרט קריקצעווייליאַכס, ער קריכט אונטער די רעדער. כאַפּט עפּעס אַראָפּ, לייגט עפּעס צו, גיט אַ לעצטן גלעט מיט אַ לאַנגן האַמער.

די „בעלט“ גייט ווייטער. קומט אים אַנטקעגן איינער מיט אַ גרויסן, עלעקטרישן „ניטער“ אין דער האַנט. ניטעווען די ניטן פון די רעדער. טררר. טרר. איינס, צוויי, דריי, דריי דרעי. אַ ניט איז פאַרטיק. נאָך אַ דריי־דרעי — נאָך אַ ניט.

אַמאָל פאַרשפּעטיקט ער, לויפט־ער־נאָך אַ בייזער מיט זיין „עלעקטריש געווער“, ווי אַ כאַזער־שלעגער וואָלט נאָכגעלאָפן אַ נישט־דערקוילעטן כאַזער..

דער אָפ׳ן נידעריקן רעדל רעדלט־זיך אַפ׳ן געזעם אַהין און קריק. ער איז איצט באַוואָפנט מיט אַ הויפן שמאַטע־וואָל און מיט אַ לאַנג־נאָזיקן אויל־שפּריצער. ער לויפט־נאָך און שפּריצט איין...

אין דער הויך קריכט אַן „ענדזשין“. מיט 3־4 טאַקטן ווערט ער אריינ־געזעצט דאָרטן וואו מ׳דאַרף. בעאיים דאָס ווערט געטאָן, גיסט איינער דערוויייל אָן וואַסער אין רידיאַייטאָר.

דער אַנדערער פילט־אָן דעם „גאַזאָלין־טענק“. אַ דריטער פּאָרט־מיט אויף דעם ווערנדיקן אווטאָמאָביל, וואָס פּאָרט אַפן בעלט, מאַכט דאָרטן עפּעס צורעכט... אַן אַנדערער הענגט אויף דעם פּאָרנדיקן אַווטאָמאָבילס טראָט־ברעט, באַקוקט דעם ענדזשין, פּרוּווט דאָס האַנט־ראָה, באַקוקט די „געדע־רים“ פון ענדזשין.

אַ פּאָר טריט ווייטער:

פונ'ם „הימל“ קומט אָן דער „קערפּער“ — באַדי — הייסט דאָס אַף ענגליש. (דאָס איבעריקע איז האַפּאָנים — „נעשאָמע“). די „בעלט“ שלעפּט אים. דריי מענטשן העלפֿן דער בלינדער „בעלט“ אַריינטרעפֿן וואו מען דאַרף.

אין אָנדערהאַלבן מינוט איז דער אויבער־טייל אַריינגעזעצט, די נעשאָמע האָט אַ גוף... דער גוף גלאַנצט... די שויבן שפּיגלען. דאָס געניקלטע וואָרט „פּאָרד“ לאַכט דיר אנטקעגן.

די ווינד־שויב ווערט פון איינעם געפּוצט.

די „בעלט„ קומט־צו צום סוף, און איינער זעצט זיך אַרויף, שטעלט אַרויף דעם פוס אַפ'ן „טרעטער“. לאָזט די גאַז, גיט אַ ריר דאָס האַנט־ראָד און די „פּאָרד־קאַר“ איז פונ'ם אייזערנעם נאָפּל אָפּגעשניטן! זי לעבט און — בלישטשעט צווישן הונדערטער אנדערע ניי־געבוירענע פּאָרד־קאַרס, אין „שאָו־זאַל“, וואָס איז אַ 50 טריט פון סאָף־בעלט...

דו גייסט קריק. דו ווילסט דיך אָנזען צו זאַט מיט'ן פאַרשאָלטע־נעם קויעך, וואָס באשאפט 6,000 „קאַרס“ יעדן טאָג.

.3

„אין אָנהויב פון דער נייער פּראָדוקציע“, באַלאַקעט ווייטער דער יונ־גערמאַן מיט'ן געקעסטלטן אויבערמאנטל, — „איז צוגעגאַנגען אַביסל שוואַך“ (דאָס וואָרט „שוואַך“ זאָגט ער אַף אידיש). ווייל די מאשינען זיינען געווען ניי און ניט איינגעריבן. אָבער די „בעלט“ האָט זיך איינגעארבעט. איצט מאַכט מען שוין צוויי מאָל אזוי פיל און — מ'זאָגט שוין אפילו אָפּ ארבעטער!... מ'האָט געזאָלט „אַוועקשיקן“ אַ היבש ביסל נאָך היינטיקע וואָך. נאָר די דירעקטאָר „האנדלס־קאַמער“ (טשעמבער אָוו קאָמערס) האָט זיך געווענדעט צו פּאָרד'ן, ער זאָל דאָס נישט טאָן איצט — פאַר ווייַנאַכטן און ניי־יאָר... ווייל די ארבעטער וועלן זיך דערשרעקן און נישט וועלן אויסגעבן קיין געלט אף די יאָם טויווים. „לאָזן זיי צום ערשטן, האָט געזאָגט דער „טשעמבער אָוו קאָמערס“, אויסגעבן דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלט אף קריסט־מעס־שמאָכטעס און ניי־יאָר־מאַטאָנעס, דערנאָך וועט איר זיי קענען אַוועק־שיקן“. מר. הענרי פּאָרד האָט זיי צוליב געטאָן...

אַרבעטן:

1. באַשרייב די בעלט.
2. די בעלט איז געמאַכט געוואָרן, קעדיי — — — — — — —
3. באַ דער „בעלט“ סיסטעם דאַרף מען ניט האָבן קיין קוואַליפיצירטע אַרבע־טער, ווייל — — — — — — — — — — — —
4. די אַרבעט ביים „בעלט“ איז זייער שווער פאַרן אַרבעטער, ווייל (1) — — — — — — — — (2) — — — — — — — — —
5. ווי אַזוי וואָלט די אַרבעט פונם „בעלט“ געקאָנט פאַרלייכטערט ווערן?
6. וואָלט דער „בעלט“ געווען גענוצט באַ אַן אַרבעטער־רעגירונג? דיסקוטירט די פראַגע אין קלאַס.

## אַרבעט־באַדינגונגען

„קענען מיר עפּשער גיין צו יענע שמעלץ־אויוונס?“ פרעג איך באַ אונזער פירער.

„ניין, מאַי דיר סיר“; דאָרטן איז צו געפערלאַך. דאָרטן איז ב ל ו י ז פ אַ ר אַ ר ב ע ט ע ר!

ער דערציילט אַ מעשה:

אַן אַרבעטער איז אין אייזן־גוס אַריינגעפאַלן. אַז דער מעטאַל האָט זיך אָפּגעקילט איז ער געווען... אַ שטיק אייזן. מ׳האָט אים געמוזט ברענגען צו קוואורע אינאיינעם מיט דער גאַנצער מאַסע אייזן.

זיין מיטע האָט געוואויגען העכער דריי טויזנט פונט. דער קאַסטן איז געווען פון רויע אַלטע ברעטער, צענויפגעקלאַפּט. אפשר 60 ארבעטער האָבן אים געטראָגן צו קוואורע...

„ער האָט געהאַט אַ שווערן טויט“ — לאַכט דאָס בחור׳ל — „אַ שווערע לעבן און אַ שווערן טויט“.

צוויי ארבעטער — דערציילט ער ווייטער — זיינען פאַרברענט געוואָרן אָף טויט, דעם אנדערן טאָג אין נאָוועמבער. עס האָט זיך געהאַט אויסגעגאָסן בענזאָל אין דער שאַכט, וואו דער „ליפט“ גייט, האָט מען זיי געשיקט אויסווישן. אַזוי גיך ווי זיי זיינען אריין אינווייניק, האָט זיך דאָס אָנגעצונדן — איינער אָף טויט... דער אנדערער האָט זיך נאָך געמוטשעט אַ ביסל — יעס מאַי דיר סיר.

אין גאַנג ווערט דיין אויג דערוויל געניט. דערקענסט די „שפּיקעס“ — די וואָס שטייען באַ די טירן. מעסטן דיך אָפּ, אַז דו קומסט אריין, מאַכן באַלד צו די טיר, גייען רייגער אָנגעטאָן ווי די אַנדערע.

עס איז פייכט און הייס. עס שמעקט מעטאַל־פאַרב — מ׳פאַרבט די די באַהייץ־רערן: שאַרף־זיסער קופּער־טאַם פאַרשיקערט דיך, קיצלט דיר די נאָזלעכער, רייצט דעם האַלז צום שפּייען. אָף אַ ברעט אין דער הויך איבער די אַרבעטער שטייט אַ פאַרבער מיט אַ שוץ־מאַסקע אַפּ׳ן פּאָנים, שפּריצט פאַרב פון אַ רער אַרויס, מיט עלעקטרישער קראַפט.

דיין גאַנג איז שנעל. מען לאָזט דיך נישט שטיין לאַנג. צונויפרעדן מיט די ארבעטער טאָרסטו נישט — דאָס הייסט: דו מעגסט, דו ביזט דאָך אַ גאַסט און צו אַ גאַסט איז מען פריינטלאַך! נאָר די ארבעטער זאָגט מען אָן, זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן פאַרפירן אַ שמועס מיט אַ פרעמדן מענטשן. פרעגסט איינעם עפּעס: לאַכט ער, טאַמעוואַטע, אָדער ער שטעלט דיר אַרויס אַ נאָז — קיינער זאָל נישט זען. אָדער ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „פרעג נישט, ברודער“.

אַ ר ב ע ט:

1. קאָנען די אומגליקס־פאַלן פאַרמידן ווערן?
2. אָף וואָס זיינען די „שפּוקעס“ (שפּיאָנען) אין די אַרבעטס־אָפּטיילונגען?

## אין פאָרדם גלאָז-פאַבריק.

מיר גייען אריין אין די גלאָז־פאַבריקן.

דאָרט איז די היץ אזוי גרויס, אז מי קען דעם אָטעם נישט כאַפּן.

פון א באַלקאָנדל קוקן מיר אראָפּ און מיר זעען בלויז געציילטע עטלאַכע ארבעטער: שטייען און מישן די „רויטע קאַשע". אָטעמען פייער און רויך.

איך שטריינג מיך אָן עטלאַכע מאָל ארויפצוגיין אַפ׳ן אויבערשטן שטאָק, וואו די גלאָז־אויוונס זיינען. — איך קען נישט. איך מוז צוערשט ארויסגיין אָנגרייטן פרישע לופט אין די לונגען. דערנאָך לויף איך אריין קריק אין די גלאָז־ווערק, לויף אריין אויבן און כ׳זע: אַ עלטערער מאַן, מיט אויסגעקראָכענע אויגן, האַלט אַ פייער־שטעקן אין האַנט, שטופּט־אונטער די גלאָז־קאַשע, דאָס פייער־ברי אין אויוון אריין...

פון אַן אַנדערן אויוון, וואַלגערט זיך אַ בלאַט גלאָז אַרויס. דאָס פריש געבוירענע גלאָז־פלוס איז ברוינלאַך־טונקל און געקארבט. עס גליטשט זיך איבער רערלאַך, אַף לאַנגע טישן ווערט געשווענקט און געדימענטעוועט, געריבן און געשליפן און אַלץ אין אַן היץ פון אַ פייער, וואו דער שטאַרק־סטער אויוון קען בלויז אויסהאַלטן העכסטענס 8 חדשים, און וואָס סע געדויערט 3 חדשים נאָכאַנאַנד אים צו דערהייצן און מאַכן שמעלץ־פייאיג!

איך האָב בלויז פינף מאָל איינגעאָטעמט די לופט פון דער שמעלצעריי, מער האָב איך נישט געקענט. איך בין ארויסגעלאָפן.

אין דרויסן איז שוין געהאַט צוגעפאַלן די נאַכט.

פון די אייזערנע לאָקשן־טעפּ־וואַזאָנעס באַ די ווענט פון די שטאָל־גיסערייען האָבן געשפּריצט פלאַקערדיקע פונקען, ווי רויזן פון פייער.

אַ מאַן איז געשטאַנען מיט אַ רויטער פאָן און געגעבן אַ צייכן מ׳זאָל זיך היטן, ווייל די פייער־קאַשע איז פריש!

אַף אַלע בריקלאַך האָבן געפלייצט צוויי שטראָמען מענטשן — איין שטראָם אַהער, איין שטראָם אַהין...

אַרבעט:

וואָס מיין גלאָז האָט מיר דערציילט.

## ווען מען ווערט אַ קאַליקע

זייט איר עפשער אַ באַלן אָנצוקוקן פאָרדם שפּיטאָל? זייט־זשע מויכל. אָט איז דאָס! אַ גרויסע געביידע.

אין פאָרדם שפּיטאָל כירורגירט מען די אַרבעטער אַף... אויסצאָלן! אַז איר אַרבעט באַ פאָרדן און אַ מאַשין צעקאַליעטשעט אייך אַ האַנט, אָדער אַ פוס. נעמט מען אייך אַוועק אין פאָרדם שפּיטאָל אריין. „דער גרעסטער כירורג" מאַכט פון אייך... דאָס קלענסטע ווען! כאַפּט אייך אַראָפּ די האַנט, אָדער דעם פוס, היילט אייך אויס (מערוויינינקער), לאָזט

אייך אַרויס אַף... אַ קוליע, אָדער מיט אַ ליידיקן אַרבל. פֿאָרד, דער גרויסער באַלראַכמאָנעכ, נעמט אייך צוריק צו דער אַרבעט. פֿון יעדער וואָך סכירעס נעמט מען באַ אייך אַראָפּ אַ היבשן פּראָצענט פֿאַר דער אָפּעראַציע. און אַז איר האָט שוין אויסגעצאָלט דעם גאַנצן כויוו, שיקט מען אייך סאָף וואָך רופֿן אין אָפיס אַריין, מען דערלאַנגט אייך אייער „קאָנוווערט מיט געלט“, אינ׳ם זעלבן קאָנווערטל געפינט איר אויך אַ צעטעלע געדרוקט אַף שיינעם בלאָען פּאַפּיר: „מען באַדויערט זייער וואָס ס׳איז פֿאַר אייך מער קיין אַרבעט נישטאָ. עפּיטער ווען־עס־איז שפּעטער, איר דאַרפֿט נישט קומען אַליין. מ׳וועט אייך מעלדן דורך אַ בריוו.“

אונטערגעשריבן: „הענרי פֿאָרדס עמפּלאָימענט־אָפיס“.

אַ ר ב ע ט:

וואָס פֿאַר אַ פֿאַרזיכערונג וואָלט איר, קינדער, פֿאָרגעלייגט פֿאַרן אַרבעטער?

## די פּרעסע פֿאַר די פֿאָרד־אַרבעטער

קימאַט באַ יעדער געבײדע שטייט אײנער מיט אַ זאַק און צעטיילט די „צייטונגל“ „פֿאָרד ניוס“. אַף דער ערשטער זייט אַ בילד פֿון נייעם ניו יאָרקער גובערנאַטאָר און אַ... פֿאָרד־קאַר! אַ פֿאָטאָגראַפיש־בילד פֿון אַ רייע פֿאָרד־פּאַטעטאָנען, וואָס דער „פּאָליציי דעפּאַרטמענט“ פֿון דער שטאָט אַנטאָניא, טעקסעס האָט באַשטעלט. — אַן אַרטיקל וועגן „אונזער לינדבערגן“, אַ נאָטיץ, אַז די פֿאָרד־פֿאַבריקן אינאיינעם וואַרפֿן איצט אַרויס העכער זעקס טויזנט אָטאָמאָבילן אַ טאָג.

אַן אַרטיקל וועגן פֿאָרדס נייעם „פֿינאַנץ־פּלאַן“, וועגן דעם, אַז מ׳ד אַ ר ף היטן געזונט, ווייל ס׳איז נויטיק צו דער אַ ר ב ע ט...

אין דעם זעלבן אַרטיקל באַווייזט דער שרייבער, אַז עס לוינט זיך צו לעבן אַזוי לאַנג ווי מעגלאַך. ווייל (זאָגט ער) וואָס מער אַ מענטש לעבט, אַלץ מער געלט פֿאַרדינט ער!

דאָרט זיינען אויך פֿאַראַן ציפֿערן וועגן פֿאָרדס נייער פֿ א ר ג ר ע־ס ע ר ט ע ר פּראָדוקציע. ציפֿערן זייער שיינע וועגן דעם לעבן פֿון די פֿאָרד־אַרבעטער.

איז דאָך דאָס זייער שיין און זייער פֿיין. איאָ? גיט זשע אַ לייען, אומיסנע וואָס דער „פֿאָרד וואָרקער“ שרייבט! ער שרייבט, אַז סאיז אַזוי און אַז ווייַ צו דעם לעבן פֿון די „פֿאָרד־אַרבעטער“. מ׳הייסט מאַכן ציגל און מ׳גיט קיין שטרוי נישט!

פֿון 125 טויזנט פֿאָרד־אַרבעטער, זיינען בלויז אַ 200 אָרגאַניזירט.

אַ ר ב ע ט ן:

1. וועמען מיינט דער שרייבער אונטער די ווערטער: „פֿאַרשלעפּטע קרענק“?
2. פֿאַרוואָס הייסט פֿאָרדס צייטונג די אַרבעטער היטן דעם געזונט?
3. פֿאַרוואָס איז אַזוי שווער צו אָרגאַניזירן פֿאָרדס אַרבעטער?

# קאַלאָמבוס, אָהייאָ

אין קאַלאָמבוס, אָהייאָ סטייט, איז דאָ אַ גרויסע טורמע פאַר אַ צוויי טויזנט מענטשן. אין דער טורמע זיצן אָבער אַרום פינף טויזנט אין שטיקעניש און אין ענגשאַפט. די קאַפּיטאַליסטישע פאַר־זאָרגער ווילן ניט פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן דעם פלאַץ, וואו עס זיצן און עס מאַטערן זיך אַזוי פיל מענטשן.

אין דער טורמע האָט אויסגעבראָכן אַ פייער; 322 פאַרמיש־פּעטע זיינען פאַרברענט געוואָרן און נאָך אַ גרויסע צאָל פאַרוואונדעט. די קאָרבאָנעס האָבן געקלאַפּט אין די טירן און יאָמערלאַך געשריען; דאָס פייער האָט שוין געברענט זייערע פיס, קליידער און האָר. זיי האָבן מיט ווילדע קוילעס געבעטן, מען זאָל זיי אַרויסלאָזן, עפענען די טירן, נאָר די אַכזאָריעסדיקע וועכטער האָבן געקראָגן אַ באַפעל פון וואָרדן ניט צו עפענען די טירן, ניט אַרויסלאָזן קיינעם.

אָנשטאָט צו עפענען די טירן און ראַטעווען די אומגליקלאַכע ברענענדיקע מענטשן, האָט דער וואָרדן געבראַכט מיליטער און באַ־פוילן שיסן יעדן איינעם, וואָס וועט וואַגן צו אַנטלויפן.

דעם וואָרדנס טעכטערל, אַ גוט־דערצויגענע אַמעריקאַנער טאָכ־טער, האָט אָנגעפירט מיט'ן איינאָרדענען דאָס מיליטער קעגן די אַרעסטאַנטן.

אַ פּאָר פון די פאַרמישפּעטע האָבן זיך אַרויסגעריסן און אַליין אָנגעהויבן צו העלפן זייערע ברענענדיקע כאַווירים. זיי האָבן איינ־געשטעלט זייערע לעבנס, אויפגערי'סן אַ פּאָר טירן, אָפּגעבראָכן אַ פּאָר שלעסער, געלאָפן צו צען מאָל און מערער אין פייער אַריין און אַרויס־געראַטעוועט וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט. די איבעריקע, וואָס האָבן זיך געפונען אין פייער, זיינען פאַרברענט געוואָרן.

דער וואָרדן האָט דערנאָך אָפּגעגעבן אַ טערעץ, אַז ער האָט אַסטמאַ; ער קען ניט כאַפּן דעם אָטעם, ווען עס איז אַ רויך.

דאָס איז אַן עמעסע מאַיסע, קינדער. געשען איז דאָס אין יאָר 1930. אָבער אויך פריער זיינען אַ סאַך מאָל פאָרגעקומען ענלאַכע געשעענישן אין די טורמעס פון אונזער לאַנד.

# אַמעריקאַנער טורמעס

(דערציילונג פון אַן ארבעטער).

די אַטלאַנטער טורמע געפינגט זיך הינטער'ן שטאָט. דאָס איז אַ גרויסע שווערע געביידע. אינעווייניק באַשטייט די טורמע פון פיר ריזיקע צעלן-הייזער, אַזוינע גרויסע שטיינערנע קאַסטנס. די צעלן געפינען זיך אינעווייניק אין צעל-הויז. די צעלן עפענען זיך פון אינעווייניק דורך אַ טיר. קיין פענצטער האָבן זיי ניט.

## צ ע ל ן.

די צעלן זיינען געווען געבויט פאַר צוויי אַרעסטאַנטן. איידער איך בין אַהין געקומען, זיינען שוין דאָרטן געזעסן פיר. איצט זיצן דאָרט אַכט.

די אַרעסטאַנטן, וואָס זיצן אין געווינלאַכע קאַמערן, ווערן אַרויסגעפירט דריי מאָל אַ טאָג אין שפּייז-צימער און איין מאָל אַ טאָג אַף אַ שאָ שפּאַצירן. אַכוץ דעם פירט מען זיי צו דער אַרבעט.

## איינצל-קאַמער.

שווערע פאַרברעכער און אַזוינע, וואָס אונטערוואַרפן זיך ניט די געזעצן, האַלט מען איזאָלירט אין איינצל-קאַמערן. דאָרטן איז ניטאָ קיין בעטל און קיין אַנדער מעבל. נאָר אַ מאַטראַץ ליגט אַף דער פאָדלאָגע. הויך אונטער דער סטעליע איז דאָ אַ פענצטערל. די אַרעסטאַנטן זיינען יעדערער אַליין אין אַ קאַמער, פון וואַנען מען לאָזט זיי ניט אַרויס. שפּאַצירן פירט מען זיי זייער זעלטן. עסן ברענגט מען זיי אין קאַמער.

## ק אַ ר צ ע ר.

אַכוץ דעם איז נאָך דאָ דער קאַרצער. אַהין זעצט מען אַריין פאַר „אַזעס“, דיסציפּלין-ברוך און ביקלאַל ווען די אויפזעער פאַרווילט זיך. דער קאַרצער איז פינצטער און פייכט. שלאָפן שלאָפט מען אַף דער נאַסער פאָדלאָגע, אַפּ'ן מאַטראַץ. פון זעקס אינדערפרי ביז זעקס אינאָוונט מוז מען שטיין אַף די פיס. מען טאָר זיך ניט צוזעצן. דערויף גיבן אַכטונג די וועכטער. דאָס עסן איז צוויי רעפטלאַך טרוקענע ברויט דריי מאָל אַ טאָג — און אַ קווערטל וואַסער. ווייטער

גאָרנישט. אַז מען זעצט אַן אַרעסטאַנט אַריין אין קאַרצער, זאָגט מען אים קיינמאָל ניט ווי לאַנג מען וועט אים האַלטן. ער ווייסט אַפילו ניט אַף וואָס צו האָפן.

## „דזשאַבס".

אין טורמע איז דאָ אַ סאַך גרינגע אַרבעטן, אַ שטייגער: באַדיי־נען אַ שפּיטאָל, די שטעלע פון ביבליאָטעקאַר, קלוירק, באַדינער פון דירעקטאָרס הויז און אַזוי ווייטער. די דאָזיקע אַרבעטן זיינען אָנ־גענעמער און לייכטער, ווי די געוויינלאַכע טורמע־אַרבעט. די דאָזיקע „דזשאַבס" האָט דער טורמע־אויפזעער פאַרקויפט פאַר געלט צו די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן געקענט באַצאָלן גוט. אַזוי האָט דער גרוי־סער בוטלעגער, מאַנוס, באַצאָלט פאַר אַ גוטן דזשאַב פינף טויזנט דאָלער. אַזוי האָט זיך באַשאַפן די לאַגע, אַז דעם רייכן האָט זיך געלעבט גוט אַפילו אין טורמע. פאַר עטלאַכע הונדערט דאָלער האָט דער רייכער אַרעסטאַנט געקענט קריגן וואָס ער האָט נאָר גע־וואָלט. רייכע האָבן געהאַט די מעגלאַכקייט צו גיין אין שטאָט אַריין אַליין, אָן באַגלייטונג.

## אַרבעט.

די אָרימע אַרבעטן. פאַראַן אין טורמע דריי שעפּער: פון שיך, קליידער און טעקסטיל. דער לעצטער איז געוועזן פאַר־דונגען צו אַ פּריוואַטער פירמע, אין דאָרטן האָבן געאַרבעט ביז 1500 אַרעסטאַנטן. געצאָלט האָט מען די אַרעסטאַנטן־אַרבעטער דריי דאָ־לער אַ וואָך, פון וועלכע זיי האָבן געקענט שיקן אַהיים זעקס־זיבן דאָלער אַ כוידעש און אַכויץ דעם קויפן ציגאַרן, ציגאַרעטן און פרוכט. די שיך־ און די קליידער־שעפּער זיינען געשטאַנען אונטער דער דירעקטער פאַרוואַלטונג פון טורמע־אויפזעער. דאָרטן האָט מען די אַרעסטאַנטן־אַרבעטער גאָרניט געצאָלט.

אַ ר ב ע ט:

1. פאַרוואָס דאַרף די איצטיקע געזעלשאַפט טורמעס?
2. טראַכט צו אַ פּלאַן, ווי אַזוי מ'זאָל ניט באַשטראָפן מענטשן, נאָר בעסערן זיי. נעמט די פראַגע אויף אין קלאַס און דיסקוטירט עס. פאַרשרייבט די סאָרשלאַגן.
3. וואָס טוט מען מיט די פאַרברעכער אין ס—פ?

# דזשייקאָבס מעלובע

דזשייקאָב איז געקומען קיין אַמעריקע מיט זיין ווייב באַלד נאָך זיין כאַסענע אין גאַליציע. דאָ האָט ער געטאָן אַלערליי זאַכן און נישט געוואָלט גיין אין אַ שאַפּ. אין אַ שאַפּ, האָט ער געזאָגט, זאָל יענער אַרבעטן. ער האָט געפּעדלט מיט אַלערליי זאַכן ביז ער האָט דורך אַ צופאַל איינמאָל אָפּגעקויפט העמדער. דזשייקאָב האָט זיי דערנאָך פאַרקויפט און גוט פאַרדינט. און אַז ער האָט געזען, אַז עס איז אַ גוטער מיסכער, האָט ער געקויפט אַ שטיקל לייוונט און געבראַכט אַהיים. ער האָט געשניטן, נאָכקוקנדיק נאָך אַן אַנדער העמד, און זיין ווייב האָט געניית. ביז ער האָט אויסגעליידיקט איין צימער, טאַקע באַ זיך אין שטוב, און אַריינגעשטעלט איין מאַשין און דערנאָך אַ צווייטע און דערנאָך אַ דריטע און אַזוי ווייטער. דזשייקאָב האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי אַזוי עס איז געשען, אָבער ער איז געוואַקסן. מען דערקענט שוין אין אים, ווען מען טוט נאָר אַ קוק אַף אים, אַז ער איז רייך.

דזשייקאָב איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין זיין געשעפט, אַז ער האָט אַפילע אין כאָלעם געקויפט לייוונט און פאַרקויפט העמדער. זיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט דעם, ווי אַזוי מען זאָל קאָנען וואָס-מער העמדער אויסשניידן פון אַ שטיק לייוונט. באַ אים אין קאָפּ האָט זיך טאָמיד געשפּרייט לייוונט, אָדער אין דער לענג, אָדער אין דער ברייט. ער האָט ליב געהאַט זיך אַרומצוזיצן מיט די ביכער און פאַרשרייבן וויפיל די אַרבעטער האָבן אויסגעאַרבעט און וויפיל מען האָט פאַר־קויפט. אין קיין שול פאַר בוכהאַלטעריי איז דזשייקאָב נישט געגאַנגען. ער האָט געקענט שרייבן „נעמען“ אַף ענגליש און ציפער. זיינע ציפערן זיינען געווען מאָדנע און אומגעלומפּערטע. אַ זיבן האָט ער געשריבן אַזוי ווי אַן איינס, און זיין ניין האָט אָפּט אויסגעזען ווי אַ צען. וואָרים ער האָט דאָס קעפּל פון ניין טאָמיד געמאַכט אַזוי ווי אַ באַזונדער רינגל און דאָס פיסל פון ניין האָט ער געצייכנט אַף דער לינקער זייט.

דזשייקאָב האָט געפירט אַ בלעטל אין אַ בוך, וואו ער האָט מיט זיינע מאָדנע איבערגעקערטע ציפערן געהאַט פאַרצייכנט, אַז ער פאַרמאָגט אַכט מאַשינען, אַז ער פאַרמאָגט ניינצן אַרבעטער; און

געלט האָט ער אַליין ניט געוואוסט, וויפיל ער פאַרמאָגט. דאָס איז שוין געווען אַ שווערער איניען פאַר אים. ער האָט אָבער געוואוסט, אז ער טראָגט אַלעמאָל אין צוויי בענק געלט. אָ, דאָס געפיל פון האָבן געלט!

טאַקע, וואָס פעלט דזשייקאָבן? געלט האָט ער אין צוויי בענק; אַכט מאַשינען דרייען זיך אין זיין פאַבריק; ניינצן אַרבעטער — זיינע אַרבעטער! זאָל עמיצער פּרוּאוון אַוועקנעמען בּאַ דזשייקאָב'ן אַן אַרבעטער! ווי דזשייקאָב רעכנט אויס, לעבן די אַרבעטער בּאַ אים אַ גוטן טאָג. בּאַ וועמען וועט זיי נאָך אַזוי גוט זיין? זיי וועלן שוין בּאַ אים פאַרבלייבן דאָס גאַנצע לעבן, זיינע אַרבעטער!

דזשייקאָב האָט מיט זיינע בּאַלמעלאָכעס זיך בּאַרימט פאַר אַלע זיינע סאָכרים פון העמדער. אַזאַ שטיקל אַרבעט, ווי זיינע אַרבעטער גיבן אַרויס, קען קיינער ניט בּאַווייזן. זיינע אַרבעטער — זייער גיכ־קייט, זייער פיינער און געשמאַקער שטאָך; דאָס שטיקל אַרבעט זינגט אַרויס פון זייערע הענט! און דזשייקאָב איז נישט נאָר שטאָלץ מיט זיינע אַרבעטער, נאָר ער האָט זיי אויך „ליב“.

דאָס הייסט „ליב“ האָבן צו ליב האָבן איז ניט גליך.. דזשייקאָב האָט זיינע אַרבעטער ליב אַזוי ווי אַ בּאַלעבאָס בּאַדאַרף ליב האָבן. ער וועט דאָך נישט לויפן זיי אַריכווייזן זיין ליבשאַפט. וואָרים זיי וועלן אים דעמאָלט אַראָפּדרייען דעם קאָפּ. פאַרקערט, דזשייקאָב ווייזט אַרויס אַ בייזקייט צו זיינע אַרבעטער. זאָלן זיי מוירע האָבן פאַר אים. אָבער ער וויל נישט, אַז זיי זאָלן פון אים אַנטלויפן. דזשייקאָב האָט אַ מאָס אין זיין בייזקייט. אי מען האָט פאַר אים מוירע, אי מען האַלט אים פאַר אַ גוטן בּאַלעבאָס.

און דאָס קאָסט אים נישט אַ גראָשן געלט. ער פאַרלירט גאָר־נישט און געווינט אַ סאַך. עס איז שוין לאַנג, אַז דזשייקאָב האָט אַנטדעקט אָט די דאָזיקע כאָכמע: איידער ער זאָל שרייען אַף אַלע אַרבעטער מיטאַמאָל, שרייט ער בעסער אַף דייווו, דעם פאָרמאַן. דזשייקאָב פילט, בעשאַס ער שרייט אַף דייווו, אַז אַלע אַרבעטער ציטערן. דזשייקאָב ווייסט, אַז דייווו איז אַ גאָרנישט. ער האָט אים אַריינגענומען אין פאַבריק טאַקע דערפאַר, וואָס דייווו איז אַ גאָרנישט. דייווו איז געטריי. און עס איז אַזוי: אַז דזשייקאָב ווערט ברויגעז, דער שלעכטער בלייבט דייווו. וועמען שעלטן די אַרבעטער? —

צעשרייט ער זיך אַף דייוון. דייוו וואַרט געדולדיק. דערנאָך נעמט זיך דייוו צו די אַרבעטער. פאַלט אָן אַף זיי מיט אַלערליי זידלערייען. אַט אַזוי פירט זיך דזשייקאָבס מעלוכע.

גאַנץ פרי, נאָך איידער די אַרבעטער זיינען זיך צונויפגעקומען, האָט דזשייקאָב מיט דער הילף פון דייוון אויסגעלייגט אַף די טישן פאַר די שניידערס אַלערליי לייוונטן, און דערנאָך זיינען געקומען די צושניידערס און האָבן די דאָזיקע לייוונטן אויסגעמאַרקירט מיט קרייד און זיך איינגעביסן מיט זייערע גרויסע שערן, וועלכע האָבן מיט זייער זשאַווערן שערן-קלאַנג דערמאָנט אַ' דעם בילן פון הייזעריקע הינט. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפּעניש.. דייוו האָט געכאַפּט פון די הענט פון די צושניידערס און געטראָגן צו די שטעפּערס. די שטעפּערס האָבן זיך געיאָגט, טרייבנדיק מיט זייערע פיס די קישקעס פון די מאַשינען. און דייוו האָט ווידעראַמאָל פון זייערע הענט געכאַפּט און געטראָגן צו דעם, וואָס האָט אָנגענייט די קעלנער; צו דעם, וואָס האָט אָנגענייט אַרבל; צו דעם, וואָס האָט געמאַכט פאַטעלקעס; צו דעם, וואָס האָט אָנגענייט קנעפּלאַך, און אַזוי ווייטער.

אין פאַבריק איז פאַר די אַרבעטער געווען אוממעגלאַך צו ריידן. דייוו האָט שטאַרק אָפּגעהיט די אַרבעטער. פונדעסטוועגן האָבן די אַרבעטער צווישן זיך אָפּגעמאַכט אַ געהיימע פאַרבינדונג. עס איז געטאָן געוואָרן אַזוי געהיים, אַז אי דייוו, דער „אָנטרייבער", זאָל נישט וויסן, אי דער באַלעבאָס, דזשייקאָב, זאָל אויך נישט וויסן. די אַרבעטער האָבן זיך געמוזט צונויפריידן דורך צייכנס פון איין אויפגעהויבענעם פינגער, אָדער אַ טיפּקע פון אַ פּוס. איינמאָל אַ פאַרנאַכט האָבן די אַרבעטער זיך צונויפגענומען און אַלע אינאיינעם אַוועקגעשפּאַצירט אַף דריי-פיר גאַסן ווייטער, זיך אַנידערגעשטעלט אַף אַ ליידיק שטיק אָרט, וואו מען האָט נישט לאַנג אַראָפּגעריסן אַן אַלט הויז, און אָנגעהויבן די פאַרזאַמלונג...

ערשט האָבן זיך אָנגעהויבן דזשייקאָבס צאָרעס און זאָרגן.

אַרבעט:

1. איז דזשייקאָב רייך געוואָרן דורך זיין אַרבעט?
2. ווי אַזוי האָט דזשייקאָב געווירקט אויף די אַרבעטער?
3. וואָס פאַר אַ ראָליע האָט געשפּילט דער פאָרמאַן?
4. ווי אַזוי האָבן די אַרבעטער זיך אָרגאַניזירט?

# מ׳קלייבט אויס אַ פּרעזידענט

(דערציילט פון אַ פּעדלער).

אז עס איז געקומען דער טאָג פון די וואַלן, האָב איך זיך אָנגעהויבן צו פילן יאָנטעוודיק.

בענעלע, מיין מוזיניקל, זיבן יאָר אַלט, האָט ארויסגעהאנגען אן אמעריקאַנער פּאָן אין אונזער פענסטער, און האָט מיר געזאָגט, אַז היינט איז אַ גרויסער יאָנטעוו פּאַר אַלע בירגער, ווייל אין דעם טאָג זעט מען איין די גלייכהייט פון אמעריקע. דערהיינע: איך בין גלייך אפילע מיט דעם פרעזידענט פון די פאַרייניקטע שטאַטן, ווייל ער האָט ניט מער ווי איין שטימע און איך האָב אויך איין שטימע, זיינען מיר טאקע ביידע גלייכע יאַכסאָנים.

קלער איך: עס איז אפילע דאָ צווישן אונז אַ שטיקעלע אונטערשייד, אַ גרויסער אונטערשייד, קאָן מען זאָגן, נאָר איך האָב פיינט זיך צו שפּאַרן מיט אַ קינד. בענעלע זאָגט אַזוי, זאָל זיין אַזוי. צו וואָס זאָל איך אים אָפּעסן דאָס הערצעלע? גענוג אַגמעסנעפעש האָבן מיר געהאַט אין הויז אין די עטלעכע וואָכן פּאַר די וואַלן. דאָס גאַנצע הויז איז בּאַ אונז אוועק כּאַדאָראָם, דער שאָלעם-באַיִס איז צעשטערט געוואָרן, און ניט איך, און ניט מיין אַלטע האָבן געקאָנט האָבן אַ מינוט רו. קעסיידער אַזוי: מיין זון שלוימקע, אַ באָכער׳ל פון 15 יאָר, האָט געהאַלטן פאַר דעם רעפּובּליקאַנישן קאַנדידאַט. מיין צווייטער זון, דזשייקע, וואָס איז שוין בּאַ מיר אַ באַרמיצוועינגל, איז געוועזן שטאָל און אייזן פּאַר דעם דעמאָקראַטישן קאַנדידאַט, און מיין אינגסטער, מיין מוזיניקל, בענעלע, וואָס איז אַ גרויסער שטיפער, האָט גאָר געהאַלטן מיט די סאָציאַליסטן. דאָס איז אַלץ געוועדט פון די אינגלאַך. איך האָב אָבער דריי מיידלאַך, וואָס זיינען עלטער פון די אינגלאַך. און זיי מישן זיך אויך אין פּאָליטיק. מיין עלסטע טאָכטער, בעטסי, וועלכע איז אַ לערערין, האָט מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף גאָר שטימען פאַר אַ מיסטער רענדל. פרעג איך: ווער איז דער מיסטער רענדל? עפּעס קיינער רעדט גאָרניט פון אים. דערקלערט זי מיר, אַז מיסטער רענדל איז פון דער פּאַרטיי, וואָס וויל צושליסן אַלע ביר-הייזער. קלער איך: אַ גוטע זאַך איז דאָס אַפּילע; אָבער ווי גייט מען שטימען פאַר אַ מאַן, וואָס קיינער האָט פון אים ניט געהערט און קיינער קען אים ניט? מיין צווייטע טאָכטער, פלאָסי, אַרבעט בּאַ ווייבערשע היט און זי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל שטימען פאַר איינעם עפּעס אַ מיסטער דזשעקסאָן. פרעג איך: ווער איז ער? דערציילט זי מיר, אַז ער איז אויך אַ סאָציאַליסט און טאקע דער ריכטיקער סאָציאַליסט, ניט ווי מיסטער טשייז, פאַר וועלכן בענעלע צערייסט זיך. שרייענדיק. און מיין טאָכטער, דזשעני, האָט געוואָלט, אַז איך זאָל גאָר ניט שטימען. זי גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז אונזערע אמעריקאַנער וואַלן זיי־

נען א קאפיטאליסטישער שווינדל, אריינצונארן די אָרימע מענטשן אין זאק אריין, — אז די אָרימע זאָלן מיינען, אז זיי מאַכן קלוימערשט די רעגירונג, און אין דער עמעסן הערט זיי די קאפיטאליסטישע רעגירונג ווי דעם קאָטער.

איז ווי איך האָב אייך געזאָגט, איז די מילכאָמע באַ מיר אין הויז אָנגעגאַנגען עטלאַכע וואָכן פאַר'ן טאָג פון די וואַלן. נאָר אז דער טאָג איז שוין געקומען נאָענט, זיינען מיינע קינדער געוועזן ווי אף מעסערס. זאָג איך צו זיי: וואָס רייסט איר זיך אזוי? מיינע סאָנים זאָלן דאָס פארמאָגן, וואָס די קאַנדידאַטן קאָן אַרויסקומען פון אייערע רייד. הערט אויף זיך צו רייסן! אָבער מיינע רייד העלפן ניט און מען רייסט זיך ווייטער.

קעסיידער אזוי: פלאָסי מיט בענעלען רייסן זיך פאַר זייערע סאָציאַ־ליסטישע קאַנדידאַטן. בעני זאָגט, אז פלאָסים סאָציאַליסט איז גאָר קיין סאָציאַליסט ניט. זאָגט פלאָסי, אַז בענים איז קיין סאָציאַליסט ניט. זאָגט בעני: „דיינער איז א ליגנער!“ זאָגט פלאָסי: „דיינער איז א פאַרפי־רער!“ דאַן נעמען זיך צו די קיילים שלוימקע מיט דזשייקען. דזשייקע שרייט: „אהא, דו ביסט פאַר די קאפיטאליסטישע טראָסטן!“ שרייט שלוימקע: „דו ביסט פאַר די, וואָס מאַכן כאָרעוו דעם קרעדיט פון לאַנד!“ ווערט דזשייקע אין קאַעס און שרייט: „וואָס איז דער מער מיט דעם קוילן־טראָסט, מיט'ן מילך טראָסט און מיט'ן פלייש־טראָסט“? שלוימקען דאַרף מען אויך קיין פינגער אין מויל ניט לייגן (פלוידערן איז א לייכטע זאַך). איך זע, אז מיין באַרמיצווע־אינגל ווערט אַן אָנגעצונדענער, און עס האַלט שוין באַ פעטש, נאָר די עלטסטע טאָכטער, די לערערקע, מישט זיך אריין, נעמט איין אינגל פאַר איין אויער און דעם אַנדערן פאַר א צווייטן אויער און זאָגט, זיי זאָלן זיין אביסל סטאַטעטשנער. נאָכדעם הויבט זי זיך אַן אליין צו האַמפערן מיט דזשעניען, און מען קריגט זיך, און מען שרייט, און מען צעוויינט זיך, און מען כליפּעט, און מען שלוכצט אזוי ווי נאָך א טויטן.

די נאַכט פאַר'ן אָפּשטימען קום איך צו גיין א מידער, א פאַרמאַטערטער. באַגעגנט מיך מיין אידענע אין קיך און זאָגט צו מיר עפּעס שעמעוודיק:

— כאַים, איך וויל דיר עפּעס זאָגן, נאָר איך שעם זיך.

— וואָס שעמסטו זיך? — פרעג איך, — ביסט עפּעס א קליין מיידעלע? ביסט דאָך א מאַמע פון זעקס קינדער, זאָלן לעבן.

— נו, כאַים, — זאָגט זי, — ער האָט מיך אבערגערעדט.

קוק איך איר אין די אויגן אביסל פאַרוואונדערט, און שריי אויס מיט קאַעס: — אידענע! וואָס פּלאַפּלסטו? ווער איז ער, דער ער? זאָגט זי: אוונזער בענעלע, א קינד, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר פון איין זייט, אז איך זאָל האַלטן מיט די סאָציאַליסטן, און אונזער בעטסי, פון דער צווייטער זייט, האָט זיך געבעטן ראַכמאָנעס, אז איך זאָל האַלטן מיט די, וואָס ווילן צושליסן די ביר־הייזער. נו, האָב איך ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. דאָס האַרץ מיינס, פיל איך, ווערט צעגאַנגען אין מיר — עס ווילט זיך מיר ביידן

צופרידנשטעלן. דאַן זאָג איך צו בעטסין: דו ביסט דאָך אַ גרויסע, טאָ לאָז ניט בענעלן זיך אָפּעסן דאָס הארץ, ער איז נאָך אַ קינד. לאָמיך זיין אף זיין צאַר. עס פאַרשטייט זיך, אַז מענטשן וועלן האָבן גענוג צו עסן, וועלן זיי אויפהערן צו שיקערן. און בעטסי זאָגט: איך וועל זעען, אַז דער פּאַפּאַ זאָל שטימען, ווי איך וויל.

אַז מען האָט דערלאַנגט אָוונט־ברויט, האָב איך געבעטן די קינדער, אַז מען זאָל בײַם טיש ניט ריידן קיין וואָרט פון פּאָליטיק. אָבער דזשעני האָט זיך ניט איינגעהאַלטן. זי האָט אַראָפּגעכאַפּט בײַ שלוימקען פון לאַץ אַ קנעפּל, אף וועלכן עס איז געווען דאָס בילד פון אַ קאַנדידאַט, און האָט דאָס אַריינגעוואָרפן אין שיסל זופּ. בענעלע און דזשייקע האָבן זיך צעלאַכט. נעמט שלוימקע מיט קאָס און רייסט אַראָפּ זייערע קנעפּלאַך, און אויך אין זופּ! דאָ בין איך שוין געוואָרן אין קאָס און זאָג, אַז איך וועל שטימען פאַר מיסטער רענדל, וואָס וויל שליסן די ביר־הייזער. זע איך, ווי מיין פּלאָסי בלאָזט זיך אָן און זאָגט, אַז זי וועט קיין זופּ ניט עסן: וואָרום זאָל איך עפּעס נאָכגעבן דאַפּקע בעטסין? דערפאַר וואָס זי, פּלאָסי, האָט געאַרבעט אין שאַפּ, קעדיי בעטסי זאָל קאָנען גיין אין שול? און זי צעוויינט זיך אפ'ן קאָל. דאָ גיי איך שוין גאָר אַרויס פון די קיילים, און איך גיב אַ געשריי: איך וועל גאָר ניט שטימען, איך וועל פּאָלגן דזשעניין. „אורא, זאָל לעבן די רעוואָלוציע!“ — האָט דזשעני אויסגערופן, זיך שטעלנדיק אף אַ שטול. — „נידער מיט דער קאַפּיטאַליסטישער באַנדע מיט זייערע נאָכשלעפּער, די פאָלקס־פאַרפירער!“

— „ריבוינעשעלוילאָם!“ — כאַפּט זיך אויף מיין אידענע. — „זעט זיך אוועק, משוגענע! וואָס האָסטו זיך געשטעלט שרייען? לייט וועלן דאָך אָנלויפן אף דיין בייז וואונדער, דו נאַרישע מויד!“

אַז איך האָב איבערגעלעבט יענע נאַכט, בין איך שטאַרקער פון אייזן. די קינדער האָבן מיך ניט געלאָזט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. זיי האָבן זיך געקריגט און געשריען, און געזוכט כאָטש איבערריידן די מאַמע, יעדער אף זיין זייט.

שלוימקע, דזשייקע און בענעלע לאָזן מיר ניט אָפּ און זאָגן, אַז זיי גייען מיך באַגלייטן צום שטים־קאַסטן, און יעדער דולט מיר אַ קאָפּ מיט זיינע טיינעס. איך שטופּ זיי אָפּ און לייג אָפּ די זאַך אף שפּעטער — איך וועל זיך נאָך מעיאַשעוו זיין; און אין הארצן טראַכט איך זיך: טאָמער וואָלט געווען אַ סוואָרע טאַקע צו פאָלגן דזשעניין און גאָר ניט שטימען? עס שאַדט אַמאָל ניט צו פאָלגן אַ נאַר. סאָפּקאָלפּאָף מאַך איך זיך הארץ אן גיי אָפּ־געבן מיין שטימע. ווי צו שטימען ווייס איך נאָך אַלין ניט, אָבער איך קלער, אַז בײַ דער לעצטער מינוט וועט שוין מיר דער אויבערשטער העלפן און אַריינגעבן אין מויעך אַ געדאַנק, ווי יויצע צו זיין פאַר אַלעמען.

און אז איך קום אהין, און איך זאָג זיי מיין נאָמען, קוקן מיך אַלע אָן ווי א גרינעם, און מען זאָגט מיר, אַז אין בוך שטייט פארשריבן, אַז איך האָב שוין געשטימט.

פרעג איך זיי: „ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין? איך בין דאָך היינט פון הויז ניט אַרויס!" אָבער זיי שמייכלען, די שרייבער, וואָס זיצן דאָרט, און דער גראָבער פּאָליסמאַן שמייכלט אויך, און אַ מאַן מיט אַ לענטע אויף זיין לאַץ רופט מיך אָפּ אָן אַ זייט און זאָגט צו מיר אין אידיש:

— פארפאלן, מיסטער, דאָ איז באַגאַנגען געוואָרן אַ שווינדל: איינער האָט זיך דאָ אריינגעכאפּט אביסל פריער און אָפּגעשטימט אויף אייער נאָמען.

— געזונט זאָל ער זיין! — זאָג איך, — ער האָט מיר פארשפּאָרט אַן אומאַנגענעמע ארבעט, און די קינדער וועלן צו מיר קיין טיינעס ניט האָבן.

איך בין אוועק און געהערט, ווי דער מאַן מיט דער לענטע האָט געלאַכט. אז איך האָב דאָס דערציילט מיינע קינדער, האָבן זיי אויך געלאַכט. זאָלן זיי לאַכן געזונטערהייט.

אַ ר ב ע ט ן:

1. די דערציילונג איז געווען אָנגעשריבן מיט יאָרן צוריק. געפינען אויס שטריכן, וועלכע ווייזן אָן אויף דעם.
2. ווי אַזוי קאָן מען דערקענען, אַז עס רעדט ניט קיין אַרבעטער?
3. איז דזשעני געווען גערעכט, ווען זי האָט געזאָגט, אַז די וואַלן זיינען נאָר אויף צו באַשווינדלען די מאַסן?

# ווי אַזוי „טעמעני האָל" האָט געזיגט אין די וואַלן

(זיכרוינעס פון אַ טעמעני-ריכטער).

דער סאָד פון דער פּאָליטישער מאַכט אין די מעטאָדע אַריינצו־באַקומען אין די הענט די אַרטיקע ראַיאָנען פאָדערן ניט קיין גרויסע כּאָכמעס: דער דורכשניט-מענטש פאַרקויפט זייער גערן זיין שטים... די רויטע האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע אייגענע קאַנדידאַטן. אַכוץ דער געטאָ אָבער, וואו מען האָט זיי געלאָזן פריי ריידן, זיינען זייערע רעדנער פון אַ סאַך אַנדערע ערטער פאַרטריבן געוואָרן. האָב איך מיט מאַקסן געזוכט זיך אָנצושליסן אָן אַ פּאַרטיי נאָר פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון פּערזענלאַכן נוצן. אונז האָט בלויז געקימערט די פראַגע, וואָס וועט

אונז אַרויסקומען דערפון. פאַר אונז איז געווען קלאָר, אַז „טעמעני האָל" רעגירט מיט דער שטאָט, אַז די רעפּובליקאַנער זאָלן ניט האַלטן אין זייערע הענט די לאַנד־רעגירונגען. האָבן מיר באַשלאָסן צו ווערן דעמאָקראַטן. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן קלוב „ביג דזשים האַלאָראַן".

אין „ביג־דזשימס" קלוב האָב איך געהאַלטן מיין ערשטע רעדע. אַזוי ווי די פאַרזאַמלונג איז דער איקער געווען באַזוכט פון די אייריש ע ווייל ער, האָב איך זיך באַשרענקט אַריינצוהייבן אין הימל די פילאַנטראָפּישע מייסים פון׳ם „ביג־באָס". וועלכן איך האָב פאָרגעשטעלט פאַר אַן עמעסן פריינט פון פאָלק. זיינע וואוילטאַטן זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אין מעשעך פון׳ם ווינטער פאַרטיילט אַ פאָר טוץ שיך און זומער האָט ער געמאַכט אַ פרייען פיקניק פאַר פרויען און קינדער.

„ביי דזשים" האָט מיך אינסטרואירט, איך זאָל זיך נעמען צו דער איסט־סאַיד. ער איז געווען איינער פון די וויניקע, וואָס האָט דאַמאָלסט פאַראויסגעזען, אַז די רויטע וועלן באַקומען אַ סאַך שטימען צווישן די אידן. אויך די איטאַליענער האָבן אים באַאומרואיקט. ער האָט מוירע געהאַט, אַז זייער הייס בלוט וועט זיי וואַרפן אין די אָרעמס פון די רויטע. „ביי דזשים" איז געווען כיטרע. איך האָב אָרגאַניזירט אַ וואַנדערנדיקע טרופּע פון יונגנטלאַכע רעדנער, און מיר האָבן איינגעשטעלט אַ לעבהאַפטע קאַמפּאַניע. מיר האָבן פּראָפּאַגאַנדירט, אַז די דעמאָקראַטן זיינען די פּאַרטיי פון׳ם פּאָשעטן מענטשן, און די רעפּובליקאַנער — די בלאָ־בלוטיקע אַריסטאָקראַטן; און מיר האָבן געשאָטן מוירעדיקע ליגנס אַף די רויטע. מיר האָבן זיי צוגעשריבן אַלערליי פאַרברעכנס, האָבן זיי געזידלט אַלס פריידענקער, סוינים פון גאָט און דער געהייליקטער פאַמיליע. מיר האָבן אויפגעריסן זייערע פאַרזאַמלונגען און האָבן שוין אין איין גאַנג אויך געוואָרפן פאַרפוילטע אייער אַף רעפּובליקאַנישע מיטינגען. דער פּאָשעטער האַמוין און די פּאָליציי זיינען געווען אַף אונזער זייט. איך האָב אָנגעשטעלט בולקינען מיט זיין באַנדע, מיטצוהעלפן אין דער אַרבעט.

דער טאָג ערעוו די וואַלן איז געווען אַ געלט־טאָג, דער טאָג, אין וועלכן די ראַיאָן־אָנפירער האָבן באַקומען אַ פּאַק געלט, וואָס זיי האָבן אינ׳ם וואַל־טאָג געדאַרפט מיט דערפאָלג פאַרשווענדן. דער פרייז

פאַר אַ שטים אין יענעם טאָג איז געווען צוויי דאָלער, און פאַר אַן אָרימען שלאַק, וואָס האָט ווייטער פון זיין בויך ניט געקענט אַרויסטראַכטן, איז דאָס געווען אַ סאַך געלט. אַז איך האָב דערזען די פעק געלט, האָב איך אַריינגעסוידעט „ביי דזשימען“. אַז איך האָב אַ זשולי־קעס־באַנדע, וואָס אַרבעט פאַר מיר און איז גרייט אויסצופירן זיינע באַפעלן. ביי דזשים האָט געשיקט זיין לייטענאַנט „רייד מייק דוליי“, ער זאָל איר געבן אַרבעט. רייד מייק האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט פאַרשיידענע ראַיאָן־פירער און האָט מיר געגעבן אַ צאָל קאַרטלאַך מיט די נעמען און אַדרעסן פון ווילערס — מיינע לייט זאָלן אין די באַטרעפנדיקע ראַיאָנען אָפגעבן זייערע שטימען אונטער די דאָזיקע נעמען, ווייל די עמעסע ווילער זיינען באַקאַנט אַלס רעפובליקאַנער אָדער שוואַכע דעמאָקראַטן. רייד מייק האָט זיי באַגלייט, אָנגעוויזן, וואָס מען דאַרף טאָן, און מיינע לייט זיינען אַריין אין די וואַל־לאָקאַלן און האָבן געוויילט וויפיל דאָס האַרץ האָט געגלוסט. זיי זיינען געווען באַוואָפנט מיט נאַגייקעס און טויטשלעגערס, כדי צו פאַריאָגן פונ׳ם שלאַכט־פעלד די אָפאָזיציע, וואָס וועט זיך זיי אַנטקעגנשטעלן. די לודלאָוו־סטריטלער האָבן פאַרבראַכט אַ זעלטענעם טאָג, זיינען אַרומגעפאָרן אויף מאַשינען איבער׳ן שטאָט, האָבן געשטימט אַ פאָר טוץ מאָל, האָבן מיט דער הילף פון דער פאָליציי אַרויסגעיאַגט קעסטלאַך מיט שטים־צעטלען און זיי פאַרביטן מיט אַנדערע. איך האָב זיי געצאָלט צו צען דאָלער פאַר אַ פּערזאָן און האָב אַראָפּגעלאָזן צו זיך אין קעשענע אַ הונדערט דאָלער.

ווי געוויינלאַך האָט געזיגט „טעמעני האָל“ אין דער גאַנצער שטאָט.

ארבעט:

1. פאַרגלייך דאָס שטיקל מיט דער פריערדיקער דערציילונג. געפין אַן אָרט אין דעם פעדלערס דערציילונג, וואָס באַשטעטיקט די דערציילונג.
2. געפין אויס, וואָס איז „טעמעני האָל“.
3. ווי אַזוי קאָנטראָלירט „טעמעני האָל“ די וואַלן.
4. פאַרוואָס קענען אַרבעטער קיינמאָל ניט געווינען דורך אַלגעמיינע וואַלן, כאָטש זיי זיינען אַ מערהייט ?

# אינהאַלט:

# קינדער

ב י י ל אַ ג ע

## אנפאנגער לערנבוך
## פאַרן ערשטן יאָר

ביילאַגע צו פערטער רעווידירטער אויפלאַגע

צוזאַמענגעשטעלט פון:

**ד. טאַראַנט און ב. פרידמאַן**



פאַרלאַג

**אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן**

80 פינפטע עוועניו

ניו יאָרק, 1933

# פּאַפּאַ פון שאַפּ

גיט זיך די טיר אַן עפן,
גיט די טיר אַ קלאַפּ.
— מאַמע! דאָס איז פּאַפּאַ,
פּאַפּאַ פון דעם שאַפּ!

מאַלעס פּאַפּאַ אַרבעט,
אַרבעט שפּעט אין שאַפּ.
וואַרט מאַלע אַלעמאָל,
די טיר זאָל טאָן אַ קלאַפּ.

---

פּאַפּאַ — פון שאַפּ
מאַלע — — —
אַלע עסן.

# גוטע קינדער.

מאַשע עסט אַן עפּל,
מאַלע שערט פּאַפּיר,
סעמי מאָלט אַ שול
מיט אַ ברייטער טיר.

אַלע גוטע קינדער–
סעמי, מאַשע, מאַלע,
מאַשע נעמט אַ מעסער,–
עסן עפּל אַלע.

# אַלע לערנען

אַז סעמי וויל,
און בעני וויל —
איז אין שול
זייער שטיל.

אַ בוך פֿאַר סעמין,
אַ בוך פֿאַר בענין,
אַלע לערנען,
אַלע קענען.

איך לערן אין שול פֿון בוך
סעמי ______________________
מאַמע ______________________
איך האָב ליב לערנען

# דער שניידער מיטן טישלער

דער טאַטע איז אַן אַרבעטער,
דער טאַטע אַרבעט שווער.
דער טאַטע איז אַן אַרבעטער,
אַ שניידער מיט דער שער.

בערלס טאַטע אַרבעט אויך,
אַרבעט לאַנגע טעג.
בערלס טאַטע איז אַ טישלער
מיט האַמער און מיט זעג.

## דער טישלער ______

**פאר**

דער טאַטע — אַן אַרבעטער
די מאַמע אַרבעט פאַר —
פּאַפּאַ אַרבעט אין —
מאַשע אַרבעט אין —

# וועש.

די מאַמע וואַשט וועש,
לילי העלפט אַרויס,
לילי אַף אַ שטול
איז ווי מאַמע גרויס . . .

וועש, וועש, וועש
וואַשט די מאַמע ריין,
לילי לאָזט ניט מאַמען
אַרבעטן אַליין. . .

---

איך וואַש מיינע —
איך העלף — —

# טשיר.

מיר, מיר, מיר,
קינדער זיינען מיר.
רויטע יאַטן טאַ-טאַ-טאַ-טאַ.
רויטע יאַטן טאַ-טאַ-טאַ-טאַ.
איינס, צוויי, דריי, פיר —
קינדער זיינען מיר.
גרייט? שטענדיק גרייט!
גרייט? שטענדיק גרייט!
אַרבעטער־שול! אַרבעטער־שול!
ראַ-ראַ-ראַ!



# א הויז

לילי מאָלט אַ הויז —
רויט און בלוי און ברוין.
אין דעם הויז די שול
באַלד איז פּאַרטיק שוין.
אַ שיינע גרויסע שול
באַ לילין אַפן בילד!
אַף דער שול מאָלט לילי
אָט אַזאַ מין שילד:

# די אידישע אַרבעטער קינדער שול

אונזער הויז איז גרויס. ביי
דעם הויז איז אַ הויף נאָכן לערנען גייען
מיר שפּילן זיך אופן הויף

# א פויער מיט אַ פערד

אָ פויער מיט אַ פערד
אַקערן די ערד.
אַרבעט שווער דער פויער,
אַרבעט שווער דאָס פערד.

אַרבעט פון באַגינען
ביז די זון ווערט רויט.
אָן דעם פויערס אַרבעט
איז נישטאָ קיין ברויט.

אַרבעט שווער דער פויער,
אַרבעט שווער דאָס פערד.
און פון זייער אַרבעט
ברויט געשמאַקער ווערט.

אַרבעט פון באַגינען
ביז די זון ווערט רויט —
טאָ פאַרוואָס אַזויפיל קינדער
האָבן ווייניק ברויט? – – –



# דער שוסטער.

אַרבעט שוסטער אין דעם שאַפּ,
אַרבעט שוסטער אין דער גיך—
קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ.
שיך, שיך, שיך, שיך.
דרייט דער שוסטער די מאַשין
גיך, גיך, גיך, גיך,
אַרבעט שוסטער ווי אַ בין—
שיך, שיך, שיך, שיך.

# די מיל.



אַ ווינטמיל

זעק מיט ווייץ און
און זעק מיט קאָרן.
פויער אין דער מיל
דאַרף פאָרן.



אַ וואַסערמיל

מאָלן מילן
מעל געשווינט.
מאָלן מילן,
ווי דער ווינט.

זעק מיט ווייץ און
זעק מיט קאָרן —
טאָ פאַרוואָס
איז פויער אָרעם?

# דער אַלעף בײס

אַלעף — אַ,
אַלעף — אָ,
ברױט און אַרבעט
איז נישטאָ.

ב — בוך
ג — גרײט,
װער עס לערנט,
דער פֿאַרשטײט.

ד — די
ה — האַנט,
שרײַב מיט איר
נישט אױף דער װאַנט.

ו — און
װ — װער
איז אין קלאַס
אַ פּיאָנער?

ז — זיצן
ט — טאַטעס
אין דער טורמע
הינטער גראַטעס.

י — יאָסל,
כ — כאַנע,
זײַנען אין דער שול
פֿאַראַנען.

ך — שיך
ל — לאַטעס,
װײַל עס אַרבעטן נישט
די טאַטעס.

מ — מאָטל
ס — סעם —
פּיאָנערן
גאָר אַ ברען.

פּ — פּאַפּאַ
פ — פרייליך:
בעני לייענט
שוין פאַמעליך.

נ — נעם
ז — אַ פּען, —
שרייבן ווער
פון אייך שוין קען?

ת — אַת
צ — ציין
אַכטונג גיב און
האַלט זיי ריין.

ס — סאָוועטן-
ע — ערד
וועלן מיר פאַרהיטן
מיט ביקס און שווערד.

ץ — ווייץ
ק — קאָרן,
הונגער ליידט דער,
וואָס איז אָרעם.

ר — ריין
ש — שיין
אי פּאַר גרויס,
אי פּאַר קליין.

# הארבסט.

גיסט אַ רעגן,
בלאָזט אַ ווינט,
גרוי דער הימל,
זון פאַרשווינדט.

רייכע קינדער
אָנגעטאָן,
ווי נאָר קעלטן
קומען אָן.

אָרעמע קינדער
אָן קליידער, אָן שיך
פון רעגן און קעלטן
פאַרקילן זיך ניך.

וואַרעם און עסן
ביים רייכן אין הויז.
הונגער און קעלטן
פאַר אַרבעטער בלויז.

# מאָטל קאָן נישט קומען אין שול.

מאָטל גייט שוין זעקס וואָכן אין שול.
מיטאַמאָל — נישטאָ מאָטל. אַוועק אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, און מאָטל איז נישטאָ.
פרעגט דער לערער:
— קינדער, ווער האָט געזען מאָטלען?
— אין סקול קומט ער אויך ניט, — רופט זיך אָן ליאָן.
קיינער פון די קינדער האָט מאָטלען נישט געזען.
— ווער וויל גיין צו מאָטלען זען, פאַרוואָס ער קומט נישט אין שול?
— אַלע! אַלע ווילן גיין זען מאָטלען.
דער לערער זאָגט וואו מאָטל וואוינט און פרעגט:
— ווער וואוינט לעבן מאָטלען?
— ליאָן! — רופט זיך אָן טאַקע ליאָן אַליין.
— נו, ליאָן, וועסטו גיין צו מאָטלען זען פאַרוואָס ער קומט נישט אין שול.

אַף מאָרגן האָט ליאָן דערציילט אין שול:
— מאָטלס שיך זיינען צעריסן. עס איז נאַס אין גאַס, קאָן ער דערפאַר נישט קומען אין שול.
זיין טאַטע קאָן אים קיין נייע שיך ניט קויפן, ווייל ער האָט נישט קיין אַרבעט.

אַף מאָרגן האָט ליאָן אָנגעשריבן אין סקול אַף דער ברעט:

מיר ווילן שיך פאַר מאָטלען און פאַר אַנדערע קינדער פון די אַרבעטלאָזע.

קיינער האָט ניט געזען, ווי ליאָן האָט עס אָנגעשריבן, אָבער אַלע קינדער האָבן עס שפּעטער געלייענט.
און מאָטל האָט טאַקע אין אַ פּאָר טעג שפּעטער געקראָגן אַ פּאָר שיך.

דערציילט, קינדער, וואָס איר טוט אין אייער סקול, אַז די קינדער פון די אַרבעטלאָזע זאָלן קריגן עסן, קליידער און שיך?

# ווינטער.

פראָסט און שניי,
אייז און קעלט —
ווינטער, ווינטער
אַף דער וועלט!

קאַלט אין גאַס,
און קאַלט אין הויז.
וואַרעם איז
דעם רייכן בלויז.

ווינטער, ווינטער,
וויים די וועלט, —
נאָר אָרעמע לײַדן
פון הונגער און קעלט.

דאַרפן מיר קעמפן,
זיין שטענדיק גרייט!
ועט ווינטער פאַר קינדער
ווערן — אַ פרייד!

# אַלעף־ביים.

אַ אָ ב ג ד ה ו ז ט י

אַלעף אָלעף ביים גימל דאַלעד היי וואָוו זייען טעם יוד

כ ך ל מ ם נ ן ס ע

כאַף לאַנגע כאַף לאַמעד מעם שלאָס מעם נון לאַנגע נון סאַמעך איִען

פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש

פּיי פֿיי לאַנגע פֿיי צאַדעק לאַנגע צאַדעק קוף רייש שין

וו וי יי טש זש דזש

אי או איי אוי

# אַרויס!

אַרויס פון די טאַלמוד טוירעס
און באַלעבאַטישע שולן!
ניט רעבע און ניט מיסטער
זאָלן די קעפּ אונז דולן.

פון זייערע ביכער
און זייערע רייד —
וואַקסן ניט קיין קעמפער,
ווערט מען ניט גרייט!

מיר זיינען דאָך יונגע
אַרבעטער־קינדער, —
וואָס טויגן אונז מייסעס
פון יאַנקעווס רינדער?

זיי זיינען אונזערע סאָנים
אָפן און פאַרשטעלט, —
דערציילן זיי, אַז אָפּשאַפן
דאַרף מען איצטיקע וועלט?

דאָס לאַנד, וואָס די אַרבעטער
האָבן באַפרייט,
מיט די ציין זייערע אַלטע
זיי וואָלטן צעקייט...

נידער מיטן רעבן
און נידער מיטן מיסטער!
אַרויס פון זייערע „היברוס“
די אַלטע און פאַרמיעסטע!

# אַ בערישע טויזווע

גערזועזן אַ פויער מיט אַ בער,
אַ קלוגער פויער, מיט אַ לעקיש־בער.
אַהין און אַהער,
אַ טראַכט און אַ קלער.
זאָגט דער פויער צום בער:
— הער,
אַז איך וועל ליגן
אַפן גראָז,
טרייב די פליגן
פון מיין נאָז.
אַז אַ פליג וועט ניט וועלן אַראָפּ,
צעהאַק איר דעם קאָפּ.
טרייב זי אַוועק,
און אַן עק!

דער פויער האָט זיך אויסגעצויגן
אַפן גראָז,
איז אַ פליג אָנגעפלויגן
גלייך אַף זיין נאָז,
מיט אַ זשום,
מיט אַ ברום.
דער בער איז גרייט.
גייט צו שטילערהייט,
הויבט אויף די לאַפּע
זייער הויך,
דערלאַנגט אַ טשאַפּע
מיטן גאַנצן קויעך —
בענץ, טערעבענץ!
אַז עס גייט אַזש אַ רויך.

— — — — — — — — — — — — —

די פליג איז אַנטלאָפן,
נאָר דער פויער איז שוין געבליבן
אַף אייביק שלאָפן...

# פּיאָנערן ליד.

פּיאָנערן דאַרפֿן האָבן
אַ פּייקעלע צום גיין.
עס איז פּאַר יונגע קינדער
אַ פּייקעלע גאָר שיין.
טראַ-ראַם, טראַ-ראַם
אַ פּייקעלע צום גיין.
טראַ-ראַם, טראַ-ראַם
אַ פּייקעלע גאָר שיין.

פּיאָנערן דאַרפֿן האָבן
אַ פּייפעלע צום גיין.
עס איז פּאַר יונגע קינדער
אַ פּייפעלע גאָר שיין.
פּיו-פּיו, פּיו-פּיו
אַ פּייפעלע צום גיין.
פּיו-פּיו, פּיו-פּיו
אַ פּייפעלע גאָר שיין.

פּיאָנערן דאַרפֿן האָבן
אַ רויטע פֿאָן צום גיין.
עס איז פּאַר יונגע קינדער
אַ רויטע פֿאָן גאָר שיין.
הוראַ! הוראַ!
אַ רויטע פֿאָן צום גיין!
הוראַ! הוראַ!
אַ רויטע פֿאָן גאָר שיין.



# סימכע מיט זיין אידענע

סימכע האָט געאַרבעט
באַ שלעסער פאַרשידענע.
איז געווען אַ סאַך אַרבעט,
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.



האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט,
נישטאָ מער קיין שלעסער —
האָט ער באַקומען אַ פּלאַץ
צו קאַטשען פעסער.

פעסער און פעסלעך
אַלע פאַרשידענע,
געווען אַ סאַך פעסער,
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.



האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט,
נישטאָ מער קיין פעסער —
האָט ער אויסגעזוכט אַ שטעלע,
און געוואָרן אַ פּרעסער.

האָט ער געפּרעסט און געפּרעסט
קליידער פאַרשידענע,
געווען אַ סאַך אַרבעט
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.



האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט,
נישטאָ וואָס צו פּרעסן,
איז ער געזעסן ליידיק
נישט געהאַט וואָס צו עסן.

האָט ער געהונגערט און געקרעכצט
מיט זיפּצן פֿאַרשידענע.
איז געווען אַ סאַך קרעכצן,
האָט אים געהאָלפֿן די אידענע.



זיינען געקומען די פּרעסט
מיט די ווינטן פֿאַרשידענע,
האָט אים דער „לענדלאָרד“
אַרויסגעשטעלט
אין גאַס מיט דער אידענע.

האָט ער געצאָרנט מיט סינע
אַף די באָסעס פֿאַרשידענע,
אָנגעפּאַטשט דעם „לענדלאָרד“—
ס׳האָט געהאָלפֿן זיין אידענע.



און צוריק זיך אַריינגעקליבן
מיט די זאַכן פֿאַרשידענע,
ס׳איז געווען שווער צו טראָגן,
האָט אים געהאָלפֿן זיין אידענע.

# אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט.

וואָס טוען צוויי קינדערלעך קליינע אין גאַס —
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט?
די הענטעלעך — אייז, און די פיסעלעך — נאַס,
די ליפּעלעך — בלוי, און די בעקעלעך — בלאַס, —
וואו איז זייער היים אין דער וועלט?
זייער היים? זייער היים בין איך — זאָגט די גאַס —
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט.

וואָס בלייבן זיי שטיין מיטאַמאָל דאָ אַליין
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט?
צי שלאָפן די קינדערלעך צוויי אין אַ בעט?
צי ווייסן זיי וואָס איז אַ מאַמעס אַ גלעט?
וואו קריגן זיי עסן און געלט?
איצט שווייגט שוין די גאַס, די גאַס איז פון שטיין,
דער ווינט שווייגט, דער רעגן, די קעלט.

# אַקטאַבערלעך.

איך וויל אייך דערציילן אַ מייסע וועגן קינדער, וואָס האָבן געלעבט מיט זייערע עלטערן אין אַ קליין שטיבעלע, הינטער אַ שטאָט, אין אַלטן רוסלאַנד.

דער טאַטע פון די קינדער האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק און די מאַמע האָט געוואַשן וועש. ביידע האָבן געאַרבעט שווער און קוים פאַרדינט אַף ברויט פאַר זיך מיט די קינדער.

ווען די קינדער זיינען געוואָרן אַ ביסעלע גרעסער, האָט די מאַמע זיי אַרויסגעלאָזט אין גאַס. האָבן די קינדער דערזען אין די פענצטער פון די קראָמען שפּילכעלעך. זיינען די קינדער אַוועק צו דער מאַמען:

— מאַמע! קויף אונז שפּילכעלעך.

די מאַמע האָט זייער ליב געהאַט די קינדער. אָפּזאָגן זיי האָט זי ניט געקאָנט; קויפן האָט זי ניט געהאַט פאַר וואָס. האָט זי געטראַכט און געטראַכט און אַזוי געזאָגט:

— וואַרט, קינדער, פּאַפּאַ וועט קומען, וועט ער אייך עפּשער קויפן שפּילכעלעך.

ווען דער טאַטע איז געקומען, זיינען די קינדער אַראָפּ פון בעט און אַלע ווי איינער געזאָגט:

— טאַטע, קויף אונז שפּילכעלעך.

דער טאַטע האָט ליב געהאַט די קינדער. האָט ער אַזוי געזאָגט:

— היינט איז שוין שפּעט. מאָרגן וועל איך עפּשער קריגן געלט און קויפן אייך שפּילכעלעך.

האָבן די קינדער שוין געוואַרט ביז מאָרגן.

דער טאַטע האָט אָבער קיין געלט נישט געהאַט נישט אַף מאָרגן און נישט אַף איבערמאָרגן. אַז ס'איז געקומען זונטיק, האָט דער טאַטע געזאָגט צו די קינדער:

— איר ווייסט, קינדער, שפּילכעלעך קויפט מען בלויז צום געבורטסטאָג.

האָבן די קינדער געזען, אַז זיי קאָנען גאָרנישט מאַכן, האָבן זיי שוין געוואַרט.

דאָס ערשטע קינד איז געבאָרן געוואָרן אין פרילינג, האָט עס צום געבורטסטאָג געקראָגן אַ קליינע מאַטאָנע.
דאָס צווייטע קינד איז געבאָרן געוואָרן אין זומער, האָט

עס אויך געקראָגן אַ קליינע מאַטאָנע. דאָס דריטע קינד איז געבאָרן געוואָרן אין אָקטאָבער, האָט שוין דאָס קינד קיין קליינע מאַטאָנע אויך נישט געקראָגן, ווייל אין אָקטאָבער ווערט שוין קאַלט און נאַס און מען דאַרף קלייבן אַ פּעני צו אַ פּעני אַף אָנוואַרעמען דאָס קאַלטע שטיבל.

האָט דאָס אָקטאָבערל זיך געפילט אַזוי געפאַלן, אַז ער איז אַוועק פון דער היים אין דער שטאָט אַריין, וואו ער האָט דערזען אַסאַך קינדער, טרויעריקע ווי ער.

— קינדער, וואָס זייט איר אַזוי טרויעריק? — האָט אָקטאָבערל געפרעגט.

— ווייל מיר קריגן קיינמאָל נישט קיין מאַטאָנעס.

— פאַרוואָס?

— ווייל מיר זיינען געבאָרן געוואָרן אין מאָנאַט אָקטאָבער.

— וואָס וועט זיין? — פרעגט אָקטאָבערל.

— אָט דאָס טראַכטן מיר טאַקע. זיי האָבן אָבער גאָר-ניט אויסגעטראַכט און זיינען אַוועק צו זייערע טאַטעס:

— פאַרוואָס האָבן מיר ניט קיין מאַטאָנעס?

— ניט דערפאַר ווייל מיר האָבן אייך פיינט — האָבן געענטפערט די טאַטעס — נאָר ווייל מיר זיינען אָרעם.

— פאַרוואָס האָבן די רייכע קינדער מאַטאָנעס? — האָט געפרעגט אַ קינד.

— ווייל זייערע עלטערן האָבן באַ אונז אַלץ צוגענומען.

— פאַרוואָס האָט איר זיי אַוועקגעגעבן?

— זיי האָבן עס מיט געוואַלט צוגענומען.

די קינדער האָבן אַ ווײַלע געשוויגן און אַזוי געזאָגט:

— לאָמיר אַלץ אָפּנעמען צוריק!

— אַוואַדע וועלן מיר אָפּנעמען! מיר וואַרטן נאָר, איר זאָלט ווערן גרויס און אונז העלפן.

— ניין! — האָבן אויסגעשריען די קינדער — מיר ווילן שוין!

און די קינדער מיט די טאַטעס און מאַמעס האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם קעניג מיט די באַלעבאַטים און פריצים, אַלץ צוגענומען באַ זיי און די ערשטע מאַטאָנעס האָבן געקראָגן די קינדער, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אין מאָנאַט אָקטאָבער.

# די מיינער.

גראָבן קוילן, מיינער גראָבן
קוילן גאַנצע יאָרן.
מיינער האָבן פון דער אַרבעט
נאָר געזונט פאַרלאָרן.

פאָרן באַנען. פירן קוילן,
וואָס די מיינער גראָבן.
ווען כאָטש דערפאַר די מיינער
ברויט און קליידער האָבן?

גראָבן קוילן, מיינער גראָבן
פון די שוואַרצע גריבער.
בערג מיט קוילן! און באַ מיינער
קאַלט איז אין די שטיבער.

גראָבן קוילן, מיינער גראָבן
יאָר נאָך יאָר קעסיידער.
און באַ מיינער אין די שטיבער
פעלן שיך און קליידער.

# הונגער!

קראָמען, קראָמען, קראָמען,
קראָמען מיט קליידער און ברויט.
נאָר אין די אַרבעטער-היימען —
הונגער און קעלטן און נויט.

קראָמען, קראָמען, קראָמען,
קראָמען מיט ברויט און מיט פּוטער.
אָן געלט קאָנסטו גאָרנישט נישט קריגן,
פאַר געלט איז דער קרעמער אַ גוטער...

ווילן ניט די אַרבעטער ליידן
מיט ווייבער און קינדער פון נויט, —
מאַרשירן זיי איבער די גאַסן
און פאָדערן: אַ ר ב ע ט און ב ר ו י ט!



# אַ סאָוועטן אַמעריקע.

ווילים פּאַפּאַ האָט געאַרבעט אין אַ שיך-פאַבריק. איינמאָל האָט דער באַלעבאָס אַריינגערופן זיין טאַטן צו זיך אין אָפיס און געזאָגט:

— מר. שטיין, איך האָב מער נישט קיין אַרבעט פאַר אייך. איר ווייסט דאָך: שלעכטע געשעפטן, קריזיס. עס טוט מיר זייער לייד. כ׳וועל שיקן נאָך אייך, ווען כ׳וועל אייך דאַרפן.

איז ווילים טאַטע געבליבן אָן אַרבעט. זיין מאַמע איז אַוועק זוכן אַרבעט, זי האָט געוואַשן וועש, דילן, פענצטער. אָבער זי האָט קוים פאַרדינט אַף עסן. האָט ווילי אויך גענומען אַרבעטן.

ער פלעגט יעדן נאָכמיטיק נעמען אַ פּאַק צייטונגען, שטיין אַ האַלבן טאָג אַף די פיס און ברענגען אַהיים עטלעכע סענט.

ער פלעגט זען, ווי אַף אַ ראָג פון איין גאַס קלייבן זיך אָן יעדן אָוונט מענטשן. און איינער שטעלט זיך אַף אַ לייטער און רעדט צו זיי וועגן אַרבעטער, וואָס האָבן ניט קיין אַרבעט.

איינמאָל האָט אַפן זעלבן ראָג גערעדט צו די מענטשן אַ אינגל.

ס׳איז ווילין זייער געפעלן געוואָרן די רייד פון דעם אינגל. נאָך דער רעדע האָט דער אינגל גערופן אַלע קינדער אַף אַ מיטינג אין אַ האָל.

ווילי איז מיטגעגאַנגען.

און פון דעמאָלט אָן איז ווילי געוואָרן אַ פּיאָנער.

איינמאָל כאַלעמט זיך ווילין, ווי מען רייסט אים פון שלאָף:

— שנעלער, כאַווער ווילי! אַ רעוואָלוציע אין אַמעריקע!

ווילי כאַפּט זיך אויף און פליט. ער גיט אַ כאַפּ אַ פּאַק צייטונגען און לויפט איבער די גאַסן און שרייט:

— עקסטראַ! עקסטראַ! עקסטראַ! אַמעריקע — אַ סאָוועטן-אַמעריקע!

— וואָס האָסטו זיך צעשריגן? — וועקט אים די מאַמע פון שלאָף.

ווילי רייבט זיך די אויגן:

— האַ? וואָס? מאַמע, אַ סאָוועטן-אַמעריקע!

— וואָס האָט זיך דיר געכאָלעמט? — פרעגט די מאַמע.

— אַ סאָוועטן-אַמעריקע. די רעוואָלוציע. זי איז שוין דאָ.

— זי וועט זיין, מיין קינד.

— יו בעט! — שרייט אויס ווילי אַ פריילעכער. ער נעמט זיך שנעל אָנטאָן צו גיין אין שול אַריין.

# ווען לענין איז געשטאָרבן.

טויט איז דער פרימאָרגן,
ווי די טויטע נאַכט . . .
מערנישט ערגעץ שטייט נאָך
אַ היטער אַף זיין וואַך.
און דער הימל איז אַ גרויער . . .
ס'איז אַ טרויער.
ס'איז אַ טרויער. . . .
— אַ שוואַרצע פאָן אַף יענעם טויער ?!
וואָס איז געשען ?!
וואָס איז געשען ?!
לענין,
לענין איז געשטאָרבן!

## דער ערשטער מאַי.

טאַטעס און מאַמעס,
און קינדער — צוזאַמען.
און איבער די קעפּ —
רויטע פאָנען, ווי פלאַמען.

טאַטעס און מאַמעס,
און קינדער — מיט לידער.
אומעטום קעמפן היינט
אַרבעטער-ברידער!

רופן די לידער,
פירן די פאָנען
קעגן די רייכע —
די אַרבעטער-סאָנעם!

רופן די פאָנען,
פירן די לידער
צו פרייד און צו פרייהייט
די אַרבעטער-ברידער!

# אַן איינפאַל

פריידעלעס טאַטע אַרבעט אַף אַ פאַבריק. עטלעכע טעג פאַרן ערשטן מאַי איז דער טאַטע געקומען אַהיים און האָט דערציילט, אַז דעם ערשטן מאַי וועט ער מיט אַלע כאַווירים פון פאַבריק גיין אין גאַס אַף אַ דעמאָנ־סטראַציע. ער האָט דערציילט, אַז אַלע, אַלע אַרבע־טער וועלן גיין אין די גאַסן מיט לידער, מוזיק און מיט פאָנען.

און פריידעלען האָט זיך אויך פאַרוואָלט גיין מיטן טאַטן.

# סאָוועטן פאַרבאַנד.

ס׳איז דאָ אַ לאַנד אָן נויט, אָן הונגער,
אַ לאַנד פון פרייהייט און פון פרייד.
און יעדער אַרבעטער און פויער
דאָרט אין לאַנד אַ שטאָלצער גייט. . .

ס׳איז דאָ אַ לאַנד אָן באַלעבאַטים,
צום אַרבעטער געהערט דאָרט אַלץ!
ס׳קאָן קיינער דאָרט אין לאַנד ניט רויבן
פון אַרבעטער דאָס ברויט מיט זאַלץ! . .

ס׳איז דאָ אַ לאַנד אָן רייכע הערשער,
וואָס האַלטן אַרבעטער אין גראַטעס!
ס׳איז דאָ אַ לאַנד, וואו זוכן אַרבעט
דאַרפן ניט מיליאָנען טאַטעס!

ס׳איז — לאַנד פון אַרבעטער און פויער!
ווען דעם לאַנד איך טראַכט און טראַכט:
ס׳דאַרפן קינדער ניט פאַרקויפן
צייטונגען דאָרט שפּעט באַנאַכט.

ס׳דאַרפן קינדער דאָרט ניט שלאָפן
אַף דער גאַס אין קעלט און שניי, —
לערנען זיי און זיינען פריילעך:
אַלץ אין לאַנד געהערט צו זיי!

דאַרפן מיר דאָס לאַנד, דאָס פרייע,
אָפּהיטן, ווי אויג אין קאָפּ.
פון די שלעכטע באַלעבאַטים
נעם די אויגן ניט אַראָפּ! —

# אונזער שול

באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע פאַר'ן דריטן און
פערטן לערן־יאָר פון עלעמענטארע שולן

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער־קאָמיסיע



פאַרלאַג:
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
הויפּט־פּאַרקויף: 32 יוניאָן סקווער
ניו יאָרק, אויגוסט, 1931

## אָנמערקונג :

1) די כרעסטאָמאַטיע איז גוט־געהייסן געוואָרן פון דער נאַציאָנאַלער שול־קאָמיסיע ביים אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

2) די פראַגעס נאָך יעדער דערציילונג זיינען אָנגעגעבן, ווי ביי־שפּילן ווי אַזוי מ׳דאַרף אויסנוצן דעם לייען־מאַטעריאַל פאַר שמועסן און קאָמפּאָזיציע.

# אינהאַלט :

# מיר ווערן פּיאָנערן

פון י. קאָטלער

עפנט די פליגל,
טויערן רויטע.
מיר זיינען
אַרבעטער־קינדער,
צו קעמפן גרייטע.

מיר שפּאָטן און שפּאַסן
פון די שולן די אַלטע,
מיר האַסן די גרימאַסן
פון די לערער די קאַלטע.

טויערן רויטע,
פון ליכט און פון שיין,
עפנט זיך ברייטער
און לאָזט אונז אַריין.
מיר ווען לערנען,
מיר מוזן קענען—
אונזער לערער
אילאיטש לענין.

— — — — — — — — — — — — — —

ווי צוויי שיינע פליגל
באַלויכטן מיט שיין,
נעמען די טויערן
די קינדער אַריין.

# ווידער אין שול

נאָכ'ן לאַנגן זומער - איבעררייס, זיינען מיר ווידער צוריקגעקו־מען אין דער אַרבעטער קינדער־שול. אַלץ קומט אונז פאָר אַזוי ניי, אַזוי ווי מיר וואָלטן דאָ קיינמאָל ניט געווען. דער ערשטער טאָג אין שול—און אַרבעט איז שוין פאַראַן איבער'ן קאָפּ. מען דאַרף איינשטעלן אַלץ פונדאַסניי.

דער לערער באַגריסט זיך מיט אונז. ער דערציילט אונז ווי אַזוי ער האָט פאַרבראַכט זיין וואַקאַציע. מיר שווייגן אויך ניט.

— אָבער וואָס האָבן מיר זיך אַזוי צערעדט, — טוט דער לערער אַ זאָג. — לאָמיר איינשטעלן די אַרבעט. ערשטנס וועלן מיר אויס־קלייבן די נויטיקע קאָמיסיעס. וועלכע דאַרפן מיר?

דער לערער מיינט, אַז מיר האָבן שוין פאַרגעסן. מיר ווייסן. מיר דאַרפן:

1. אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף דער ריינלעכקייט אין שול.

2. אַ קענוועס קאָמיסיע, וואָס זאָל זען אַריינציען צו אונז אין שול קינדער פון די טאַלמוד טוירעס און אַנדערע באַלעבאַטיש־אידישע שולן.

3. אַ קולטור־קאָמיסיע, וואָס זאָל צוגרייטן קאָנצערטן, אונטער־נעמונגען און פייערונגען.

4. אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיט די אַרבע־טער קינדער־שולן פון אַנדערע שפּראַכן און מיט פאַרשיידענע קינדער־אָרגאַניזאַציעס.

5. אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אַרויסהעלפן דעם לערער אין קלאַס.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די אַלע קאָמיסיעס האַלטן אָפּ זייערע פאַרזאַמלונגען איינמאָל אַ וואָך. איינמאָל אין צוויי וואָכן קומען זיך צענויף די סעקרעטאַרן פון די קאָמיסיעס און באַשטימען וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט.

אין דעמזעלבן טאָג האָבן מיר זיך גענומען איינשטעלן דעם אַנטי־רעליגיעזן ווינקל. אַזוי ווי דאָס שול־יאָר פאַנגט זיך אָן אין דערזעל־בער צייט ווען די פרומאַקעס פייערן זייערע רעליגיעזע יאָמטויווים, איז ביי אונז געבליבן, אַז מיר דאַרפן קוידעם קאָל אין שול און אינ־

דערהיים איינשטעלן אנטי־רעליגיעזע ווינקלען, קעדיי די קינדער און די עלטערן זאָלן זיך באַקענען מיט דער רעליגיעזער אָפּנאַרעריי.

דעם צווייטן טאָג האָבן מיר איינגעשטעלט די אַרבעט פאַר דער וו. איי. אַר., איי. על. די., פּ. ס. יו., איקאָר. מיר האָבן אויך אויסגעקליבן אַ באַזונדערע קאָמיסיע פון דריי, וואָס זאָל פאַרשפּרייטן דעם פּיאָנערן זשורנאַל.

דעם דריטן טאָג האָט יעדער קלאַס אויסגעקליבן אַ באַזונדערן סעקרעטאַר. דער סעקרעטאַר האָט באַלד גענומען איינשטעלן אַ קלאַסן־העפט. אין דעם העפט וועט ער דאַרפן יעדן טאָג פאַרשרייבן, וואָס מען האָט געטאָן אין קלאַס. דער לערער האָט אונז געגעבן אַן אָנווייז, ווי אַזוי צו פירן אַזאַ העפט:

מאָנטיק.—עס איז געווען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. דער לערער האָט געלייענט אַ דערציילונג. דינסטיק.—מיר האָבן זיך באַקענט מיט אונזער ערשטן פּראָיעקט. מיר האָבן געלייענט נייעס וועגן גרויסן מיינער־סטרייק און וועגן די מילכאָמע־צוגרייטונגען. מיטוואָך.—דער לערער האָט צו אונז גערעדט וועגן דער שעדלעכקייט פון רעליגיע; מיר האָבן צוגעגרייט אַנטי־רעליגיעזע אויפשריפטן.

דאָס איז געווען נאָר אַ ביישפּיל ווי אַזוי צו פירן אַ קלאַסן־העפט.

די צווייטע וואָך האָבן מיר אָנגעפאַנגען אונזער קענוועס־אַרבעט אַרום דער טאַלמוד טוירע. מיר האָבן אויפגעשריבן אַ ליפלעט, אַ קאָמיטע פון 5 האָט אים פאַרטיילט ביים אַריינגאַנג אין דער טאַלמוד טוירע. פאַרנאַכט, ווען די קינדער זיינען פון דאָרטן אַרויס, האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ גאַסן־מיטינג. דער רעזולטאַט פון אונזער אַרבעט איז געווען, אַז אין דער ערשטער וואָך האָבן מיר אַריינבאַקומען זעקס נייע קינדער.

אַזוי צוביסלעך, זיינען מיר ווידער אַריין אין דער אַרבעט; מיר האָבן קימאַט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן איבערגעריסן אונזער לערנען פאַר צען וואָכן צייט.

## פראַגעס:

1) דיסקוטירט דעם פּלאַן און גיט צו וואָס עס פעלט דאָ.
2) אין וועלכער קאָמיסיע ווילסטו אַרבעטן? פאַרוואָס?

# טאַטע, מאַמע און זון

## פון שלוימע דאַווידמאַן

עס איז געווען פאַרנאַכט. פרויעם איז אַרויס שפּאַצירן. אַ גאַנצן טאָג שטייט ער און דרייט שרייפעלעך אין אויטאָמאָביל-שאַפּ. הודיעט עס אַזוי אין די אויערן, אַז מען קען טויב ווערן. דעריבער האָט פרויעם זייער ליב פרישע לופט.

קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז עס גייט אַ טאַטע, אַ מאַמע און אַ זון. ווייל פרויעם איז זיך געגאַנגען אַפריער און געקוקט אויף דער וועלט. ביילע איז אים נאָכגעגאַנגען און מאַקסעלע איז געלאָפן און געשפרונגען, ווי אַ ציגעלע. ער האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט און געקוקט אין פענצטער אָף בילדער און מואווים, נאָכדעם האָט ער זיי אָנגעיאָגט.

מיטאַמאָל שטעלט זיך מאַקסעלע אַוועק און ווייזט פּאַפּען: „זע, פּאַפּע, טאָם מיקס פּאַרט אָף זיין פערדל. אוי, אַזאַ שיין בילד. לאָמיר אַריינגיין זען!‟ האָט זיך פרויעם צעבייזערט. האָט זיך די מאַמע שוין צעשריען אויף מאַקסעלען: „דער טאַטע כאַפּט אַ ביסל לופט, און דו ווילסט גאָר מואווים‟. איז שוין מאַקסעלע געגאַנגען אַ שטילער און אַ ברויגעזער.

מיטאַמאָל האָט זיך דער טאַטע צעשמייכלט און אויסגעשריען:
„מוישע, וואָס מאַכסטו? שוין אַזאַ לאַנגע צייט דיך ניט געזען!‟

„אַ, פרויעם, וואָס הערט זיך עפּעס? דאָס איז דיין באָכערל? ער לערנט גאָרניט אין שול?

שוין! מער האָט אים מוישע ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט אים אַריינגעשלעפּט אין אידישן אַרבעטער קלוב. איז ביילע אויך אַריינ-געגאַנגען און מאַקסעלע האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי.

ביילע האָט זיך באַקאַנט מיט כאַווערטעס און מאַקסעלע איז אַריין אין צווייטן צימער. ער האָט זיך באקאנט מיט קינדער פון דער אידישער שול ביים אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן און זיך מיט זיי געשפּילט.

מיטאַמאָל האָט איינער אָנגעהויבן שרייען: „כאַוויירים גייט אַריין, דער באַנקעט הויבט זיך אָן!‟

האָט שוין מוישע אַריינגעשלעפּט פרויעמען צום באַנקעט. פרויעם האָט זיך געוואונדערט; ביילע איז געווען אין זיבעטן הימל: „זע נאָר, אַ פרוי פירט אָן מיט'ן באַנקעט!‟ די גאַנצע צייט זיינען זיי געזעסן מיט אָפענע מיילער און זיך איינגעהערט צו די נייע ווערטער, וואָס פאַרשיידענע מענטשן האָבן אַרויסגערעדט. עס איז דאָך דאָ

עפּעס אַזוי פריילעך! אוי, ווען ער קאָן ריידן! ווען זייןביילע קאָן פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר!

אינגאַנצן איז פון יענעם אָוונט אַוועק פיר וואָכן. זיצט זיך אַזוי פּרויעס ביים מיטינג פון זיין בראַנטש פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבע־טער אָרדן, ביילע און מאַקסעלע זיצן לעבן אים. מאַקסעלע האָט נאָר געוואָלט גיין צום מיטינג. ער האָט געהערט, אַז זיין לערער וועט ריידן וועגן זיין שול.

שטייט דער לערער און רעדט צו די עלטערן. הערן זיך אַלע צו, גלאַנצן די אויגן ביי פּרויעמען, ביי ביילען און ביי מאַקסעלען. עס איז דאָך טאַקע עמעס, וואָס דער לערער דערציילט.

דער לערער ענדיקט זיינע ווערטער. שטעלט זיך אויף פּרויעס און פרעגט: „קאָן איך עפּעס זאָגן?“ שמייכלט זיך דער כאַווער פאָרזיצער: „מיט פאַרגעניגן, כאַווער פּרויעס“.

פאַררויטלט זיך אַ ביסל פּרויעס און רעדט זייער שטיל: „איך וויל זאָגן, אַז איך האָב ערשט אָנגעהויבן צו לעבן. איך בין געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ס'איז מיר געוואָרן ליכטיקער אין הויז. איך ווייס שוין אַ סאַך זאַכן, און מיר וועלן זיך נאָך אויסלערנען. מיר דאַרפן העלפן אונזערע שולן. יעדער איינער פון אונז דאַרף אַריינברייגנען אַ מיטגליד אין בראַנטש, אַ קינד אין שול און פאַרגרעסערן אונזער באַוועגונג“.

„איר טראָגט אַריין אַזאַ פאָרשלאַג, כאַווער פּרויעס?“, פרעגט דער פאָרזיצער.

„אַוואַדע אַ פאָרשלאַג. און איך אונטערשטיץ“, רופט זיך אָן כאַ־ווערטע ביילע.

איז שוין גאָר לעבעדיק געוואָרן ביים מיטינג. און צום סאָף האָט דער לערער נאָכאַמאָל גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט:

„כאַווירים, איר זעט וואָס אונזערע שולן זיינען?—מיר אָרגאַ־ניזירן די קינדער, די טאַטעס און די מאַמעס פאַר'ן אַרבעטער־קלאַס. צוזאַמען וועלן מיר אַזוי לאַנג קעמפן, ביז מיר וועלן איינפירן אַ בעסער לעבן, וואו אַלע וועלן אַרבעטן גלייך און לעבן גלייך.

פון דעמאָלט אָן איז פּרויעס אַקטיוו אין אָרדן, ביילע—אין פרויען־קאָונסיל און מאַקסעלע אין דער שול.

## פראַגעס:

1) וואָס טוט איר, אַז אייערע עלטערן זאָלן זיך אָנשליסן אָן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן?

2) באַזוכט אַ מיטינג פון אַ בראַנטש.

3) אָרגאַניזירט אַ קאָנצערט פאַר'ן שעפּסטוואָ־בראַנטש פון אייער שול.

# גליקלעכע יאָרן

סאָף יולי האָט מען טשיקען אָפּגעגעבן אין שול. די שול איז גע־וועזן ווייט פון מאָסקווע, צווישן פעלדער און וועלדער. פריער פון אַלץ האָט זיך טשיקאַ פאַרשריבן פאַר אַ פּיאָנער.

גאַנצע טעג האָבן די קינדער פאַרבראַכט אונטער'ן פרייען הימל. די קינדער האָבן אַליין געקאָכט און געראַמט. נאָכ'ן לערנען פלעגן זיי לויפן צום טייך זיך באָדן, שווימען און זיך שיפן. טשיקאַ האָט שוין ניט שלעכט גערעדט אַף רוסיש, און געשריבן אַף רוסיש האָט ער בע־סער ווי אַף איטאַליעניש. נאָר זיין אייגענע שפּראַך האָט ער אויך ניט פאַרגעסן. דער לערער האָט מיט אים שטענדיק געטאַינעט, אַז קענען אַ שפּראַך איז אַ גרויסער אויצער, אַז ער דאַרף ניט פאַרגעסן קיין איין איטאַליעניש וואָרט. שפּעטער, אַז ער וועט איבערגיין אין דער שול פון דער צווייטער שטופע, וועט ער זיך דאַרפן אויסלערנען פראַנצויזיש, דייטש און ענגליש. טשיקאַ פלעגט אָפט טראַכטן, וואָס וואָלט ער איצט געטאָן אין איטאַליע? ער וואָלט איצט אויך געווען אַן אומגליקלעכער יאָסעם, אַן אַ דאַך, נאַקעט און באָרוועס און אַן אַ שטיקל ברויט. ער וואָלט ערגעץ אַף אַ פאַבריק געשלעפּט שווערע מאַסעס פאַר גראָשנס און וואָלט שטענדיק געציטערט פאַר אַרבעטלאָ־זיקייט, פאַר הונגער. ער וואָלט געווען אַ קנעכט, וואָס ציטערט פאַר זיין באַלעבאָס. אָ, ווי גליקלעך איז ער, טשיקאָ, וואָס ער איז געקו־מען קיין מאָסקווע! ווי ניט ענלעך איז אָט די נייע וועלט, וואָס דער אַרבעטער האָט אויסגעבויט, אַף דער שרעקלעכער מעלוכע פון קאַ־פּיטאַליזם!

ס'איז געווען ווינטער. פאַר טשיקאָ'ן איז דאָס געווען אַ גרויס־אַרטיקער ווינטער, פול מיט נייע, אומבאַקאַנטע איינדרוקן. מער פון אַלץ האָט אים גערירט דער יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דער לערער האָט מיטגענומען מיט זיך דעם אינגל אַף דער טריבונע, אַפּ'ן רויטן פּלאַץ און טשיקאַ האָט דערזען טויזנטער מענטשן; ער האָט דערזען דעם קייווער פון לענינ'ען; ער האָט געהערט די רעדעס פון כאַווייִרים, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט פון דער גאַנצער וועלט.

דערנאָך איז געווען אַ פּאַראַד. דאָס מיליטער איז געגאַנגען מיט

מוזיק, מיט געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל. ס'איז פאַרבייגעגאַנגען קאַוואַלעריע אַף ברענענדיקע, שיינע פערד. דערנאָך איז דורכגעגאַנגען מיט אַ טראַסקעריי די אַרטילעריע, און נאָך זיי — אַ ברייטער שטראָם פון אַרבעטער, קאָמוניסטן, קאָמיונג, פון די פאַבריקן און זאַוואָדן, מיט רויטע פאָנען, פלאַקאַטן, לאָזונגען; פרויען און מענער, אַלטע און יונגע, גליקלעכע, זיכערע פּנימער. און איבער אַלעמען — אַ וויטערער הימל, אַ זון, אַ צעפינקלטע אין שניי. טשאַטעס פלי־מאַשינען אינדערלופטן; אָן אויפהער — אַ הילכיגער, צעקייקלטער געשריי.

יענעם אָוונט האָט טשיקאַ לאַנג ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט פאַרגליכן היינטיקע דעמאָנסטראַציע מיט די דעמאָנסטראַציעס, וואָס זיינען געווען אין פלאָרענציע. ער האָט פאַרגליכן די לאַגע פון'ם רוסישן אַרבעטער מיט דער לאַגע פון'ם אַרבעטער אין איטאַליע.

## דיסציפּלין

אין דריי יאָר אַרום. ס'איז געווען נאָכ'ן יאָנטעוו פון'ם ערשטן מאַי. טשיקאַ'ס קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט פּלענער, ווי אַזוי ער וועט אין צוויי יאָר אַרום ענדיקן די שול און וועט איבערגיין אין קאָמוניסטישן אוניווערזיטעט.

איז איינמאָל גאַנץ פרי צו אים אַריינגעקומען כאַווער סערגיי. ביי סערגייען איז געווען זייער אַן ערנסטער פּאָנים.

— טשיקאַ, מיר דאַרפן עפּעס ריידן, — האָט ער געזאָגט. — דו וואָלסט געוואָלט זיך אומקערן קיין איטאַליע?

טשיקאַ האָט אַף אים אַ קוק געטאָן האַלב ערנסט, האַלב שמייכלענדיק.

— דו טרייבסט קאַטאָוועס, סערגיי!

— ניין. איך מיין דאָס אַף אַן עמעס. דו ווילסט קיין איטאַליע?

— ניין. פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט, — האָט אַ געשריי געטאָן דאָס אינגל.

סערגיי האָט אים אַ קוק געטאָן אין די אויגן.

— טאַקע?

— ערן וואָרט!

— און אַז דו וואָלסט דאָרט געהאַט אַלץ, וואָס דו דאַרפסט?

— איך דאַרף גאָרנישט ניט — נאָר בלייבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

— נאָר איטאַליע איז דאָך דיין פאָטערלאַנד...

— דאָס איז אַן עמעס, סערגיי. געבוירן געוואָרן בין איך אין איטאַליע. נאָר אין איטאַליע האָב איך זיך זייער לאַנג געמאַטערט. כ'האָב דאָרט געלעבט ווי אַ הונט, און דאָ איז מיר די גאַנצע צייט געווען גוט. מ'האָט מיך ליב, מען לערנט מיך, איך בין געוואָרן אַ

מענטש. אין איטאַליע האָב איך איצט קיינעם ניט. דו ווייסט דען ניט, סערגיי, אַז דאָ איז ביי מיר אַלץ: אי דער היינט, אי די צוקונפט, און דאָרט—גאָרנישט! אַז דאָ זיינען ראַטן, און דאָרט פאַשיסטישע שטעקנס.

— נו, און אַז מען זאָל דיר געבן די מעגלעכקייט דאָרט ווייטער לערנען, לעבן רואיק, דיר עפּענען אַ געשעפט?

— אַף וואָס דאַרף איך דאָס? איך דאַרף ניט!

— הייסט עס, אַז דו ווילסט פּאַשעט ניט אַוועקפאָרן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין!

— און פונדעסטוועגן וועסטו מוזן אַוועקפאָרן.

— מוזן?!—האָט אַ געשריי געטאָן טשיקאַ פאַרכידעשט און אויפגעבראַכט. — וואָס הייסט עס?

— דאָס הייסט, אַז דו וועסט מוזן אַוועקפאָרן, ניט־ווילנדיק.

— ניט ווילנדיק? וואָס בין איך — אַ ספּעקולאַנט, צי וואָס?

— ניין. נאָר...

— וואָס טרייבסטו מיט מיר היינט קאַטאָוועס? זאָלסט וויסן, איך וועל אין ערגעץ ניט פאָרן, אפילו די גאַנצע וועלט זאָל זיך איבערקערן מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. און אויב איר וועט מיך אַרויסטרייבן, וועל איך זיך שטילערהייט אומקערן.

טשיקאַ האָט אַלץ ניט געקענט פאַרשטיין, צי סערגיי רעדט אַף קאַטאָוועס, צי ערנסט, און דאָס האָט אים אויפגעבראַכט.

סערגיי האָט זיך צעלאַכט.

— אָרימער טשיקאַ! איך האָב דיך אומיסטן צערייצט, קעדיי זען, ווי שטאַרק דו האָסט ליב דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, נאָר דו וועסט פאָרט מוזן פאָרן. דאָס דאַרף אונזער פּאַרטיי.

— אָ!—האָט אַ געשריי געטאָן טשיקאַ. ער האָט געשוויגן אַ מינוט און האָט געזאָגט מיט אַ ציטערדיקן קאָל:

— דאָס דאַרף די פּאַרטיי? אויב אַזוי!... אויב אַזוי, בין איך גרייט.

ס'האָבן זיך ביי אים באַוויזן טרערן אין די אויגן. סערגיי האָט אים געדריקט די האַנט.

— ביסט אַ וואוילער יאַט, טשיקאַ. אַ בעריע אַ יאַט! דו ביסט ווערט צו זיין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

טשיקאַ האָט געשוויגן.

— יאָ, טשיקאַ, וועסט מוזן פאָרן, וועסט ניט קענען ווייטער לערנען, וועסטו ניט לעבן רואיק. דו פאָרסט אַף אַ קאַמף. וועסט עפּשער מוזן נאָכאַמאָל אַריינקריכן אין דיינע שמאַטעס, ווידער בעטלען, לעבן דיין פריערדיקן הינטישן לעבן.

נאָר דאָס אינגל איז שוין געקומען צו זיך.

— איז וואָס! אויב אַזוי וויל די פּאַרטיי? כ'וועל דאָך פֿאָרן צוליב דעם קאָמוניזם! אויב אַזוי, פֿאָר איך, איך פֿאָר מיט פֿאַרגעניגן!

סערגיי האָט אים אַרומגענומען.

— אַי, אַי טשיקאַ!

אין עטלעכע ווערטער האָט ער אים דערציילט אין וואָס ס'גייט: איינעם אַ כּאַווער, אַ רוסישן האָט מען אַוועקגעשיקט קיין אויסלאַנד צוליב אַ וויכטיקן עניין. ער האָט געדאַרפט דורכפאָרן איטאַליע און פון דאָרטן קיין פראַנקרייך. ער איז אָנגעקומען קיין פּראַג, און פון דאָרט איז שוין פון אים מער קיין יעדיעס ניטאָ. מען דאַרף זיך דערוויסן, וואָס איז מיט אים געוואָרן. דער כּאַווער איז געווען אַ זיכערער, אַן אויסגעפּרואווטער אַרבעטער. דאָס איינציקע, וואָס מ'האָט געקאָנט רעכענען, איז, אַז ער איז אַריינגעפאַלן צו די סאָנים אין די הענט. טשיקאַ האָט געדאַרפט העלפן געפינען דעם מענטשן.

— סערגיי איך בין גרייט.

— מען וועט דיר צו וויסן געבן ווען דו דאַרפסט פאָרן. דערווייל זאָלסטו קיינעם קיין וואָרט ניט זאָגן.

— זיי רואיק, איך פּלוידער ניט.

ער האָט באַגלייט סערגייען ביז דער טיר. דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט צו זיך אין צימער, האָט זיך געזעצט אויף זיין בעט און האָט צעגויפגעדריקט מיט די הענט דעם קאָפּ.

— עך,—האָט ער געזאָגט מיט אַ געבראָכענער שטימע,—אַוועקגעגאַנגען דיינע גליקלעכע יאָרן, טשיקאַ!

:: :: ::

אין צוויי טעג אַרום האָט אַן אויטאָמאָביל אַוועקגעטראָגן טשיקאַ'ן צום וואָקזאַל. דאָס אינגל האָט פון פענצטער פון שלאָף-וואַגאָן געקוקט, ווי ס'איז פאַרשוואונדן געוואָרן מאָסקווע מיט אירע קופּאָלן און פאַבריק-קוימענס, וואָס האָבן געפינקלט אין גאָלד פון זון-פאַרגאַנג.

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס האָט כּאַווער סערגיי געהייסן טשיקאַ'ן צוריקפאָרן קיין איטאַליע?

2) איז כּאַווער סערגיי געווען גערעכט ווען ער האָט טשיקאַ'ן צוריקגעשיקט אין דער פאַשיסטישער איטאַליע?

# פּיאָנערן-לאַנד

פון א. קורץ

מיר זיינען פּיאָנערן,
פון ברייטע רויטע סקווערן,
גרייט פּאַר באַריקאַדן.
מיר זיינען פּיאָנערן,
עס מערן זיך און מערן
רויטע פּיאָנערן,
אין אונזערע בריגאַדעס.

מיר זיינען פּיאָנערן..
ווער קען אין קאַמף אונז שטערן?
קיינער קען ניט שטערן
דעם קאַמף פון פּיאָנערן!

לינקער, פלינקער פּיאָנערן!
וואָס מיר—צאַמען, וואָס—באַריערן!
ברעכט די צאַמען און באַריערן!
לינקער, פלינקער פּיאָנערן!

# ווער זיינען די יונגע פּיאָנערן?

יונגע פּיאָנערן טראָגן דעם נאָמען פון וולאַדימיר איליאיטש לע־נין. פאַרוואָס? ווייל זיי זיינען פּיאָנערן, זיי גייען אף דעם וועג, אַף וועלכן ס'האָט געפירט דעם אַרבעטער קלאַס און אַלע אונטערדריק־טע, אונזער גרויסער פירער לענין.

„שטענדיק גרייט!" ענטפערט אַ פּיאָנער אפ'ן צורוף: „זיי גרייט!"

דאָס זיינען לענינ'ס ווערטער צו די רעוואָלוציאָנערע קעמפער:

„מיר דאַרפן שטענדיק פירן אונזער רעוואָלוציאָנערע אַרבעט און זיין שטענדיק גרייט צו אַלץ!"

וואָס דאַרף אַ פּיאָנער טאָן, ער זאָל זיין ווערט צו טראָגן לענינ'ס נאָמען?

1) אַ פּיאָנער דאַרף זיין אָרגאַניזירט, פאַראייניקט מיט אַלע פּראָלעטאַרישע קינדער. ער דאַרף אַריינציען נייע קינדער אין די רייען פון יונגע פּיאָנערן. אַ פּיאָנער דאַרף געדענקען, אַז די אינטע־רעסן פון אַרבעטער קלאַס און פון די אַרבעטער־קינדער, שטייען הע־כער פון זיינע אייגענע אינטערעסן.

2) ער דאַרף פלייסיק לערנען זיך.

ער דאַרף וויסן, ווי אַזוי עס לעבן די אַרבעטער אין דער גאַנצער וועלט. ווי אַזוי ס'ווערט געבויט דאָס אַרבעטער־לאַנד, דער סאָוועטן־פאַרבאַנד.

3) פּיאָנערן דאַרפן העלפן זייערע עלטערע ברידער מיט וואָס נאָר זיי קענען: פאַרשפרייטן צייטונגען, גיין אף דער פּיקעט־ליין אין דער צייט פון סטרייק, זאַמלען הילף, אנטייל נעמען אין פייערונ־גען און דעמאָנסטראַציעס.

4) פּיאָנערן מאַכן ניט קיין אונטערשייד צווישן קינדער פון פאַרשיידענע פעלקער: אידישע, ענגלישע, איטאַליענישע, ווייסע און שוואַרצע. אַלע זיינען זיי לייבלעכע ברידער.

5) פּיאָנערן זיינען אַ ביישפּיל פאַר אַלע איבעריקע קינדער. זאָלן די איבעריקע קינדען זען, אַז די פּיאָנערן זיינען די ערשטע אין לערנען זיך, אין אַרבעט, אַ פּיאָנער קען דערציילן וועגן אַן אַרבעטער יאָנטעוו. ער ווייס, וואָס ס'קומט פאָר אף דער וועלט. ער העלפט זיין

כאווער. ער קלערט אויף די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער-קינדער, וועל־כע געהערן צו די פּאַטריאָטישע בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס, ווי באָי און גוירל סקאוטס, ציאָניסטן, טאַלמוד טוירע קינדער, און ער פירט זיי אַריין אין די רייען פון פּיאָנערן.

אויב אַ פּיאָנער געדענקט דאָס אַלץ, איז ער ווערט צו טראָגן לע־נינ׳ס נאָמען.

## פראַגעס:

1) ביסטו אַ פּיאָנער?

2) וואָס טוסטו זאָלסט אַריינציען דיינע כאַווײרים אין דער פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע?

3) ווי אַזוי דאַרף זיך אַ פּיאָנער אויפירן אין שול, אין גאַס און אין דער היים?

---

# דאָס צעריסענע טיכל

### (אַ מייסע)—פון ג. סיגאַלאָווסקי

סעמי און בערנאַרד זיינען געווען כאַווײרים. זייערע עלטערן, אָרימע אַרבעטער, סטאָליאַרעס, זיינען אויך געווען כאַווײרים און אַלטע פריינט.

האָט מען בוירני׳ן געשיקט אין טאַלמוד־טוירע. זונטיק איז ער גע־גאַנגען אין „סאָנדעי־סקול". אין פּאָבליק סקול האָט מען אים אַריינ־גענומען אין די באָי־סקאוטס.

סעמי׳ן פאַרקערט, האָט מען אַוועקגעגעבן אין אַ אידישער אַרבע־טער־שול און ער איז דאָרט געוואָרן אַ פּיאָנער.

האָבן זיך ביידע אינגלעך אָנגעטאָן אין רויטע טיכלעך (באָי־סקאוטס טראָגן אויך רויטע טיכלעך—יאָ, יאָ...) און פון דערווייטנס האָט מען אפילע ניט געקאָנט ווייסן, אַז די צוויי קינדער האָבן זיך מער ניט ליב און אַז איינער טראַכט וועגן דעם צווייטן מוירעדיקע זאַכן.

בוירני האָט געוואוסט, אַז סעם געהערט צו די רויטע און אַז די רויטע זיינען אַלע פרעמדע, וואָס ווילן אומברייננגען דאָס לאַנד. און סעמי האָט געהערט, אַז מען לערנט די באָי־סקאוטס פאַרטיידיקן די קאַפּיטאַליסטן און — זיי זאָלן פיינט האָבן אַלע אָרימע מענטשן.

האָט בוירני גערופן סעמי׳ן: „רויטער", און סעמי — יענעם:

„שקלאַף“. זיי האָבן זיך איינמאָל אַזוי צעשלאָגן, אַז מען האָט זיי קוים צענומען.

בוירני איז אַוועק צום לערער אין פּאַבליק־סקול און אים דערציילט, אַז סעמי איז אַ רויטער, וואָס וויל אומברענגען אַמעריקע. האָט מען געשיקט רופן סעמי׳ן און מען האָט אים געפרעגט, צי ס׳איז עמעס. האָט ער געענטפערט: „יאָ, איך בין א רויטער, אָבער—ווער עס זאָגט, אַז איך וויל אומברענגען אַמעריקע,—דער איז אַ ליגנער“.

סעמי׳ן האָט מען אַראָפּגעזעצט מיט א „גרייד“ נידעריקער.

דער פּרינסיפּאַל האָט אים צוגעזאָגט, אויב ער וועט זיין א לייטיש קינד און מער ניט געהערן צו די רויטע, וועט ער אים געבן אַ געלעגנהייט צו „סקיפּן“.

האָט ער פאַרנאַכט געפרעגט דעם לערער אין אַרבעטער־שול:

— פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אַזוי? בוירני איז אַן אָרים אינגל און באַלאַנגט צו די רייכע. און בוירני איז, דאַכט זיך, ניט קיין נאַרישער.

— ווער איז בוירני? — האָט אים דער לערער געפרעגט.

ער האָט דערציילט דעם לערער די גאַנצע מייסע מיט׳ן געשלעג...

— מיט קריג און מיט געשלעג וועסטו גאָרניט מאַכן,—האָט דער לערער געזאָגט.—דו וועסט מיט דיין בוירני׳ן צוריק כאַווער און דערקלער אים, אַז ער איז ניט נאָר דיינער א סוינע, — נאָר ער איז אויך אַ סוינע פון זיין טאַטן און פון זיין מאַמען, ווייל ער געהערט צו מענטשן, וואָס האָבן פיינט אָרעמע און זיינע עלטערן זיינען דאָך אויך אָרעמע...

בוירני האָט זיין לערער—דעם אָנפירער פון דער גרופּע סקאַוטס, אַ יונגער אָפיציר, אויך דערציילט וועגן סעמי׳ן. האָט יענער לערער געזאָגט:

— מיט קריג און געשלעג וועסטו גאָרניט מאַכן. דו וועסט בעסער כאַווער מיט דיין סעמי׳ן און דערקלער אים, אַז ער איז ניט נאָר דיינער א סוינע, נאָר אויך אַ סוינע פון זיין טאַטן און פון זיין מאַמען, ווייל ער באַלאַנגט צו מענטשן, וואָס ווילן אומברענגען אַמעריקע און זיינע עלטערן וואוינען דאָך אין אַמעריקע, וויל ער זיי, הייסט עס, אויך אומברענגען...

:: :: ::

ביידע קינדער האָבן ליב געהאַט זייערע לערער און ביידע האָבן געגלויבט, יעדער באַזונדער, אַז ז י י ן לערער איז גערעכט. סעמי האָט זייער געוואָלט, אַז בוירני זאָל ווערן אַ פּיאָנער, און בוירני האָט געגאַרט, אַז סעמי זאָל ווערן אַ באָי־סקאַוט.

האָבן זיי ביידע פאַרבאָרגן דעם קאַס וואָס זיי האָבן איינער אַפּ׳ן צווייטן געטראָגן און גייענדיק גאַנץ פרי אין פּאַבליק סקול, זיינען זיי צוגעגאַנגען איינער צום אַנדערן און (זיי האָבן זיך אליין ניט

געגלויבט!) האָבן זיך פריינטלעך באַגריסט.

אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי געווען כּאָווער, זיך געשפּילט אינאיינעם, אָבער ביידע האָבן אויסגעמיטן צו ריידן פון דעם, וועגן וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי געראַטן צו זאָגן.

ערשט פאַרנאַכט, אַפּ'ן וועג אַהיים, רופט זיך אָפּ סעמי:

— מיר האָבן היינט אַ רעדנער ביי די פּיאָנערן, דו הערסט, בוירני? ווען ער רעדט איז אַ פאַרגעניגן צו הערן.

און בוירני זאָגט:

— מיר האָבן היינט אַ „געים" און מען האָט אונז צוגעזאָגט, אַז מ'וועט שיסן פון עמעסע ביקסן!...

בוירני איז פאַרבליבן אַ סקאַוט און סעמי—אַ פּיאָנער. ביידע זיינען געווען זיכער, יעדערער ביי זיך, אַז ער איז גערעכט, אָבער ביידע האָבן אָפּטמאָל געטראַכט, וואָס פאַר אַ ווערטער מען וואָלט געקאָנט באַנוצן צו געווינען דעם כּאָווער. און אַזוי וואָלט עס שוין עפּשער טאַקע פאַרבליבן, ווען ניט אַ זאַך, וואָס עס האָט פּאַסירט.

און פאַרלאָפן איז זיך אַזאַ מייסע:

די אַרבעטסלאָזע האָבן געהאַט אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, אויסגעהונגערטע און אויסגעמוטשעטע, און געשריען: „מיר ווילן ברויט!" „מיר ווילן ברויט פאַר אונז און פאַר אונזערע קינדער!" „גיט אונז אַרבעט, גיט אונז סכירעס!"

צווישן די דעמאָנסטראַנטן זיינען אויך געווען סעמי'ס און בוירני'ס טאַטעס.

האָבן עס די הערשער ניט געקענט פאַרליידן און מען האָט אַרויסגעשיקט פּאָליציי, אַז זי זאָל פאַרטרייבן די דעמאָנסטראַנטן.

אָבער די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיי ניט געהערט און אין איין קאָל געשריען:

„מיר ווילן ברויט!" „מיר ווילן אַרבעט!"

האָבן זיי אָנגעהויבן שלאָגן און שיסן די אַרבעטער. זיי האָבן געמיינט, אַז די אַרבעטער וועלן זיך דערשרעקן און וועלן אַנטלויפן. נאַר—ווער, וואָס, ווען? די מאַכנעס אַרבעטסלאָזע דעמאָנסטראַנטן זיינען געוואַקסן.

דערווייל קומט בוירני פון סקול אַהיים און טרעפט זיין מאַמען אַ בלייכע און אַ דערשראָקענע, און די קלענערע קינדער זיצן און וויינען און רופן: „פּאַ, פּאַ!"

דערציילט אים די מאַמע, אַז דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען אױף דער דעמאָנסטראַציע און זי האָט געהערט, אַז מען שלאָגט דאָרטן. און די מאַמע צעוויינט זיך.

האָט עס שוין בוירני'ן פאַרקלעמט ביים האַרצן און ער טראַכט:

ער וועט אומיסטן אַריבערגיין צו סעמי'ן, זען, וואָס ס'טוט זיך דאָרט.
ער קומט צו צו דער טיר, וואו סעמי וואוינט. די טיר איז פאַר־שלאָסן. קלאַפּט בוירני אָן.
רופט זיך אָן אַ קליין מיידעלע, סעמ'ס שוועסטער:
— ווער איז דאָרט?
— איך.
— וואָס ווילסטו?
— איך וויל זען סעמי'ן.
זאָגט דאָס מיידעלע שטאָלץ—סעמי איז ניט אַזאַ „סיסי", ווי דו. ער איז אַוועק „פייטן" די פּאָליס. און די מאַמע איז אויך געגאַנגען העלפן דעם פּאַפּאַ'ן.
ווערט שוין בוירני'ן א ביזאָיען. טראַכט ער ניט קיין סאַך און לויפט אַוועק זוכן זיין טאַטן.
ער קומט צעלויפן אויף די הויפּט-גאַסן און זעט אָן א שיר מענטשן לויפן פון אַלע זייטן און שרייען. און פּאָליציאַנטן לויפן זיי נאָך און שלאָגן זיי. אַ סאַך מענטשן לויפן מיט פאַרבלוטיקטע פּענימער. איינער איז אומגעפאַלן און אַ פּאָליסמאַן אַף אַ פערד איז אַרויפגע־טראָטן אַף אים.
אַ פרוי איז אָנגעקומען אנטקעגן. מ'האָט איר דערלאַנגט אַ קלאַפּ. זי האָט אָפּילע קיין געשריי ניט געטאָן און זיך אַראָפּגעזעצט.
בוירני פילט ביי זיך, אַז ער מוז אויסגעפינען זיין טאַטן און ער לויפט פון גאַס צו גאַס. אָבער וואו ער קומט זעט ער די זעלבע, לויפנדיקע מענטשן; און די פּאָליציי יאָגט זיי נאָך.
מיטאַמאָל בלייבט ער שטיין און רוקט זיך צוריק אין שרעק.
זיין לערער, דער אָפּיצער, וואָס לערנט גימנאַסטיק אים און זיינע כאַוויירים, די באָי-סקאַוטס, לויפט נאָך אַן עלטערן אַרבעטער און שלאָגט אים מיט אַ קורצן גראָבן שטעקן איבער'ן קאָפּ, איינמאָל און צוויי מאָל, און דריי מאָל, און פיר מאָל. דעם אַרבעטער'ס פּאָנים באַגיסט זיך מיט בלוט, ער פאַלט אום, אָבער דער אָפּיצער שלאָגט ווייטער. דערנאָך טוט ער דעם געפאַלענעם אַ בריק מיט'ן שטיוול און לאָזט זיך לויפן נאָך א צווייטן אַרבעטער.
בוירני פּרוּווט שרייען, רופט זיין לערער, אָבער יענער הערט אים ניט און לויפט ווייטער און צעבלוטיקט שוין אַ צווייטן אַרבעטער...
בוירני פאַרשטייפט זיינע קליינע פויסטן און לאָזט זיך לויפן נאָכ'ן לערער, אָבער מען וואַרפט אים אום. ער כאַפּט זיך אַ צעשראָקענער אַרויס און לויפט אַהיים.
אינדערהיים טרעפט ער זיין טאַטן אַ צעשלאָגענעם. סעמי'ס טאַטע זיצט אויך דאָ. בוירני פאַלט אַרויף דעם פּאָטער אַפ'ן האַלז און צעוויינט זיך ניט מיט זיין קאָל.

— וואו איז סעמי ?—פרעגט ער שפּעטער סעמי'ס פאָטער.
— ער ליגט דאָרט אין צימער אַ צעשלאָגענער,—זאָגט יענער.
בוירני לויפט אַריין צו סעמי'ן. סעם ליגט אין בעט. דאָס פּאָנים איז ביי אים בלוי און צעבלוטיקט.
בוירני וויל אים עפּעס זאָגן, אָבער סעמי'ס מאַמע גיט אים אַ צייכן ער זאָל שווייגן, ער זאָל ניט אויפרעגן דעם קראַנקן.
בוירני גייט אַרויס פון'ם צימער. ער כאַפּט דאָס רויטע באָי־סקאוט טיכל, ער צעררייסט עס אויף שטיקלעך און טרעט עס מיט די פיס.

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס האָט בוירני צעריסן זיין באָי־סקאוט טיכל ?
2) אַרבעט אויס אַ פּלאַן ווי אַזוי אַריבערצונעמען אייערע באַקאַנטע באָי־סקאוטס אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס.

# מיר מאַכן אַ וואַנט-צייטונג

ס'איז געווען אַן אַלגעמיינע שול-פאַרזאַמלונג. דער פאָרזיצער האָט געעפנט די זיצונג און געמעלדעט, אַז די איינציקע פראַגע אויפ'ן טאָג-אָרדענונג איז, די אָרגאַניזירונג פון אַ וואַנט-צייטונג אין אונזער שול.

אַ סאַך קינדער האָבן נאָך ניט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון אַ וואַנט-צייטונג. זיי האָבן געדענקט, אַז אויסשניטן פון פאַרשיידענע צייטונגען, בילדער און צופעליקע קאָמפּאָזיציעס פון קינדער איז גענוג. אַלבערט, אַ אינגל פונ'ם גראַדואיר-קלאַס, האָט גענומען אַ וואָרט:

— מיר מוזן האָבן אַ וואַנט-צייטונג, געשריבן פון די קינדער אַליין. אַ וואַנט-צייטונג איז דער שפּיגל פון שול. זי ציינט די אַרבעט פון די קינדער און אַלע געשעענישן אין דער אַרבעטער-וועלט. אַ וואַנט-צייטונג העלפט אַרויס אין דער אַרבעט. מען רעדט זיך דורך וועגן פאַרשיידענע אויפגאַבעס, מען ווייזט אָן פעלערן און דערגרייכונגען. דורך דער וואַנט-צייטונג לערנען זיך די קינדער אויסדריקן זייערע געדאַנקען אויפ'ן פּאַפּיר.

מיר האָבן אַלע מאַסקים געווען מיט אַלבערט'ן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אונזער אייגענע וואַנט-צייטונג און צוטרעטן גלייך צו דער אַרבעט.

אַז ס'איז געקומען צום אויסקלייבן אַ נאָמען פאַר דער צייטונג, איז געוואָרן לעבעדיק. פאָרשלאַגן זיינען געווען קימאַט אַזוי פיל, וויפיל קינדער ס'זיינען געווען אויף דער פאַרזאַמלונג. איינער האָט פאָרגעשלאָגן אַ נאָמען „דער רויטער יאַט", דער צווייטער—„דער יונגער קעמפער"; נאָך עמיצער „דער רויטער שטיפער", „דער שול-יונג". מיר האָבן אויסגעקליבן דעם נאָמען „רויטער שטיפער". אַזוי האָט אַ מאַיאָריטעט באַשטימט.

נאָכדעם זיינען מיר צוגעטראָטן אויסקלייבן אַ רעדאַקציע. יעדער איינציקער האָט געהאַט כיישעק אַהין אַריינצוגיין. נאָך אַ קורצער דיסקוסיע איז פאַר אונז קלאָר געוואָרן, אַז אין דער רעדאַקציע זיינען נויטיק קינדער, וואָס באַהערשן די שפּראַך און אויך אַזעלכע וועלכע קענען מאָלן.

מיר האָבן אויסגעקליבן פינף קינדער, וועלכע שטעלן צענויף די

רעדקאָלעגיע. אַלבערט איז געווען איינער פון זיי. ס׳איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז די רעדקאָלעגיע קלייבט אויס פון זיך אַ סעקרעטאַר. זיין אַרבעט איז צענויפקלייבן מאַטעריאַל צווישן די קינדער, דורכריידן זיך מיט זיי וועגן דעם, ווי אַזוי און וואָס צו שרייבן; מען קלייבט אויך אויס אַ פּאַראַנטוואָרטלעך קינד צו טאָן די טעכנישע אַרבעט. ער גרייט צו פּאַפּיר, טינט און פאַרב. ער גרייט אויך צו כּעוורע צו שרייבן און מאָלן די צייטונג.

די אַלגעמיינע שול־פאַרזאַמלונג האָט זיך געשלאָסן. די רעדקאָלעגיע האָט נאָכדעם געהאַט איר זיצונג. אָף מאָרגן האָבן מיר באַמערקט אַ מעלדונג, אויסגעהאַנגען פון דער רעדקאָלעגיע. דאָרטן זיינען געווען אויסגערעכנט די טעמעס, אָף וועלכע די קינדער דאַרפן שרייבן. ס׳איז געווען אָנגעוויזן דער לעצטער טערמין, ווען די קינדער מוזן אַריינטראָגן זייער מאַטעריאַל. די רעדקאָלעגיע וועט דעם מאַטעריאַל איבערקוקן און פאַרריכטן די טעותן. זי וועט אויך באַשטימען, וועלכע צייכענונגען עס דאַרפן אַריין און וועלכע לאָזונגען.

אונזער כּעוורע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט ברען.

אין אַ וואָך אַרום האָבן מיר דערזען אונזער ניי־געבוירענע וואַנט־צייטונג. די קינדער זיינען געשטאַנען, געלייענט און געשלונגען יעדעם וואָרט.

דער „רויטער שטיפער“ האָט געהאַט:

1) אַ לייט־אַרטיקל וועגן אונזער שול־אַרבעט.

2) נייעס און פּאַסירונגען פון דער אַרבעטער־וועלט.

3) אַ קורצער אַרטיקל וועגן קאַמפּאַניעס, וואָס דאַרפן דורך דער שול דורכגעפירט ווערן: אַ געלט־זאַמלונג פאַר די סטרייקנדיקע מיינערס; אַרבעט פאַר׳ן איי. על. די.; אויסטיילן שול־ליטעראַטור און אויך ליטעראַטור פון דער וואַל־קאַמפּאַניע (עלעקשאָן) א. א. וו.

4) אונזער לעבן. נייעס וועגן דער אַרבעט אין שול. מיינונגען וועגן זאַכן, וואָס פעלן נאָך. אָנווייזונגען אָף כּעסרוינעס.

5) מייסעלעך, בילדער און לידער.

6) יעדיעס פון דער ביבליאָטעק־קאָמיסיע, וועגן נייע ביכער. אָנווייזונגען אָף ליטעראַטור וועגן פאַרשיידענע קאַמפּאַניעס און שול־פּראָיעקטן.

דער „רויטער שטיפער“ האָט אונז פאַרשאַפט אַ סאַך פאַרגעניגן. מיר האָבן ערשט איצט דערזען, וואָס אַ וואַנט־צייטונג מיינט.

## פראַגעס:

1) צוליב וואָס דאַרף מען האָבן אַ וואַנט־צייטונג אין שול?

2) אָרגאַניזירט אַ וואַנט־צייטונג אין אייער שול.

3) דיסקוטירט דעם פּלאַן פון דער וואַנט־צייטונג אין דער דערציילונג און ווייזט אָן וואָס עס פעלט דאָ.

# אונזערע קינדער

## פון מ. שיפרים

### ווען אַלע אַרבעטער וואָלטן פאַרשטאַנען

דריטער קלאַס. דער לערער רעדט וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער דערציילט, ווי אַזוי דאָס לאַנד אַנטוויקלט זיך. די קינדער זיצן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און שלינגען די ווערטער פון לערער׳ס מויל.

דאַוויד, אַ בלאָנדער, ריידעוודיקער יאַטל, שפּרינגט אויף:

— איאָ, לערער, דעם פינף־יאָריקן פּלאַן וועט מען דורכפירן אין פיר יאָר?

שטייט אויף ווילי, אַ פּאַרטאַיעט אינגל מיט פולע בעקלעך.

— לערער, אין פינף־יאָריקן פּלאַן גייט אויך אַריין די טורקסיביר אייזנבאַן, ניט עמעס? עס האָט געדאַרפט נעמען דריי יאָר אויפצעבויען, און זי איז אויפגעבויט געוואָרן אין צוויי יאָר, ע?

נעמט דער לערער ריידן וועגן דעם ריזיקן פאַרנעם פון פינף־יאָריקן פּלאַן. ער ווייזט מיט ציפערן, ווי אַזוי די אַרבעטער האָבן שוין פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע.

היימי און סאָלאָמאָן זיצן אפ׳ן פאָדערשטן ביינקל. זיי זיינען באַגייסטערט. היימי דערלאַנגט אַלע מאָל אַ זעץ דעם כאַווער מיט׳ן עלנבויגן אין דער זייט אַריין. די אינגלעך ריידן: הערסט? הערסט?

צום סאָף רוקט זיך סאָלאָמאָן צו צו היימי׳ן. ער טוליעט זיך אינגאַנצן צו צו אים. היימי נעמט אים אַרום און ביידע גליען פון פרייד.

דער לערער ענדיקט:

— אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פעלן אוים אַרבעטער—און אין רייכן אַמעריקע זיינען דאָ צען מיליאָן אַרבעטלאָזע — — —

עס גליען אויף די אויגן ביי היימי׳ן. אַ ברייטער שמייכל באַלייכט זיין פּאָנים:

— לערער, אַזוי פיל מענטשן גייען דאָ אַרום אָן אַרבעט און זיי פאַרשטייען גאָר ניט פאַרוואָס דאָס איז?

הויבט זיך אויף סאָלאָמאָן:

— ווען אַלע אַרבעטער וואָלטן פאַרשטאַנען...
גיט זיך הייִמי אַ צאַפּל און כאַפּט אונטער:
— ...וואָלטן זיי דאָך געמאַכט די רעוואָלוציע.
פריידיקע שמייכלען אױף קינדערשע פּענימער, פאַרכאַלעמטע אויגן קוקן ערגעץ אין דער ווייט.

## מאַרטין אילוסטרירט אַ לעקציע

די שול איז נאָך אַ נייע. ערשט עטלעכע וואָכן אַלט. פרעמד איז נאָך אַלץ פאַר די קינדער. ניט געהערט נאָך אַזעלכע רייד. ניט גע־הערט נאָך אַזעלכע נעמען. לענין! — ווער איז ער? סאָוועטן־פאַר־באַנד! — וואָס איז עס? קוקן פאַרוואונדערטע אויגעלעך. שלינגען דעם לערער׳ס רייד. פאַרשטייען ניט אַלץ.

דער לערער רעדט וועגן אַרבעטסלאָזיגקייט, וועגן הונגער־מאַר־שן. ער וויל אַלץ קלאָר מאַכן און איז ניט זיכער, צי די קינדער פאַר־שטייען. ער זאָגט:

— דער אַרבעטער, אַרבעט אָפּ עטלעכע וואָכן, פאַרדינט קוים אַפּ׳ן לעבן. געענדיקט דער סעזאָן, דאַרף ער הונגערן. דער באַלעבאָס, האָט גאָרניט געטאָן, און פון דעם סעזאָן וואָס די אַרבעטער האָבן גע־אַרבעט, האָט ער אַ רייכע היים, אַן אויטאָמאָביל און אַלדאָס גוטס.

דער נייַן־יאָריקער מאַרטין הויבט אויף אַ האַנט.

— וואָס ווילסטו זאָגן, מאַרטין?

דערציילט מאַרטין:

— מיין פאָטער׳ס באָס האָט לעצטע וואָך געמאַכט אַ באַרמיצווע פאַרי, האָט אים געקאָסט פינף הונדערט דאָלאַר, און דעם טאַטן וויל ער ניט געבן וואָס אים קומט. דער טאַטע גייט אַרום ליידיק.

— וויפיל האָט דער טאַטע געקראָגן אַ וואָך?—פרעגט דער לע־רער.

— פינף־און־פופציק, — רעדט ווייטער מאַרטין. — איצט וויל ער נאָר געבן דרייסיק דאָלער. ער וויל אפילו ניט לייען אַ פאָר דאָ־לער. דער טאַטע זוכט איצט אַ דזשאָב און דער באָס מאַכט אַ פאַדי פאַר פינף הונדערט דאָלער.

מאַרטין כאַזערט עס איבער עטלעכע מאָל. זיין קעפּל קען עס ניט פאַרשטיין.

מאַרטינ׳ס רייד האָבן קלאָר געמאַכט דעם לערער׳ס לעקציע. די קינדער האָבן פאַרשטאַנען...

# וואַל־קאַמפּאַניע נאַכט

פון א. קורץ

זיבעצן פּאַרטייען
ליאַרעמען אין שטאָט,
ליגנס און געשרייען!
אין נאָמען פון גלויבן,
אין נאָמען פון גאָט!

ליאַרעמט מעקמענדל,
אַ דעמאָקראַט, אַ פּאַטריאָט.

:: :: ::

גרייט איז מיין יאַט,
אַוועק מיט די יאַטן.
דורך נאַכט איבער שטאָט,
מיט רויטע פּלאַקאַטן.

פון גאַסן און גאַסן מאַרשירן,
זינגענדיק די בראַווע פּיאָנערן.
פון זייערע לאָזונגען, לידער
דעם עמעס די מאַסן דערהערן.

אונזערע פריילעכע יאַטן
זינגען און רופן די מאַסן:
„אונזער וואָרט איז דער איינציקער עמעס,
אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

# אַ שפּאַציר פון אַ דייטשער קאָמוניס־טישער קינדער־גרופּע

## די בורזשואַזיע איז ניט צופרידן

גאָר ניט פריינטלעך האָבן אונז באַגלייט אין וועג די בורזשועז!

— וואָס שקאָצים פאַרגינען זיך...

שול־קינדער זאָלן אַרומבלאָנדזשען גאַנצע וואָכן—דערצו נאָך אינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען! און אויב אַ לערער גייט שוין מיט זיי, איז עס מיסטאָמע דער עמעסער לערער!

מיר האָבן זיך אויסגעלאַכט פון זיי. וואָס מער זיי האָבן געשאָלטן, אַלץ מיט אַ גרעסערן כיישעק האָבן מיר זיך געגרייט אין וועג אַריין.

## די נעסיע הויבט זיך אָן

ענדלעך, אינ׳ם ערשטן פרייען טאָג זיינען מיר אַרויסגעטראָטן. דער לעצטער זייגעזוננט—און זיך געלאָזט אין ווייטן וועג אַריין.

די טירן פון שול האָבן זיך פאַרמאַכט אַף גאַנצע 4 וואָכן. פּאָטער פון דעם לערער, וואָס האַלט אונז אין קנעכטישער שרעק. מיר זיינען פריי, פול לעבנס־פרייד. מיר גייען שעפּן פון דער אָפענער וועלט.

כאַווירים־קאָמוניסטן באַגעגענען אונז פאַרנאַכט אַפ׳ן וואָקזאַל פון דער שכיינישער שטאָט. זיי גיבן אונז אָרט אין זייערע דירעס.

## מיר פאַלן ניט ביי זיך און גייען מונטער פאָרויס

שווער אָנגעלאָדענע לאָזן מיר זיך אַף מאָרגן ווייטער. איצט גייען מיר שוין צופוס.

פריילעך קלינגען אונזערע לידער אין דער מאָרגן־שיין פון זומער־טאָג. די זון שטייגט אַלץ העכער און העכער, און אַלץ שווערער ווערט צו טראָגן די לאַסט פון פּעקלעך אַף די פּלייצעס. נאָר מיר שפּאַנען מוטיק.

ביינאַכט שטעלן מיר זיך אָפּ אין אַ דאָרף. מיר נעכטיקן איבער און גייען ווייטער.

און אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס. פעלט אונז אויס עסן, זינגען מיר אונזערע לידער פאַר די פּויערים און האָבן ווידער אַלץ.

## די גווירים געפעלן ניט אונזערע לידער

אַזוי זיינען מיר אויסגעוועןן גאַנץ טיורינגיע. ס'אַראַ מין שיינקייט! אומעטום גרינע בערג מיט ציכטיקע דערפלעך. און ווי גאַסטפריינטלעך זיינען די מענטשן! נאָר די גווירים האָבן אונז פיינט, זיי זיינען ניט געפעלן אונזערע קאַמפּס־לידער. דערפאַר האָבן אונז די אַרבעטער אומעטום באַגעגנט מיט פרייד, און מיר האָבן מיט זיי פאַרבראַכט אַ סאַך גוטע שאָען.

## פאַשיסטן האָבן זיך דערוואוסט פון אונזער נעסיע, נאָר מיר שרעקן זיך ניט

אין וועג האָט אונזער אָנפירער באַקומען אַ בריוו פון פּאַרטייקאָמיטעט, וועלכער האָט אונז געוואָרנט, מיר זאָלן ניט מאַכן קיין עקסקורסיע אין באַוואַריע, ווייל די פאַשיסטן וואַרטן שוין אָף אונז.

האָבן מיר געמאַכט אַ פאַרזאַמלונג און איינשטימיק באַשלאָסן אומבאַדינגט דורכגיין דורך באַוואַריע. מיר זאָלן זיך דערשרעקן פאַר פאַשיסטן? קינדער־קאָמוניסטן וויסן ניט פון שרעק. אונזער אָנפירער איז געוועזן צופרידן מיט אונזער באַשלוס, און מיר האָבן פעסט געדריקט די הענט איינער דעם צווייטן.

אָפ׳ן זיבעטן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין באַוואַריע.

געקומען אין שטאָט וואַרצבורג. אויסגעבאָדן זיך אין טייך, דערנאָך גוט באַטראַכט די שטאָט. מיר האָבן געזען אַ סאַך סטודענטן מיט שוואַרצע ציילעמער—פאַשיסטישע צייכנס. מיט שטאָלץ און פאַראַכטונג האָבן מיר געקוקט אָף זיי.

## אַלץ איז גוט, נאָר ניט פאַר אַרבעטער

ווייטער זיינען מיר געפאָרן מיט אַ שיף און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין קוראָרט שאַכערן. דורכלעבן אַ טאָג דאָרט קאָסט זייער טייער. איז דאָס אַ פּלאַץ פאַר אַרבעטער? ניין.

אָף יעדן טריט און שריט זיינען דאָרט פאַראַן פראַכטפולע גערטנער, הייזער און שיינע פאַרקן. מיינט איר עפשער, אַז מען לאָזט אַהין אַריין קינדער פון אַרבעטער? כאָלילע! אַהין מעגן אַריינגיין נאָר מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געאַרבעט. ס'איז אייך ניט ראָטן־פאַרבאַנד!

דאָ גיסן זיך די גווירים גאָלד אין האַלז אַריין. אַף וועמעס כעשבן? אפ׳ן כעשבן פון די אָרימע, פּראָלעטאַרישע קינדער.

## מיר פאַרגעסן ניט אונזערע פליכטן

עפּשער מיינט איר, אַז אַף דער עקסקורסיע האָבן מיר פאַרגעסן אונזער קאָמוניסטישע אַרבעט? ניין! ניט פאַרגעסן.

אומעטום האָבן מיר אָרגאַניזירט קינדער־גרופּעס. אָט, ווי אַזוי מיר האָבן עס געטאָן:

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ שייער אין דאָרף ווינטע־לינגע. איינער פון די כאַוויירים האָט אונז געבראַכט ברויט מיט קאַווע. אָפּעגגעסן, אָפּגערוט אַ ביסל, זיינען מיר אַוועק אפ׳ן פּלאַץ אין־מיטן דאָרף און האָבן אָנגעהויבן זינגען הויך אונזערע קאַמף־לידער. די פּויערים זיינען זיך צעגויפגעלאָפן. צווישן זיי זיינען געווען אַ סאַך קינדער.

אונזער אָנפירער, כאַווער רידל, האָט זיי געגומען דערציילן אַ קאָמוניסטישע מייסע. דערנאָך האָבן מיר געזונגען פאָלקס־לידער און די פּויערים האָבן אונז אונטערגעהאָלפן. אַזוי האָבן מיר זיך באַקענט מיט זיי.

דערנאָך האָט זיי כאַווער רידל געגומען דערציילן, ווי אַזוי מען פאַרשלאָגט די קעפּ פּראָלעטאַרישע קינדער, און אויך וועגן נייע אַר־בעטער־שולן, וואו לערער־קאָמוניסטן דערציען די קינדער פאַר פרייע מענטשן. ער האָט זיי דערציילט פון די פאַשיסטן, וואָס דריקן די אַרבעטער און פאַרשפּאַרן די אָנפירער אין טפיסע. צום סאָף האָט זיך אין דאָרף אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 12—10 מענטשן.

## אַלץ פאַר די גווירים

באַזונדערס פלעגן זיך אונז וואַרפן אין די אויגן ביבליאָטעקן און מוזייען. אומעטום הענגען אויפשריפטן: „אָפן פון 9 ביז 1 און פון 3 ביז 4“. אַן אַרבעטער האָרעוועט אין דער צייט אין פאַבריק, און ניט פאַר אים, הייסט דאָס, זיינען געבויט אַזעלכע אַנשטאַלטן.

אַלץ איז פאַר די גווירים, וועלכע ווייסן אַזוי אויך ניט, וואו טוט מען אַהין צייט און געלט.

## וואָס מיר האָבן געזען פאַר דער צייט פון אונזער נעסיע

אין דער צייט פון אונזער אומוואַנדערן, איז געווען אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער. ס׳פלעגט אַמאָל אויסקומען זיך באַנוגענען מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט, נאָר הונגערן איז אונז קיינמאָל ניט אויסגעקו־

מען. אָפּטמאָל פלעגן מיר אַפילע זייער גוט עסן. עס פלעגט אויך טרעפן, אַז כאַווײרים פלעגן אויסלייגן פאַר אונז אַף בילעטן. אין וועג האָבן מיר געאַרבעט: שטודירט געשיכטע און געאָגראַפיע, געפירט טאָג־ביכער, שמועסן וועגן דעם העלדישן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט.

דאָס וויכטיקסטע אָבער, — מיר האָבן דערזען, אַז עס זיינען פאַראַן געגנוג ערלעכע טרייע מענטשן, וואָס זיינען גרייט נעמען אָנטייל אינ׳ם גרויסן קאַמף פאַר׳ן קאָמוניזם.

די מאַסן, איבערגעגעבענע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבן אַזוי גערן אונז אויסגעהאָלפן, וועלכע זיינען געווען אַזוי פריינטלעך צו אונז קינדער, זיינען גרייט צוזאַמען מיט אונז אויפבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, וואו ס׳וועט ניט זיין, ניט רייך ניט אָרים. אַלע מענטשן וועלן לעבן און אַרבעטן ווי ברידער.

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס האָבן די רייכע ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז די אַרבעטער־קינדער זאָלן דורכפירן זייער עקסקורסיע איבער׳ן לאַנד?

2) אַרבעט אויס אַ פּלאַן פאַר אַן עקסקורסיע צום וואַסערפּראָנט, אַרבעטער־בירזשעס און אַרבעטער־קוואַרטאַלן.

---

# אַן עקסקורסיע

די קינדער פון קלוב האָבן באַשלאָסן: זיי ווילן באַזוכן די „מאָרגען־פרייהייט" און דעם „דיילי וואָרקער". דאָס זיינען די צוויי אַרבעטער־צייטונגען, וואָס זיי און זייערע טאַטעס לייענען יעדן טאָג; ווילן זיי זען ווי אַזוי די צייטונגען ווערן צוזאַמענגעשטעלט און געדרוקט; זיי ווילן באַקאַנט ווערן מיט די כאַווײרים־שרייבער.

האָט מען פריער אין קלוב צוגעגרייט אַ צעטל מיט פראַגעס. יעדערער האָט גענומען אַ בלייפעדער מיט פּאַפּיר און מ׳האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום אַרבעטער־צענטער (וואָירקערס סענטער). אַף דער דרייצנטער גאַס, דאון־טאַון, האָט שוין דאָרט געוואַרט דער כאַווער פאַרוואַלטער. ער האָט זיי געפרעגט: כעווורע, וואָס ווילט איר זען פריער?

— מיר ווילן זען אַלץ -- האָט זיך אַרויסגעכאַפּט דער קליינער היימי.

דער כאַוועֶר האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— פאַרגעסט אָבער ניט, קינדער, אַז דאָ זיינען פאַראַן ניין שטאָק. און אויף יעדן שטאָק זיינען פאַראַן עטלעכע אינסטיטוציעס. איז וואו־הין ווילט איר פריער גיין?

— אין די רעדאַקציעס פון דער „מאָרגן־פרייהייט" און „דיילי וואָירקער", — האָט זיך אָנגערופן לינא, אַ לאַכנדיקע מיידל מיט אַ פלאַטשיקער נאָז.

זיי זיינען אַרויף אויפ׳ן זעקסטן שטאָק. מ׳האָט זיי אויפגענומען ווי אָנגעלייגטע געסט. באַלד האָבן זיך אַרום די קינדער פאַרזאַמלט אַלע שרייבער. די קינדער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ האַלבן קרייז, מ׳האָט אַרויסגענומען פּאַפּיר און בלייפעדער. דער סעקרעטאַר פון קלוב האָט געפרעגט און דער רעדאַקטאָר האָט געענטפערט.

— וויפיל קאָפּיעס דרוקט מען אַ טאָג?

— וויפיל זיינען פאַראַן מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע?

— ווי אַזוי קריגט מען די אַרבעטער־נייעס?

— וויפיל אַרבקאָרן זיינען פאַראַן אַרום דער צייטונג?

די ענטפערס, וואָס זיי האָבן באַקומען, האָבן זיי פאַרשריבן אין זייערע נאָטיץ־ביכלעך. דער קליינער ווילי, אַ באָכערל מיט רויטע באַקן און אַ פעסטן קאַרק האָט געוואָלט זען דעם כאַוועֶר פון „קינדער ווינקל". ער האָט געהאַט טאַינעס, לעמאַי דרוקט מען ניט זיינע לידער. יענער איז גראָד ניט געווען אין רעדאַקציע.

סילוויע האָט באַמערקט אין אַ גרויסן קאַסטן, אַזאַ מאַשינדל, וואָס האַלט אין איין קלאַפּן. האָט מען איר דערקלערט: דאָס רופט זיך אַ „טיקער". אַלע נייעסן פון דער וועלט ווערן אויף דעם מאַשינדל אָפּגעקלאַפּט פון זיך אַליין.

פון דאַנען איז מען אַרויף צום „דיילי וואָירקער". די שרייבער, אַזעלכע פּאָשעטע, ליבע כאַוויירים. דאָ האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז די צירקולאַציע פון דער צייטונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג. די אַרבעטער־לייענער שרייבן אַזעלכע גוטע באַגייסטערטע בריוו אין דער רעדאַקציע.

— ווייסט איר פאַרוואָס? — האָט דער כאַוועֶר מיט׳ן גרויען קאָפּ אַ פרעג געטאָן.

האָבן אַלע מיט איין קאָל געענטפערט—ווייל דער „דיילי וואָירקער" איז אַ קאָמוניסטישע אַרבעטער־צייטונג.

דער כאַוועֶר האָט אַ שמייכל געטאָן: איר זייט אַ פיינע כעוורע. זאָגט זשע מיר איצט: וואָס טוט איר פאַר׳ן אַרבעטער־קלאַס? איר לערנט דאָך עפּעס אין אַ פּראָלעטאַרישער שול.

סילוויע האָט אין קורצן איבערגעגעבן:

— אין אונזער שול זיינען פאראן עטלעכע און זיבעציק קינדער. פופציק פון זיי זיינען פיאָנערן. פאַראַן אַ קלוב „יונגע ספּאָרטאַקיסטן“. פאַר די סטרייקער האָבן מיר געזאַמלט פערציק דאָלער. פאַר׳ן „אי־קאַר“ דריי־און־צוואַנציק דאָלער. מיר פאַרקויפן זעכציק קאָפּיעס „פיאָנער“. מיר זאַמלען איצט קליידער און שפּייז און מיר וועלן עס איבערשיקן צו דער וו. איי. אַר. מיר זיינען געווען ביים לענין־מעמאָריאַל. מיר האָבן אנטייל גענומען אין דער זיבעטער נאָוועמבער־פייערונג. איצט גרייטן מיר זיך צום ערשטן מאַי.

— און אַז מיר וועלן אויסוואַקסן, — האָט זיך ווידער אָנגערופן ווילי, — וועלן מיר העלפן מאַכן די רעוואָלוציע אין אַמעריקע.

דער שמועס וואָלט זיך נאָך געווען געצויגן ווער ווייסט ווי לאַנג. אָבער אין דער רעדאַקציע האָט מען זיך געאיילט צו פאַרענדיקן די מאָרגנדיקע צייטונג. די קינדער האָבן זיך כאַוועריש אָפּגעזעגנט און ס׳איז געבליבן אַז אַ צווייט מאָל וועט מען גיין אין מאַשינען־צימער, זען ווי אַזוי אַ צייטונג ווערט געדרוקט.

אַהיים זיינען די קינדער געפאָרן זייער צופרידענע. ס׳האָט אָבער פאַרדראָסן, וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט דורכגיין אַלע שטאָק אין אַר־בעטער־צענטער.

דער לערער האָט זיי געטרייסט: נישט געזאָרגט! מיר וועלן דאָס אויך טאָן—ווען?

— ווען מיר וועלן וועלן, — האָט דער סעקרעטאַר אונטערגע־כאַפּט.

איז געבליבן אַז מ׳זאָל טאַקע וועלן.

## פראַגעס:

1) וואָס איז די אויפגאַבע פון אַן אַרבקאַר און קינד־קאַר?

2) אָרגאַניזירט אַן עקסקורסיע אין וואָירקערס סענטער און באַשרייבט וואָס איר האָט דאָרט געזען.

# אַ בריוו פון אַ סאָוועטישער קינדער־שול

זייט גרייט ליבע כאַווײרים!

מיר, פּיאָנערן, פון דער לענין־שול, פערטע קאָמפּאַניע, צווייטער רינג, ווילן זיך מיט אייך דורכשרייבן און טיילן זיך מיט אונזערע דערפאַרונגען.

ניט לאַנג צוריק איז ביי אונז אין שטאָט געווען דער אַמעריקאַנער פּיאָנער העררי אייזמאַן. ער האָט אונז דערציילט, ווי העלדיש עס קעמפן פאַר׳ן אַרבעטער־קלאַס אייערע קינדער־פּיאָנערן. מיר, קינדער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד זיצן אויך ניט מיט צענויפגעלייגטע הענט. צוזאַמען מיט אונזערע עלטערע כאַווײרים, קאָמוניסטן און קאָמסאָמאָלן, העלפן מיר בויען דעם סאָציאַליזם אין פ. ס. ס. ר.

איר, קינדער, האָט מיסטאָמע געהערט, ווי אָרים און אָפּגעשטאַנען אונזער לאַנד איז געווען אין די צייטן פון צאַר. איצט גרינדן מיר, פּיאָנערן, אין שטעט און דערפער גרופּעס צו לערנען דערוואַקסענע מענטשן לייענען און שרייבן (ליק בעז). אונזער שול אליין לערנט מיט אַ גרופּע פון 700 ביז 1,000 כאַווײרים.

איצט האָט איר מיסטאָמע געהערט וועגן אונזער קאָלעקטיוויזאַציע. (פאַראייניקן קליינע באַזונדערע פּאַרם־באַלעבאַטישקייטן אין מעכטיקע קאָלעקטיוון). די רייכע פּויערים (קולאַקעס) ווילן עס, פאַרשטייט זיך, ניט האָבן, פאַרשפּרייטן זיי פאַלשע קלאַנגען צווישן די פּויערים און שרעקן זיי אָן, זיי זאָלן ניט גיין אין די קאָלכאָזן (קאָלעקטיווע פּאַרם־באַלעבאַטישקייטן). נעמען מיר, פּיאָנערן, און אָרגאַניזירן בריגאַדעס און שיקן זיי פאַנאַנדער איבער די דערפער, אויפקלערן די פּויערים דעם נוצן פון אַ קאָלכאָז.

נאָך אַ סאַך אַרבעטן טוען די פּיאָנערן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

טייערע כאַווײרים! שרייבט אונז וועגן זיך: ווי אַזוי עס לעבן די פּראָלעטאַרישע קינדער אין ניו יאָרק. אויב ביי אייך זיינען פאַראַן שוועריקייטן אין דער אַרבעט, טאָ שרייבט אונז; מיר וועלן אייך מיט אַלע מעגלעכקייטן אַרויסהעלפן.

מיר שיקן אייך אַ הייסן פּיאָנערישן גרוס,

אייערע כאַווײרים.

## פראַגעס:

1) מיט וואָס העלפן די סאָוועטישע פּיאָנערן אַרויס אין 5־יאָריקן פּלאַן?

2) זאָל אייער שול זיך פאַרבינדן מיט אַ סאָוועטישער קינדער־שול. שרייבט צו: נאַצמינד־ביוראָ, כאַרקאָוו, כאַוער גולקאָ.

# דער „ספּיטש“

## פון כאַשמאַל

זיין טאַטע איז געהאַרגעט געוואָרן פון אַן „עקסידענט“ אין א פאַבריק. זיין טאַטנ׳ס געוועזענער באַלעבאָס, מיסטער גרידימאַן, האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער איז א „גוטער“, האָט ער פאַרגעשלאָגן סעמי׳ס מאַמען צו ווערן אַ דינסט אין זיין רייכן הויז, אין די בראָנקס.

— מאַמע, ווי קענסטו גיין אַרבעטן צום טאַטנ׳ס מערדער?— האָט סעמי זיך געוואונדערט.

אַוועק אַ וואָך און צוויי, די מוטער האָט געזען אַז ס׳איז שלעכט, איז זי אַוועק און אָנגענומען די שטעלע, צו זיין א דינסט ביי גרידימאַנ׳ען.

געקראָגן האָט זי דערפאַר אַ צימער אין קעלער. עסן—דאָס וואָס ס׳איז פאַרבליבן פון באַלעבאָס טיש.

אין יענער געגנט איז געווען אַ טאַלמוד טוירע, אויפגעבויט פון רייכע פאַבריקאַנטן. גרידימאַן איז דאָרט געווען דער „פּרעזידענט“.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי סעמי׳ס מוטער איז געוואָרן אַ דינסט, איז גרידימאַן צוגעשטאַנען צו איר, זי זאָל שיקן איר אינגל אין טאַלמוד טוירע.

סעם האָט פיינט געהאַט גרידימאַנ׳ען מיט זיין טאַלמוד טוירע צו־זאַמען. ער האָט אָבער געמוזט צוליב טאָן דער מוטער.

נישט ווייט פון דער טאַלמוד טוירע האָט זיך געפונען אַ אידישע אַרבעטער קינדער שול. סעם איז דאָרט איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען. די פענצטער זיינען געווען אָפן, האָט ער אריינגעקוקט. דער לערער האָט אים באַמערקט און געבעטן אַריינקומען. סעם האָט זיך פאַרשעמט און אנטלאָפן.

סעם ווייסט ניט ווי אַזוי, נאָר אין מאָרגן האָט ער זיך ווידער גע־פונען לעבן שול. איצט איז ער שוין ניט אנטלאָפן, ווען דער לערער האָט אים אַריינגערופן. ער האָט פאַרבראַכט דאָרטן אַ פּאָר שאָ.

ווען ער איז געקומען אַהיים,—אין קעלער, האָט ער געלאָזט וויסן דער מוטער, אַז מער גייט ער ניט אין טאַלמוד טוירע. ער הויבט אָן גיין אין דער אַרבעטער קינדער שול.

— מאַמע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט פרייד אין די אויגן. מען לערנט דאָרט וועגן די אַרבעטער — ווי אַזוי זיי ווערן פאַר־שקלאָפּט אין די פאַבריקן און שטאַרבן יונגערהייט, אָט פּונקט ווי ס'האָט געטראָפן מיט'ן טאַטן. אין טאַלמוד טוירע לערנט מען אונז, אַז די באַלעבאַטים זיינען גוטע מענטשן און דו, מאַמע, ווייסט דאָך אַז ס'א ליגן.

סעמי האָט אַזוי לאַנג איינגעטאַינעט מיט זיין מוטער, ביז זי האָט צוגעשטימט, אַז ער זאָל גיין אין דער אַרבעטער קינדער־שול.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען און גרידימאַן האָט זיך פון דעם דער־וואוסט. ער האָט גענומען סטראַשען סעמי'ס מוטער, אַז ער וועט זי אָפּזאָגן פון דער שטעלע.

מיט טרערן אין די אויגן האָט זי זיך געבעטן ביי סעמ'ען, ער זאָל צוריקגיין אין טאַלמוד טוירע.

סעמי האָט נאָכגעגעבן; ער האָט איר אָבער געזאָגט, אַז פריי־טיק און שאַבעס, — די צוויי טעג וואָס מע גייט ניט אין טאַלמוד טוירע, וועט ער גיין אין אַרבעטער שול.

די טעג, וואָס ער איז געגאַנגען אין טאַלמוד טוירע זיינען פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. ער פלעגט קומען אַהיים אַ צעקאָכטער.

פון דער אידישער אַרבעטער קינדער שול האָט ער זיך גאָרניט געקענט אָנלויבן. פרייטיק און שאַבעס זיינען געווען ביי אים די גליק־לעכסטע טעג. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געוואַרט מיט אומגעדולד אַף זיי.

— מאַמע! — איז ער איינמאָל אַריינגעלאָפן אין קעלער מיט אַ סימכע, — דו ווייסט, איך בין געוואָרן אַ פּיאָנער. ער האָט איר דער־קלערט וואָס דאָס מיינט. ווען ער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער שטילערהייט געזונגען אַ פּיאָנערן ליד.

— איינמאָל האָט זיך די טאַלמוד טוירע געגרייט צו אַן אונטער־נעמונג. גרידימאַן, דער הויפּט־מאַכער, האָט געהייסן דעם טאַלמוד טוירע מעלאַמעד, ער זאָל אָנ'שרייבן אַ לאַנגע „ספּיטש“ פאַר סעמי'ן. ער האָט געוואוסט, אַז סעמי איז זייער אַ פייאיקער. ער האָט געוואָלט ווייזן דער וועלט, אַז נישט נאָר „האַלט“ ער אויס אַן אַלמאָנע מיט איר אינגל — גיט זיי עסן, טרינקען און אַ פּלאַץ צו שלאָפן, נאָר אַז אַ דאַנק אים איז דאָס אינגל געוואָרן אַ „לייט“.

געקומען דער טאָג פון דער אונטערנעמונג. דער זאַל איז געווען געפּאַקט.

דער ערשטער נומער אפ'ן פּראָגראַם איז געווען העברייאיש־ציאָניסטישע לידער, וועלכע דעם אוילעם האָט ניט פאַרשטאַנען; נאָכדעם איז גרידימאַן אַרויפגעקומען אַף דער בינע.

— ליידים און דזשענטלמען, — האָט ער אָנגעהויבן מיט זיין

גראָבער שטימע, — איך בין ניט קיין „ספּיקער" בין איך ניט. איך וויל אייך נאָר זאָגן, אַז איך האַלט אויס אָן אַלמאָנע מיט איר אינגל. דעם אינגל האָב איך אַוועקגעגעבן אַהער אין דער טאַלמוד טוירע. ער וועט איצט האַלטן פֿאַר אייך אַ „ספּיטש".

סעמי האָט זיך באַוויזן. גרידימאַן איז אים געגאַנגען אַנטקעגן און אים געוואָלט אָנגעמען פֿאַר אַ האַנט. סעם האָט זיך אָבער ניט גע־לאָזט. אָנשטאָט אַ האַנט, האָט ער אים געשיינקט אַ בליק פֿול מיט פֿאַראַכטונג. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און אָנגעהויבן זיין „ספּיטש"...

אַף מאָרגן אינדערפֿרי איז געווען פֿריילעך אין שול. די שילער צוזאַמען מיט׳ן לערער האָבן האַרציק געלאַכט, ווען אַ פּאָר קינדער האָבן דערציילט, וואָס פֿאַר אַ „ספּיטש" סעם האָט געהאַלטן נעכטן ביינאַכט. סעם אַליין איז נאָך אין שול ניט געווען. אַלע האָבן זיך געוואונדערט, ווייל ער פֿלעגט אַלע מאָל קומען אין צייט.

ווען ער איז ענדלעך געקומען, זיינען אַלע צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל דערציילן וואָס ס׳האָט פּאַסירט.

— דער טאַלמוד טוירע מעלאַמעד האָט מיר געגעבן אויסלערנען אַ „ספּיטש". איך גיב אַ קוק, זע איך, אַז ס׳הויבט זיך אָן אַזוי: איך דאַנק און לויב גאָט, וואָס ער האָט באַשאַפֿן רייכע מענטשן, וועלכע האָבן ראַכמאָנעס אַף אַלמאָנעס און יעסוימים". מער האָב איך שוין ניט געוואָלט לייענען און איך האָב באַשלאָסן אַליין עפּעס צו זאָגן. איך האָב איבערגעגעבן די געשיכטע פֿון מיין פֿאָטער, פֿון וואָס ער איז געשטאָרבן און ווער ס׳איז שולדיק אין זיין טויט. איך האָב בע־שאָס מייסע אָנגעוויזן אַף גרידימאַנ׳ען. ער האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז איך זאָל אַרונטער פֿון דער בינע. די אַרבעטער, וועלכע זיינען גע־ווען אין זאַל, האָבן פֿאַרלאַנגט אַז איך זאָל בלייבן: נו ,האָב איך גע־רעדט .די באַלעבאַטים זיינען געזעסן די קעפּ אַרונטערגעלאָזט און די אַרבעטער האָבן געהאַלטן אין איין אַפּלאָדירן.

נאָכדעם האָב איך דערציילט, וואָס מע לערנט אין טאַלמוד טוירע און אַפּעלירט צו אַלע אַרבעטער, וועלכע געפֿינען זיך אין זאַל, אַז זיי זאָלן שיקן זייערע קינדער אין דער אידישער אַרבעטער קינדער שול. דאָרטן, האָב איך געזאָגט, לערנט מען דעם עמעס וועגן די אַרבעטער און באַלעבאַטים.

— דערצייל, דערצייל, האָט דער לערער געזאָגט. מיר ווילן דאָס הערן פֿון דיר אַליין.

— איך האָב אָפּגעמאַכט מיט די פּיאָנערן פֿון אונזער גרופּע, אַז זיי זאָלן זיין אין זאַל און ווען איך וועל אַרויסנעמען אַ רויט טיכל פֿון קעשענע, זאָלן זיי אַרויפֿמאַרשירן אַף דער בינע.

— דער עולעם איז געוואָרן איבערראַשט ווען די גרופּע האָט

ארויסגענומען רויטע טיכלעך און אָנגעהויבן זינגען „סאָלידאַריטי“. ס׳איז געוואָרן א טומל. די גראָבע בייכער האָבן זיך א לאָז געטאָן צו דער בינע. גרידימאַן איז אַוועק רופן די פּאָליציי.

— וואָס-זשע האָט ווייטער פּאַסירט? — האָבן די קינדער נייגע־ריק געפרעגט.

— ס׳האָט גאָרניט פּאַסירט., — האָט אנשל געענטפערט. — מיר האָבן געהייסן אַלעמען זיך אויפשטעלן, געזונגען דעם „אינטערנאַציאָ־נאַל“ און פאַרלאָזט דעם זאַל. די אַרבעטער האָבן אונז אַפּלאָדירט.

— איצט, זאָגט סעם, — וועל איך אייך דערקלערן, פאַרוואָס איך בין היינט געקומען אַזוי שפּעט: ווייסנדיק, אַז גרידימאַן וועט אונז ארויסוואַרפן פון דער דירע, בין איך מיט דער מאַמען אויפגעשטאַנען היינט פאַרטאָג און איינגעפּאַקט אונזערע זאַכן. די מאַמע איז איצט אַוועק זוכן א צימער. קומענדיקע וואָך וועט זי זוכן אַרבעט אין א פאַבריק. איך וועל מער ניט זיין געצוואונגען צו גיין אין דער פאַר־האַסטער טאַלמוד טוירע. די מאַמע איז איצט מיט מיר אינגאַנצן איינ־שטימיק.

— פון היינט אָן — האָט סעמי פאַרענדיקט, — וועל איך קענען גיין יעדן טאָג אַהער אין שול. איך וועל טאָן א סאַך אַרבעט און זיין גלייך מיט אַלע אַנדערע קינדער.

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס ווילן די קאַפּיטאַליסטן, אַז די אָרימע קינדער זאָלן לערנען אין טאַלמוד טוירע?

2) אַרבעט אוים א פּלאַן ווי אַזוי אַריבערצונעמען די קינדער פון טאַלמוד טוירעס און אַנדערע באַלעבאַטישע, אידישע שולן, אין דער אַרבעטער קינדער־שול.

# די באַלאַדע פון טאָמס ריווער

פון נ. בלעכמאַן

טאָמס ריווער איז אַ שטעטל,
פופצן גאַסן, אַ פּאַראָם;
פופצן גאַסן, טויזנט בירגער—
גייט טאָמס ריווער כאָדאָרם.

טויזנט בירגער, טויזנט קרעמער,
האָט טאָמס ריווער קירכן דריי;
היטן פּאַשען דאָרט גאָט׳ס לעמער,
דריי גאַלאָכים פרום און טריי.

הערט־זשע וואָס ס׳איז דאָרט פּאַרלאָפן—
מייסע סאָטן מינאַסטאָם: —
ס׳האָט אין „האַי־סקול" גראָד געטראָפן—
ברענט טאָמס ריווער פייער־פלאַם.

ס׳האָט אין האַי־סקול גראָד געטראָפן,
ביי אַ קינדערשן קאָנצערט—
קען טאָמס ריווער איצט ניט שלאָפן:
מ׳האָט אַזוינס נאָך ניט געהערט.

וואָס־זשע איז דאָרט פּאָרט געווען?
פרעגט דעם גאַלעך, דעם באַפּטיסט:
ער איז האַלב בלויז אויסגעזעסן,
און געמוזט, אַך, מאַכן פּיס...

צוואַנציק אינגלעך, צוואַנציק מיידלעך—
אָ, ווי גרויס, ווי גרויס די שאַנד!—
האַלבע הויזן, קורצע קליידלעך,
און זיי טאַנצן האַנט אין האַנט.

איז נאָך ווינציק דאָס געוועזן,
האָבן שפּילער זיך געקושט!
און אין צאָרן רעליגיעזן
האָבן בירגער זיך צעהוסט...

און די ווייבער, אין שפּאַקולן:
— זעט נאָר, זעט, אוי ווי און ווינד!
אַך, די היינטיקע דערציער!
אַך, אַ שיינע וועלט אַצינד!

---

אין צו מאָרגנס האָט רעוורענד נעמער
אַן אַסיפע צענויפגעפירט:
דריי גאַלאָכים און דריי קרעמער,
פּאַרמער צוויי און איין באַנקיר.

און די הייליקע קאָמיסיע
האָט באַשלאָסן אין איין קאָל:
ס׳מוז אַוועקגיין אין דעמיסיע
דער דירעקטאָר פון דער שול.

שיקט מען רופן דעם דירעקטאָר,
פאַלט ער צו די פיס און קרעכצט:
— ס׳איז די שולד ניט מיינע, קלאָגט ער,
נעמט און זעט אַליין דעם טעקסט...

ווישט דער גאַלעך אויס די ברילן,
לייענט בייז אין זייטל זיבן:

„פאָרלעך טאַנצן. פידלען שפּילן“...
— יאָ, עס שטייט אַזוי געשריבן.

ווער־זשע האָט אַזאַ מין נעגע
אין די שולן צוגעזען ?
ניט ניו יאָרק, און ניט שיקאַגע,
נאָר די פרומע שטאָט פון „קלען“!

זיצן, זיצן ניין דאַיאָנים,
טראַכטן, טראַכטן—נאָר ס'איז שלעכט!
זיצן שוין אַזוי, האַפּאָנים,
זיבן טעג און זיבן נעכט...

---

טאָמס ריווער איז אַ שטעטל,
פופצן גאַסן, אַ פּאַראָם ;
פופצן גאַסן, טויזנט בירגער—
גייט טאָמס ריווער כאָדאָראָם...

# בוירני

## פון ב. מאָזער

ס'איז אַ רעגנדיקער אינדערפרי. דער דרויסן איז פאַרשלאָפן. בוירני גיט אַ קוק דורכ'ן פענצטער און טראַכט: „אוי, ווען מ'וואָלט היינט נישט באַדאַרפט גיין אין פּאָבליק־סקול, ווי גוט וואָלט דאָס געווען!" ער האָט טאַקע נישט געמאַכט די היים־אַרבעט און די לערערן, מיס בראון, וועט אים זיכער נישט אויסמיידן. אַלעמען יאָ, אָבער ניט אים. זי האָט זיך דערוואוסט, אַז ער גייט אין אַן אַרבעטער־שול, איז פון דעמאָלט אָן האַלט זי זיך צו אים אין איין טשעפּען:

— בוירני, האָסט אויסגעלערנט די פּאָעמע?

—בוירני, פאַרוואָס ביסטו דעם ערשטן מאַי נישט געווען אין סקול?

— וואו האָסטו זיך אויסגעלערנט פרעגן אַזעלכע פראַגעס?

אָבער וואָס מער זי רייסט פון אים אַ הויט, אַלץ מער ווערט ער איינגעשפּאַרט. אַלע מאָל, ווען די לערערן רעדט וועגן סטרייקער, וועגן אַרבעטער, וואָס מאַכן דעמאָנסטראַציעס לעבן סיטי־האָל, מוז ער זיך אַרויסשטעלן. ער ווייסט אַליין ניט, ווי אַזוי די האַנט הויבט זיך אויף: „מיס בראון"!

— וואָס איז שוין ווידער?

— מיין טאַטע איז אויך אַ סטרייקער. זיין באַלעבאָס באַצאָלט אים ווינציק, מוז ער אַרבעטן פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט. וואָס־זשע זאָל ער טאָן? שווייגן?

אַ ווייַלע בלייבט שטיל אין קלאַס. די קינדער קוקן אַף אים מיט גרויסע אויגן. פּלוצלונג טוט די לערערן אַ פרעג: „איז דיין טאַטע אַן אַמעריקאַנער?".

ער פאַרשטייט ניט די פראַגע.

— איך פרעג צי דיין טאַטע איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע

— ניין, אין רוסלאַנד.

— אַ־ז־וי, — טוט זי אַ זינג אויס אירע ווערטער,—אין רוסלאַנד. נו קינדער, וויפיל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אַז אַלע מענטשן, וואָס קומען פון דאָרטן זיינען באָלשעוויקעס. און באָלשעוויקעס זיינען

געפערלעכע מענטשן. זיי זיינען קעגן פּרעזידענט. מ'דאַרף זיי אַרויס־שיקן פון לאַנד. האָסט פאַרשטאַנען, בוירני?

ניין, ער האָט שוין גאָרנישט פאַרשטאַנען.

דאָס גלעקל האָט אַ קלונג געטאָן. מיס בראון איז אַריינגעקומען. זי איז גלייך צו צום טיש. עפּעס געזוכט אין די שופלאָדן און אַנ־שטעלנדיק אַף די קינדער די טונקל־גרויע אויגן האָט זי אָנגעהויבן:

— קומענדיקע וואָך וועלן מיר האָבן לינקאָלנ'ס געבורטס־טאָג. לינקאָלן האָט אָפּגעשאַפט שקלאַפעריי. לינקאָלן איז געווען ערלעך. ער איז געווען ווי אַן עמעסער קאַפּיטאַן.

— מיס בראון!—האָט זיך פלוצלונג דערהערט אַ קאָל.

איצט האָט זי זיך שוין געמוזט אָפּשטעלן: „וואָס איז שוין ווי־דער“? האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— האָט לינקאָלן אויך אָפּגעשאַפט לינטשינג?

— וואָס הייסט? אַז מ'זאָגט באַפרייט, מיינט מען דאָך...

בוירני'ס קאָל איז געוואָרן שאַרפער. זיינע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט. און די ווערטער זיינע האָבן אָפּגעקלונגען מיט פאַרוואורף.

— פאַרוואָס־זשע האָט מען יענע וואָך געלינטשט אַ נעגער אין דער סאוט?

מיס בראון איז אַף אַ ווײַלע געוואָרן צעטומלט. זי האָט אַ קוק געטאָן אַף די קינדער און מיט אַ געמאַכטן שמייכעלע האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— בוירני מיט זיין קלאַץ־קאַשעס. זאָג־זשע מיר, מיין קליינער באָלשעוויקל, פון וואַנען ווייסטו דאָס?

בוירני האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַרויסגענומען אַ צייטונג. ער האָט זי אויסגעשפּרייט און אַ וויַיז־געטאָן: „אָט איז אַ בילד ווי אַזוי מ'פאַרברענט אַ שוואַרצן. איר זעט? און ווייסע שטייען אַרום און קוקן“...

ער האָט אָפּאָנים אינגאַנצן פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך איצט און ער האָט אָנגעהויבן לייענען: „די דריטע לינטשינג אין איין וואָך. מ'איז באַפאַלן די טורמע, אַרויסגעשלעפּט דעם נעגער און אַפּ'ן אָרט פאַרברענט...“

ער האָט געוואָלט לייענען ווייטער. נאָר מיס בראון איז אויס־געוואַקסן לעבן אים: „וואָס פאַר אַ צייטונג איז דאָס?“ זי האָט אַ קוק געטאָן אַף דעם קעפּל און האָט שפּאָטיש אַ זאָג געטאָן: „אַהאַ, אַ „דעילי וואָרקער“. נו, וואָס דען? זי האָט גענומען רייסן די צייטונג מיט אַלע קויכעס, אַזוי ווי זי וואָלט וועלן זיך נויקעם זיין אין עמיצן. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן: אַזאַ צייטונג אין קלאַס? אַזאַ צייטונג? זי האָט שיר ניט געוויינט פאַר ווייטיק.

בוירני אָבער איז געשטאַנען ווי נישט אים מיינט מען. אַ גרויסע

פרייד איז אין אים געוואקסן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די עמ־לעכע ווערטער, וואָס ער האָט געלייענט, טראָגן זיך אַרום אין קלאַס— די קינדער הערן זיך איין און מוזן זיך איינהערן, ווייל די ווערטער דערציילן אַ גרויסן עמעס...

## פראַגעס:

1) האָט לינקאָלן אַף אַן עמעס באַפרייט די נעגערס?
2) אָרגאַניזירט סאָלידאַריטעט קעמערלעך אין פּאָבליק־סקול פאַר כאַווערשאַפט צווישן ווייסע און שוואַרצע קינדער.

---

# מוסי

### פון ר. שעק

ווען מוסי איז געווען אין זיבעטן יאָר סקול, האָט עפּעס פּאַסירט:
די פּיאָנערן האָבן אויסגעטיילט בלעטלעך אין די פאַרשיידענע סקולס, ווען דעם ערשטן מאַי.

מוסי, און אַן אַנדער פּיאָנער „סלים“, האָבן גענומען מיט זיך הונדערט בלעטלעך אויסצעטיילן אין זייער שול. אינדערפרי, פאַר׳ן לערנען, זיינען שוין ביידע געשטאַנען אין פראָסט, לעבן דער „סקול“ און געגעבן יעדן פאַרבייגייענדיקן קינד אַ בלעטל. די רויטע אויסיעס האָבן געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אַף די קינדער. שפּעטער האָבן מוסי און „סלים“ די בלעטלעך צעלייגט אין די ליידיקע צימערן פון „סקול“.

אַ שאָ פאַר׳ן אַהיימגיין, ווען מוסי און „סלים“ זיינען געווען פאַר־טיפט אין „אַזיע“, אין פערטן פעריאָד פון געאָגראַפיע, עפנט זיך די טיר און אַ קינד ברענגט אַריין פאַר דער לערערן אַ צעטל. די לערערן שטעלט אַרויף אירע אויגן־גלעזער אפ׳ן נאָז, איר שטערן ווערט צו־זאַמענגעקנייטשט, זי ציט צוזאַמען אירע אויגן און לייענט:

— שיקט גלייך צו אַרטור קרעמסקי און סאל. גאָלדבערג אין מיין אָפיס. זיי האָבן געטאָן אַ קאָמוניסטישע שטיקל אַרבעט. האַלט אַן אויג אַף זיי.

„פּ. ר. מאַקאָרמיק, פּרינציפּאַל“.

די לערערן האָט ביידן אַרונטערגעשיקט. פאַרהיצטע קומען זיי אַריין אין אָפיס און שטעלן זיך אַוועק לעבן פּרינציפּאַל׳ס „דעסק“.

דער פּרינציפּאַל איז אַ הויכער און גראָבער, מיט אַ קליין, גרוי

בערדעלע, און טראָגט זילבערנע ברילן. ער רעדט מיט אַ גראָבער, פולער שטים.

— זייט איר די צוויי קליינע „רויטע", וועלכע פּרואוון איינ־פלאַנצן באָלשעוויסטישע אידייען אין מיינע קינדער?

— יע, — ענטפערן ביידע.

— איך האָב אָבער גלייך פאַרשטאַנען. זאָגט־זשע מיר איצט, ווער האָט עס אייך געהייסן אויסטיילן די שמוציקע פּאַפּירלעך דאָ אין „סקול"?

מוסי ענטפערט:

— אנטשולדיקט, מר. מאַקאָרמיק, דאָס פּאַפּיר איז גאָר ניט שמו־ציק...

דער פּרינציפּאַל שלאָגט אים איבער:

— גענוג, כוצפּעדיקער „באָלשעוויק"! איר זייט אַלע קליינע דומ־קעפּ און פּאַפּוגייען, דאָס אַלץ. כ'וועל שיקן נאָך אייערע עלטערן. דער־ווייל קענט איר זיך אַמוזירן מיט צוויי קלאַסן נידעריקער. זאָגט מיר נאָר אַפריער, וואָס מיינט אָט־אָ־דאָס:

דער פּרינציפּאַל נעמט אַ ליפלעט אין האַנט און מיט'ן גראָבן פינ־גער ציינט ער אויף די ווערטער: „פּייאָנירס, אָלווייז רעדי". („פּיאָנערן, שטענדיק גרייט).

ביידע אינגלעך ווערן צעטומלט אויף אַ ווײַלע. מוסי ווערט רויט און „סלים"—ווייס. מוסי קומט צו זיך דער ערשטער און ענטפערט:

— דאָס איז אונזער אידעאַל.

דער פּרינציפּאַל לאַכט איראָניש.

— גלייך ווי איר צוויי ווייסט עפּעס און האָט דעם קלענסטן באַ־גריף וואָס „אידעאַל" מיינט.

„סלים" ענטפערט:

— אַוואַדע ווייסן מיר. אַן אידעאַל איז דאָס, פאַרוואָס אַ מענטש לעבט, פאַר וועלכן ער איז גרייט...

— שווייגט שטיל! איר קענט אַריינגיין אין צימער 210 און דאָרטן בלייבן, ביז איר וועט זיך אַרויסקלאַפּן די אידיאָטישע אידייען פון אייערע קעפּ. איר דאַרפט אַהער ברענגען אייערע עלטערן. מיס סמיט, נעמט זיי אַרויף אין צימער 210!...

## פראַגעס:

1) ווי אַזוי וועסטו ענטפערן דיין לערער אין פּאָבליק סקול, ווען ער וועט דיר שטעלן אַזעלכע פראַגעס ווי מ'האָט געשטעלט מוסי'ן?

2) פאַרוואָס באַהאַנדלט מען אין פּאָבליק סקול אַזוי שלעכט די פּיאָנערן?

# אַרונטער די מאַסקעס

## (אנטי־רעליגיעזע קינדער־שפּיל)—פון א. פלאַטנער

א קאפעליע גרימירטע קינדער אף דער בינע; די קאפעליע שפּילט:

די אויגן צום הימל,
די הענט אף דער קאַסע,
אַזוי פּאַסט צום רימל
דער געל־בלויער ראַסע.

גאָט האָט מיט כעסעד
זיין וועלטל באַשאַפן,
דער רייכער זאָל פרעסן,
דער אָרימער—שקלאַפן.

אי, ס׳אַרא גאָט!
ס׳איז צו לעקן די פינגער,
ווי גוטער קאָמפּאָט
זיינען געטלעכע זינגער.

עס קומען אָן אַ גרופּע פּיאָנערן און שול־קינדער מיט טרומפּייט און אַ רוי־טער פאָן. זיי זינגען:

מיר זיינען קליינע באָלשעוויקעלעך,
אויגן אָפענע און שטענדיק וואַך,
קליינע קאָמוניסטעלעך אַ סאַך אַ סאַך,
שטענדיק גרייט און שטענדיק וואַך.

מיר וועלן אַ נייע וועלט באַשאַפן,
אַ וועלט, וואו קיינער וועט שוין מער ניט שקלאַפן.
עס אַנקערט אונזער שיף שוין, ביי דעם רויטן האַפן.

(עס קומט אַריין סאַנטאַ קלאוז):

איך האָב זיך פאַרשטעלט פאַר סאַנטאַ קלאוז,
צוגעקלעפּט אַ באָרד און מאַך זיך גרויס;
איך נאָר אייך אַלעמען אַריין, ווי הינער אין אַ שטייג,
זאָג אייך צו מאַטאָנעס און איך גיב אַ פייג.

(עס טרעט אַרויס אַ קינד און דעקלאַמירט):

אַרויס, סאַנטאַ קלאוז,
אַרונטער די מאַסקע!
אנטלויף ווי אַ מויז.

ער רייסט אים אַרונטער די באָרד, סאַנטאַ קלאוז אנטלויפט).

עליענאָווי קומט אריין:

איך בין דער עמעסער אידישער עליענאָווי,
איך טרינק אויס פייסעך יעדנס וויין—
ס'האָט נאָך קיינער ניט געזען
ווי איך קום אין הויז אַריין.

(אַן אַנדער אינגל שפּרינגט אַרויס)

עליענאָווי, ציגן-באָק,
נעם די טאַרבע מיט'ן שטאָק.
ביזט אַן אַלטער קונצן-מאַכער,
צו דער טיר און אָף די טרעפּ,
אויב דו ווילסט ניט כאַפּן קלעפּ.

(רייסט אים אַרונטער די באָרד, אַלע לאַכן, עליענאָווי אנטלויפט)

ציאָניסט:

ס'איז אַ כאַרפּע און אַ שאַנד,
וואָס וועט מען זאָגן אין הייליקן לאַנד?
עליענאָווי'ן האָבן זיי פאַרטריבן,
ביי וואָס-זשע בין איך איצטער געבליבן?

ראַבאַי:

די הייליקע טוירע, אוי, ס'איז אַ פייער—
אָן דער טאַלמוד טוירע
בין איך ניט ווערט קיין דרייער.

אן אוילעם שרייט:

וואָס איז געשען, וואָס איז געוואָרן,
האָט איר שוין געזען אמאָל אזא צאָרן?

פּאָליציאַנט (מיט א קלאָב אין האנט):

וואָס איז דאָס, קאָמוניסטן?
באָלשעוויקעס?

(וויל זיך אַ לאָז טאָן צו די קינדער, די פּיאָנערן און שול־קינדער לויפן אים אנטקעגן, רייסן אַרויס ביים פּאָליציאַנט דעם קלאָב, וואַרפן אַרונטער זיין היטל, ציען אויף אַ רויטע פאָן, פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „אַרונטער די מאַסקעס", „רעליגיע איז סאַם פאַר די אַרבעטער", „רעליגיע העלפט די באָסעס", זאָל לעבן דער קאָמוניזם").

דער באָס (קוים וואָס ער שלעפּט זיך, מיט א שוואכער שטימע):

אַז גאָט איז געשטאָרבן, זיינע דינער פאַרטריבן,
ביי וואָס־זשע בין איך איצטער איבערגעבליבן?
ווער וועט מיר העלפן מיליאָנען צו שאַפן?
ווער וועט איצט העלפן די מאַסן פאַרפירן?
ווער וועט איצט האַלטן אין מוירע די שקלאַפן?

(עס הערט זיך מיטאַמאָל דער רוף פון טראָמפּייט)

אַלע:

אַרונטער די מאַסקעס
פון געטלעכן ליגן;
פאָרויס צו דער פרייהייט—
מיר וועלן זיגן!

## פראַגעס:

1) פאַרוואָס לערנען רעוואָלוציאָנערן, אַז רעליגיע איז סאַם פאַר'ן ארבעטער־קלאַס?
2) פאַרוואָס וועסטו ראָש־האַשאָנע, יאָם־קיפּער און סוקעס גיין אין פאָבליק סקול?

# אומגעווינשטע געסט

## (אַ שפּיל אין אַ באָי־סקאוט קעמפּ)—פון ל. מילער

פּרינציפּאל: „גוד וואָירק, גוד וואָירק, באָים ענד גוירלס", מיר גלויבן אין פּריפּערעדנעס. איר דאַרפט אַלע זיין גוטע אמעריקאנער און „פייטן" פאַר אייער „קאָונטרי" און אייער „פלאַג". איצט וועלן מיר זינגען: „סטאַר ספּענגלד בענער".

(איידער זיי פאַנגען אָן צו זינגען דערהערט זיך דאָס געזאַנג פון אַ קליינער גרופּע פּיאָנערן, וועלכע מען זעט נאָך ניט, דאָס געזאַנג ווערט נענטער, די סקאוטס הערן זיך צו צו דעם געזאַנג פון דעם פּיאָנערן מאַרש, דער פּרינציפּאַל שטייט נערוועז און הערט זיך אויך צו צום פּיאָנערן געזאַנג).

פּרינציפּאַל (מיט קאַעס): זינגט!

(די קינדער הויבן אָן די ערשטע עטלעכע ווערטער פון דער הימ־נע, עס באַווייזן זיך עטלעכע פּיאָנערן אין הייקינג קליידער. זיי זעען אויס מיד, דאָך לעבעדיק, ביי זייער דערשיינען רייסן די די סקאוטס אָפּ זייער געזאַנג)

פּרינציפּאַל (קוקט שטרענג אף די פּיאָנערן): וואָס דאַרפט איר דאָ? (די פּיאָנערן שמייכלען). ביט איט!

פּיאָנערקע (מיט לייכטן כויזעק): פאַרוואָס?

סקאוטס (אין פאַרלעגנהייט אַרויספּאַלנדיק פון זייערע איבונגס־פּאָזיציעס): האלאָו!

(פּיאָנערן נעמען אַרונטער זייערע פּעקלעך און זעצן זיך אין מיטן, די סקאוטס זעצן זיך אויס אין א האַלב קרייז. איי ניקע שטייען).

ערשטער פּיאָנער: מיר וועלן דאָ מוזן איבערנעכטיקן.
צווייטער פּיאָנער: עס ווערט שוין פינצטער.

פיאָנערקע: מיר ווערן דאָ נאָר בלייבן ביז עס וועט אָנהויבן טאָגן.
4טער פיאָנער.—מיר קאָנען שלאָפן וואו ס'ניט איז. (די סקאַוטס קוקן זיך איבער).
א סקאַוט.—דער פּרינציפּאַל וועט אייך ניט לאָזן דאָ בלייבן נעכטיקן.
פיאָנערקע.—פאַרוואָס?
א סקאַוט.—איר זיינט אים ניט געפעלן געוואָרן.
פיאָנערקע (שטיפעריש)—ער אונז, געפעלט אויך ניט, פונדעסטוועגן ווילן מיר דאָ בלייבן נעכטיקן. (סקאַוטס לאַכן, ווערן אויפגעלעבט).
א סקאַוט.—וואָס האָט איר געזונגען, ווען איר זיינט געקומען אהער?
פיאָנער.—אַ פיאָנערן־ליד. עס געפעלט דיר?
סקאַוט מיידל.—יאָ, ס'איז „קעטשי״!
סקאַוט.—איר קענט נאָך אזוינע שיינע לידער?
פיאָנערקע.—יאָ. און טענץ און שפּילן. אז מיר ווערן דאָ בלייבן וועלן מיר זיי אייך לערנען.
פיאָנער.—א טרונק וואַסער קען מען ביי אייך באַקומען?
סקאַוט מיידל.—לויף דזשימי, ברענג א קרוג וואַסער.
צווייטע מיידל.—איר זיינט ניט הונגעריק?
פיאָנער.—און אז מיר ווילן עסן איז וואָס? איר האַלט דאָך שוין מיסטאַמע נאָך „סאַפּער״.
סקאַוט מיידל.—איך האָב פּרוכט אונטער מיין קישן (זי לויפט אַוועק).
עטלעכע מיידלעך (שרייען איר נאָך.—זי באהאַלט פּרוכט אונטער'ן קישן... זי באהאַלט פּרוכט אונטער'ן קישן!...
אַ צווייטע.—איך האָב קענדי (זי לויפט אַוועק).
עטלעכע (שרייען איר נאָך).—נאַשערקע.... נאַשערקע...
א סקאַוט (צו די פיאָנערן).—וואוהין הייקט איר?
פיאָנער.—צו די מיינער סטרייקער.
אַלע סקאַוטס (ניט פאַרשטייענדיק): וואוהין?
פיאָנער.—אין פּענסילווייניא, צו די סטרייקנדיקע מיינער.
עטלעכע סקאַוטס.—אייערע עלטערן סטרייקן?
פיאָנער.—ניט אונזערע עלטערן, נאָר עלטערן פון אנדערע קינדער סטרייקן.
סקאַוטס (אַלץ ניט פאַרשטייענדיק).—איז וואָס גייט איר אהין?
פיאָנערן.—מיר זיינען פיאָנערן.
עטלעכע סקאַוטס.—„וואַט ז'דאַט״?
פיאָנער.—מיר זיינען אַן אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער קינדער, וואָס העלפן די אַרבעטער אין קאַמף געגן זייערע באָסעס.
א סקאַוט מיידל.—אין וועלכער שטאָט איז עס פאַראַן אזא „סאָסייעטי״?
פיאָנערקע.—פיאָנערן זיינען דאָ איבער דער גאַנצער וועלט.
סקאַוט מיידל.—איך האָב געהערט א פיאָנערקע ריידן דעם ערשטן מאַי לעבן אונזער סקול.

א סקאוט.—מ'האָט זי אַרעסטירט.
א סקאוט מיידל.—עס האָט באַלד געראָדט א צווייטע.
א סקאוט.—נאָך איר האָט גערעדט א דריטע.
5טער סקאוט.—און מען האָט זיי אַלע אַרעסטירט?
6טער סקאוט.—זיי האָבן קיין מוירע ניט פאַר פּאָליציי.
א סהאוט.—זיי זיינען בראַוו.
א סקאוט מיידל.—זיי האָבן אַזאַ „פּעס וואָירד".
אַלע (צו די פּיאָנערן).—וואָס איז עס אַזוינס? זאָגט אונז.
פּיאָנערקע (אויפשטייענדיק הויבט אויף די הענט).—שטענדיק גרייט!
סקאוטס (איינציקווייז זאָגן נאָך זיך לערנענדיק).—שטענדיק גרייט... שטענ־דיק גרייט... שטענדיק גרייט...

(די קינדער ברענגען פּרוכט, קענדי, און וואַסער, זיי טיילן דאָס אויס צו די פּיאָנערן, צווישן די קינדער לעבעדיק גערעדעריי).

א סקאוט מיידל (באַטראַכט די רויטע באַנדאַנע אויפן האַלז פון דער פּיאָנערקע.—איר טראָגט אַלע רויטע באַנדאַנעס?
פּיאָנערקע.—יאָ, ווילסט אָנמעסטן? (זי נעמט אַראָפּ ביי דער סקאוט מיידל די שוואַרצע באַנדאַנע און טוט איר אָן די רויטע. אין דער זעלביקער צייט מעסטן אויך אַנדערע אָן די רויטע באַנדאַנעס פון די אַנדערע פּיאָנערן).
אַלע.—ווי שיין!
פּיאָנערקע.—איצט, אויב איר ווילט, וועלן מיר אייך לערנען אונזערן, א פּיאָנערן־טאַנץ. (זיי שטעלן זיך אויס, די פּיאָנערן זינגען אַ פּיאָנערן־ליד, אַ פּיאָנערקע טאַנצט אַ פּיאָנערן־טאַנץ, דאַן זינגען דאָס זעלבע ליד אַלע סקאוטס מיט די פּיאָנערן צוזאַמען און אַלע טאַנצן. ביים שלוס אַפּלאָדירן אַלע קינדער).
סקאוט.—דאָס איז אַן עמעסער טאַנץ, ניט קיין „טאָו דענס".
פּיאָנער.—„טאָו דענס" איז פאַר די רייכע קינדער. מיר, קינדער פון אַר־בעטער, טאַנצן מיט ביידע פיס אף דער ערד (צו איינעם פון די סקאוט באָיס): וואָס איז דיין טאַטע, א מאַנופעקטשורער?
סקאוט.—ניין, ער אַרבעט אין א שאַפּ.
צווייטער פּיאָנער (צו אַן אַנדער אינגל).—און דיין טאַטע?
סקאוט.—אויך אַן אַרבעטער.
פּיאָנער.—וואָס־זשע טוט איר דאָ?
סקאוטס.—מיר האָבן ניט געוואוסט, אַז ס'זיינען דאָ אַרבעטער קעמפּס.
פּיאָנער.—ביי אונז אין קעמפּ זיינען אַלע גלייך, אַלע רופן זיך כאַווער.
סקאוט מיידל.—אַז איר האָט קעמפּס, פאַרוואָס־זשע הייסט איר צו די סטרייקער?
פּיאָנער.—ווייל מיר דאַרפן זיי העלפן געווינען דעם סטרייק.

סקאוט.—וואָס קענט איר דאָרטן טאָן ?

פּיאָנער.—מיר וועלן ריידן צו די סטרייקער און זיי העלפן פּיקעטן.

עטלעכע סקאוטס.—„דזשי”, איר מוזט האָבן א סאך „פאָן”!

פּיאָנער.—ניין, דאָס איז גאָר ניט קיין פאָן. מען דאַרף זיך שלאָגן מיט דער פּאָליציי.

א סקאוט.—זינגט דאָס ליד, וואָס איר האָט געזונגען ביים אָנקומען.

פּיאָנערקע.—גוט.

(עס ווערט טונקעלער. די פּיאָנערן זיצן צוזאַמען. אין מיטן אַרום זיי די סקאוטס. יעדער האַלט אַ „פלעש־לייט“. ווען זיי הויבן אָן צו זינגען דאָס פּיאָנערן־לינד צינדן זיך אָן אַלע „פלעש לייטס“. עס לויפט אָן דער פּרינציפּאַל מיט אַ דינער. ער שטייט אַ רעגע אין אָנ־געצונדענער פון קאַס, טוט זיך אַ וואָרף צו די זינגענדיקע קינדער. די סקאוטס דערשרעקן זיך. די פּיאָנערן בלייבן זיצן, קוקן שמייכ־לענדיק אפין פּריניציפּאַל).

פּרינציפּאַל.—„געט אוט”!

עטלעכע סקאוטס.—אָ, זאָלן זיי דאָ בלייבן!

פּרינציפּאַל.—„שאַט אפּ! טראָגט זיך אָפּ! שנעל!

פּיאָנער.—מיר ווילן דאָ נאָר בלייבן ביז וואַנען עס וועט אָנהויבן טאָגן. דעמאָלט וועלן מיר אוועק.